באָלעסלאַוו לעווין

# יידישע דראָבערער און מאַרטירער אין לאַטיין-אַמעריקע

אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס

בוענאָס-איירעס, 1968

דעם נשיא פון מדינת ישראל
מר זלמן שזר —
מיט פאַרערונג.



איך האַלט פאַר אַ כבוד וואָס מײַן אײנציק בוך אין ייִדיש ווערט אַרויס־געגעבן דורכן קולטור־קאָנגרעס. בין איך טאַקע דערפֿאַר דאַנקבאַר די טוערס פֿון דער אינסטיטוציע.

אַ ספּעציעלן דאַנק וויל איך אויסדריקן י. יאַנאַסאָוויטשן, וועלכער האָט געווידמעט צײַט, אַז דאָס בוך זאָל אין זײַן אויסערלעכער פֿאָרעם נישט פֿאַרמינערן דעם פּרעסטיזש פֿון די אַנדערע אויסגאַבעס פֿון קולטור־קאָנגרעס.

אַ טייל פֿון די אַרבעטן, וועלכע ווערן דאָ פֿאַרעפֿנטלעכט, זײַנען שוין געווען געדרוקט און אַ טייל דערשײַנען דאָ צום ערשטן מאָל. זיי באַזירן זיך —איבערהויפּט די פֿריִער נישט פֿאַרעפֿנטלעכטע — אויף דאָקומענטן אויסגעפֿונענע דורך מיר אין פֿאַרשיידענע אַרכיוון אין פֿאַרלויף פֿון צענדליקער יאָרן פֿאָרש־אַרבעט. געשריבן האָט איך זיי אויף שפּאַניש און זיי זײַנען דורך מיר אַליין, אָדער מיט מײַן הילף, איבערגעזעצט געוואָרן אויף ייִדיש דורך די פֿרײַנד יעקב בירענבוים ע״ה, בער קרימסקי, חיים בראַקאַזש און שלמה העלפּגאָט, וויל איך זיי דערפֿאַר עפֿנטלעך דאַנקען.

און אײדער איך פֿאַרענדיק די עטלעכע אַרײַנפֿיר־ווערטער, וויל איך אָנווײַזן אַז ד״ר נתניהו, אַ וויכטיקער ייִדישער געלערנטער, האַלט אַז די אַנוסים האָבן — שוין זינט דעם סוף 15טן יאָרהונדערט — אויפֿגעהערט צו זײַן ייִדן, און ווען נישט די בלוטיקע פֿאַרפֿאָלגונגען, וואָלטן זיי אפֿשר דאָס נאָך געוואָרן פֿריִער...

צוליב דעם כאַראַקטער פֿון דעם בוך, קען איך דאָ נישט אַרײַן אין קיין פּאָלעמיק, כ׳גלייב אָבער, אַז זײַן אינהאַלט וועט אפֿשר ווירקן אַז דער היסטאָריקער נתניהו זאָל נאָך אַ מאָל באַטראַכטן זײַן טעזיס וואָס — ווי איך פֿאַרשטיי זי — איז זי אַ רעזולטאַט פֿון שענקען צו פֿיל באַדײַטונג דער הלכה, די אַלגעמיינע פּרינציפּן און דאָס נישט נעמען אין אַכט די לעבעדיקע פֿאַקטן.

ב. ל.

# דער טויט פֿון קאָנקוויסדאַטאָר הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ

(1528 — ? 1460)

הגם דער „הייליקער טריבונאַל" פֿון דער אינקוויזיציע איז אײַנגעשטעלט געוואָרן אין אַמעריקע דעם 29סטן יאַנואַר 1569, אויף דעם קעניגלעכן באַפֿעל פֿון פֿיליפּ דעם צווייטן, זײַנען שוין פֿאַר דער דאָזיקער דאַטע פֿאָרגעקומען די אמונה־פֿאַרפֿאָלגונגען. מען דאַרף דערבײַ אין זינען האָבן, אַז נאָך אין קאָלומבוסעס צווייטן פֿלאָט, סוף 1493, איז צו די אָקערשט דעמאָלט אַנטדעקטע אינדזלען אָנגעקומען דער ערשטער הויפּט פֿון דעם סאַנטאָ דאָמינגאָ־אָרדן, פּאַטער בערנאַרדאָ בויל, וועלכער האָט געהאַט אינקוויזיטאָרישע פֿולמאַכטן הן ווי אַ דאָמיניקאַנער, הן דורך אַ ספּעציעלער אויטאָריזאַציע.

כּל־זמן אָבער די אַנטדעקטע „אינדיעס" האָבן נישט פֿאַרמאָגט קיין באַטײַטיקע ווײַסע באַפֿעלקערונג און נישט קיין אײַנגעשטעלטע בישאָפֿטומס, האָבן זיך די העכערע קירכן־באַאַמטע אויך פֿאַרנומען מיטן וואַכן איבער די אמונה־אָנגעלעגנהייטן, וועלכע האָבן אַגב געהערט צו זייערע פֿונקציעס, און נאָר צוליב אַ ספּעציעלער סיבה זײַנען זיי איבערגעגעבן געוואָרן דעם „הייליקן טריבונאַל". אָבער, אין 1511, ווען עס איז געשאַפֿן געוואָרן דער ערשטער אַמעריקאַנער בישאָפֿטום, איז זײַן אָנפֿירער ספּעציעל באַפֿולמעכטיקט געוואָרן צו באַהאַנדלען אמונה־ענינים נישט נאָר אויפֿן געוויינלעכן אופֿן, נאָר אויך ווי אַן אינקוויזיטאָר־דעלעגאַט. אַט דער צושטאַנד האָט זיך, אין 1519, פֿאַרענדיקט, ווײַל דער שפּאַנישער הויפּט־אינקוויזיטאָר האָט זיך שוין נישט באַנוגנט מיט די אָרטיקע גלחים, נאָר באַשטימט זײַנע פֿאַרטרעטער־דעלעגאַטן מיט ספּעציפֿישע אינקוויזיטאָרישע פֿולמאַכטן. זינט דעמאָלט האָט זיך פֿאַרשטאַרקט די אינקוויזיטאָרישע טעטיקייט און די ערשטע שײַטערהויפֿנס האָבן זיך צעפֿלאַקערט אויפֿן נײַעם קאָנטינענט.

אייניקע ווילן אונדז אײַנריידן, אַז די דעלעגירטע אינקוויזיטאָרן זײַנען געווען צוריקגעהאַלטענע אין זייערע האַנדלונגען. דאָס איז לחלוטין פֿאַלש. און אויב עס איז אמת, אַז אין אייניקע פֿאַלן האָט די דעלעגירטע אינקוויזיציע געהאַנדלט מיט געלאַסנקייט קעגן די אַפּיקורסים, איז אָבער נישט ווייניקער אמת, אַז אין אַ סך אַנדערע פֿאַלן האָט זי זיי פֿאַרברענט אַפֿילו דעמאָלט ווען דער „הייליקער טריבונאַל" וואָלט זיך באַנוגנט מיט „איבערבעטן" זיי מיטן „קירכע־פֿאָלק". אַזוי איז

אויך געשען אין דעם פאַל פון קאָנקוויסדאַטאָר הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ, קאָרטעסעס אַ חבר און איינער פון די בויער פון זײַן פלאָט צו דעראָבערן מעקסיקע, וועמענס ביאָגראַפיע — אַ גאָר קורצע, צוליבן מאַנגל אין מאַטעריאַלן — מיר וועלן דאָ פאַרצייכענען.

עס איז איבעריק זיך אַרײַנצולאָזן דאָ אין פרטים וועגן דער דעראָבערונג פון מעקסיקע. עס האַנדלט זיך בלי ספק — ווען מען זאָל אַפילו נישט אָננעמען די גוזמאות פון די כראָניקערס און פון זייערע מאָדערנע נאָכטאָגנצערס — אין איינער פון די אויסערגעוויינלעכסטע דעראָבערונג־עקספּעדיציעס אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. און אָט אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג האָבן אָנטייל גענומען אייניקע אנוסים, אויף להכעיס יענע וואָס האַלטן אין איין רעדן וועגן ייִדישער פּחדנות און ייִדישער פּחדנישער אויפפירונג. איינער פון די אָנטיילנעמערס אין דער דעראָבערונג פון מעקסיקע איז טאַקע געווען דער אנוס הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ, וועלכער פיגורירט צווישן די ערשטע אינקוויזיציע־קרבנות אויף דעם נײַעם קאָנטינענט.

בעת קאָרטעס, בראש פון אייניקע הונדערט שפּאַניער, און מיט דער הילף פון אינדיאַנער, אומצופרידענע מיט דער מעקסיקאַנער אונטערדריקונג, האָט פאַרכאַפּט די מאָקטעזומאַ־אימפּעריע, האָט דער קובאַנער גובערנאַטאָר דיעגאָ וואַזקעז אַהינגעשיקט (1520) אַ פלאָט, אונטער דער אָנפירונג פון פּאַנפילאָ נאַרוואַעז, אויף צו פאַרזיכערן זיך די הערשאַפט איבער די געגנטן, וואָס זײַנען געווען אונטערגעוואָרפן דער פּאָליטישער און מיליטערישער אויפטוערישקייט פון זײַן קעגנער. הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ איז געפאָרן אין נאַרוואַעזעס פלאָט. אַלאָנסאָ האָט זיך — אין איינעם מיט זײַנע חברים — אינקאָרפּאָרירט אין די דורך קאָרטעסן אָנגעפירטע האָרדעס, בעת יענער האָט צעשלאָגן זײַן שונא.

הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ — לויט דעם באַרימטן כראָניקער דיאַז דעל קאַסטיליאָ — איז געווען איינער פון די שמידן וואָס האָבן געאַרבעט אָן אָפּרו אויף די קאַוואַדלעס, ביז עס זײַנען פאַרטיק געוואָרן די קריגשיפן צום צוריק פאַרכאַפּן מעקסיקע. בהסכם מיטן באַרימטן כראָניקער, האָט באַרטאָלאָמע גאָנזאַלעז, בעת ער איז אויסגעפאָרשט געוואָרן דורך דעם אינקוויזיטאָר באַנגיליאָ וועגן דעם „צי איז אמת, אַז דער דערמאָנטער הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ איז געווען אַ קאָנקוויסדאַטאָר פון דעם לאַנד, האָט ער געזאָגט, אַז ער ווייס עס גוט, מחמת ער האָט אים געזען בײַ דער דעראָבערונג און ער האָט גענוג טשוועקעס אײַנגעקאָוועט אין די קריגשיפן, וואָס מען האָט געמאַכט אויף אײַנצונעמען מעקסיקע".

אין 1523 איז הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ באַשטימט געוואָרן דורך קאָרטעסן אָנטייל־צונעמען אין אַן אָפּטיילונג פון 150 שפּאַניער און 30.000 אינדיאַנער, וועלכע האָבן אונטער דער קאָמאַנדע פון גאָנזאַלעז דע סאַנדאָוואַל אונטערגענומען די „פּאַציפיקאַציע" פון פּאַנוקאָ, בײַ וועלכער פראַנציסקאָ גאַראַי איז דורכגעפאַלן. סוף 1525 אָדער אָנהויב 1526 האָט אַלאָנסאָ זיך באַטייליקט אין דעם פאַרכאַפּן גוואַנאַכואַטאָ. ווען לויִס פּאָנסע דע לעאָן, קאַרל דעם פינפטנס שליח, איז אָנגעקומען קיין

מעקסיקע אויף צו מאַנען דין וחשבון פון קאָרטעסן, איז הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ געווען צווישן די קאָנקוויסדאַטאָרן, וואָס זײַנען אויסגעפרעגט געוואָרן דורך דעם אויס־פאָרשונג־ריכטער וועגן די מעשים און פאַקטן פון דער דעראָבערונג, ספּעציעל בנוגע דער צעטיילונג פון דעם זאַקרויב, וואָס מען האָט פאַרכאַפּט בײַ מאָקטעזומאַן. זײַן עדות־זאָגן שטעלט פאָר קאָרטעסן נישט ווי איינעם וואָס זאָל זײַן בלויז פאַר־אינטערעסירט אין גײַסטיקע ווערטן, ווי דאָס ווילן אונדז אײַנריידן די אָנהענגערס פון דער מיסיאָנערישער טעאָריע וועגן דער דעראָבערונג פון אַמעריקע.

הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ האָט באַקומען פאַרשיידענע באַלוינונגען פאַר זײַנע לייס־טונגען אין דער דעראָבערונג און פאַר זײַנע דינסטן צו דער קרוין. צווישן זיי פיגורירט די ממשלה encomienda איבער דעם ישוב אַטאָקפּאַן. ווי אַן „ענקאָמענ־דעראָ", ס׳הייסט אַ מיטגליד פון דעם הערשנדיקן שיכט, האָט הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ אויף אַן אָנזעעוודיקן אופן זיך באַטייליקט — וועגן דעם דערציילן אונדז די שטאָט־ראַט־פּראָטאָקאָלן — אין די מוניציפּאַלע ענינים פון דער שטאָט מעקסיקע און איז געווען אַקטיוו בײַ די פּילצאָליקע קאָנפליקטן צווישן די ווײַסע אַרײַנדרינגערס פון טענאָטשטיטלאַן. אין 1528, דאָס יאָר ווען ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דעם „הייליקן טריבונאַל", איז נאָך הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ געווען איינער פון די פאַרטרויונג־מענער פון דעם צײַטווײַליקן גובערנאַטאָר אַלאָנסאָ דע עסטראַדאַ, ס׳הייסט, ער איז נאָך געווען פאַררעכנט ווי איינער פון זײַן קליקע.

אין יענער פּאָרמאַציע־תקופה פול מיט אומאָרדענונגען, איז אויך דער „הײי־ליקער טריבונאַל" באַרירט געוואָרן פון דער אומסטאַבילקייט אויף דעם נײַעם קאָנטינענט. פון דעסט וועגן האָט די אינקוויזיציע, ווי אַ דעלעגירטע מיט ספּע־ציעלע פולמאַכטן, אַנטוויקלט איר טעטיקייט, ווי געזאָגט, זינט 1519. מיטן אָנקומען אין 1528, פון פאַטער וויסענטע דע סאַנטאַ מאַריאַ, דעם הויפּט־פאַרטרעטער פון דעם דאָמיניקאַנער־אָרדן, האָט זיך די אינקוויזיטאָרישע טעטיקייט פאַרשטאַרקט. אָט דער דעלעגירטער אינקוויזיטאָר האָט, ווי מיר וועלן עס זען אין דעם פאַל פון הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ, זיך אויפגעפירט אַ סך אַכזריותדיקער ווי די „הייליקע טריבונאַלן".

הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ איז געבוירן געוואָרן אַרום 1460 אָדער עטוואָס שפּעטער אין פּאַלאָס, מאָגער אָדער הועלוואַ (ניעבלאַ־פירשטנטום), ס׳הייסט אין צענטער פון דעם שפּאַנישן ים־ראַיאָן. בנוגע זײַן לעבן, איידער ער איז אָנגעקומען קיין מעקסיקע מיט פּאַנפילאָ נאַרוואַעזעס עקספּעדיציע, ווייסט מען בלויז, אַז אין קובאַ האָט ער דורכגעפירט איבער זײַן זינדל עפּעס אַן אויסטערלישן ריטואַל פון דאָפּלטער טויפונג, וועלכע האָט אין איינעם מיט זײַנעם אַ צווייטן משונהדיקן אַקט אין מעקסיקע — גורם געווען זײַן אַרעסט דורך דער אינקוויזיציע.

וועגן דעם אויסטערלישן ריטואַל וואָס הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ האָט דורכגעפירט אין קובאַ דערציילט איין עדות (נישט קיין עד־ראיה נאָר פאַר דער אינקוויזיציע), אַז אין „הייליקן דאָנערשטיק האָט ער גענומען זײַן ייִנגל און אַרויפגעגאָסן ווײַן אויף זײַן קאָפּ און אַלץ, וואָס איז אַראָפּגערונען צוזאַמען מיט די נאַטירלעכע

אַפּפּלוסן פונעם קינד האָבן, ער מיט אייניקע חברים זײַנע, צונויפגעגנומען און גע־טרונקען און מאַכנדיק אַ ראָד אַרום דעם ייִנגל, האָבן זיי געזאָגט מיט אַ ניגון אַ קאַפּיטל תהילים, אין וועלכן עס האַנדלט זיך וועגן גאָטס אַרויספירן די ייִדן פון מצרים אָדער עפּעס ענלעכס דערצו"...

פון דער דאָקומענטאַציע, וואָס איז ביז איצט באַקאַנט, קען מען דעם דעפּי־ניטיוון אמת וועגן דער געשיכטע — וועלכע איז זיכער אַ געמיש פון פאַקטן מיט אַנטיסעמיטישער פלאַפּלערײַ — נישט דערגיין, ווײַל זי איז צוזאַמענגעשטעלט פון אַזעלכע באַשטאַנדטיילן, וואָס וואַרפן אַ חשד אויף זייער אויטענטישקייט. קודם כל ווער עס איז זיך מגייר אָדער קערט זיך אום צו דער ייִדישער אמונה מוז, על פּי דעם ייִדישן דין, זיך טובלען. טבילה איז אַזוי וויכטיק, אַז אָן איר קען מען נישט פאַררעכנט ווערן פאַר אַ ייִדן. אַזוי, אַז די צווייטע טויפונג פון הערנאַנדאָ אַלאָנסאָס זונדל, ס'הייסט דאָס צוריקברענגען אים צו דער ייִדישער קהילה נאָך זײַן קאַטוי־לישער טויפונג, איז אַ גאַנץ מעגלעכע. עס איז אויך צו גלייבן, אַז בעת דעם פײַערלעכן צערעמאָניאַל זאָל מען האָבן געזונגען דעם קאַפּיטל תהילים, וועלכן דער אינקוויזיציע־עדות דערמאָנט, ווײַל דאָס איז פון יענע קאַפּיטלען וואָס ווערן געזאָגט בײַ יעדן וויכטיקן יום־טוב. און וואָס קען נאָך זײַן אַ גרעסערער יום־טוב בײַ אַ גלויביקן — ווער שמועסט פאַר אַזעלכן ווי הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ — ווי דאָס צוריקברענגען זײַן זון צו דער ייִדישער אמונה? עס איז דעריבער גאָר קיין חידוש נישט, וואָס הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ, געפינענדיק זיך אין אַ מסיבה פון אנוסים, זאָל וועלן אויסנוצן די געלעגנהייט כדי דורכצופירן דעם ייִדישן טבילה־ריטואַל און זינגען לכבוד אַזאַ פײַערלעכקייט דעם קאַפּיטל תהילים, וועלכער לויבט דעם אַל־מעכטיקן גאָט, דער באַפרײַער פון זײַן פאָלק:

אַז ישראל איז אַרויס פון מצרים,
דאָס הויז פון יעקב פון אַ ווילדשפּראַכיקן פאָלק,
איז יהודה געוואָרן פאַר זײַן הייליקטום,
ישראל זײַן געוועלטיקונג.
דער ים האָט דעריזען און איז אַנטלאָפן,
דער ירדן האָט אָפּגעטראָטן אַהינטער.
די בערג זײַנען געשפּרונגען ווי ווידערס,
די הייכן ווי יונגע שאָף.
וואָס איז דיר, ים, וואָס דו לויפסט?
דו ירדן, וואָס דו טרעטסט אָפּ אַהינטער?
איר בערג, וואָס איר שפּרינגט ווי ווידערס?
איר הייכן ווי יונגע שאָף?
פאַר דעם האַר, טו ציטערן, ערד
פאַר דעם גאָט פון יעקב,
וואָס פאַרקערט דעם פעלדז אין אַ טײַך וואַסער,
קיזלשטיין אין אַ וואַסערקוואַל.

וואָס פאַר אַ שייכות אָבער קען עס האָבן דער פּיַערלעכער טבילה־ריטואַל מיט דעם מאָדנעם ספּעקטאַקל, וואָס מיר האָבן אויבן איבערגעגעבן? ווי ווײַט איז ער אמתדיק און צוליב וואָס איז ער פֿאָרגעקומען? אָט אויף די שאלות קענען מיר, צום באַדויערן, נישט געבן קיין צופֿרידנשטעלנדיקן ענטפֿער, ווען אַפילו מיר זאָלן צולאָזן, אַז דאָ האַנדלט זיך אין אַ זיווג פֿון פֿאַרשיידן־אמונהדיקע באַשטאַנדטיילן, אָדער אין אַ זעלטענעם מישמאַש פֿון אויטענטישע רעליגיעזע געפֿילן מיט גראָבע איבערגלויבענישן פֿון יענער צײַט.

ווייניקער קאָמפּליצירט, הגם מער אינטערעסאַנט ווי אַ רעליגיעז־קולטורעלע דערשײַנונג, איז די צווייטע באַשולדיקונג קעגן הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ. וועגן דעם דערציילט פּעדראָ ווערגאַראַ, אַן אינקוויזיציע־עדות, אַז

> מע האָט פֿאַרברענט הערנאַנדאָ אַלאָנסאָן, ווײַל ער האָט געהאַלטן פֿון אַ ייִדישן מנהג, פֿאַרבאָטנדיק זײַן פֿרוי איזאַבעל אַגילאַר צו גיין אין קירך אַרײַן בעת איר מענסטרואַציע, מחמת ער האָט אָפּגעהיט תורת משה, וועגן דעם האָט ער זיך דערוווסט אויף אַזאַ אופֿן: זעקס צי זיבן חדשים איידער ער איז אַרעסטירט געוואָרן און איידער דער דערמאָנטער פּאַטער וויסענטע דע סאַנטאַ מאַריאַ איז געהאַט געקומען קיין מעקסיקע, האָט דער דאָזיקער עדות געהערט זאָגן דעם דערמאָנטן הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ אין דער בײַוועזנדיקייט פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעם אַנטאָן רויז מאַלדאָנאַדאָ, ווען די דערמאָנטע איזאַבעל דע אַגילאַר האָט געוואָלט גיין דאַוונען דעם קומענדיקן זונטיק, מחמת דאָס איז פֿאָרגעקומען שבת: „סעניאָראַ, איר וועט נישט גיין צו דער מעסע“. ווען זי האָט געפֿרעגט: „פֿאַר וואָס דען נישט?“ האָט דער דערמאָנטער הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ איר געענטפֿערט: „מחמת איר געפֿינט זיך אין אַ צושטאַנד, אין וועלכן איר וועט פֿאַרשוועכן די קירך“; און היות דער דאָזיקער עדות האָט עס פֿון אים געהערט האָט ער אים געזאָגט: „דאָס זײַנען אַלטע ייִדישע מנהגים און מע היט זיי שוין מער נישט אָפּ, נאָך דעם ווי מיר האָבן זוכה געווען צו דער עוואַנגעלישער תורה“; אויף וואָס דער דערמאָנטער הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ האָט אים גאָר נישט געענטפֿערט, נישט דער עדות האָט דערויף עפּעס אויסגעזעצט, מיינענדיק אַז דאָס זײַנען בלויז תירוצים פֿון דעם דערמאָנטן הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ, אַז זײַן פֿרוי זאָל נישט אַרויסגיין אין דרויסן. אָבער דער דערמאָנטער אַנטאָן רויז האָט עס אָנגענומען פֿאַר אַ שלעכטער כוונה און, ווען ער איז אָנגעקומען קיין מעקסיקע, האָט ער וועגן דעם דענונצירט פֿאַרן דערמאָנטן פּאַטער וויסענטע דע סאַנטאַ מאַריאַ. און דערנאָך, בײַם פּסק־דין פֿון דעם דערמאָנטן משפּט, האָט דער דאָזיקער עדות אים געהערט דערציילן און זאָגן, אַז הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ גופֿא האָט זיך מתוודה געווען דערויף. און ער האָט עס געהאַלטן פֿאַר אַ מנהג פֿון דער ייִדישער תורה, ווערליק עס האָט דערציילט בעתן משפּט דער סעקרעטאַר.

פֿון דעסט וועגן, און ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ גופֿא האָט עס מודה געווען, געפֿינט זיך ניט צווישן די ייִדישע דינים אַזאַ איסור, וועלכן ער האָט געוואָלט אַרויפֿצווינגען אויף זײַן פֿרוי און צוליב וועלכן ער האָט אײַנגעשטעלט זײַן לעבן. מע דאַרף אויך אָנווײַזן, אַז אין זײַן בוך קעגן אַפּיאָנען גרויסט זיך פֿלאַוויוס יאָסעפֿוס מיט דעם וואָס אין בית־המקדש איז נישט דערלויבט געווען אַרײַנצוקומען פֿרויען בעת זייער מאָנאַטלעכער חולאת. עס איז אויך ווערט צו דערמאָנען, אַז צווישן אַביסינישע ייִדן פֿאַרלאָזן די פֿרויען בעת דער מענסטרואַציע

זייערע וווינונגען און ציִען זיך איבער אין ווײַט־פֿאַרוואָרפֿענע הײַזקעס. דאָס איז אָבער אויך אַ זאַך, וועמענס וויכטיקייט פֿאַר אונדזער ענין מיר קענען נישט פֿרע־ציזירן. עס איז אָבער וויכטיק אָנצוווײַזן, אַז אין הערנאַנדאָ אַלאָנסאָס מעשׂים איז געווען אַ באַשײַמפּערלעכע סתירה, מחמת, הגם זײַנע וואַרעמע ייִדישע כוונות, האָט ער פּאַקטיש די קאַטוילישע קירך געהאַלטן פֿאַר אַ ייִדישן הייליקטום. אַוודאי וואָלט עס קיין שום ייִד, וואָס איז נישט דערוויַטערט פֿון זײַן אמונה, נישט גע־טאָן, פּונקט ווי קיין גלייביקער קריסט וואָלט נישט געהאַנדלט אַזוי לגבי אַ מקום־קדוש וואָס געהערט נישט צו זײַן אמונה. צו אַזעלכע אַבסורדן האָט דאָס דערפֿירט דער אײַפֿער פֿון די פֿאַרפֿאָלגערס פֿון דער אמונה, פֿון וועלכער עס ציִען זייער יחוס אַלע מאַנאַטעיִסטישע רעליגיעס.

אָט פֿאַר די דערמאָנטע חטאים קעגן דער קאַטוילישער אמונה איז הערנאַנדאָ אַלאָנסאָ פֿאַרמסרט געוואָרן פֿאַר דער אינקוויזיציע. תּחילת האָט ער געלייקנט די באַשולדיקונגען, ווען מען האָט אים אָבער אַריבערגעפֿירט אין דער טאָרטור־קאַמער און ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף די פּײַניקונג־מכשירים, האָט דער אַלטער קאָנקוויסדאַטאָר זיך מודה געווען אויף זײַנע „יודאַיִסטישע פֿאַרברעכנס" און האָט געבעטן רחמים כּדי צו ראַטעווען זײַן לעבן. אַזוי האָבן זיך נוהג געווען אַלע אינקוויזיציע־אַרעסטירטע. פֿאַטער וויסענטע סאַנטאַ מאַריאַ האָט אים פֿאַר־משפּט צום טויט דורך פֿאַרברענען, טראָץ דעם וואָס פֿערזאָנען אָן שום חשד האָבן אים אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויף דער אומגערעכטיקייט פֿון אַזאַ פּסק־דין. אין דער אמתן טאַקע, אויב די אַרעסטירטע דעם ערשטן מאָל צוליב אמונה־אָנגעלעגנ־הייטן, האָבן זיך מודה געווען אין זייערע חטאים, האָט זיי דער הייליקער טריבונאַל „איבערגעבעטן", ס'הייסט ער האָט זיי באַשטראָפֿט מיט תּפֿיסה־שטראָף; נאָר ווען אַ פֿאַרברעכער איז צום צווייטן מאָל אַרײַנגעפֿאַלן אין די אינקוויזיציע־נעגל, פֿלעגט מען אים איבערענטפֿערן דער ציווילער מאַכט, דאָס הייסט פֿאַרברענען אַ לעבעדיקן.

דער פֿײַערלעכער אַקט (אויטאָ־דע־פֿע), אויף וועלכן עס איז געלייענט גע־וואָרן דער פּסק־דין פֿון הערנאַנדאָ אַלאָנסאָס אויסשלוס פֿון דער קאַטוילישער קירך איז פֿאָרגעקומען אין דער מעקסיקאַנישער קאַטעדראַלע אין 1528. תּיכּף, נאָך דעם איבעררײַסן זײַנע בונדן מיט דער קירך, האָט מען אַלאָנסאָן אַוועקגע־פֿירט צום סאַנטיאַגאָ דע טלאַטעלאָלקאָ־פּלאַץ און אים דאָרט פֿאַרברענגט. הגם זײַן אַש איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן אויף אַלע ווינטן, אַז עס זאָל קיין זכר נישט בלײַבן פֿון אַזאַ אַפּיקורס, האָט פֿון דעסט וועגן די אינקוויזיציע אײַפֿערדיק אָפּ־געהיטן זײַן סאַנבעניט (שאַנד־מלבוש) כּדי צו דערנידעריקן זײַנע יורשים. זי האָט אויך פֿאַרבאַהאַלטן די אַקטן פֿון פּראָצעס, כּדי עס זאָל בלײַבן פֿאַרצייכנט זײַן אויפֿפֿירונג. אַ דאַנק דעם, קענען מיר דאָס אַלץ איבערגעבן. מיר האָבן זייער מורא, אַז פֿון אונדזער הײַנטיקע אינקוויזיטאָרישע פּראָצעסן וועט אַפֿילו אַזאַ טרייסט אויך נישט פֿאַרבלײַבן.

# פּרוּמע קרײַזן אונטער דער אָנפירונג פון אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, בײַם סוף פון 16טן יאָרהונדערט אין מעקסיקע

(1590 — 1500)

## 1. אייניקע ידיעות וועגן מאַטשאַדאָן

דאָס אייניציקע וואָס מיר קענען זאָגן וועגן דעם אָפּשטאַם פון אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, דעם זקן וואָס האָט פּאָרטראַטן דעם ד״ר מאַנועל דע מאָראַלעס ווי דער גײַסטיקער אָנפירער פון דער עדה באַהאַלטענע ייִדן אין מעקסיקע, איז דאָס, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין דער „פּאָרטוגעזישער אינדיע״[1] צוויי יאָר נאָך דעם ווי זי איז דעראָבערט געוואָרן דורך וואַסקאָ דע גאַמאַ, ד״ה, אַרום דעם יאָר 1500. ס׳ווײַזט אויס אַז מאַטשאַדאָס עלטערן זײַנען נישט אָפּגעשטאַנען מיט זייער וואַנדערלוסט פון זייער זון, און פּונקט אַזוי ווי ער, האָבן זיי זיך נישט געשראָקן פאַר די געפאַרן וואָס לויערן אין די ערשט־אַנטדעקטע געביטן. מיר ווייסן אָבער נישט ווען מאַטשאַדאָ האָט זיך באַזעצט אין מעקסיקע, וואָס איז דעמאָלט אויך געווען אַ נײַ־דעראָבערטער ראַיאָן, הגם עס איז זיכער אַז דאָס איז געשען פאַר דעם זעקסטן יאָרצענדליק פון 16טן יאָרהונדערט, ווײַל זײַן עלטסטע טאָכטער, איסאַבעל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער הויפּטשטאָט פון נועוואַ עספּאַניאַ, איז אַלט געווען „מער ווי פערציק יאָר״[2] אין 1596, ווען זי איז אַרעסטירט געוואָרן דורכן „הייליקן דינסט״.

לויט אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָס געבוירן־דאַטע, קאָן מען פאַרזיכערן, אַז זײַנע עלטערן זײַנען נאָך געווען ייִדן מיט אַ דורכויס ייִדיש־גײַסטיקער אויסבילדונג. דעם זון זייערן, וואָס האָט געהערט צום ערשטן דור נאָך גירוש־שפּאַניע (1492) און נאָך דעם צוואַנג־שמד אין פּאָרטוגאַל (1497), האָבן זיי בלי ספק אויסגעלערנט די עיקרים פון ייִדישן דת און זײַנע עטישע פונדאַמענטן. ער האָט אַפילו געקענט — ווי עס באַקומט זיך פון זײַן פּראָצעס — אַ תפילה אָדער עטלעכע תפילות אויף

[1] אַזוי שטייט אין זײַן פּראָצעס, וואָס איז נאָך נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן, נאָר געפינט זיך בײַ מיר, גרייט צום פאַרעפנטלעכן.

[2] זע הערה 1.

העברעיִש, אַ זעלטענע דערשײַנונג צווישן די מאַראַנען פון די שפּעטערדיקע דורות. מאַנועל דע מאַראַלעסן איז דערפאַר נישט אָנגעקומען שווער צו שטאַרקן מאַטשאַדאָס גײַסט בשעת ער האָט זיך באַמיט צו לינדערן די יסורים פון זײַן פאַרקריפּלטן גוף.

הגם ער איז פון פאַך געווען אַ שנײַדער, האָט מאַטשאַדאָ אַ געוויסע צײַט פון זײַן לאַנגיאָריקן וווינען אין מעקסיקע, זיך אָפּגעגעבן מיט האַנדל. נישט אומזיסט איז ער דאָך געקומען אין דעם דאָזיקן לאַנד, די גאָלדענע מדינה פאַר די מיטגלי־דער פון דער ווײַסער קאַסטע. ער האָט אָבער פאַרלוירן דעם פאַרמעגן וואָס ער האָט געהאַט באַוויזן אָנצוזאַמלען און האָט אָפּגעגעבן פיל צײַט אויף לאָדן זיך מיט זײַנע שווינדלערישע בעלי־חובות. דערבײַ האָט ער אַרויסגעוויזן אַ שטעכיקן און צאָרנדיקן טעמפּעראַמענט, וואָס האָט זיך אַלץ מער פאַרשאַרפט וואָס שווערער עס איז געוואָרן זײַן געזונט־צושטאַנד.

אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ האָט געהאַט זיבן קינדער, אַלע אין מעקסיקע: 1) איסאַ־בעל, 2) כואַן, 3) לעאָנאָר, 4) אַנאַ, 5) קאַטאַלינאַ, 6) אַגוסטינאַ (פּאַטשעקאָ) און 7) פּעטראָנילִיאַ (פּאַטשעקאָ). כאָטש ער איז געווען אַ פאַרכטיקער ייִד, דער גײַסטי־קער וועגווײַזער פון זײַן געמיינדע, האָט ער פון זײַן גאַנצער משפחה קיינעם נישט אַרײַנגעפירט אין דעם סוד פון יהדות, אַ חוץ זײַן טאָכטער איסאַבעל; און אויך דאָס האָט ער נישט געטאָן פערזענלעך, נאָר דורך דער פאַרמיטלונג פון ד״ר מאַראַלעס. צו זײַנע אַנדערע קינדער האָט ער נישט געהאַט קיין צוטרוי, איבערהויפּט צו זײַן איינציקן זון, וואָס איז געווען אַדוואָקאַט אין דעם העכסטן טריבונאַל פון נועוואַ־עספּאַניאַ.

זײַן גאַנץ לעבן האָט מאַטשאַדאָ זיך באַמיט פולשטענדיק אָפּצוהיטן די ייִדישע דינים. נאָך זײַן טויט האָט זײַן באַליבטע טאָכטער דערפילט, אויף וויפל דאָס איז מעגלעך געווען בײַ די דעמאָלטיקע באַדינגונגען אין אַ שפּאַנישער קאָלאָניע, זײַן ווונטש געבראַכט צו ווערן צו קבורה אויף אַ ייִדישלעכן אופן. וועגן דעם אַלעמען האָט זיך דערוווּסט די אינקוויזיציע.

## 2. די מסירה פון קאַטאַלינאַ דע אורבינאַ

אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָס משפחה, וואָס האָט אין 1584 געהאַט זיבן מיטגלידער, האָט, צי צוליב רחמנות, צי צוליב אויסגערעכנטקייט, אַרײַנגענומען אַ צען־יאָריק מיידעלע, אַ קינד פון אַ ווײַסן מיט אַן אינדיאַנערין, מיטן נאָמען קאַטאַלינאַ דע אורבינאַ. אַ שטילס און אַ פאַלגעוודיקס, האָט דאָס דינסטל וויניק וואָס באַאומרויִקט מאַטשאַדאָס משפּחה. אַפילו ער אַליין, וואָס האָט תמיד אַלעמען חושד געווען, האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט אַז זי זאָל זיך אַ מאָל קענען פאַרוואַנדלען אין אַן ערנסטער געפאַר. אָבער דאָס אומפאַרויסגעזעענע איז געשען, אפשר נישט צוליב איר אייגע־נעם ווילן, נאָר אויף דער עצה, אָדער ריכטיקער געזאָגט, אויפן באַפעל פון דעם גלח, פאַר וועלכן זי פלעגט זיך מתוודה זײַן. דעם 11טן אַפּריל 1591 האָט זיך קאַ־

טאַלינאַ דע אורבינאַ געשטעלט פאַרן אינקוויזיטאָר סאַנטאָס גאַרסיאַ און דערקלערט, „אויף צו באַפרײַען איר געוויסן און לויטן באַפעל פון איר ווידוי־גלה, אַז במשך פון 6 יאָר (1584—1590) וואָס זי איז געווען בײַ אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ אין שטוב, האָט ער זאָרגעוודיק אויסבאַהאַלטן דרײַ ביכער, צוויי פון זיי געדרוקטע, די גרויס פון איין האַנט, און דאָס דריטע אַ קליינס, ווײַזט־אויס, אַ האַנטשריפטלעכס. די דערמאָנטע ביכער פלעגט אויך לייענען, מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט, זײַנער אַן אָפטער באַזוכער מיטן נאָמען באַלטאַסאַר ראָדריגעז, וואָס איז שפּעטער אַנטלאָפן קיין איטאַליע, ווו ער האָט געוווינט אין דער צײַט פון פּראָצעס. אויך אַנדערע מענטשן פלעגן, מיט דער זעלבער פאָרזיכטיקייט, בײַזײַן די פאָרלעזונגען פון די דערמאָנטע ביכער. דאָס זײַנען געווען: לויִס דע קאַרוואַכאַל, אַ ברודער פון באַלטאַסאַר ראָדריגעז, קאַטאַלינאַ ענריקעז און כוליאַן דע קאַסטעליאַנאָס, וועלכער האָט פאַרן פאַראורטיילט ווערן דורך דער אינקוויזיציע זיך געלאָזט רופן כוליאַן דע פאָנסעקאַ. דער אָנקלאָגערינס אײַנדרוק איז געווען, אַז דאָס האָט באַלטאַסאַר ראָדריגעז געגעבן מאַטשאַדאָן דאָס קליינע האַנטשריפטלעכע ביכל, ווײַל זי האָט דאָס נישט געזען ביז יענער איז נישט געוואָרן אַן אָפטער גאַסט אין צימער פון דעם געליימטן זקן. זי האָט צוגעגעבן, אַז בעתן לייענען האָט מען זיך אויסגעהיט נישט נאָר פאַר פרעמדע, נאָר אויך פאַר אייגענע. זי האָט דערציילט, אַז ווען דער ד״ר כואַן מאַטשאַדאָ, דעם שנײַדערס זון, איז אַ מאָל אַרײַן אָן פאָרויסצומעלדן זיך אין דעם צימער, בעת יענער האָט געהאַלטן די באַשריבענע ביכער צו קאָפּנס פון זײַן בעט (און נישט באַהאַלטן אונטער די קישנס), האָט ער אים שאַרף אויסגערעדט און געפאָדערט, ער זאָל תמיד פאַרן אַרײַנקומען אָנזאָגן זײַן באַזוך.

ווען מאַטשאַדאָ האָט דערפילט אַז דער טויט איז נאָענט, האָט ער געלאָזט רופן זײַן עלטסטע טאָכטער איסאַבעל, און אין דער אָנקלאָגערינס קעגנוואַרט — ווי מיר ווייסן, האָט מען זי געהאַלטן פאַר אומשעדלעך — האָט ער איר איבערגעגעבן די געצערטלטע ביכער. אויף דער פראַגע פון אינקוויזיטאָר, האָט קאַטאַלינאַ דע אורבינאַ אויך דערקלערט, אַז אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ פלעגט דורכפירן ייִדישע רעליגיעזע צערעמאָניעס.

אין אָנבליק פון דער דאָזיקער באַשולדיקונג, און ווײַל „דער עיקר איז אַז די דרײַ ביכער וואָס ווערן אין איר דערמאָנט זאָלן אָפּגעפונען און געוויזן ווערן פאַרן דאָזיקן הייליקן טריבונאַל", האָט דער אינקוויזיטאָר פאַראָרדנט גרינטלעך אונטערצוזוכן איסאַבעלס שטוב און זי אַליין צו ברענגען פאַרן טריבונאַל. דאָס זוכן האָט אָבער נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן, און אַזוי ווי איסאַבעל מאַטשאַדאָ האָט געלייקנט אַז זי ווייס עפּעס וועגן די דאָזיקע מאָדנע ביכער, און חוץ דעם איז די באַשולדיקונג געקומען פון איין־איינציקן מענטשן, איז זי דערווײַל באַפרײַט געוואָרן, נאָר מע האָט זי שטרענג געוואָרנט „זי זאָל איבערזוכן אין איר זכרון", ווײַל די אינקוויזיטאָרן וועלן נישט אויפגעבן זייער כוונה צו געפינען די דערמאָנטע בענד.

## 3. „די באַגראָבענע מנורה“ און דער פֿאַרבאָרגענער ספֿר

דאָס אַרומזוכן די ביכער וועגן וועלכע קאַטאַלינאַ דע אורבינאַ האָט אויסגעגעבן, האָט גורם געווען אַן עפּיזאָד וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס ענלעך צו דעם וואָס סטעפֿאַן צווײַג שילדערט אין זײַן לעגענדאַרער נאָוועלע „די באַגראָבענע מנורה“. ווער עס האָט זי געלייענט געדענקט ווי אַזוי די מנורה, דער העכסטער סימבאָל פֿון יידישן פֿאָלק, איז אַרײַנגעפֿאַלן צו ערשט אין די לעסטערנדיקע הענט פֿון רוימישן דעראָבערער און נאָך דעם אין די הענט פֿון נאָך גרויזאַמערע באַצווינגערס. און מיט וואָס פֿאַר אַן עקשנות, מיט וואָס פֿאַר אַ קרבנות־גרייטקייט האָבן די יידן זיך באַמיט צוריק צו באַקומען דעם דערהויבענעם סימבאָל פֿון זייער פֿאַרשווונדענער פּראַכט! ער וועט אויך געדענקען, אַז די מנורה איז געפֿונען געוואָרן נאָך 80 יאָר אומדערמידלעכן זוכן און מע האָט זי באַגראָבן אין פֿעלד, נאָענט צו ירושלים, כדי זי דאָרט אויפֿצוהיטן ביזן טאָג פֿון דער גאולה. צווײַג האָט אָבער נישט געוווּסט, ווען ער האָט באַשלאָסן זיך צו נעמען דאָס לעבן, אַז די זיבן־רעריקע מנורה וועט ווערן דער עמבלעם פֿון מדינת ישראל, די יידישע מלוכה וואָס איז אַנטשטאַנען נאָך די מלחמה־שחיטות און נאָך דעם גרעסטן חורבן וואָס אונדזער פֿאָלק האָט איבערגעלעבט אין זײַן גאַנצער געשיכטע. און אָט איז אַן ענלעכע געשעעניש, וואָס שפּילט זיך אָפּ אויף אַן אַנדערן באָדן, ווי דער וואָס סטעפֿאַן צווײַג האָט פֿאַרגעשטעלט: אַ פּאָר פֿאַרגעטערטע ספֿרים, די סימבאָלן פֿון יידישקייט אין דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער אַמעריקע, האָט די אינקוויזיציע פֿאַרביסן אַרומגעזוכט אויך אין משך פֿון 80 יאָר בערך, און דאָך האָט מען באַוויזן זיי צו ראַטעווען פֿון אירע נקמה־דאָרשטיקע נעגל. נישט געקוקט אויף דעם וואָס זי האָט זיך נישט געיאָגט נאָך אַ ממשותדיקן טײַערן חפֿץ, ווי דאָס איז געווען דער פֿאַל מיט די אַלטערטימלעכע באַצווינגערס, איז די אינקוויזיציע געווען להוט נאָך איר רויב אפֿשר נאָך מער ווי יענע באַרבאַרן. זיי זײַנען געווען שטאָלץ מיט זייער מאַכט און זיכער אין זייער גערעכטיקייט, און דאָך האָבן זיי געמוזט אײַנהאַלטן זייער אומגעדולד און צאָרן אין אַנבליק פֿון דעם דורכפֿאַל, סײַ פֿון דעם אַבסאָלוטיסטישן פּרינציפּ אויף וועלכן זיי האָבן געשטיצט זייער עקסיסטענץ ווי אַ רעליגיעזער טריבונאַל, סײַ פֿון דעם פֿאַרצווײַגטן פֿאַרפֿאָלג־אַפּאַראַט וואָס זיי האָבן צו דעם צוועק אויסגעהאַלטן. ערשט נאָך פֿינף יאָר האָבן זיי, אַ דאַנק זייער פֿאַרביסנקייט, באַוויזן צו קריגן אינפֿאָרמאַציע נישט נאָר וועגן די געפֿערלעכע ביכער (אין דער אמתן — אין בוך), נאָר אויך וועגן דעם אופֿן ווי מע האָט זיך מיט די ביכער געפֿירט און פֿון זיי געלערנט. מאַנועל דע לוסענאַ, וועלכן זיי האָבן צום ערשטן מאָל אויסגעפֿרעגט וועגן דעם ענין דעם 20סטן דעצעמבער 1594, ווען ער איז שוין געווען פֿאַראורטיילט צום טויט, אָבער ער האָט דאָס נישט געוווּסט און ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו פֿאַרדינען זייער לײַטזעליקייט, האָט זיי אויסגעזאָגט, אַז „דער איצט שוין פֿאַרשטאָרבענער תושב פֿון דער דאָזיקער שטאָט מעקסיקע, אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, דער פֿאָטער פֿון דעם אַדוואָקאַט פֿון דער דאָזיקער קעניגלעכער אוידיענץ ד״ר מאַטשאַדאָ, פֿלעגט אָפּהיטן משהס געבאָט

און ער האָט געוואָרט אויפן משיח, און ער האָט געהאַט אַ בוך, צווי פינגער די הייך, געשריבן מיט דער האַנט פון ליצענציאַט מאָראַלעס, אַ מעדיקער, וועמענס סטאַטוע דער הייליקער דינסט האָט געהייסן פאַרברענען. אין דעם בוך איז געווען פאַרשריבן „משהס תורה מיט זײַנע דינים און צערעמאָניעס". אויף דער אוידיענץ פון 7טן נאָוועמבער 1596 האָט ער זיי איבערגעגעבן, אַז אין אַ געוויסן שבת פון יאָר 1586, וואָס מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט ער בײַ אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָן אין צימער געטראָפן זײַן טאָכטער איסאַבעל און איינעם אַ מאַן וואָס האָט געהייסן מאַרקאָ אַנטאָניאָ, „און דער דערמאָנטער מאַרקאָ אַנטאָניאָ האָט פון איינעם פון די פּאַפּירן וואָס עס האָט פאַרמאָגט דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ געהאַלטן אין לייענען זאַכן פון משהס געבאָט אין צוזאַמענהאַנג מיטן דערמאָנטן שבת, און אַזוי ווי דער דערמאָנטער מאַרקאָ אַנטאָניאָ האָט די זאַכן איבערגעלייענט, האָט דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ זיי דערקלערט, און פילאָסאָפירט איבער זיי, און זיי אויסגעלויבט ביז אונטערן הימל, זאָגנדיק ווי ריכטיק די אַלע זאַכן פון תורת משה זײַנען, און ווי גוט עס איז דאָס דאָזיקע געבאָט דורך וועלכן אַלע מענטשן וועלן דאַרפן אויסגעלייזט ווערן. און ער האָט שטאַרק גערימט דעם ליצענציאַט מאָראַלעס, וואָס האָט אַזוי טרעפלעך אַרויסגעבראַכט די אַלע זאַכן פון דער דערמאָנטער תורה. און ווען ער האָט געזאָגט „שמע", מיט שפּאַנישע ווערטער וואָס דער עדות געדענקט נישט, האָט ער זיך לאַנג אָפּגעשטעלט בײַ יעדן וואָרט, ווײַל אַזוי האָט דאָס העברעיִשע לשון געפאָדערט".

לוסענאַ זאָגט נישט אויסדריקלעך אַז דער „שמע" (שמע ישראל) איז געלייענט געוואָרן אויף העברעיִש און קאָמענטירט געוואָרן אויף שפּאַניש דורך אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, אָבער דאָס דרינגט אַרויס פון זײַנע ווערטער ווי אַ פאַקט[3]. ווער עס זאָגט יאָ אַז אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ פלעגט זאָגן אויף העברעיִש די יידישע תפילה, איז דווקא מאַרקאָ אַנטאָניאָ, וואָס אויף אים האָט מאַנועל דע לוסענאַ געהאַט אָנגעוויזן ווי אויפן פאַרלייענער בעת די שבתדיקע פאַרזאַמלונגען. עס איז ווערט אונטערצושטרײַכן דעם דאָזיקן פאַקט און זײַן באַדײַט פאַר דער פאָרשונג פון מאַראַנענטום, ווײַל לעצטנס האָט אַ ישראלדיקער פאָרשער, מיט אָרטאָדאָקסישער פאַרבלענדטקייט, געפּרוווט אָפּלייקענען די יידישע אָנגעהעריקייט פון די מאַראַנען.

אָנגייענדיק מיט אונדזער עקספּאָזע, וועלן מיר זאָגן אַז נאָך אַן עדות (און דאָס איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי דער דיכטער לויִס דע קאַרבאַכאַל) האָט דערקלערט דעם 9טן פעברואַר 1595, אַז „ווי אַן אויספירער פון משהס געבאָט, האָט דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ באַטראַכט ווי אַ הייליקטום און ווי אַ טײַערע זאַך דאָס בוך וואָס עס האָט אים געהאַט געגעבן דער דערמאָנטער ליצענציאַט מאַנועל דע מאָראַלעס".

קאַטאַלינאַ ענריקעז, מאַנועל דע לוסענאַס ווײַב, איז נאָך מער ווי איר מאַן

---

[3] דאָס איז אויך די מיינונג פון דעם באַשולדיקער.

גרייט געווען צו באַפרידיקן דעם אינקוויזיטאָרישן נייגער. דעם 12טן אָקטאָבער 1596 האָט זי דערציילט, אַז מיט מער ווי צוועלף יאָר פאַר דעם איז זי געגאַנגען זען אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָן, ווײַל פראַנציסקאָ ראָדריגעז, וועגן וועלכן זי האָט שוין עדות געזאָגט, האָט איר געהאַט געזאָגט, אַז ער איז אַ ייִד און האָט מיט אים גע־האַט באַקענט איר מאַן, מאַנועל דע לוסענאַ. איז זי צוזאַמען מיט איר מאַן און מיט דאָמינגאָ ראָדריגעז געגאַנגען זען דעם דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, וועלכן זיי האָבן געטראָפן אין בעט, ווײַל ער איז געווען געליימט, און דער דערמאָנטער אַנ־טאָניאָ מאַטשאַדאָ האָט דאַן צוגערופן די דערמאָנטע איסאַבעל מאַטשאַדאָ און איר געבעטן אייניקע מיט דער האַנט־געשריבענע ביכער און אַ סך פּאַפּירן און אַ בריוו און אין קעגנוואַרט פון דער דערמאָנטער איסאַבעל מאַטשאַדאָ האָט ער פאַר איר און פאַר די דערמאָנטע מאַנועל דע לוסענאַ און דאָמינגאָ ראָדריגעז אַרומ־גערעדט זאַכן פון תורת משה, זאָגנדיק, אַז דאָס איז די ריכטיקע לערע דורך וועלכער די מענטשן וועלן אויסגעלייזט ווערן, און אַז דאָס וואָס מע וויל זיי אײַנ־ריידן אַז עס איז בעסער דער קריסטלעכער דת און אַז משיח איז שוין געקומען, איז אַלץ שקר און פאַלשקייט, ווי עס איז געשטאַנען אין יענע פּאַפּירן, און די עדות־זאָגערין, און די דערמאָנטע איסאַבעל מאַטשאַדאָ, מאַנועל דע לוסענאַ און דאָמינגאָ ראָדריגעז האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט און געזאָגט, אַז דאָס איז אמת און אַז די קריסטן גייען אַרום בלינד, און די דאָזיקע פּאַפּירן האָט דער לי־צענציאַט מאַראַלעס געהאַט איבערגעלאָזט בײַם דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ".

נאָך אַ געוויסער צײַט, דעם 33טן יוני 1597, האָט גאָנסאַלעס פּערעס פעררא, אַ פּאָרטוגעזער פון אַ פינף־און־פערציק יאָר, דערקלערט, אַז ער האָט באַהאַנדלט מיט מאַטשאַדאָן „דאָס אָפּהיטן שבת, און אַז מע דאַרף פאַסטן אַ גאַנצי טאָג און נישט עסן ביז צו דער נאַכט, און בפרט האָט ער מיט אים געשמועסט וועגן אַ תענית פון דער מלכה אסתר, וואָס האָט געפאַסט דרײַ טעג אויף צו געווינען לײַט־זעליקייט בײַם קעניג אַחשורוש, איר מאַן".

צו דעם וואָס פּערעס פעררא און אַנדערע האָבן געזאָגט, באַשטעטיקנדיק די אויבן ציטירטע גביית־עדות פון מאַנועל דע לוסענאַ, האָט מאַרקאָ אַנטאָניאָ צו־געגעבן די פאָלגנדיקע וויכטיקע אינפאָרמאַציע: „עס דאַכט זיך אים אַז דער דער־מאָנטער מאַטשאַדאָ פלעגט זאָגן „שמע" אויף דער העברעישער שפּראַך". זעלבסט־פאַרשטענדלעך, האָט מען בײַ אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָן אין צימער נישט נאָר געזאָגט „שמע", און אויף העברעיש, נאָר אויך תהילים, באַזונדערס דעם קאַפּיטל וואָס איסאַבעל מאַטשאַדאָ ציטירט אַזוי:

> נישט אין דײַן כעס זאָלסטו מיך מוסרן, גאָט,
> און נישט אין דײַן גרימצאָרן זאָלסטו מיך שטראָפן.
> לײַטזעליק מיך, גאָט, ווײַל איך ווער פאַרשניטן...

דאָס איז איינער פון די באַליבטסטע תשובה־מזמורים בײַ די מאַראַנען, און אין דעם פאַל איז דאָס געווען ביז גאָר צוגעפּאַסט צום מצב פון דעם וואָס פלעגט דאָס זאָגן. אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָס טאָכטער האָט אויך דערציילט די אינקוויזיטאָרן

אַז דער „על חטא" פֿון יום־כּיפּור, וואָס איז געווען עטוואָס אַנדערש פֿון דעם וואָס איז הײַנט אײַנגעפֿירט, איז געדאַוונט געוואָרן בעת דער פֿײַערונג פֿון „גאָטס גרויסן טאָג" בײַ איר טאַטן אין צימער.

## 4. רעליגיעזע פייערונגען אין אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָס צימער

פֿון די ביז איצט געבראַכטע גבית־עדות, ווערט לויט אונדזער מיינונג קלאָר, אַז דאָס צימער ווו דער אַלטער שנײַדער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ האָט געוווינט, וועלכער איז געווען פֿול מיט מעדיצינישע קרײַטעכצער און האָט זיך געפֿונען אין דער געגנט סאַן סעבאַסטיאַן, נישט מער ווי עטלעכע הונדערט מעטער אָפּגערוקט פֿון די אינקוויזיציע־קאַזעמאַטן, און ווו ער האָט זיך אַזוי זאָרגעוודיק אויסגעהיט פֿון נײַגעריקע בליקן, איז געווען אַ מין סינאַגאָגע פֿון די מעקסיקאַנער באַהאַלטענע ייִדן צווישן די יאָרן 1584 און 1590. דאָרט האָבן זיי, אונטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָס אָנפֿירונג געדאַוונט, געפּראַוועט די פֿײַערלעכסטע רעליגיעזע יום־טובֿים און געפֿאַסט אין „גאָטס גרויסן טאָג", „גאָטס טאָג" אָדער יום־כּיפּור. טאַקע דער פּראָצעס דערווײַזט דאָס. אין שײַכות מיטן „גרויסן טאָג", דער פֿײַערלעכסטער און פּאָרכטיקסטער אויסדרוק פֿון דער ייִדישער אמונה, דערציילט דאָניאַ קאַטאַלינאַ ענריקעז אויף דער פּרימאָרגנדיקער אוידיענץ פֿון 16טן נאָוועמבער 1596, אַז מאַרקאָ אַנטאָניאָ „האָט געהאַט אָפּגעהיט גאָטס גרויסן טאָג, אַז ער אַליין האָט עס איר געזאָגט אַ פֿיר אָדער פֿינף חדשים נאָך דעם, און אַז ער האָט דעמאָלט געפֿאַסט צוזאַמען מיטן דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ און מיט דער דערמאָנטער איסאַבעל מאַטשאַדאָ, זײַן טאָכטער, און אַלע דרײַ האָבן זיך פֿאַרשלאָסן אין איינעם אין אַן אָפּגעזונדערטן צימער, ווו עס פֿלעגט שלאָפֿן דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ. דער דערמאָנטער מאַרקאָ אַנטאָניאָ איז געקומען אַהין אַרום זעקס אָדער זיבן אין דער פֿרי און נאָכן פֿאַרברענגען אַ גאַנצן טאָג צוזאַמען, בעת דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ האָט געלייענט פֿון די ביכער וואָס עס האָט אים געהאַט געגעבן דער ליצענציאַט מאָראַלעס, זאַכן פֿון תורת משה אין שײַכות מיטן דערמאָנטן גרויסן טאָג, האָט ער געגעסן אין אָוונט מיט די דערמאָנטע אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ און איסאַבעל מאַטשאַדאָ, שפּײַזן פֿון פֿלייש און פֿון פֿרוכט, וואָס מע האָט געגעסן נאָך דעם ווי אַלע האָבן זיך געוואַשן די הענט און דאָס געזיכט און געדאַוונט פֿיל תּפֿילות. און נאָכן עסן האָט דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ פֿאָרגעלייענט פֿאַר דעם דערמאָנטן מאַרקאָ אַנטאָניאָ און פֿאַר דער דערמאָנטער איסאַבעל מאַטשאַדאָ זאַכן פֿון תורת משה, וואָס מע איז זיך נוהג צו לייענען נאָכן עסן אין די דאָזיקע אָנגעצייכנטע טעג. און מאַרקאָ אַנטאָניאָ האָט געזאָגט דער עדות־זאָגערין, אַז ער האָט יענעם טאָג געהאַט גרויס פֿאַרגעניגן צו זען ווי גע־לערנט דער דערמאָנטער מאַטשאַדאָ און זײַן טאָכטער איסאַבעל זײַנען".

אַ צוגעדריקטע דורך די אינקוויזיטאָרן, האָט קאַטאַלינאַ ענריקעז אויף דער פֿאַר נאַכט־אוידיענץ פֿון דעם זעלביקן טאָג, מודה געווען, אַז מאַרקאָ אַנטאָניאָ

האָט אויך געהאַט געזאָגט: „אין נאָמען פון דער דערמאָנטער איסאַבעל מאַטשאַדאָ, אַז ער גיט איר צו וויסן אַז די צווייטע וואָך וועט זײַן זייער אַ פײַערלעכער פּסח, וואָס ווערט אָפּגעמערקט לויט משהס געבאָט, און בײַ וועלכן מע פּועלט־אויס פּיל מחילות, און זי בעט איר, זי זאָל אים גיין אָפּריכטן צוזאַמען מיטן דערמאָנטן מאַרקאָ אַנטאָניאָ, מיט אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ און מיט איר, און אַז זי וועט הערן דעם דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ דאַווגען און זאָגן אַלע זאַכן וואָס קערן זיך אָן מיט דעם דערמאָנטן פּסח, וואָס דער ליצענציאַט מאָראַלעס האָט בײַ אים גע־האַט איבערגעלאָזט, און זי האָט אים געהייסן ענטפערן, אַז זי וועט נישט קענען צוקומען אַהין איבער דער אָפּוועזנקייט פון מאַנועל דע לוסענאַ, איר מאַן". זי האָט צוגעגעבן, אַז „נאָך דעם ווי דער דערמאָנטער פּסח איז אַדורך, האָבן די דערמאָנ־טע מאַרקאָ אַנטאָניאָ און איסאַבעל מאַטשאַדאָ איר דערציילט ווי אַזוי זיי האָבן אים אָפּגעריכט צוזאַמען מיטן דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, און דער אופן ווי זיי האָבן געפּראַוועט דעם דאָזיקן פּסח איז געווען, אַז דאָס האָט געדויערט אַכט טעג, אַזוי ווי דער יידישער פּסח, און פון זיי האָט מען קיין איין טאָג נישט גע־פאַסט, אָבער דעם ערשטן און לעצטן טאָג האָט מען געגעסן די קאַלטע שפּײַזן פון פרײַערדיקן טאָג, ווײַל מע האָט אין יענע טעג נישט געטאָרט אָנצינדן קיין פײַער אין שטוב. און זי האָט געפרעגט בײַ דער דערמאָנטער איסאַבעל מאַטשאַדאָ וואָס פאַר אַ פּסח דאָס איז, און יענע האָט עס איר דערקלערט, אָבער זי געדענקט עס נישט, און יענע האָט איר געזאָגט, אַז אין יעדן איינעם פון די לבנה־מאָנאַטן פון יאָר איז פאַראַן אַ פּסח גלײַך נאָכן מחדש זײַן די לבנה. און דאָס אַלץ איז פאַר־שריבן בײַ אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָן אין בוך, וואָס עס האָט בײַ אים איבערגעלאָזט דער דערמאָנטער ליצענציאַט, מאַנועל דע מאָראַלעס".

דערנאָך האָט קאַטאַלינאַ ענריקעז צוגעגעבן דאָס ווײַטערדיקע:

אַז דער דערמאָנטער מאַרקאָ אַנטאָניאָ האָט זי גענומען אין דער שטוב פון דעם דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ איין מאָל אַ שבת, ווײַל מאַנועל דע לוסענאַ איז נישט געווען, און זי האָט צוזאַמען מיטן דערמאָנטן מאַרקאָ אַנטאָניאָ און מיט די דער־מאָנטע אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ און איסאַבעל מאַטשאַדאָ געהאַלטן שבת, און זי געדענקט אַז דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ האָט געגעבן דעם דערמאָנטן מאַרקאָ אַנטאָ־ניאָ דעם שליסל פון אַ שרײַבטיש וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן זײַן בעט, און האָט אים געהייסן עפענען אַ שופלאָד וואָס איז אין דעם שרײַבטיש און אַרויסגענומען פון דאָרטן עטלעכע אײַנגעלייגטע, מיט דער האַנט באַשריבענע פּאַפּירענע בויגנס, פון וועלכע ער האָט פאַר זיי אַרויסגעלייענט פּיל זאַכן וועגן אָפּהיטן שבת, און זי גע־דענקט איצט אַז דער דערמאָנטער מאַרקאָ אַנטאָניאָ איז דאָס געווען דער וואָס האָט איבערגעלייענט די פּאַפּירן, און דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ האָט אים כסדר אָנגעוויזן וואָס צו לייענען, און נאָך דעם ווי יענער האָט איבערגעלייענט האָט ער עס שטאַרק אויסגעלויבט און געזאָגט, אַז דאָס זײַנען זייער דערהויבענע זאַכן פון תורת משה, אַז משהס געבאָט איז די ריכטיקע און דורך אים וועלן די מענטשן אויסגע־לייזט ווערן, אַז משיח איז נאָך נישט געקומען און מע דאַרף אויף אים וואַרטן, און אַז די אַלע זאַכן וואָס זײַנען געשטאַנען אין די דערמאָנטע פּאַפּירן וואָס עס האָט איבערגעלייענט דער דערמאָנטער מאַרקאָ אַנטאָניאָ מוזן מקוים ווערן, און אַ גאַנצן בײַ טאָג ביז פאַר דער געבעט־שעה איז זי געווען צוזאַמען מיט די דערמאָנטע אַנ־

טאָניאָ מאַטשאַדאָ, איסאַבעל מאַטשאַדאָ און מאַרקאָ אַנטאָניאָ, הערנדיק זאַכן פון משהס געבאָט, און דעם פּאַריקן פּריַיטיק האָט די דערמאָנטע איסאַבעל מאַטשאַדאָ זי פּאַרבעטן דורך דער פּאַרמיטלונג פון דעם דערמאָנטן מאַרקאָ אַנטאָניאָ וועלכער איז צו איר געקומען דעם דערמאָנטן שבת מיטיק־צײַט און זי געגומען אין הויז פון דעם דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, און דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען דרײַ חדשים נאָך דעם דערמאָנטן פּסח וואָס זי האָט דערקלערט, אַז זי האָט נישט געוואָלט גיין צו דער דערמאָנטער איסאַבעל מאַטשאַדאָ אין שטוב, און פון דעם זײַנען שוין אַריבער נײַן אָדער צען יאָר, און דעם דערמאָנטן שבת 3 אַ זייגער נאָך מיטאָג האָט די דערמאָנטע איסאַבעל מאַטשאַדאָ אַרויסגענומען אַ ביסל שפּײַז וואָס זי האָט געהאַט געבראַכט אין אַ קערבל, און דאָס עסן איז באַשטאַנען פון ציטרין, און אויך פון מאַראַנצן און באַרן, פון וועלכע עס האָבן געגעסן זי און די דערמאָנטע אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, איסאַבעל מאַטשאַדאָ און מאַרקאָ אַנטאָניאָ.

ווײַטער האָט קאַטאַלינאַ ענריקעז פאָרגעזעצט, אַז אַ צווייטן שבת איז זי געגאַנגען מיט איר מאַן מאַנועל דע לוסענאַ צו מאַטשאַדאָן אין שטוב, און זיי האָבן געטראָפן „דעם דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָן לייענענדיק אין די דערמאָנטע בויגנס פּאַפּיר די שוין געזאָגטע זאַכן פון תורת משה״... „און דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ האָט געהאַט אויף זײַן בעט העפטן און פּאַפּירן און אַזעלכע קליינע נישט־געבונדענע ביכלעך, און ער האָט פון דאָרטן געלערנט פיל זאַכן מיט דעם דערמאָנטן מאַנועל דע לוסענאַ, און דער דערמאָנטער מאַרקאָ אַנטאָניאָ האָט אויפן באַפעל פון דעם דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ געלייענט אין איינעם פון די קליינע ביכער זאַכן פון משהס געבאָט, און זיך פּאַררופן אויף פיל וואָגיקע מיינונגען, אַז דאָס איז די ריכטיקע לערע דורך וועלכער מענטשן דאַרפן אויסגעלייזט ווערן״.

קאַטאַלינאַ ענריקעז האָט נאָך אָנגעגעבן אַ ריי פּרטים וואָס זײַנען דערשטוינענדיק, סײַ איבער דער סביבה אין וועלכער דער שבת איז געפּײַערט געוואָרן, סײַ איבער זייער אומבאַקאַנטקייט:

און די אַלע שבתים זײַנען זיי געווען יום־טובדיק אָנגעטאָן, מיט בעסערע קליידער און ריינע קאָלנערס, סײַ זי, סײַ די דערמאָנטע מאַנועל דע לוסענאַ, מאַרקאָ אַנטאָניאָ און איסאַבעל מאַטשאַדאָ, און דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ איז געלעגן אין בעט אין אַ ריין העמד, מיט אַ מלבוש מיט ווײַסן פוטער אונטערגעשלאָגן איבערן קאָמזויל.

אויף דער אוידיענץ פון 28סטן אָקטאָבער 1596, האָט כאָרכע אַלוואַרעז איבערגעגעבן די אינקוויזיטאָרן, אַז מאַנועל דע לוסענאַ האָט אים געגומען „אין דער שטוב פון איינעם אַן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, אַ פּאָרטוגעזישער שנײַדער, וואָס איז געלעגן אַ געליימטער אין אַ בעט און האָט געוווינט נעבן סאַן סעבאַסטיאַן. דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ איז געווען ד״ר מאַטשאַדאָס פאָטער, און ער איז געווען זייער פרום און באַהאַוונט אין משהס לערע. און ווען זיי זײַנען געקומען אין דער שטוב פון דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, זײַנען זיי אַרײַן אין דעם צימער וווּ ער איז געלעגן אין בעט, און מיט אים איז געווען זײַנע אַ טאָכטער, וועלכע האָט אים געזאָגט, אַז זי איז די עלטסטע, איסאַבעל מאַטשאַדאָ, און אַז זי היט אים

אָפּ און קאָכט אים עסן, און זײַענדיק דאָרט האָט דער דערמאָנטער מאַנועל דע לוסענאַ גענומען שפּילן קלאַוויר און נאָכן האָבן אָפּגעשפּילט האָט ער זיך גע־זעצט אויפֿן בעט פֿון דעם דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, וועלכער האָט גאָר אין דער שטיל געריידט צו מאַנועל דע לוסענאַ, און דער עדות איז חושד אַז דאָס האָט ער אים געפֿרעגט, ווער איז דער דאָזיקער? צי איז ער אַ זיכערער מענטש? ווײַל דער דערמאָנטער לוסענאַ האָט געענטפֿערט, אַז ער מעג פֿרײַ ריידן, און דאַן האָט דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ אַרויסגענומען פֿון אַ בריוו־האַלטער צוויי ביכער וואָס ער האָט געהאַלטן אונטער די קישנס פֿון בעט, און דעם עדות האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי זײַנען געווען געשריבן מיט דער האַנט, גוט אײַנגעבונדן, און פֿון איינעם פֿון זיי האָט ער געלייענט זאַכן פֿון תורת משה, אין זײַנער און אין מאַנועל דע לוסענאַס קעגנוואַרט. אַ גערירטער, האָט דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ וויינענדיק פֿאַר פֿרייד, געריידט וועגן דעם אַז מע דאַרף וואַרטן אויף משיחן, וואָס איז נאָך נישט געקומען, און אַז גאָט וועט האַלטן זײַן צוזאָג אים צוצושיקן אויף אויסצולייזן זײַן פֿאָלק, און אַז עס איז נישט פֿאַראַן קיין אַנדערער גאָט אָדער האַר ווי דער גאָט פֿון ישראל, און נאָר דעם דאָזיקן גאָט מעג מען דערמאָנען. און אַז ער האָט געענדיקט לייענען אין דעם דערמאָנטן בוך, האָט ער גענומען אַ צווייטס, וואָס איז געווען געשריבן אין פֿערזן, און זינגענדיק האָט ער געלייענט שבחים צו גאָט".

מע דאַרף נאָר צוגעבן דעם פֿאָלגנדיקן העכסט אינטערעסאַנטן פֿאַקט: אויפֿן קלאַוויר, וואָס כאָרכע אַלוואַרעז דערמאָנט, האָט איסאַבעל מאַטשאַדאָ, בײַ פֿײַערלעכע געלעגנהייטן, אויפֿגעשפּילט די שבחים־פֿערזן וואָס ד"ר מאַנועל דע מאָראַלעס האָט איבערגעגעבן איר פֿאָטער.

די אַלע גבית־עדות, גענומענע פֿון די פּראָטאָקאָלן פֿון פּראָצעס פֿון אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, דערווײַזן אומצווייפֿלהאַפֿטיק די טרײַשאַפֿט פֿון די מאַראַנען, אָדער פֿון אַ סך פֿון זיי, צו דער ייִדישער אמונה. דערפֿאַר דריקן מיר אויס אונדזער שטוינונג איבער די דערקלערונגען פֿון ד"ר נתניהו, וואָס שטיצט זיך בלויז אויף נאָר־מאַטיוועע הנחות, און אָנערקענט נישט דיווירקלעכקייט פֿון די פֿאַקטן בײַם לייענען זייער ייִדישע אָנהענגערקייט.

## 5. אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָס ייִדישע קבורה

ווי אַ פּועל־יוצא פֿון די עדיקטן וואָס זײַנען אַרויסגעלאָזן געוואָרן בעתן פּראָצעס „קעגן דעם זכר און רום" פֿון אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, האָט זיך דעם 3טן מאַרץ 1597 צוגעשטעלט פֿאַר די אינקוויזיטאָרן מאַריאַ דע נאַבאַרראַ, אויף צו אינפֿאָרמירן, אַז קאַטאַלינאַ גאָמעס האָט איר געזאָגט: „אַז ווען דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ האָט געהאַלטן בײַם גוססן, איז זי אָנגעקומען און האָט אים געטראָפֿן אַ באַוווסטלאָזן, און קורץ נאָך דעם איז ער געשטאָרבן, און אַז ער איז שוין געווען טויט האָט זי געבעטן תכריכים אים אויסצוריכטן, און די דערמאָנטע איסאַ־

בעל מאַטשאַדאָ האָט געבראַכט אַ טויטנליילעך פֿון נײַעם געוואַנט און נײַע מכנסים, צעפּליקטע פֿון אונטן, און נײַע זאָקן״... אַזוי דערקלערט זי עס, נישט אַרײַנצופֿאַלן אין דער פֿאַרדאַמונג פֿון הייליקן דינסט״.

די אויבן געבראַכטע באַשולדיקונג איז באַשטעטיקט געוואָרן אין דעם זעלבן טאָג, ווי אַן אָפּגערעדטע זאַך, דורך איסאַבעל טאַרריקע. זי האָט דערקלערט, אַז זי ווייס פֿון קאַטאַלינאַ גאָמעס, אַז: „ווען אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ איז געשטאָרבן איז זי געווען אין זײַן שטוב, ווו זי איז געקומען אים צו באַגלייטן בעת זײַן גסיסה, און זי איז אַרײַנגעקומען ווען ער איז שוין געלעגן אָן לשון. און נאָך דעם ווי ער איז געשטאָרבן, האָט זי געבעטן תכריכים אים אויסצוריכטן, און דאַן איז אויפֿגעשטאַנען די דערמאָנטע איסאַבעל מאַטשאַדאָ און זי האָט געעפֿנט אַ קאַסטן מיט צוויי שלעסער און אַרויסגענומען אַ טויטנלײַלעך פֿון נײַעם געוואַנט, און מכנסים און זאָקן פֿון נײַעם געוואַנט, די מכנסים צעפּליקט פֿון אונטן, און זי האָט אים אויסגעריכט״. און דאָס איז זי געקומען זאָגן אין איינקלאַנג מיט די וואָרענונגען פֿון דעם אינקוויזיציע־עדיקט.

דער הויפּט־עדות קאַטאַלינאַ גאָמעס, וואָס איז פֿאַרהערט געוואָרן דעם זעלביקן טאָג ווי די פֿריערדיקע, האָט דערקלערט דאָס ווײַטערדיקע:

> אויף צו באַפֿרײַען איר געוויסן קומט זי זאָגן און דערקלערן, אַז ווײַנענדיק קעגן איבער דער שטוב פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעם אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, קעגן וועמענס זכר און רום עס ווערט געפֿירט אַ פּראָצעס אין דעם דאָזיקן הייליקן טריבונאַל, האָט זי איין מאָל, אפשר מיט זעקס יאָר צוריק, געהערט ווייַנען די טעכטער פֿון דעם דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, און אויף איר פֿראַגע, פֿאַר וואָס זיי האָבן געוויינט, האָבן זיי געזאָגט אַז ווײַל דער דערמאָנטער, זייער פֿאָטער, האַלט בײַם שטאַרבן. איז זי אַרײַן אַהין און אים געטראָפֿן אַ גוססדיקן, און זי איז פֿאַרבליבן דאָרט ביז ער האָט אויסגעהויכט זײַן לעצטן אָטעם, און נאָך זײַן טויט האָט זי געבעטן תכריכים אים אויסצוריכטן, און איסאַבעל מאַטשאַדאָ, די עלטסטע טאָכטער פֿון דעם דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, וואָס איז איצט, לויט ווי מע זאָגט, אין געפֿענגעניש בײַ דעם הייליקן דינסט, איז געגאַנגען און האָט אויפֿגעעפֿנט (ווי זי פֿאַרשטייט דאָס), אַ גרויסן קאַסטן, לויט איר מיינונג, מיט צוויי שלעסער, און זי האָט אַרויסגענומען אַ טויטנלײַלעך, אַ העמד, אַ מצנפת, הויזן און זאָקן פֿון אַזאַ גוטן און ריינעם געוואַנט אַז איר האָט זיך אויסגעוויזן אַז דאָס איז נײַ געוואַנט, און מיינענדיק אַז דאָס איז נײַ געוואַנט, האָט זי דאָס דערציילט פֿאַר עטלעכע מענטשן, באַזונדערס בײַ איר פֿלימעניק דיעגאָ טערריקע אין שטוב, בײַ דער אָנוועזנהײַט פֿון זײַן ווײַב און פֿון זײַן שוועסטער, איסאַבעל טערריקע, און היות ווי זי האָט געהערט נעכטן, זונטיק דעם אינקוויזיציע־עדיקט, און זיך האַלטנדיק בײַ דער מיינונג אַז די דערמאָנטע תכריכים, העמד, הויזן, מצנפת און זאָקן זײַנען געווען פֿון נײַעם געוואַנט, איז זי געקומען דאָס אויסזאָגן און אויסגעבן פֿאַרן דאָזיקן הייליקן טריבונאַל, ווײַל זי האָט געהערט אין דעם דערמאָנטן עדיקט, אַז דאָס מקבר זײַן אַ מת אין נײַעם געוואַנט איז אַ צערעמאָניע פֿון משהס געבאָט.

קאַטאַלינאַ גאָמעס האָט צוגעגעבן, אַז דער ד״ר כואַן מאַטשאַדאָ האָט פּלאַמיק צוגערעדט זײַן פֿאָטער, ער זאָל באַוויליקן שטאַרבן ווי אַ קריסט, אָבער ער האָט זיך דערפֿון אויסדריקלעך אָפּגעזאָגט. וואָס יאָ, ווען די אינקוויזיציע האָט דורך עדיקטן געוואָרנט אַז זי פֿאַרפֿירט אַ פּראָצעס קעגן דעם „זכר און רום״ פֿון

דעם שנײַדער „דאָגמאַטיזירער", איז ד"ר כּואַן מאַטשאַדאָ אַרויסגעטראָטן צו פֿאַר־טיידיקן זײַן פֿאָטער, באַשיצנדיק גלײַכצײַטיק מיט דעם זײַן אייגענע געזעלשאַפֿט־לעכע פּאָזיציע, וואָס די ראַסיסטישע פֿאָלגן פֿון דעם פּראָצעס קעגן זײַן פֿאַר־שטאָרבענעם פֿאָטער האָבן געהאַט צעטרייסלט. אין זײַן שריפֿטלעכן אַלעגאַט וואָס ער האָט אַרײַנגעגעבן דעם 9טן מײַ 1597, טענהט ער אַז:

אויב ער איז באַגאַנגען דאָס פֿאַרברעכן וואָס מע שרײַבט אים צו, האָט דאָס געמוזט זײַן גאָר אויף דער עלטער, ווײַל ער איז געשטאָרבן שוין נאָך די נײַנציק יאָר, ווען ער האָט שוין נישט געהאַט דעם נאַטירלעכן שכל און פֿאַרשטאַנד, ווי דאָס איז געווען אין די לעצטע פֿינף אָדער זעקס יאָר פֿאַר זײַן טויט. און די גאַנצע צײַט איז ער געלעגן אין בעט, אַזוי שוואַך און אויסגעדאַרט אַז ער האָט נישט געהאַט מער ווי ביינער, און עס איז גרינג געווען אײַנצורעדן אים און אָפּצונאַרן אים מיט יעדער זאַך, און ער האָט געגעבן קלאָרע צייכנס און באַוויזן אַז ער איז נישט בײַ די קלאָרע געדאַנקען: ער פֿלעגט שרײַען כּסדר מיט קולי־קולות, זיך באַקלאָגן אין שײַכות מיט די פּראָצעסן ווו מע האָט געהאַט געפּסקנט קעגן אים, אָדער גאָר אָנ־פֿאַלן אויף זײַנע טעכטער און זון, זאָגנדיק קעגן זיי די שאַרפֿסטע ווערטער, אָן קיין שום סיבה אָדער אויסרייד.

נאָכן אײַנטיילן צווישן זײַנע מיטגלידער די ראָלן וואָס יעדער איינער האָט געדאַרפֿט אָפּשפּילן אין דער אינסצעניזירטער טראַגעדיע, האָט דער „הייליקער טריבונאַל" דעם 25סטן מאַרץ 1601, אַרויסגעגעבן דעם פֿאָלגנדיקן פּסק־דין:

מיר דערקלערן אַז דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ איז בײַם לעבן און בײַם שטאַרבן באַגאַנגען און דורכגעפֿירט די פֿאַרברעכנס פֿון כּפֿירה און אַפּאָטריני־קייט אין וועלכע ער איז באַשולדיקט געוואָרן, און אַז ער איז געווען אַ כּופֿר, אַן אַפּאָטריניקער, אַ יודאַיזירער, אַ דאָגמאַטיקער, אַ פֿאַרשפּרייטער פֿון משהס לערע, אַ צורייִדער צו כּפֿירה און אַן אויסבאַהאַלטער פֿון אַפּאָטריניקע, וואָס האָט פֿאַרדינט אַרײַנגעלייגט צו ווערן אין גרויסן חרם. און ווי אַזעלכער איז ער געשטאָרבן. דער־קלערן מיר אים און באַצייכענען אים פֿאַר אַזעלכן, און מיר פֿאַרדאַמען זײַן זכר און רום, און מיר באַשטימען אַז זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן זאָל פֿאַרנומען ווערן לטובת דעם קעניגלעכן שאַצקאַמער, און אויב נייטיק, זאָל דאָס איבערגעגעבן ווערן צו זײַן רע־צעפּטאָר [אין הייליקן דינסט], אין זײַן נאָמען, זינט דעם טאָג און צײַט אין וועלכע ער איז די פֿאַרברעכנס באַגאַנגען, וואָס די באַשטימונג פֿון זייער געדויער רעזערווירן מיר פֿאַר זיך. און מיר באַפֿעלן אַז הײַנט, ווען דער דאָזיקער פּסק־דין ווערט אַרויס־געגעבן, זאָל אַרויסגעפֿירט ווערן אויף דעם דאָזיקן אויטאָ־דע־פֿע אַ סטאַטוע וואָס זאָל פֿאָרשטעלן זײַן פּערזאָן, מיט אַ מיצל פֿון אַ פֿאַראורטיילטן און אַ סאַנבעניט, מיט די צייכנס פֿון אַ פֿאַראורטיילטן און אַ שילד מיט זײַן נאָמען. נאָכן פֿאָרלייענען עפֿנטלעך דעם פּסק־דין, זאָל די סטאַטוע איבערגעגעבן ווערן דער וועלטלעכער יוס־טיץ, און זײַנע רעשטן זאָלן אויסגעגראָבן און איבערגעגעבן ווערן דער דערמאָנטער יוסטיץ אויף צו פֿאַרברענען עפֿנטלעך, פֿאַרדאַמענדיק אַזוי אַרום די דאָזיקע שווערע און גרויסע חטאים. און עס זאָל צוגענומען און צוריקגעצויגן ווערן יעדער טיטל וואָס ער זאָל האָבן פֿאַרמאָגט, צי דאָס שטייט אויף זײַן מצבה אָדער אויף זײַן הערב אָדער ווו עס זאָל נישט זײַן, אַזוי אַז עס זאָל קיין זכר נישט בלײַבן פֿון דעם דאָ־זיקן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ אויף דער פֿלאַך פֿון דער ערד, מחוץ דעם דאָזיקן אורטייל און די עקזעקוציע וואָס ווערט דורך אים פֿאַראָרדנט. און כּדי דאָס זאָל בעסער פֿאַר־בלײַבן אין זכרון פֿון די לעבעדיקע, באַפֿעלן מיר אַז דער דאָזיקער שאַנד־בגד אָדער אַן ענלעכער צו אים, צוזאַמען מיט דער שילד און מיט די צייכנס פֿון דעם פֿאַר־

אורטיילטן, זאָלן אויסגעשטעלט ווערן אין דער שטאָט־קאַטעדראַלע אויף אַן אָנזעעוודיק אָרט, ווו זיי זאָלן בלייבן אויף שטענדיק. און מיר באַשטימען און דערקלערן אַז ביי זיינע זין און טעכטער און ביי די אייניקלעך וואָס ער האָט געהאַט פון זיינע זין, ווערן צוגענומען אַלע מינים קירכלעכע אָדער וועלטלעכע, עפנטלעכע אָדער בכבודיקע טיטלען, אַמטן און פאַכן וואָס זיי זאָלן פאַרמאָגן, און זיי האָבן נישט קיין רעכט און קיין מעגלעכקייט צו באַקומען אַנדערע, ווי אויך נישט צו רייטן אויף פערד און צו טראָגן וואָפן, גאָלד, זילבער אָדער זייד, און עס ווערן זיי פאַרווערט אַלע אַנדערע זאַכן וואָס דאָס געזעץ, די דעקרעטן פון די מדינות און די אינסטרוקציעס פון הייליקן דינסט פאַרווערן פאַר אַזעלכע רעכטלאָזע.

פאָרזעצנדיק מיט זייער האַרצלאָזער פירונג, האָבן זיי אין דעם זעלביקן טאָג איבערגעגעבן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָס אָפּבילד דעם גובערנאַטאָר, כדי ער זאָל אַרויסטראָגן דעם פסק־דין, פונקט ווי זיי וואָלטן עס נאָך נישט געהאַט געטאָן פריער. און דער גובערנאַטאָר האָט אויסגעפירט זיין ראָלע אין דער טראַגישער פאָרשטעלונג אַזוי ווי די געזעצן און זיין טרייַשאַפט צום הייליקן דינסט האָבן דאָס געפאָדערט, אַרויסטראָגנדיק אָט דעם אורטייל:

נעמענדיק אין אַכט די שולד וואָס ווערט דערוויזן קעגן דעם דאָזיקן פאַרשטאָרבענעם און פאַראורטיילטן אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, באַשטים איך און פסקן אַז פון דעם אָרט ווו די דאָזיקע סטאַטוע און געשטאַלט וואָס שטעלט פאָר זיין פערזאָן געפינט זיך, זאָל זי אַרומגעפירט ווערן איבער די עפנטלעכע גאַסן פון שטאָט, באַגלייט פון אַ שטאָט־אויסרופער, וואָס זאָל באַקאַנט מאַכן זיין חטא, ביזן פלאַץ פון הייליקן הייפאָליטאָ, און אויפן אָרט וואָס איז דערויף באַשטימט זאָל זי פאַרברענט ווערן אין לעבעדיקע פייער־פלאַמען ביז זי וועט ווערן צו אַש און עס וועט פון איר קיין זכר נישט בלייבן.

אָט אַזוי האָט מען תיכף געטאָן.

הגם דאָ וואָלטן זיך על־פּי לאָגיק געדאַרפט ענדיקן די פראָטאָקאָלן פונעם פראָצעס קעגן „זכר און רום" פון אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, פאַרנעמען זיי נאָך פיל בויגנס, מחמת די ראַסיסטישע נאָכוויייעניש פון דעם דאָזיקן פראָצעס. דעם 30סטן סעפטעמבער 1605 האָט ד"ר כואַן מאַטשאַדאָ אייַנגעגעבן אַ ביטע, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף אַ קעניגלעכן געשריפטס און אויף אַ פריווילעגיע פון גענעראַל־אינקוויזיטאָר, דורך וועלכן מע האָט אים דערלויבט ווייַטער זיך צו פאַרנעמען מיט זיין אַדוואָקאַט־פּראָפעסיע, נישט געקוקט אויפן טעקסט פון דעם פסק־דין קעגן זיין פאָטער און אויף די דעקרעטן און אָנווייַזונגען פונעם הייליקן דינסט. זאָל פאַרצייכנט ווערן, אַז די מעקסיקאַנער אינקוויזיטאָרן האָבן זיך בשום אופן נישט אַנטקעגנגעשטעלט און האָבן תיכף אָנגענומען די באַקומענע באַפעלן.

# דאָן לויִס דע קאַרבאַכאַל אי דע לאַ קועוואַ

## גענעראַל-גובערנאַטאָר און דעראָבערער פון נייעם קעניגרייך פון לעאָן

(1590—1539)

טיף־דראַמאַטיש איז דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן דרייסטן דעראָבערער פון אַ טייל מעקסיקע, וועמענס אהבת־משפחה האָט זײַנע קרובים דערפירט צו די אינקוויזיטאָרישע שײַטערהויפנס און אים אַליין אין די קעלערן פון „הייליקן דינסט".

דאָן לויִס דע קאַרבאַכאַל אי דע לאַ קועוואַ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1539 אין שטעטל מאָגאָדאָריאָ, אין פּאָרטוגאַל, נאָענט פון דער שפּאַנישער גרע־נעץ. ווען ער איז אַלט געווען אַכט יאָר איז ער געוואָרן אַ יתום. אין דעם עלטער האָט אים זײַנס אַ קרוב, וואָס איז געווען אַ מיליטערישער צושטעלער פון פּאָרטוגעזישן קיניגרײַך, אַוועקגעשיקט אין די אינדזלען פון קאַפּ ווערדע, כדי „ער זאָל ווערן אַ לײַט". דאָ איז ער אין אַ זייער יונגן עלטער אַרײַנגעטראָטן אין דינסט פון דער מלוכה, ווי אַ קאַסיר און חשבונער. אויף די אינדזלען פון קאַפּ ווערדע — זייער וויכטיק סטראַטעגיש — איז ער פאַרבליבן 13 יאָר. ערשט אין 1564, ווען ער איז אַלט געווען 22 יאָר, איז ער צוריקגעקומען קיין ליזאַבאָן. דאָ האָט ער לאַנג נישט פאַרבראַכט, נאָר זיך איבערגעטראָגן קיין סעוויליע, וווּ ער האָט חתונה געהאַט מיט דאָניאַ גיאָמאַר ריווערא — אַ געהיימע ייִדישקע און אַ טאָכטער פון אַן אַגענט פון שקלאַפן־מסחר אין סאַנטאָ דאָמינגאָ. דאָן לויִס דע קאַרבאַכאַלס פאַמיליע־לעבן איז געווען אַן אומגליקלעכס. אור־טיילנדיק לויט די אינקוויזיציע דאָקומענטן, איז די הויפּט־סיבה פון די משפחה־קאָנפליקטן געווען דער פאַקט וואָס ער — הגם אַ נײַ־קריסט — האָט ער דאָך געוואָלט טרײַ אויספירן די געזעצן פון די קירך; און זי — טראָץ איר כלומרשט קריסטלעכער מאַסקע — איז געווען אַ טרײַע און איבערגעגעבענע ייִדישקע. צוליב דער סיבה, און אויך צוליב עקאָנאָמישע מאָטיוון, האָט לויִס דע קאַרבאַכאַל באַשלאָסן אונטערצונעמען אַ נסיעה אין די „אינדיעס" — אין דעם לאַנד פון גאָלד און אַוואַנטורעס.

זעט זיך אויס, אַז שוין דעמאָלט איז קאַרבאַכאַל געווען אַן אָנגעזעענע

פּערזאָן אין די אָפיציעלע קרײַזן, ווײַל דווקא אין די צײַטן פון פאַנאַטישן פיליפּ דעם II איז אים, אַ פּאָרטוגעזער אָן קיין שום אָפיציעלן פּאָסטן, איבערגעגעבן געוואָרן די הויפּט־קאָמאַנדע פון אַ פלאָט. חוץ די אַלגעמיינע לאָדונג האָט דער דאָזיקער פלאָט געפירט קיין מעקסיקע אַזאַ ווּכטיקן פּאַסאַזשיר ווי דער נײַ־באַשטימטער וויצעקעניג פאַר דעם לאַנד, דאָן מאַרטין ענריקעז (1560—1568). קאַרבאַכאַל האָט זיך שטאַרק אַרויסגעהויבן אין דער רײַזע מיט זײַן בראַוווּר און פלינקער אָריענטאַציע. ווען די שיפן אונטער זײַן קאָמאַנדע זײַנען צוגעקומען צו יאַמאַיקאַ — דאָס באַרימטע פּיראַטן און קאָנטראַבאַנדיסטן־אינדזל אין די אַנ־טיליען — האָט ער, לויט די באַקומענע אינסטרוקציעס, „אײַנגעשיפּט אַ העלפט פון די באַוואָפנטע לײַט” און אַטאַקירט די נעסט פון די קאָרסאַרן. עס איז אים געלונגען צו פאַרכאַפּן דרײַ שיפן מיט אַ רײַכער לאָדונג; אָבער ער האָט אַלץ אָפּגעגעבן דער געהעריקער מאַכט.

נאָך דער מיט הצלחה אָנגעפירטער רײַזע האָט דער וויצעקעניג מאַרטין ענריקעז באַשטימט קאַרבאַכאַלן אַלס הויפּט פון טאַמפּיקאָ, אַ פּאָרט אין מעקסי־קאַנער גאָלף, אין צפון־מערב פון וועראַקרוז, אין דעם הײַנטיקן שטאַט טאַמאַולי־פּאַס. ער האָט זיך דעריבער אָפּגעטיילט פונעם וויצעקיניגס־סוויטע און זיך באַזעצט אין דעם אָרט ווו ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס רעגירער. אין דער זעלבער צײַט ווען דאָס איז געשען האָט דער באַרימטער ענגלישער פּיראַט זשאָן האַוקינס, וועמען עס האָט באַגלייט דער נישט־ווינציקער באַרימטער ים־העלד פּרענסיס דרעיק, פאַרלאָזט פּליימוט. מיט די זעקס שיפן, וואָס זיי האָבן געהאַט צו זייער דיספּאָזיציע, האָבן זיי זיך געלאָזט קעגן די אוצרות, וואָס עס האָבן געפירט די שפּאַנישע פלאָטן און האָבן נאָך פאַרשיידענע אָנפאַלן פאַראַנקערט אין סאַן כואַן דע אולואַ. באַלד נאָך זיי איז אָנגעקומען דער וויצעקעניג ענריקעז. די לאַגע פון די שפּאַניער איז געווען זייער אַ געפערלעכע, דעריבער האָט דער הויכער רעפּרעזענטאַנט פון דער קאַטוילישסטער מלוכה אָנגעהויבן פאַר־האַנדלונגען מיטן לוטעראַנישן קאָרסאַר. אָבער, בעת עס זײַנען נאָך אָנגעגאַנגען די פאַרהאַנדלונגען, האָבן די שפּאַניער זיך מיט אַ מאָל געוואָרפן אויף די ענג־לישע ים־העלדן, וועלכע האָבן נישט דערוואַרט אַזאַ מין פאַרראַט, און זיי גע־צוווּנגען צו אַנטלויפן אָדער אונטערגעבן זיך. פון דער מפּלה האָבן זיך געראַטע־וועט די שיפן פון די ענגלישע הויפּט־אָנפירערס דרעיק און האַוקינס. אָבער דער לעצטער האָט געהאַט אַזוי ווייניק שפּײַז פאַר זײַנע מענטשן, אַז ער האָט זיך געזען געצוווּנגען אַ טייל פון זיי אַרויסצוזעצן אויף אַן אומבאַפעלקערטן ברעג. דאָס איז געשען דעם 8טן אָקטאָבער 1568, און די כלומרשט אומבאַפעלקערטע טעריטאָריע איז געשטאַנען אונטער דער מאַכט פון דאָן לויִס דע קאַרבאַכאַל.

די ידיעה וועגן דעם, אַז ענגלישע פּיראַטן געפינען זיך אויף מעקסיקאַנער טעריטאָריע האָט אַרויסגערופן שרעק בײַ די שפּאַניער. אָבער קאַרבאַכאַל האָט — ווי שטענדיק — אַרויסגעוויזן מוט און פלינק צונויפגעשטעלט אַן אָפּטיילונג פון קריגערס, מיט וועלכע ער איז אַרויס אין שלאַכט קעגן די „לוטעראַנער”.

דאָס מאָל האָט ער נישט באַדאַרפט אַרויסווײַזן קיין העלדישקייט, ווײַל די ענגלענדער — וועלכע האָבן זיך געהאַט אַ סך אַנגעליטן אין די אומבאַוווינטע געגנטן — זײַנען נישט געווען בכוח צו שטעלן קיין ערנסטן ווידערשטאַנד. זײַנען זיי טאַקע באַלד געגומען געוואָרן געפאַנגען. ווי ס'איז צו דרינגען פון די אינקוויזיציע־דאָקומענטן, האָט קאַרבאַכאַל זייער שטרענג געהאַנדלט לגבי די גע־פאַנגענע. ער האָט זיי אָבער לאַנג נישט געהאַט אין זײַן רשות, ווײַל ער האָט זיי געמוזט אָפּשיקן אין דער הויפּטשטאָט — מעקסיקע. דאָ זײַנען זיי אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן אין די זעלבע אינקוויזיציע־קעלערן, אין וועלכע ער אַליין האָט געשמאַכט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער.

דאָן לויִס דע קאַרבאַכאַל אי דע לאַ קועוואַ האָט געוווינט אין מעקסיקע במשך פון 2 לאַנגע פּעריאָדן. אינעם ערשטן פּעריאָד (1568—1578) האָט ער אויך געהאַט אַנדערע געלעגנהייטן אַרויסצווײַזן זײַן מוט אַלס קאָנקוויסדאָטאָר און זײַן פעיִקייט און שטרענגקייט אַלס רעגירער. זײַן נאָמען איז געוואָרן אַזוי באַקאַנט צווישן די אינדיאַנער, אַז אַפילו די אײַנגעבוירענע, וועלכע האָבן זיך נאָך נישט געהאַט אונטערגעגעבן די שפּאַניער, האָבן פאַר אים געציטערט. אין יאָר 1576, בעת איינער פון זײַנע אַקציעס קעגן די אינדיאַנער, וועלכע האָבן נאָך נישט געטראָגן אויף זיך דעם שפּאַנישן יאָך, האָט קאַרבאַכאַל אַנטדעקט דאָס גרויסע לאַנד, וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען נײַ־קיניגרײַך פון לעאָן. פּונקט ווי די אַנדערע אויפטוען זײַנע, האָט אויך די, קאַרבאַכאַל דורכגע־פירט מיט זײַנע אייגענע מיטלען און אָן צו באַקומען אַ באַלוינונג. האָט ער דעריבער, אין יאָר 1579, באַשלאָסן צו פאָרן קיין שפּאַניע, כדי דאָרטן אויסצו־פועלן באַלוינונג פאַר זײַנע פאַרדינסטן און צו רעגולירן זײַנע פאַמיליע־אָנגע־לעגנהייטן. וואָס שײַך דעם לעצטן, איז זײַן דורכפאַל געווען אַ פולשטענדיקער. דאָס ערשטע אָבער האָט ער דורכגעפירט מיטן גרעסטן דערפאָלג — אַ דאַנק די רעקאָמענדאַציעס פון וויצעקעניג ענריקעז און דעם אָפּקלאַנג פון זײַנע דרייסטע טאָטן. דעם 14טן יוני 1579 איז אונטערגעחתמעט געוואָרן דער אָפּמאַך צווישן דער שפּאַנישער קרוין און דעם קאָנקוויסדאָטאָר לויִס דע קאַרבאַכאַל, וועלכער האָט אַנטהאַלטן די ווײַטערדיקע פּונקטן: קאַרבאַכאַל האָט באַקומען דאָס רעכט צו „פּאַציפיקירן״ אַ שטח פון 200 לעגוועס די לענג אויף 200 די ברייט אין דער טעריטאָריע, וואָס ער וועט דעראָבערן און וואָס וועט באַקומען דעם נאָמען נײַ־קיניגרײַך פון לעאָן; ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס גובערנאַטאָר און גענעראַל־קאַפּיטאַן — דאָס הייסט, מיליטערישער שעף — פון דער דערמאָנטער טעריטאָריע אויפן גאַנצן פאַרלויף פון זײַן לעבן און פונעם לעבן פון אַ נאָכ־פאָלגער, וועלכן ער וועט באַשטימען אין זײַן צוואה — צוליב דעם ווײַל ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער; עס איז אים אויך דערלויבט געוואָרן צו ברענגען אין דעם נײַעם קיניגרײַך פון לעאָן 100 אימיגראַנטן, וועלכע זאָלן זיך דאָרטן אײַנאָרדענען. ער, פון זײַן זײַט, האָט זיך מתחייב געווען צו דעראָבערן און אַרײַנ־צופירן אין שויס פון דער קאַטוילישער קירך די אינדיאַנישע שבטים, וועלכע

וועלן באַוווינען די טעריטאָריע, וואָס איז אים צוגעטיילט געוואָרן און צו גרינדן עטלעכע שפּאַנישע ישובים.

ווי עס איז אונדז שוין באַוווּסט, האָט קאַרבאַכאַל נישט באַוויזן איבערצובעטן זיך מיט זײַן פרוי, וועלכע איז געווען אַ טרײַע ייִדישקע. היות ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער און זײַנע ברידער זײַנען געווען טויט, האָט ער זײַנע משפּחה־געפילן קאָנצענטרירט אויף דער איינציקער שוועסטער, וואָס איז אים פאַרבליבן. ס'האָט געפעלט זייער ווייניק, אַז אויך די איינציקע שוועסטער זאָל אים פאַרלאָזן; אָבער דאָס איז נישט געשען, הגם אַזאַ האַנדלונג וואָלט געראַטעוועט זי און אירע קינדער פון אינקוויזיטאָרישן מזבח און איר שטורמישן און שטאָלצן ברודער פון די דערנידערונגען, וועלכע האָבן אים דערדריקט און פאַראורזאַכט זײַן פריצײַטיקן טויט.

בעת דאָן לויִס דע קאַרבאַכאַל האָט פאַרהאַנדלט מיטן קעניגלעכן הויף און האָט געמאַכט זײַנע פּלענער אויף דער צוקונפט, וועלכע וואָלטן נישט געהאַט קיין שום זינען ווען זײַן פאַרבליבענע משפּחה זאָל אים פאַרלאָזן, האָבן זײַן שוועסטער און שוואָגער באַשלאָסן צו אַנטלויפן קיין איטאַליע, כדי נישט צו זײַן אויסגעשטעלט אויף דער סכנה מצד דער אינקוויזיציע און קענען אָפן און פרײַ דינען זייער גאָט. ווען קאַרבאַכאַל האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָט ער אָנגעווענדט אַלע אַרגומענטן — נישט אויסשליסנדיק דעם, אַז זײַן פּלימעניק לויִס וועט ער באַשטימען אַלס נאָכפאָלגער — כדי די פאַמיליע זאָל זיך אָפּזאָגן פון איר פּלאַן זיך צו באַזעצן אין איטאַליע. נישט קוקנדיק אויף אַלע שטערונגען, האָט זיך אים אײַנגעגעבן איבערצוצײַגן די משפּחה. זעט אויס, אַז דער גאָלד־מיראַזש און דער גובערנאַטאָר־פּראַכט האָט פאַרווישט אין זייער וויזיע די אינקוויזיטאָרישע שײַטערהויפנס.

נאָכן האָבן באַזיגט אַלע שוועריקייטן, אין יאָר 1580, האָבן לויִס דע קאַרבאַכאַל און זײַנע באַגלייטערס פאַרלאָזן די ברעגעס פון שפּאַניע. כאָטש זיי זײַנען געפאָרן אויף אַ באַזונדערער שיף, האָבן זיי צוליב זיכערקייט־טעמים — געהערט צום פלאָט, וועלכער האָט געפירט קיין מעקסיקע דעם נײַעם וויצעקעניג, דאָן לאָרענסאָ סואַרעז דע מענדאָסאַ (1580—1583), דעם זעלבן וואָס האָט שפּעטער געזוכט אומצוברענגען דעם גובערנאַטאָר קאַרבאַכאַל. קאַרבאַכאַלס שיף האָט זיך אָפּגעטיילט פון פלאָט, ווען ער איז צוגעקומען צו די מעקסיקאַנער וואַסערן, און האָט זיך פאַרנומען צו טאַמפּיקאָ, דאָס אָרט ווו פאַר דער מערהייט פון די פּאַסאַזשירן עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַנטוישונגען און טראַגעדיעס.

בעת די אײַנוווינערס, וואָס קאַרבאַכאַל האָט געבראַכט פון אייראָפּע, האָבן זיך אָנגעהויבן ווי נישט איז אײַנאָרדענען, האָט ער איבערגענומען די אַקציע אײַנצושטעלן אָרדענונג אין לאַנד, לויטן שפּאַנישן מוסטער. דאָס האָט נישט געהערט צו די לײַכטע אויפגאַבעס, מחמת זײַן טעריטאָריע איז געווען זייער גרויס, זי איז באַשטאַנען פון 702.000 קוואַדראַט־קילאָמעטער, ד"ה, מער ווי אַ דריטל פון דער הײַנטיקער מעקסיקאַנער טעריטאָריע. זי האָט פאַרנומען פולשטענדיק

די שטאָטן טאַמאַוליפּאַס, נועוואָ לעאָן און קאָאַהוילאַ, כמעט פולשטענדיק די שטאַטן זאַקאַטעקאַס און דוראַנגאָ און טיילן פון די שטאַטן סאַן לויִס, פּאָטאָסי, נאַיאַריט, סינאַלאָאַ און טעקסאַס.

ווי אַזוי דאָן לויִס דע קאַרבאַכאַל האָט אין אַ קאָנקרעטן פאַל „איינגעשטעלט אָרדענונג" אין דער גרויסער טעריטאָריע אונטער זיין מאַכט, דערוויסן מיר זיך פון אַ דאָקומענט, וואָס איז לעצטנס פאַרעפנטלעכט געוואָרן. לפי דעם דאָזיקן דאָ־קומענט, איז זיין אויפפירונג לגבי די מעקסיקאַנער איינגעבוירענע נישט געווען קיין בעסערע ווי די אויפפירונגען פון די אַנדערע שפּאַנישע קאָנקוויסדאַטאָרן. אָט וואָס עס זאָגט דער דאָקומענט, אַ קעניגלעכער באַפעל פון 8טן אויגוסט 1587:

פרעזידענט און ביי־זיצערס פון מיין קיניגלעכער אודיענץ [1], וועלכע געפינט זיך אין דער שטאָט מעקסיקע פון ניי־שפּאַניע. מע האָט מיר געמאָלדן, אַז דער קאַפּיטאַן לויִס דע קאַרבאַכאַל, ווען ער איז אַרויס קעגן די אויפשטענדלערישע ישובים פון דער באַרגקייט כאַלאַפּאַ, ווי ער האָט דאָס באַדאַרפט טאָן, און אויף זיין קאָסט — בהסכם מיטן אָפּמאַך מיט אים —. און אַזוי ווי צוליב דעם, וואָס ער איז זייער אָרעם האָבן זיך נישט געפונען קיין סאָלדאַטן, וואָס זאָלן וועלן מיט אים גיין, האָט ער צוזאַמענגענומען ביז אַ פערציק מאַן און ער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז ער וועט מאַכן פאַר שקלאַפן אויף צוועלף אָדער פערצן יאָר אַ העלפט פון די אינ־דיאַנער, וואָס ער וועט באַצווינגען און זיי צעטיילן צווישן זיי אַזוי ווי עס ווערט געטאָן מיט די טשיטשימעקאָס. צוליב דעם זיינען זיי מיטגעגאַנגען מיט אים. און כאָטש אַריבער פינף הונדערט אינדיאַנער, מענער און פרויען, זיינען גוטוויליק גע־קומען בעטן שלום און שמד, האָט ער זיי געכאַפּט און געבונדן, קעגן זיי פאַר־פירט אַ פּראָצעס און אַכט פון זיי פאַרמשפּט צו געוויסע שטראָפן. די רעשט האָט ער, אָן אונטערשייד, באַשטימט זיי זאָלן זיין שקלאַפן אויף צען, צוועלף און פערצן יאָר. און דערנאָך האָט ער זיי, ווי אַ פאַנג פון שונאים פאַרטיילט [צווישן זיינע מענטשן] און אַליין זיך אויך גענומען אַ חלק. און די סאָלדאַטן זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבער דער גאַנצער טעריטאָריע און זיי האָבן פאַרקויפט די דערמאָנטע אינדיאַנער. עס איז זיי נישט אָנגעגאַנגען וואָס זיי האָבן צעטיילט אַ פרוי פון אַ מאַן, אָדער קינדער פון עלטערן. און כאָטש ער [לויִס דע קאַרבאַכאַל] איז באַשולדיקט געוואָרן קרימינעל אין דער דאָזיקער אודיענץ און ס'איז אַרויס־געגעבן געוואָרן אַ באַשטימונג אין וועלכער די אינדיאַנער ווערן דערקלערט פריי, האָט דער דערמאָנטער קאַפּיטאַן קאַרבאַכאַל אָפּגעשלעפּט די זאַך און אַזוי אַרום נישט דערלאָזט דאָס דורכצופירן. און ווייל דאָס איז אַ גרויסער חטא, וועלכן מע דאַרף פלינק אָפּשאַפן, באַפעל איך אייַך, אַז ווי נאָר איר וועט באַקומען דעם דאָ־זיקן בריוו זאָלט איר באַטראַכטן און באַשטימען וועגן דעם ענין, מחמת עס וועט שוין זיכער זיין צוריק דער רעצעפּטאָר, וועלכער איז געפאָרן מאַכן די אויספאָר־שונג אין נאָמען פון פּראָקוראָר. און איר זאָלט באַשטראָפן די, וועלכע איר וועט געפינען שולדיק אין דעם אויבן דערמאָנטן און איר זאָלט באַפרייען אַלע די, וועל־כע זיי האָבן געמאַכט פאַר שקלאַפן. און וועגן דעם, אַז איר האָט אַזוי געהאַנדלט זאָלט איר מיר מעלדן ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

די גרויסע טעריטאָריע אונטער קאַרבאַכאַלס מאַכט, ווו ער האָט רעגירט ביד חזקה, איז געווען גאָר ווייניק באַקאַנט און זייער שלעכט דעפינירט. דאָס האָט

[1] אַ הויכער טריבונאַל, וועלכער האָט אויך געהאַט געוויסע אַדמיניסטראַטיווע פונקציעס.

באַדײַט פֿיל סכנות און אַנטהאַלטן אין זיך אַ סך געפֿאַרן פֿון גרענעץ־צוזאַמענשטויסן מיט אַנדערע גובערנאַטאָרן פֿון אַזוינע נישט געצוי־אַנגעצייכנטע לענדערײַען ווי זײַנע. אין יענע צײַטן איז דאָס נישט געווען קיין זעלטענע דערשײַנונג. אָבער אין קיין פֿאַל איז די סכנה נישט געווען אַזוי גרויס ווי אין פֿאַל קאַרבאַכאַל, ווײַל אין צוזאַמענהאַנג מיט אַזאַ קאָנפֿליקט האָט געקענט לײַכט אַנטדעקט ווערן זײַן ייִדישער אָפּשטאַם. דער פֿאַקט אַליין וואָלט געווען גענוגנדיק, אַז מע זאָל אים באַזײַטיקן פֿון זײַן אַמט און אָפּנעמען אַלע זײַנע פּריווילעגיעס — אויב מע וואָלט אים נישט צוגעטשעפּעט אַן אינקוויזיציע־פּראָצעס, ווי ס'איז טאַקע געשען.

צוליב דעם וואָס די מאַדרידער מאַכט האָט נישט געהאַט קיין פּערפֿעקטע אינפֿאָרמאַציע וועגן די גרענעצן פֿון די פֿאַרשיידענע טעריטאָריעלע קאָנצעסיעס וואָס זי האָט צוגעטיילט, האָט זי קאַרבאַכאַלן געגעבן ערטער, וועלכע זײַנען פֿריִער באַשטימט געוואָרן פֿאַר אַנדערע קאָנקוויסדאַטאָרן, און אויך אַזעלכע וואָס זײַנען אַפֿילו שוין געווען באַוווינט. נאַטירלעך, האָט דאָס געמוזט פֿירן צו קאָנפֿליקטן און צו זייער שווערע, ווײַל קאַרבאַכאַל האָט געהערט צו די נאַטורן, וועלכע שטעלן זיך נישט אָפּ פֿאַר קיין שום קאָנסעקווענצן ווען זיי זײַנען איבערגעצײַגט, אַז זיי זײַנען גערעכט. טאַקע צוליב דעם האָט ער זיך אײַנגעריסן מיטן וויצעקעניג אַליין. דער העכסטער שפּאַנישער באַאַמטער אין מעקסיקע, לאָרענסאָ סואַרעז דע מענדאָסאַ, האָט דעריבער באַשלאָסן זיך אין אים נוקם צו זײַן. צו הילף איז אים געקומען אַ גלח, וועלכער איז געווען צעקריגט מיטן גובערנאַטאָר קאַרבאַכאַל. ביידע האָבן זיי צוזאַמענגענומען אַלע באַווײַזן קעגן זייער קעגנער, וועמען דער וויצעקעניג האָט באַפֿוילן צו אַרעסטירן אין יאָר 1583. טראָץ זײַן הויכן אַמט, איז קאַרבאַכאַל אַ געשמידטער אין קייטן געבראַכט געוואָרן פֿון טאַמפּיקאָ קיין מעקסיקע, ווו ער איז אײַנגעזעצט געוואָרן אין דער קרימינעלער תּפֿיסה.

דער וויצעקעניג, וואָס האָט אַזוי ברוטאַל געהאַנדלט קעגן דעם פֿאַרדינסט־פֿולן קאָנקוויסדאַטאָר, איז געשטאָרבן באַלד נאָך דעם. דאָך איז קאַרבאַכאַל פֿאַרבליבן אין תּפֿיסה זעקס יאָר, כאָטש אין פֿאַרלויף פֿון דער גאַנצער צײַט האָט מען קעגן אים נישט פֿאַרפֿירט קיין פּראָצעס. ערשט דעם 15טן אַפּריל 1589 האָט מען אים אַרויסגעפֿירט פֿון זײַן טורמע־קאַמער און אַריבערגעפֿירט אין די געהיימע תּפֿיסות פֿון דער אינקוויזיציע, כּדי אים דאָ צו משפּטן, מחמת זײַן פּלימעניצע, דאָניאַ איזאַבעל ראָדריגעז, האָט אין דער פֿײַניקונג־קאַמער דערקלערט, אַז ער האָט געוווּסט וועגן דעם, אַז זי היט אָפּ ייִדישע דינים. נאָך זײַן אינקוויזיציע־פּראָצעס איז ער ווידער אַריבערגעפֿירט געוואָרן אַן דער קרימינעלער תּפֿיסה, ווו ער האָט אַ פּאָר טעג נאָך זײַן עפּנטלעכער דערנידערונג אויסגעהויכט זײַן נשמה.

דאָן לויִס דע קאַרבאַכאַל — ווי מיר האָבן שוין געזאָגט — איז געווען אַ שטרענגער קאַטאָליק. אַפֿילו די אינקוויזיציע האָט נישט געפֿונען קיין גענוג מאַטיוון אָנצוקלאָגן אים, אַז ער האָט אָפּגעהיט ייִדישע דינים. דער „הייליקער טריבונאַל" האָט אָבער אויסגעפֿונען אַן אַנדערן חטא זײַנעם: אַז ער האָט געהאַט אַ ווידערווילן צו פֿאַרמסרן זײַנע קרובים פֿאַר דער אינקוויזיציע. און דאָס איז, לויט

אים, אויך געווען אַ שווערער אמונה־פאַרברעך. האָט ער אים טאַקע אָנגעקלאָגט דערפאַר:

דער דאָקטער לאָבאָ גערעראָ, פּראָקוראָר פון דער אינקוויזיציע אין מעקסיקע און פון די נײַ־שפּאַנישע פּראָווינצן, אין פולן הסכם מיטן געזעץ, דענונצירט דעם גובערנאַטאָר פון נײַעם קיניגרײַך פון לעאָן לויס דע קאַרבאַכאַל, וועלכער איז אַרעסטירט אין דער וויצע־קיניגלעכער תפיסה, און זאָגט: לפי דער גבית־עדות — וואָס אויב נייטיק איז ער גרייט בײַצולייגן — פון דאָניאַ איזאַבעל ראָדריגעז דע קאַרבאַכאַל, זײַן פּלימעניצע, וועלכע איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דעם דאָזיקן הייליקן דינסט ווי אַ ייִדישקע, וואָס היט־אָפּ דאָס אַלטע געזעץ פון משהן מיט זײַנע מנהגים און צערעמאָניעס, איז באַשטעטיקט און עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז דער דערמאָנטער גובערנאַטאָר לויס דע קאַרבאַכאַל איז שולדיק אין דעם, אַז ער האָט אויסבאַהאַלטן דאָס פאַרברעכן פון דער דערמאָנטער דאָניאַ איזאַבעל ראָדריגעז, זײַן פּלימעניצע, מחמת דעם וואָס ער האָט זי נישט דענונצירט און נישט אויסגעגעבן, ווי דאָס איז געווען זײַן חוב, כאָטש ער האָט געוווסט, אַז זי היט אָפּ ייִדישע דינים און זי האָט אים געפּרוּווט צו געווינען פאַר דעם דערמאָנטן געזעץ פון משהן. דעריבער דאַרף ער געבראַכט ווערן אין דער תפיסה פון דער אינקוויזיציע סײַ כדי ער זאָל באַשטראָפט ווערן, סײַ כדי ער זאָל עדות זאָגן קעגן זײַן פּלימעניצע אַלץ וואָס אים איז באַוווּסט און בהסכם מיט אירע רייד.

אַזוי איז טאַקע געשען. דאָן לויס דע קאַרבאַכאַל איז געבראַכט געוואָרן אין דער אינקוויזיציע־תפיסה און ער האָט מיט עניוות אויסגעגעבן אַלע אמונה־פאַרברעכנס פון זײַן פּלימעניצע און פון זײַנע אַנדערע קרובים. זײַן אונטערטעניקייט איז געווען אַזאַ אויפריכטיקע און זײַן ווילן צו באַפרידיקן די אינקוויזיציע אַזאַ אומצווייפלהאַפטע, אַז אַפילו דער פּראָקוראָר און די קוואַליפיצירערס פון „הייליקן טריבונאַל" האָבן אַרויסגעוויזן אַ ביסל גוטן ווילן דעם דרײַסטן דעראָבערער אין דער שעה פון זײַן אומגליק. אָבער די אינקוויזיטאָרן זײַנען פאַרבליבן פּונקט אַזוי שטרענג און גרויזאַם ווי אין אַנדערע פאַלן, ווי מיר וועלן דאָס באַלד זען.

די שטראָף פאַרן גובערנאַטאָר קאַרבאַכאַל איז באַהאַנדלט געוואָרן אויף דער פּלענאַרער זיצונג פון אינקוויזיציע־טריבונאַל, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 8טן נאָוועמבער 1591. „די האַרן אינקוויזיטאָרן זײַנען אַלע געווען בײַ דער מיינונג, אַז דער דערמאָנטער לויס דע קאַרבאַכאַל זאָל אין אַן עפנטלעכן אויטאָ־דע־פע דערקלערט ווערן אַלס אַזעלכער וואָס פאַרדינט די שטראָף פון גרויסן חרם. און ווען דער פּסק־דין וועט אים פאַרגעלייענט ווערן, זאָל ער דערשײַנען ווי אַ בעל־חטא, מיט אַ וואַקסן ליכט אין די הענט און ער זאָל תשובה טאָן ווי אַ שטאַרק פאַרדעכטיקער און ער זאָל דעפּאָרטירט ווערן פון די אינדיעס אויף זעקס יאָר; די האַרן קאָנסולטאָרן זײַנען געווען בײַ דער מיינונג, אַז אין זאָל [פון דער אינקוויזיציע] זאָל ער דערשײַנען ווי אַ בעל־חטא און ער זאָל תשובה טאָן ווי אַ לײַכט־פאַרדעכטיקטער, און ער זאָל דעפּאָרטירט ווערן פון מעקסיקע און פון זײַן טעריטאָריע, דאָס נײַע קעניגרײַך פון לעאָן, אויף פיר יאָר". עס האָבן, נאַטירלעך, געזיגט די אינקוויזיטאָרן, כאָטש די קאָנסולטאָרן האָבן אויך אַ צווייט מאָל, דעם 13טן פעברואַר 1590, אונטערגעשטיצט זייער לײַכטערן אורטייל. אַזוי אַרום איז

דער קאָנקוויסדאַטאָר פון נײַעם קעניגרײַך פון לעאָן פאַרמשפּט געוואָרן צו דער דערנידערנדיקער צערעמאָניע פון עפנטלעך בעטן מחילה ווי אַ שטאַרק פאַרדעכ־טיקער אין אַן אמונה־פאַרברעכן. דער פסק־דין איז צוזאַמענגעשטעלט אין דעם לאַנג און גוט באַקאַנטן נוסח פון די כלומרשט הומאַניטאַרע אינקוויזיציע־אור־טיילן, און ער זאָגט דאָס ווײַטערדיקע:

אין קריסטוסעס נאָמען.

מיר פּסקענען, נעמענדיק אין אַכט די אַקטן און באַווײַזן פון דעם דערמאָנטן פּראָצעס, אַז מיר דאַרפן דערקלערן און מיר דערקלערן דעם דערמאָנטן לויִס דע קאַרבאַכאַל ווי אַזעלכן וואָס האָט זיך פאַרדינט און וועמען עס קומט דער פּסק פון גרויסן חרם, ווי אַן אונטערשטיצער און אויסבאַהאַלטער [פון אַפּיקורסים], וואָס איז אים דערוויזן געוואָרן. דעריבער, אויב מיר וואָלטן נאָכגעפאָלגט די שטרענגקייט פון געזעץ, וואָלטן מיר אים געקענט פאַרמשפּטן צו אַ גרעסערער און האַרבערער שטראָף. אָבער אַזוי ווי מיר ווילן אָנווענדן לגבי אים חסד און רחמים, צוליב באַ־רעכטיקטע און יושרדיקע סיבות, דאַרפן מיר אים פאַרמשפּטן און מיר פאַרמשפּטן אים — ווי אַ שטראָף און אַ תשובה פאַר זײַנע זינד — אַז ער זאָל הײַנט, אין דעם טאָג וואָס מיר טראָגן אַרויס דעם פּסק־דין, אַרויס אויפן אויטאָ [דע־פע] ווי אַ בעל־תשובה, מיט אַ וואַקסן ליכט אין די הענט. און דער פּסק־דין זאָל אים דאָרטן פאָרגעלייענט ווערן ווי אַזאַ איינעם, וואָס איז שטאַרק פאַרדעכטיקט, בהסכם מיטן פּראָצעס. און מיר באַפעלן אים תשובה צו טאָן און ער זאָל, ווי אַ שטאַרק פאַר־דעכטיקטער, תשובה טאָן עפנטלעך אויף די אַלע חטאים, אין וועלכע ער איז אין דעם דערמאָנטן פּראָצעס דענונצירט געוואָרן און אין וועלכע ער איז און פאַרבלײַבט שטאַרק פאַרדעכטיקט, און אויך אין אַלע אַנדערע מינים אַפּיקורסות, און נאָך דעם ווי ער וועט האָבן תשובה געטאָן, באַפעלן מיר אַראָפּצונעמען פון אים און מיר נעמען פון אים אַראָפּ דעם דערמאָנטן חרם, און מיר באַשטראָפן אים דעפּאָרטירט צו ווערן פון די אינדיעס פון זײַן מאַיעסטעט אויף דער צײַט און שטח פון זעקס גע־נויע יאָר. דעם דאָזיקן פּסק זאָל ער דורכפירן אין דעם ערשטן פלאָט, וואָס וועט פון דאָזיקן נײַ־שפּאַניע אַרויסשווימען אין די קאַסטילישע קיניגרײַכן, אָדער בײַ אַן אַנדערער געלעגנהייט, וואָס וועט דורך אונדז באַשטימט ווערן. דאָס אַלץ זאָל ער דורכפירן און אָפּהיטן אונטער דער דראָונג צו דערקלערן אים ווי אַ האַרטנעקיקן בעל־עבירה, און לויט אונדזער דאָזיקן דעפיניטיוון פּסק־דין משפּטן מיר, מיר דערקלערן דאָס און מיר באַפעלן עס אין די אַקטן און דורך זיי.

**דעם 20סטן פעברואַר 1590, דעם זעלביקן טאָג ווען עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער דעפיניטיווער פּסק־דין קעגן לויִס דע קאַרבאַכאַל, איז פאָרגעקומען דער אויטאָ־דע־פע, אין וועלכן מע האָט אים פאָרגעלייענט פאַרן עולם וועלכער האָט זיך פאַרזאַמלט אין דער קאַטעדראַלע פון דער שטאָט מעקסיקע, כדי בײַצו־וווינען דעם אומגעוויינלעכן ספּעקטאַקל פון דערנידעריקן און אַראָפּזעצן אַ פריִער מעכטיקן גובערנאַטאָר. דער דאָזיקער גובערנאַטאָר און דעראָבערער האָט, אין דעם הולך פון אַ בעל־עבירה און מיט אַ שטאַרק־ציטעריקן קול, פאָרגעלייענט די ווײַטערדיקע שורות:**

איך, לויִס דע קאַרבאַכאַל, אַ געבוירענער אין דעם ישוב מאָגאָדאָריאָ פון פּאָר־טוגעזישן קיניגרײַך און גרענעץ־געגנט, גובערנאַטאָר פון נײַעם קיניגרײַך פון לעאָן, וועלכער געפינט זיך דאָ, פון מײַן אייגענעם פרײַען ווילן, זאָג זיך אָפּ און פאַר־

אורטייל, וואַרף־אָפּ און דערוויַיטער פון זיך יעדע און אַלע הערעזיעס און ספּעציעל די, אין וועלכער איך בין באַשולדיקט. איך דערקלער דורך מיַין אייגענעם ווילן, מיט אַן אמת און ריין האַרץ, אַז איך גלייב אין דער הייליקער קאַטוילישער אמונה וואָס עס האָט, פּריידיקט, פאָלגט נאָך און לערנט די הייליקע מוטער, די רוימישע קירך. כ׳בין טריַי דער דאָזיקער אמונה און כ׳וויל אין איר לעבן און שטאַרבן און קיין מאָל פון איר נישט אָפּנייגן. און כ׳שווער ביַי אונדזער האַר גאָט, ביַי די פיר הייליקע עוואַנגעליעס און ביַים צייכן פון קרייץ, אַז כ׳וואַרף מיך אונטער דער געהאָרכזאַמקייט פון דעם געאַכפּערטן הייליקן פּעטרוס, דעם פּרינץ פון די אַפּאָסטאָלן און שטעלפאַרטרעטער פון אונדזער האַר יעזוס קריסטוס. און [כ׳וואַרף מיך אויך אונטער דער געהאָרכזאַמקייט] פון אונדזער זייער הייליקן פאָטער סיקסטוס דעם V, וועלכער פאַרוואַלטעט און רעגירט היַינט מיט דער קירך און פון די וואָס וועלן אים נאָכפאָלגן. און כ׳וועל נישט אָפּווייכן פון דער דאָזיקער געהאָרכזאַמקייט צוליב קיין שום אָנרעגונג אָדער אַפּיקורסות, און ספּעציעל צוליב דער, אין וועלכער כ׳בין פאַראומווירדיקט, דענונצירט און באַשולדיקט געוואָרן און אין וועלכער איך בין שטאַרק פאַרדעכטיקט. און [כ׳זאָג צו] צו בליַיבן שטענדיק אין דער אייניַיטלעכער געמיינשאַפט פון דער הייליקער קירך, צו פאַרטיידיקן די הייליקע קאַטוילישע אמונה און צו פאַרפאָלגן די אַלע, וועלכע וועלן קעגן איר אַרויסטרעטן און זיי צו דענונצירן עפנטלעך און מיט זיי זיך נישט חברן, נישט זיי אויפנעמען, נישט זיי אָריענטירן, וויזיטירן, באַגלייטן, געבן אָדער שיקן נדבות, פּרעזענטן און טובהס טאָן. און אויב כ׳וועל אַ מאָל דאָס נישט מקיים זיַין, זאָל איך באַטראַכט און באַהאַנדלט ווערן ווי אַן איַינגעשפּאַרטער בעל־עבירה. און כ׳זאָל פאַרשאָלטן ווערן און אַריַינגעלייגט ווערן אין חרם. און כ׳בעט ביַים אָנווייזנדיקן סעקרעטאַר אַן אונטערגעחתמעטע קאָפּיע פון דער דאָזיקער ווידוי מיַינער און חרטה און כ׳בעט די אָנוועזנדיקע, אַז זיי זאָלן זיַין עדות פון דעם אַלעם און כ׳האָב דאָס אונטערגעשריבן מיט מיַין נאָמען.

די דאָזיקע עפנטלעכע דערנידעריקונג האָט קאַרבאַכאַלן צעפלעטשט פיזיש און פּסיכיש. אַזוי אַרום, אַז ווען ער איז פון דער אינקוויזיציע־תּפיסה אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער קעניגלעכער — צוליבן יורידיקציע־פּראָצעס — האָט זיך זייער גיך אויסגעלאָשן זיַין לעבן.

עס איז כדאַי אָנצוּוויַיזן, אַז די קליינע גרופּע געהיימע ייִדן — אויסערלעך פולשטענדיקע אינדיאַנער — וואָס האָט באַוויזן איבערצולעבן די פאַרפאָלגונגען פון דער אינקוויזיציע און בליַיבן טריַי דער ייִדישער אמונה, באַטראַכט זיך ווי אַן אָפּשטאַמיקע פונעם גובערנאַטאָר קאַרבאַכאַל.

# די טראַגעדיע פון אַ פּאָעט און מיסטיקער אין דער מעקסיקאַנער אינקוויזיציע

## לויס דע קאַרבאַכאַל (1567 — 1596)

### 1. די ביאָגראַפיע פון לויס דע קאַרבאַכאַל

עס איז וויטיקלעך צו דערציילן וועגן די טראַגישע גילגולים פון לויס דע קאַרבאַכאַל (דער יונגער), אַ פּלימעניק פון דעם מעקסיקאַנער קאָנקוויסדאַטאָר מיט דעם זעלבן נאָמען, וועלכער האָט אָבער גישט פאַרמאָגט קיין שום טייל פונעם פּראַקטישן חוש און פון דער פיזישער גבורה פון דעם ערשטן גובערנאַטאָר פון דעם נײַ־לעאָן־קעניגרײַך. אין דער אינקוויזיציע־געשיכטע טרעפט מען זעלטן אָן אַזאַ פעסטן רעליגיעזן גלויבן אין אַזאַ שוואַכן גוף ווי דער פון לויס דע קאַרבאַכאַל — דער יידישער פּאָעט און מיסטיקער פון אַמעריקע אין סוף 16טן יאָרהונדערט.

ס'באַשטעטיקט זיך צו מאָל, אַז פּערזאָנען פון אַן אינטענסיוו גײַסטיק לעבן פאַרמאָגן אַ גרעסערע סענסיביליטעט פון דעם דורכשניטלעכן מענטשן און זײַנען אומווירקעוודיק און אָפּגעלאָזן אין טאָג־טעגלעכע ענינים, אַ זאַך וואָס די פּרווידיאַ־נער באַצייכענען מיטן טערמין „וויטאַלער דעפיציט". פון דעסט וועגן מאַכן אַ פײַנ־לעכן אײַנדרוק קאַרבאַכאַלס זעלבסטמערדערישע תמימות און זײַן שנעלער אונטער־וואַרפן זיך די אינקוויזיטאָרן אין דער פּײַניקונג־קאַמער.

לויס דע קאַרבאַכאַל (דער יונגער) איז געבוירן אין דעם שפּאַנישן שטעטל בענאַווענטע, האַרט בײַ דער פּאָרטוגעזישער גרענעץ „אַרום" 1567. זײַן פאָטער, פראַנציסקאָ ראָדריגעז דע מאַטאָס, האָט געשטאַמט פון מאַגאַדאָריאַ, אינערהאַלב דער פּאָרטוגעזישער גרענעץ. זײַן מוטער, הגם אַ געבוירענע אין בענאַווענטע, האָט געשטאַמט פון אַ יידישער משפּחה פון דעם זעלבן פלאַץ וואָס איר מאַן. אויך דער גובערנאַטאָר לויס דע קאַרבאַכאַל (דער אַלטער), אַ ברודער פון לויסעס מוטער, איז געבוירן געוואָרן אין מאַגאַדאָריאַ.

ביז די עלף יאָר האָט לויס דע קאַרבאַכאַל (דער יונגער) געוווינט אין זײַן געבוירנשטאָט און דאָרט האָט ער זיך אויסגעלערנט דעם אלף־בית. ווען ער מיט זײַן משפּחה האָבן זיך אַריבערגעצויגן קיין מעדינאַ דעל קאַמפּאָ, האָט ער דרײַ

יאָר געשטודירט אין דער שול פון יעזויִטן־אָרדן „לאַטיין און רעטאָריק‟. ער האָט איבערגעריסן דעם שטודיום כדי צו פאָרן אין די „אינדיעס‟ מיט זײַן פעטער דעם גובערנאַטאָר, וועמענס ליבלינג ער איז געווען. ער איז אויך געווען דער אָנגע־צייכנטער יורש פון דער גובערנאַטאָרשאַפט, וואָס לפי דעם אָפּמאַך מיט דער שפּאַנישער קרוין איז זי געווען באַשטימט אויף „צוויי לעבנס‟. לויִס דע קאַרבאַ־כאַל (דער אַלטער) האָט אים געהאַלטן נאָענט לעבן זיך אַפילו נאָך דעם ווי ער האָט איבערגעריסן מיט זײַן משפחה.

הגם קאַרבאַכאַל (דער יונגער) האָט זיך געפילט געשיצט פון דער געטלעכער השגחה און האָט געגלייבט, אַז די האַנט פון אַלמעכטיקן פירט אים און באַשירמט אים, מאַכן אָבער די גלגולים פון זײַן לעבן גלייבן, אַז עס האָט מיט אים פּאַסירט דאָס פאַרקערטע. קודם, איז ער באַלד, אין מיטן דער נסיעה, געפערלעך קראַנק גע־וואָרן און בלויז די פלעגע פונעם מעדיקער מאַנועל דע מאָראַלעס, אַ פּאָרטוגע־זישער ייִד, האָט אים קוים אָפּגעראַטעוועט. גלײַך בײַם אָפּשטײַגן אין טאַמפּיקאָ, האָט אַ זעלטענע אַטמאָספערישע דערשײַנונג אין מעקסיקאַנישן אײַנגוס אים שיעור נישט דערהרגעט. קאַרבאַכאַל דערציילט די דאָזיקע פּאַסירונג אין זײַן אויטאָביאָ־גראַפישן ווערק, נוצנדיק דערבײַ דעם אַרכאַיִשן לשון פון יענער צײַט און איז איבערצײַגט, אַז נאָר אַ נס פונעם אלוהי ישראל האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן. דער מעקסיקאַנער היסטאָריקער אַלפאָנסאָ טאָראָ, וועלכער האָט יאָרנלאַנג שטו־דירט די טראַגישע גלגולים פון דער קאַרבאַכאַל־משפחה און איז גלײַכצײַטיק אַ קענער פון יענער געגנט, גיט אונדז אַ קאָלירפולע באַשרײַבונג פון דער דערמאָנ־טער דערשײַנונג, וועלכע לייענט זיך אַזוי:

אין אַ שיינעם טאָג האָט געהערשט אַזאַ פולשטענדיקע רו, אַז דער ים האָט אַזש אויסגעזען ווי אַ צעשפּילטע אָזערע און די היץ איז געווען אומדערטרעגלעכער און שטיקנדיקער ווי געוויינלעך; אָבער בײַ טאָג־צו איז פּלוצים געפאַלן די טעמפּע־ראַטור און עס האָט אָנגעהויבן בלאָזן אַ שטורעמווינט, איינער פון יענע צפון־מערבדיקע בייזע ווינטן וואָס זײַנען גורם אַזוי פיל חורבן אין דעם אײַנגוס. די לופט, תחילת אַ שווערע און פײַכטע, איז וואָס ווײַטער געלאָפן אַלץ שנעלער, ביז זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בייזן שטורעם.

אין דער טונקלקייט פון דער צופאַלנדיקער נאַכט האָבן זיך אַרויסגעשיילט פינצטערע שטיקער וואָלקנס, וועלכע האָבן זיך געהויבן און אַראָפּגעלאָזט, ווי פאַנ־טאַסטישע ריזן וואָלטן זיך געראַנגלט און צוגעפּעמישט ביז צום צונויפגיסן זיך אין איין טינט־שוואַרצער אָנפאָרמיקער מאַסע, וועלכע דער ווינט האָט וויכערדיק געדרייט. נאָך דעם האָבן זיי, דרייענדיק זיך, ביסלעכווײַז אָנגענומען די פאָרעם פון אַ ריזיקער שלאַנג, וואָס נאָכן אויסכעסן זיך אין די הימלען האָט זי אַ גאָס געטאָן וואַסער, ווי פון צעבערס אַרויס און איז געפאַלן מיט אַ געקנאַק און געטראַסק איבערן שטעטל טאַמפּיקאָ. דער בייזער ווינט האָט ווילד געבלאָזן, געהירזשעט, געפײַפט און געברומט, גלײַך גיהנומדיקע שדים וואָלטן צעבראָכן די טויערן פונעם גיהנום און אַראָפּגעלאָזט זיך אויף דער וועלט. ווען די ים־וואַסערן וואָלט מען געקענט זאָגן אין איינעם מיטן פאָקט: „אַ תוהו ובוהו פון זילבער און סאַפירשטיין, וואָס צערינט אין דעם פאַרע־דיקן נעפּל, זודיקע כוואַליעס קרײַזלען זיך אינעם טומאַן, שלאָגן זיך, און פאַרוואַנד־לען זיך אין ווולקאַנען, וועלכע פּלאַצן אַרויס אין שוימיקע אויפרײַסן.

די בליצן און געווירבלען האָבן נאָך ריזיקער געמאַכט די צעשטורעמטע כוואַליעס, וועלכע האָבן זיך ווי געריסן צום הימל. די אַנקערס פון די שיפן זײַנען אַרויסגעריסן געוואָרן דורך דעם צעבושעוועטן שטורעם, וועלכער האָט מיט זיי אָנגעשלאָגן אין די ברעגעס און פאַרזונקען אין טיפן תהום. די הימלען האָבן, בײַם אָפּשפּאַלטן זיך אין גרויסע וואָלקן־גרופּעס, געפלאַמט און געלויכטן ווי אַ שמידאויוון פון די אומאויפהערלעכע בליצן, די דונערן האָבן אָפּגעהילכט אין די בערגהיילן און געמאַכט ציטערן די ערד און נאָך מער פאַרגרעסערט די אימה פון דער נאַכט.

בײַ דעם צאַנקענדיקן שײַן פון שטורעם האָט מען געקענט זען ווי דער וויכער צעברעכט און וואַלגערט אום פּעסט אײַנגעוואָרצלטע דיקע ביימער, אַרויסרײַסנדיק זיי מיטן שורש. צווײַגן און דעכער זײַנען געפלויגן ווי פּעדערן און הילצערנע הײַזער, וואָס די פונדאַמענטן זייערע זײַנען געווען אונטערגעגראָבן דורך די וואַסערן, האָט דער הוראַקאַן־בעזעם אויסגעקערט אין איין רגע.

בעת די זאַווערוכע האָט געבושעוועט איבער דער שטאָט, זײַנען לויִס דע קאַרבאַכאַל, דער יונגער, מיט זײַן ברודער באַלטאַזאַר, געשלאָפן אין אַ הילצערנער הײַזקע, אין וועלכער די קאָלאָניסטן האָבן געהאַלטן די געשפּאַנען און אַנדערע סחורות. אויפגעוועקטע דורך דעם געקראַך פונעם שטורעם, דערשראָקענע און ציטערדיקע, האָבן זיי דערהערט דעם געזשום פונעם ים, דאָס פײַפן פונעם ווינט, דעם אומאויפהערלעכן געקנאַל פון די דונערן און דאָס אײַנוואַלגערן זיך פון די שכנותדיקע געבײַדעס. דאָס ברויזן פון די נאַטור־כוחות האָבן ווענט געבויגן; טיר און פענצטער האָבן געטרעשטשעט, ווי זיי וואָלטן געהאַלטן בײַם פּלאַצן און די דעכער־באַלקנס האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּקלעפּן, אַרויסגעריסענע דורכן שטורעם.

צעשראָקענע, אומבאַוועגלעכע, אײַנהאַלטנדיק כמעט דעם אָטעם, האָבן זיי געזוכט כלומרשטן שוץ אײַנהילנדיק דעם קאָפּ אין דעם בעטגעצײַג; ווען זיי האָבן אָבער געהערט ווי דער שטורעם שטאַרקט זיך און ווי דער צימער, אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען, טרייסלט זיך מיט אַזאַ ווילדקייט אַז ס'איז געווען אַ סכנה עס זאָל זיך צעפאַלן, האָבן זיי זיך אויפגעהויבן אין דער פינצטער און באַשלאָסן דורכצושלאָגן זיך אַ וועג. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן שווערער ווי זיי האָבן זיך עס פאָרגעשטעלט. טאַפּנדיק אין דער פינצטער האָבן זיי געפּרוווט אויף כוח עפענען די טיר; דער שטורעמווינט האָט אָבער געבלאָזן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז ער האָט זי נישט געלאָזט עפענען און אַ היפּשע צײַט האָבן זיי זיך בחינם גראַנגלט צו קענען רירן די טיר. נאָך אַ לאַנגן פאַרצווייפלטן קאַמף איז זיי, לסוף, געלונגען אויף האַלב עפענען די טיר, קוים גענוג אַ מענטש זאָל זיך קענען דורכשטופּן, און די צוויי ברידער איז געלונגען אַרויסצורײַסן זיך אויף דער פרײַער לופט, נאָך דעם ווי זיי זײַנען איבערגעקומען די סכנה צעקוועטשט צו ווערן צווישן דער טיר און איר ראָם. עס איז געווען פּונקט אין צײַט, מחמת ווי נאָר זיי זײַנען אַרויס אין דרויסן, האָט דער געווירבל, מיט אַ קראַפט ווי פון אַ באָמבע, חרוב געמאַכט די הײַזקע מיט אַ שרעקלעכן גערודער און אָנגעפילט דעם אַרום מיט שטיקער האָלץ וואָס זײַנען געטראָגן געוואָרן ווי דיגינקע שטרויעלעך.

גערעטעוועטע פון איין סכנה, זײַנען נאָך געבליבן אַנדערע דורכצומאַכן: דער ווינט האָט מיט עקשנות געזוכט זיי אומצושלײַדערן, די וואַסערן, וועלכע האָבן פאַרטרונקען אַלע סטעזשקעס האָבן געשטערט דעם גאַנג און בײַ דער קלענסטער אומפאָרזיכטיקייט האָט זיי געראָעט אַרײַנגעשלײַדערט צו ווערן אין ים אַרײַן. חוץ דעם האָט זיי דער אָפּשײַן פון די בליצן פאַרבלענדט און דער רעגן האָט זיי געשטערט צו זען וווּ זיי גייען.

אין דעם נאַכטיקן חושך, פאַרטויבטע דורך דעם פאַרטויבנדיקן געקראַך וואָס

> האָט צעטרייסלט הימל און ים, איז זייער איינציקער וועגווײַזער געווען די קולות, וועלכע זײַנען געקומען פון זייער עלטערן־הויז. מיט שוועריקייט האָבן זיי זיך לסוף דערשלאָגן אַהין, בעת פּאָטער, מוטער און שוועסטער האָבן זיי שוין געהאַלטן פֿאַר אומגעקומען. ס׳איז נישט צום באַשרײַבן זייער אַלעמענס פרייד ווען זיי האָבן דער־זען די צוויי בחורים געזונט און שטאַרק. אין מיטן דעם קרעכצן און די טרערן פון פרייד, האָבן זיי זיך אַרומגענומען און געגלעט, אויפהייבנדיק דערבײַ די הענט צו גאָט און דאַנקענדיק אים פֿאַר דעם אָפּראַטעווען זיי פון אַ זיכערן טויט.

מען האָט אָבער געמוזט לעבן און אָנהויבן די קאָלאָניזאַטאָרישע אַרבעטן, מחמת עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ ווילדער געגנט וואָס דער גובערנאַטאָר קאַר־באַכאַל האָט געדאַרפט „פּאַציפיקירן". דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן די שרעקלעכע שוועריקייטן און עס איז אויפגעקומען די שנאה קעגן יענעם מענטשן וואָס — לויט זײַנע קרובים — האָט ער זיי געבראַכט אין זײַן טעריטאָריע מיט אָפּנאַרע־רישע כוונות. אין דער אמתן אָבער וואָלטן אַפילו די בעסטע כוונות פון לוי׳ס דע קאַרבאַכאַל — בײַם אָנהייב פון דער קאָלאָניזאַציע — נישט בכוח געווען צו פֿאַר־היטן זיי פון די אינדיאַנישע אָנפֿאַלן און נישט צו פֿאַרזאָרגן זיי מיט אַ פּיל ווינ־ציק באַקוועמען לעבן. אַפילו די ריזיקע פּראָווינץ וואָס קאַרבאַכאַל (דער יונגער) האָט געהאַט צו ירשענען, נאָך דעם ווי די משפחה איז געקומען אין דירעקטן קאָנ־טאַקט מיט איר, האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר נישט גאָר קיין לאָקנדיקן ענין. דאָס דאָזיקע, צוזאַמען מיטן פֿאַקט וואָס דער גובערנאַטאָר איז געווען — ווי לוי׳ס (דער יונגער) דערציילט אין זײַן אויטאָביאָגראַפיע — אַ „מיזערנער און בלינדער" אין רעליגיעזע ענינים, און האָט בדעה געהאַט חתונה צו מאַכן זײַנע פּלימעניצעס מיט זײַנע גוייִשע קאַפּיטאַנען, האָט געבראַכט דערצו, אַז די באַציִונגען צווישן קאַר־באַכאַל (דעם אַלטן) און זײַנע קרובים זאָלן איבערגעריסן ווערן. דעם איינציקן, וועמען דער מוטיקער קאָנקוויסדאַטאָר האָט נאָך אַלץ ליב געהאַט, איז געווען זײַן פּלימעניק וואָס האָט געהאַט דעם זעלבן נאָמען ווי ער און וועלכער האָט באַדאַרפט זײַן דער יורש פון דער גרויסער פּראָווינץ וואָס האָט זיך גערופן נײַ־לעאָן־קעניג־רײַך. יענער אָבער איז, טיף אין זײַן באַוווּסטזײַן, געווען דערווײַטערט פון דעם גובערנאַטאָר נאָך מער ווי די אַנדערע משפחה־גלידער, טראָץ דעם, וואָס ער פלעגט אים באַגלייטן אין די קריגערישע אונטערנעמונגען. פון דעסטוועגן פלעגט ער נישט אויספירן שטרענג זײַנע באַפעלן און אין אַ געוויסן פֿאַל האָט ער אַפילו אַרויסגעוויזן אַ פֿאַרביסנקייט, וואָס מען קען בלויז אויסטײַטשן מיט זײַן אויפגע־רעגטקייט, ווײַל זי פּאַרט זיך כלל נישט מיט זײַן אינטימען מהות. די באַציִונגען צווישן גובערנאַטאָר און זײַן פּלימעניק זײַנען לחלוטין איבערגעריסן געוואָרן, ווען קאַרבאַכאַל (דער יונגער) האָט פֿאַרלאָזט דאָס נײַ־לעאָן־קיניגרײַך און איז אַריבער, פריִער קיין סאַקאַטעקאַס, דערנאָך קיין מעקסיקע. אין דער רחבותדיקער הויפּט־שטאָט פון נײַ־שפּאַניע האָט זיך עס טאַקע אָנגעהויבן פֿאַר דער קאַרבאַכאַל־משפחה די שוידערלעכע טראַגעדיע, וואָס האָט איר גלײַכן נישט אין די אַנאַלן פון דער אַמעריקאַנער אינקוויזיציע. אין אַ לערך גאָר קורצער צײַט זײַנען אַלע אירע מיט־גלידער אומגעקומען אויף די שייטערהויפנס וואָס דער מעקסיקאַנער „הייליקער

טריבונאַל״ האָט אונטערגעצונדן. די ערשטע אַרײַנצופאַלן אין די אינקוויזיציע־נעגל איז געווען דאָניאַ איזאַבעל, לויִסעס עלטערע שוועסטער, וועלכע האָט נאָך איבערגעשטיגן דעם ברודער אין איר אייפער צו תורת־משה. בײַ דער אינקוויזיטאָרישער באַוואַכונג האָט עס געמוזט ברענגען שרעקלעכע קאָנסעקווענצן.

## 2. דאָניאַ איזאַבעל דע קאַרבאַכאַל פאַלט אַריין אין די אינקוויזיציע-נעגל

בײַ דאָן לויִס דע קאַרבאַכאַל אי דע לאַ קועוואַ האָט געדינט אַ קאַפּיטאַן, זײַן פרויס אַ קרוב, מיטן נאָמען פעליפּע נוניעז, אַ פּאָרטוגעזער. אָט דעם נוניעז האָט דאָניאַ איזאַבעל דע קאַרבאַכאַל, אין 1587, געוואָלט אומקערן צו דער ייִדישער אמונה. ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט דערפון. אין משך פון צוויי יאָר האָט עס דער קאַפּיטאַן פעליפּע נוניעז געהאַלטן בסוד און נישט געמאַכט די מסירה ווי דאָס האָט אָבליגירט צו טאָן דער „הייליקער טריבונאַל״. ערשט דעם 8טן מאַרץ 1589 האָט ער מקיים געווען די אינקוויזיטאָרישע מצוה אויפן באַפעל פון זײַן בעל־הווידוי, וועלכער האָט נישט געוואָלט אָפּנעמען זײַן ווידוי ביז ער וועט נישט מעלדן דער אינקוויזיציע וועגן דעם דערמאָנטן פאַל.

עטלעכע טעג נאָך נוניעזעס מסירה איז דאָניאַ איזאַבעל דע קאַרבאַכאַל, אַ דרײַסיק־יאָריקע אַלמנה, אַרעסטירט געוואָרן. בײַם ערשטן פאַרהער האָט דאָניאַ איזאַבעל געזאָגט, אַז זי ווייסט נישט די סיבה פון איר אַרעסט. בײַ די ווײַטערדיקע פאַרהערן, ווען זי האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעגעבן חשבון, אַז זי איז פאַרמסרט געוואָרן, האָט זי זיך מודה געווען, אַז זי האָט יודאַיִזירט, ווי אויך, אַז איר פאַרשטאָרבענער מאַן, דעם גובערנאַטאָר קאַרבאַכאַלס פרוי, אויך אַ פאַרשטאָרבענע, און אַנדערע מענטשן וואָס האָבן זיך שוין געפונען אויפן עולם־האמת, האָבן זי געלערנט תורת־משה. דערמיט האָט זי, אין בעסטן פאַל, געקענט באַפרידיקן די אינקוויזיטאָרישע תביעות בנוגע אירע אייגענע חטאים, אָבער נישט וואָס איז נוגע די חטאים פון אַנדערע פערזאָנען, קיין חילוק נישט וואָס פאַר אַ גראַד קרובהשאַפט עס האָט זיי פאַרבונדן. אַזאַ צוריקגעהאַלטנקייט האָט דער בלוטיקער טריבונאַל קיין מאָל נישט טאָלערירט. היות אָבער דאָניאַ איזאַבעל האָט נישט געוואָלט פאַרמסרן קיינעם פון אירע געליבטע וועזנס, האָבן די אינקוויזיטאָרן זי פאַרמשפט אונטערצוּוואַרפן אַ פּײַניקונג־פּרווו.

און ווען מע האָט איבערגעלייענט און געמאָלדן דעם דערמאָנטן פסק־דין דער דערמאָנטער דאָניאַ איזאַבעל, האָט זי געזאָגט: זאָל עס פאַלן אויף דעם וואָס פאַרשאַפט איר לײַדן, ווײַל זי האָט געזאָגט דעם אמת און בעט גאָט אַז עס זאָל זיך אויסלאָזן צום גוטן.

און דערמיט איז באַפוילן געוואָרן זי אָפּצופירן און זי איז געבראַכט געוואָרן אין די טאָרטור־קאַמערן, וווּהין עס זײַנען שפּעטער, נײַן מיט אַ פערטל, געקומען די האַרן אינקוויזיטאָרן. און זײַענדיק דאָרט איז זי ווידער געוואָרנט געוואָרן, אַז פון

גאָטס כבוד וועגן זאָל זי זאָגן דעם אמת, אויב זי וויל זיך נישט זען פאַרוויקלט אין אַזוי פיל יסורים.

זי האָט געזאָגט: זאָל דער אייבערשטער משפּטן דעם וואָס טוט איר אָן אַזוי פיל צרות, ווײַל זי האָט געזאָגט דעם אמת און זי וועט לײַדן אין גאָטס נאָמען, דאָס וואָס ער האָט געליטן צוליב איר אויפן קרייץ.

און מע האָט געהייסן אַרײַנגיין און עס איז אַרײַנגעקומען דער דינער און מע האָט אים געהייסן זי אויסטאָן. זי האָט זיך אַליין אויסגעטאָן, זאָגנדיק, אַז זי האָט דערציילט דעם אמת און אַז זי וועט פריִער שטאַרבן איידער זי וועט דערציילן דאָס וואָס זי ווייסט נישט.

און שטייענדיק נאַקעט, מיט אַן אַראָפּגעלאָזט העמד און מיטן לײַב אין דרויסן, האָט מען זי נאָך אַ מאָל געוואָרנט זי זאָל, פאַר גאָטס כבוד וועגן, זאָגן דעם אמת, אויב זי וויל זיך נישט מוטשען אַזוי פיל.

זי האָט געזאָגט: נישטאָ קיין גרעסערער פּײַן פאַר איר ווי דאָס זײַן געצוווּנגען זיך אויסצוטאָן נאַקעט און אַזוי פאַרבלײַבן. דאָס איז אַ גרויסע בושה און ווייטיק פאַר איר.

און דעמאָלט האָט מען באַפוילן איר לויז צובינדן די אָרעמס. און ווען זיי זײַנען שוין געווען צוגעבונדן, איז זי ווידער געוואָרנט געוואָרן זי זאָל דערציילן דעם אמת. זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט אים שוין דערציילט און מע וויל איר נישט גלייבן, און אַז אָט דאָ וועט זי שטאַרבן.

און מע האָט באַפוילן צו מאַכן דעם ערשטן צושרויף אַרום די אָרעמס. אָבער איידער מע האָט עס געטאָן האָט זי געזאָגט, אַז דער אמת איז, אַז אויך דאָניאַ פראַנציסקאַ, איר מוטער, און באַלטאַזאַר און לויִס קאַרבאַכאַל, אירע ברידער, האָבן איר דערציילט און געלערנט אַלץ וואָס שטייט געשריבן אין תורת משה, און זיי האָבן עס איר איבערגעחזרט דאָ אין מעקסיקע. און איר מוטער האָט זי פאַרשאָלטן אויב זי וועט עפּעס אויסגעבן. און זי און יענע האָבן זי געלערנט די גאַנצע תורת משה אין וואָס זי האָט זיך היינט מודה געווען, און אין איינעם מיט זיי אָפּגעהיט און עס איז מער גאָר נישטאָ, נישט זי ווייסט עפּעס מער, נישט זי געדענקט ווען זיי האָבן זי אָפּגעהיט און געלערנט, נאָר זי האָט עס געהאַלטן בסוד די אַכט חדשים זינט זי האָט זיך מתוודה געווען. און גאָט איז אַן עדות, אַז זי האָט געזאָגט דעם אמת, און די דערמאָנטע האָט געזאָגט דעם אויספיר־באַאַמטן ער זאָל טאָן וואָס ער דאַרף, ווײַל עס איז נישטאָ מער [וואָס צו זאָגן] און מחמת זי האָט עפּעס אַנדערש נישט געזאָגט.

נאָכן האָבן נאָך אַ מאָל געוואָרנט זי זאָל זאָגן דעם אמת, האָט מען באַפוילן צו מאַכן אַ צווייטן צושרויף. און זי האָט אַרויסגעלאָזט געשרייען און קולות: אָ, אומגליקלעכע, כ'האָב דאָך אַלץ דערציילט און מע פּײַניקט מיך; זאָל עס זײַן אין גאָטס ליבן נאָמען. דער אייבערשטער איז אַן עדות, אַז איך האָב [אַלץ] געזאָגט און ווי ער איז אמת אַז מע באַשטראָפט מיך אומשולדיקערהייט.

נאָכן האָבן ווידער אַ מאָל געוואָרנט זי זאָל זאָגן דעם אמת, האָט מען באַפוילן צו מאַכן נאָך אַ צושרויף. און זי האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו שרײַען מע זאָל זי אָפּלאָזן, מע זאָל זי דערהרגענען.

## 3. עס ווערט אַרעסטירט די מוטער פֿון דיכטער און אויך ער אַליין

אָבער די צושרויפֿן זײַנען פֿאָרגעזעצט געוואָרן און צוזאַמען מיט זיי די רעוועלאַציעס פֿון דאָניאַ איזאַבעל. ווי אַ פּועל־יוצא פֿון אירע ווידויים האָט מען, דעם 9טן מײַ 1589, פֿאַרהאַלטן לויִסעס מאַמע, דאָניאַ פֿראַנציסקאַ דע קאַרבאַכאַל, און לויִסן, וועלכער איז געקומען זי וויזיטירן און טרייסטן, הגם נאָך דעם אַרעסטירן איזאַבעלן און כדי אויסצומײַדן דעם אַרעסט פֿון אַנדערע משפּחה־מיטגלידער, איז ער — אין איינעם מיט זײַן עלטערן ברודער באַלטאַזאַר — געהאַט אַנטלאָפֿן קיין וועראַקרוז. ביידע האָבן זיי געקלערט, בײַ אָט דעם טרויעריקן מצב, צו פֿאַרווירקלעכן זייער געקעכלטן פּלאַן צו פֿאָרן קיין איטאַליע און דאָרט לעבן פֿרײַ ווי ייִדן. די סיבות וואָס האָבן אים באַוויגן צוריקצוקומען קיין מעקסיקע, דערציילט לויִס אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿיע. צוליב דעם היסטאָרישן און ליטעראַרישן ווערט וואָס אָט דער אנוסים־דאָקומענט האָט, וועלן מיר דאָ איבערגעבן דעם טייל וואָס האָט אַ שייכות צו אונדזער דערציילונג:

> ביידע ברידער זײַנען אַנטלאָפֿן, עס איז זיי אָבער שווער געווען צו לאָזן אַליין און אין אַ סכנה זייערע געליבטע מוטער און שוועסטער. איך זאָל דאָ וועלן איבערגעבן דעם טרויעריקן געיאָמער פֿון די אַלע וואָס האָבן זיך געפֿונען אין אָט דער דערוואַרטערונג, וועל איך נישט קענען, מחמת נאָך דעם ווי די ברידער זײַנען געהאַט אַוועק, איבערלאָזנדיק זייערע אלמנות און יתומים, האָט זיי אויף זייער טרויעריקן וועג באַגלייט ביטערער געיאָמער, געשרייען און געוואַלדן. בײַם אָנקומען צום פּאָרט האָבן זיי בדעה געהאַט זיך אײַנצושיפֿן. און האָבנדיק שוין געדונגען אַ שיף, האָבן זיי זיך דערמאָנט ווי זיי האָבן איבערגעלאָזט זייער מוטער און שוועסטער אומבאַשיצט און אין גרויסער סכנה, און אָט די דערמאָנונג האָט אַזוי געווירקט, אַז זיי האָבן זיך דעצידירט צו בײַטן זייער באַשלוס און אַז יוסף לומבראָסאָ [דער ייִדישער נאָמען וואָס לויִס האָט אָנגענומען] זאָל זיך אומקערן זען וואָס עס טוט זיך, און דער עלטערער ברודער איז דאָרט פֿאַרבליבן, וואַרטנדיק אויף אַ ידיעה וואָס יוסף האָט אים געדאַרפֿט שיקן אַ פּאָר טעג נאָך זײַן אָנקומען. בײַ נאַכט איז ער געגאַנגען זען זײַן מוטער, ווײַל בײַ טאָג האָבן זיי נישט געוואַגט צו זען זיך, נישט זײַן אין איינעם, מחמת זיי האָבן מורא געהאַט. אָבער בעת זיי האָבן זיך געקליבן זעצן צום אָוונטברויט האָבן די מיליציאָנערן, פֿאַרטיערן און נאָטאַריוסן פֿון דער אינקוויזיציע אָנגעקלאַפּט אין טיר. און ווען מע האָט זיי געעפֿנט, האָבן זיי אַוועקגעשטעלט שומרים בײַ דער טיר און אויף דער טרעפּ און זיי זײַנען אַרויף כאַפּן די דערמאָנטע מוטער זײַנע. זי — אַ פֿאַרוווּנדיקטע פֿון דעם שווערן קלאַפּ פֿון אַזאַ אַכזריותדיקן שונא, האָט זי הכנעהדיק זיך אײַנגעהילט אין איר שאַל. און, אַ וויינענדיקע אויף אירע יסורים, לויבנדיק דעם אייבערשטן, איז זי געפֿירט געוואָרן דורך יענע פֿאַרשאָלטענע דינער, די תלינים פֿון אונדזערע לעבנס, צו דער חושכדיקער תפֿיסה. ווען אירע צוויי יונגע טעכטער וואָס זײַנען געווען מיט איר, האָבן געזען אַז מע נעמט זיי צו די מוטער, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַזעלכע טרויעריקע און ווייטיקלעכע געכליפּען, אַז זיי האָבן אַפֿילו די שונאים גופֿא, די אַכזריותדיקסטע חיות, גערירט. זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן זייער טײַערער מוטער און געפֿרעגט: ווּהין נעמט מען זי? וואָס די באַצערטע מאַמע האָט דערבײַ געפֿילט, וועל איך איבערלאָזן דער חשובֿער לייענער זאָל משפּטן. נאָך דעם ווען מע האָט זי אַוועקגעפֿירט, האָבן זיי געכאַפּט יוספֿן, איר

זון, וועלכער האָט זיך, אויס מורא פאַר די אַכזריותדיקע טיראַנען, באַהאַלטן אונטער אַ טיר. און אַנכאַפּנדיק אים מיט טיראַנישע כוחות, האָבן אים די אַכזריותדיקע בעס־טיעס פאַרשלעפּט אין דער וויסטער, חושכדיקער תּפיסה.

הגם אַלץ אין דער פּילנדיקער נשמה פון יוספן האָט געליטן צוליב זײַן מוטערס און שוועסטערס אַרעסט, האָט ער זיך נישט ווייניקער מצער געווען פאַר זײַן נישט קענען מתפּלל זײַן צו גאָט פון ישראל אין זײַן חושכדיקער צעל. גאָט אין זײַן אומ־ענדלעכן רחמנות האָט זיך אָבער מרחם געווען אויף זײַן באַשיידענעם קנעכט און האָט אים אַראָפּגעשיקט אַ גרויסע טרייסט. ווי אַזוי און אויף וואָס פאַר אַ אופן האָט זיך אַנטפּלעקט דעם רבונו־של־עולמס אומענדלעכע גוטסקייט, דערציילט אונדז יוסף לומבראַסאָ, לויטן קריסטלעכן נאָמען לויס דע קאַרבאַכאַל, אין זײַן אויטאָביאָגראַפישן ווערק:

גאָט איז אַן עדות, אַז אין יענער טורמע און פינצטערן קאַרצער, און אין יענער עלנטקייט האָט ער אַ סך מאָל באַגערט און אַפילו געזאָגט אויפן קול — ווען כ׳זאָל כאָטש זײַן אין דער חברותא פון דודס מזמורים, וועמענס לערע וואָלט מיך געטרייסט. געמיינט האָט ער אָבער, אַז דורך אַ מענטשלעכן וועג קען דאָס נישט מקוים ווערן. היות אָבער פאַר דעם אַלמעכטיקן גאָט איז נישט פאַראַן קיין אוממעגלעכקייט, האָט מען, אויף זײַן הייליקן געבאָט, פּונקט צו יענער צײַט ווען יוספן האָבן אָנגעכאַפּט די דאָזיקע באַגערן, געבראַכט אין יענעם קאַרצער אַרײַן אַ מאָנאַך פון פראַנציסקאַנער אָרדן. און ס׳איז כדאי אָנצוווײַזן, אַז יענע חיהשע ריכטערס קומען וויזיטירן די אַרעסטירטע, זיי טרייסטן און באַזאָרגן מיט די הצטרכותן אַלע אָדער דאָס רוב שבתים בײַ טאָג, נישט ווײַל עס דערוועקט זיך אין זיי דער רחמנות־געפיל — זיי זײַנען אוממענטשלעך און אַכזריותדיק — נאָר מחמת אונדזער גרויסער גאָט, זייער פאָטער האָט באַוויליקט צו געבן יענע קורצע הפסקה אַזוי לאַנג וויפל עס געדויערט דאָס אויסקערן די תּפיסה־קאַמערן פאַר די געסט וועגן. בכן זײַנען זיי אין אַ שבת קודש צוליב דעם געקומען און האָבן פריִער וויזיטירט דעם דערמאָנטן מאָנאַך און ווען זיי האָבן אים געפרעגט צי ער באַדאַרף עפּעס, האָט ער זיי געענטפערט, אַז ער נייטיקט זיך בלויז אין אַ תּפילה־בוך צום טרייסטן זיך דאַוונענדיק אין תּפיסה, ווי ער פלעגט עס טאָן בעת דעם גאָטסדינסט. פון דאָרט זײַנען זיי געקומען וויזיטירן יוספן, און ווען זיי האָבן אים געטראָפן אַן אויסגעדאַרטן און טרויעריקן, האָבן זיי באַפוילן צו געבן אים דעם דערמאָנטן מאָנאַך פאַר אַ חבר. און עס איז געשען אַזוי, אַז נאָך דעם זעלביקן שבת קודש האָט מען אים געבראַכט אין יוספס קאַמער. מע האָט אים בלויז באַפוילן ער זאָל זיך נישט אויסגעבן, אַז ער איז אַ מאָנאַך. נאָך דעם ווי די צוויי אַרעסטירטע האָבן זיך איבערגעשמועסט אַ ביסל און אָנגעפרייט זיך מיט זייער צוזאַמענזײַן און חברשאַפט, טאַקע דעם זעלביקן שבת ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, איז געקומען דער טורמע־אויפזעער מיטן תּפילה־בוך אין די הענט. און בײַם עפענען די קאַמער־טיר האָט ער עס אָפּגעגעבן יוספס חבר. און יוסף, וועלכער האָט מיט גרויס תענוג און שמחה פון דעם וואָס דער אייבערשטער האָט אים, דורך יענער פאַראָרדענונג, צוגעשיקט דאָס וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק באַגערט — די מעגלעכקייט צו זאָגן תהילים ווי ער פלעגט עס טאָן — אָפּגעגעבן אַ שבח דעם איי־בערשטן פאַר אַזאַ ווערטיקער טובה. לאָמיר געבן אַ לויב צו גאָט אונדזער האַר ווײַל ער איז גוט און גרויסמוטיק און מחמת זײַן רחמנות איז אייביק, ווײַל מיט איין האַנט שטראָפט ער און מיט טווינגט טיילט ער אויס חסד.

נאָך דעם ווי לויִס האָט געהאַט באַקומען אַזאַ באַווײַז פֿון געטלעכן חסד, ווי מיר האָבן דערציילט, האָט ער אויך אָנגעהויבן צו שפּירן זײַן שטראָף. זײַנע אומ־מענטשלעכע און אַכזריותדיקע ריכטער — ווי ער האָט זיי גערופֿן — האָבן אים, דעם 12טן מאַי 1589, גענומען אויפֿן פֿאַרהער. צום ערשטן האָבן זיי אים אויס־געפֿרעגט וועגן זײַן ראַסן־אָפּשטאַם:

אויף דער פֿראַגע פֿון וואָסער קאַסטע אָדער גזע זײַנען דער דעקלאַראַנט און די דערמאָנטע עלטערן און זיידעס, וועלכע ער האָט דעקלאַרירט?
האָט ער געענטפֿערט: אַז לפּי ער האָט געהערט, זאָל ער זײַן אַן אַלטקריסט, אָן שום ייִדישער מורישער אָדער וועלכע עס איז אַנדער סעקטאַנטישער אָפּשטאַמונג.

באַלד האָט מען אים געפֿרעגט צי „ווייסט ער אָדער איז זיך משער די סיבה פֿון זײַן אַרעסט“. אויף וואָס ער האָט געענטפֿערט, אַז ער ווייסט נישט, „הגם ער איז זיך משער, אַז דאָס דאָזיקע שלעכטס שטאַמט פֿונעם דערמאָנטן גובערנאַטאָר לויִס דע קאַרבאַכאַל, זײַן פֿעטער, וועלכער איז כמעט זײַן דם־שונא, צוליב חילוקי־דעות וואָס זײַנע עלטערן און ברידער האָבן געהאַט מיט אים. און ווײַל ער האָט זיי געטאָן אַזאַ רעה ווי פֿאַרגאַרן זיי פֿון שפּאַניע און ברענגען זיי אַהער, ווו זיי זײַנען געבליבן אָרעמע און פֿאַרלוירענע“.

אויף לויִס דע קאַרבאַכאַלס ענטפֿער איז געקומען די ערשטע התראה פֿון די אינקוויזיטאָרן:

מע האָט אים געזאָגט, אַז דער הייליקער טריבונאַל פֿון דער אינקוויזיציע איז זיך נישט נוהג צו כאַפּן ווען עס איז אָן גענוגנדיקע ידיעות, אַז ער האָט געטאָן אָדער געזאָגט, געזען טאָן אָדער זאָגן אַנדערע, בײַוועזנדיקע, אָפּוועזנדיקע אָדער פֿאַרשטאָרבענע, עפּעס אַזוינס וואָס איז, אָדער זעט אויס צו זײַן, קעגן דער הייליקער קאַטוילישער אמונה, דער עוואַנגעלישער לערע, וועלכע עס פּרעדיקט און לערנט די הייליקע מוטער — די רוימישע קירך. אָדער ער איז [אַן אָנהענגער] פֿון דער אַלטער ייִדישער תורת משה, פֿון אירע ריטואַלן און צערעמאָניעס, אָדער פֿון דער מאַכמע־דאַנישער סעקטע אָדער פֿון די לוטעראַנער. און אויב ער איז אַרעסטירט דאַרף ער גלייבן אַז דאָס איז דערפֿאַר וואָס עס איז קעגן אים דאָ אַ ידיעה פֿון אַזאַ מין חטא. דעריבער, פֿון גאָטס כבוד וועגן איז מען אים מתרה ער זאָל זאָגן דעם אמת און זאָל ריינוואַשן זײַן געוויסן, ווײַל אויב ער וועט אַזוי טאָן איז מעגלעך מע זאָל זיך מיט אים באַגיין מיט יענעם חסד וואָס דער הייליקער טריבונאַל איז זיך נוהג צו באַנוצן לגבי די גוטע און אמתע בעלי־הווידוי, אויב נישט, זאָל ער וויסן, אַז עס וועט אָנ־געווענדט ווערן דער חומר הדין.

אויף אָט דער שטרענגער וואָרענונג האָט לויִס געענטפֿערט, פּונקט ווי אַלע אינקוויזיציע־אַרעסטירטע איידער זיי האָבן זיך דערוווּסט — ווײַל דער הייליקער טריבונאַל האָט עס נישט מגלה געווען — אין וואָס זיי ווערן באַשולדיקט, אַז ער איז נישט באַגאַנגען קיין שום חטא קעגן דער הייליקער קאַטוילישער אמונה, נישט ער האָט געקענט אַזעלכן וואָס זאָל האָבן באַגאַנגען אַזעלכע עבירות, פֿאַר וועלכע עס קומט אַ שטראָף. דערמיט האָט זיך פֿאַרענדיקט דער פֿאַרהער פֿון יענעם טאָג. אויפֿן צווייטן טאָג, דעם 13טן מאַי, איז לויִס נאָך אַ מאָל אויסגעפֿרעגט געוואָרן,

אָבער ער האָט נישט דעקלאַרירט זײַנע ייִדישע חטאים. אויך בײַ די ווײַטערדיקע אויספאָרשונגען האָט ער זיך נישט מודה געווען. ובכן האָט דער פּראָקוראָר, אין הסכם מיט די געזעצן פֿונעם הייליקן טריבונאַל, צוגעשטעלט, דעם 27סטן יולי 1589, די באַשולדיקונגען קעגן אים.

## 4. דער באַשולדיקונגס־אַקט אין ערשטן פּראָצעס פֿון לויס דע קאַרבאַכאַל און זײַן ווידוי

דער פּראָקוראָר האָט אים באַשולדיקט, אַז

וי אַן אַפּיקורס, אַ יודאַיזירער, אַן אַפּטריניקער פֿון אונדזער הייליקער קאַטױ־לישער אמונה, אַן אַנרעגער און אויסבאַהאַלטער פֿון ייִדן, און אַ שולדיקער אין די חטאים אין וועלכע איך באַשולדיק אים, און [ווי אַזעלכער], איז ער אַרונטערגעפֿאַלן דער שטראָף פֿון חרם גדול און ער דאַרף זײַן געבונדן מיט אים און עס דאַרף באַ־פֿעלט ווערן מע זאָל אים הייסן איבערענטפֿערן און איבערענטפֿערן דער יוסטיץ און דעם ציוויל־געריכט, כדי עס זאָל אים זײַן פֿאַר אַ שטראָף און פֿאַר אַנדערע אַ בײַ־שפּיל, דערקלערנדיק זײַנע פֿאַרמעגנס פֿאַר קאָנפֿיסקירט און זיי זאָלן געהערן צו אונדזער האַר דעם קעניגס שאַצקאַמער.

און אויב מײַן כוונה זאָל זיך נישט אַרויסווײַזן גוט אויפֿגעוויזן בעט איך — אויב דאָס וועט פּאַסן — ער זאָל געשטעלט ווערן אונטער אַ פּײַניקונג־פּרווו, אונטער וועלכע ער זאָל זײַן און פֿאַרבלײַבן ביז ער וועט מודה זײַן דעם גאַנצן אמת. און צוליב דעם אויף וויפֿל דאָס איז נייטיק ווענד איך מיך צו דעם הייליקן טריבונאַל, בעט גערעכטיקייט און שווער פֿאַרמעל אַט די באַשולדיקונג.

קאַרבאַכאַלס לאַגע איז געוואָרן זייער אַ געפֿערלעכע און דער שאָטן פֿון טויט האָט אויסגעשפּרייט זײַנע פֿליגלען איבער זײַן יונגן לעבן. און דאָס סײַ ווען מען זאָל אים, ווי אַזאַ איינעם וואָס „לייקנט", איבערענטפֿערן דער ציווילער מאַכט — אַן אינקוויזיטאָרישע מליצה, וואָס האָט געמיינט אומקומען אויפֿן שייטערהויפֿן — סײַ ווען מען זאָל אים ווי אַן „אײַנגעהאַלטענעם" אונטערוואַרפֿן צו שרעקלעכע פּײַניקונגען. דער אַנבליק פֿון „לייטער", דער אָפּטסטער פֿון די טאָרטור־מכשירים, האָט אים נישט אָפּגעלאָזט אַפֿילו אין די קורצע אָפּרו־שעהן. בלויז דאָס דאַוונען מיט כוונה האָט אים מינוטנווײַז באַפֿרײַט פֿון דער שרעק וואָס האָט אַרומגעכאַפּט זײַן גאַנצן וועזן בײַם פֿאָרשטעלן זיך ווי ער ליגט אַן אויסגעצויגענער איבער דעם שוידערלעכן „לייטער" און עס ווערט אים לאַנגזאַם געבראָכן דער חוט השדרה. כדי צו באַפֿרײַען זיך פֿון אַזאַ שוידערלעכער סכנה, האָט ער באַשלאָסן זיך מודה צו זײַן אויף אייניקע אומפֿאַרמײַדלעכע און ווייניקער קאָמפּראָמעטירנדיקע חטאים. צוליב דעם איז ער דעם 7טן אויגוסט 1589 אויפֿגעטראָטן פֿאַר די אינקוויזיטאָרן און געזאָגט,

אַז גאָט האָט אים אינספּירירט, הגם ער פֿאַרדינט זיך גוט באַשטראָפֿט צו ווערן פֿאַר זײַנע זינד, וואָס פֿאַר דעם מתוודה זײַן זיך אויף זיי האָט ער די לעצטע טעג געקעמפֿט מיטן שטן, וועלכער האָט אים נישט געלאָזט זיך מודה זײַן און האָט אים

צעטומלט כדי ער זאָל זיי נישט דערציילן און נישט זאָגן דעם אמת: אַז זײַן פאָ־טער פראַנציסקאָ ראָדריגעז מאַטאָס האָט, זעקס אָדער אַכט חדשים איידער ער איז געשטאָרבן דאָ אין מעקסיקע, אים געזאָגט, אַז די יידישע תורת משה איז יענע, אין וועלכער ער קען דערלייזט ווערן, ווײַל זי איז די תורה וואָס גאָט האָט מיט זײַן האַנט געגעבן. און אויב ער וויל גיין אויפן וועג פון דערלייזונג, אויף וועלכן ער האָט געפירט, מוז ער גיין אויף יענעם וועג. אַן איבערגעשראָקענער פון אַזאַ נײַעס, האָט ער אים, אַזוי ווי ער איז נאָך געווען אַ יינגל, פשוט געענטפערט, אַז עס זעט אים אויס אַ שווערער ענין, מחמת אַלע געלערנטע פון דער וועלט זײַנען מקיים די תורה פון אונדזער האַר יעזוס. און ער האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל אים זאָגן צי מעג ער אָפּהיטן ביידע תורהס. און דער דערמאָנטער פאָטער זײַנער האָט אים גע־ענטפערט, אַז ניין. אַז נאָר די דערמאָנטע תורת משה איז ער מחויב אָפּצוהיטן און, אויס מורא און רעספּעקט פאַרן פאָטער, האָט ער אים געזאָגט: אַז אַזוי וועט ער טאָן, און אַזוי האָט ער פון דעמאָלט אָן געלעבט אין דעם דאָזיקן טעות, הגם מיט גרויס פאַרדראָס און געוויסנביסן, וועלכער האָט אים געפּלאָגט. און היות ער האָט דאָס געדאַרפט מודה זײַן, באַשולדיקט ער זיך צוליב דעם פאַרשווײַגן, פאַר וואָס ער האָט שטאַרק און אמתדיק חרטה.

## בײַם פאַרהער פונעם 9טן אויגוסט אין דער פרי, האָט ער דערקלערט:

ער געדענקט אויך, אַז בעת דער דערמאָנטער פאָטער זײַנער האָט אים געזאָגט און געלערנט ער זאָל אָפּהיטן די דערמאָנטע תורת משה, האָט ער אים אויך גע־זאָגט, אַז יענע איז די אמתע תורה, אין וועלכער מע דאַרף גלייבן, מחמת זי איז געגעבן געוואָרן פון גאָט אַליין און איז געשריבן מיט זײַן פינגער אויף די לוחות וואָס ער האָט געגעבן משהן אַראָפּנידעריקנדיק פונעם הימל אויף צו געבן זי אים. און אַז אויף מקיים צו זײַן זי, מוז מען ליב האָבן בלויז איין גאָט און מע טאָר נישט פאַרגעטערן קיין אָפּבילדער, מחמת אַזוי ווערט עס פאַרבאָטן אין די געזעצן פון יענער תורה; נישט עסן קיין חזיר־שמאַלץ, נישט קיין אַנדער חזיר־פלייש, ווײַל נאָר די מעלה־גירהדיקע חיות מעג מען עסן און נישט יענע וואָס מעלה־גירהן נישט, ווי דער חזיר. אויך טאָר מען נישט עסן קיין פיש וואָס האָבן נישט קיין שופּן. און ער זאָל אין זינען האָבן אַז דעם 14טן מאַרץ פאַלט אויס פסח, וועלכער דאַרף על־פּי יענער תורת משה אָפּגעהיט ווערן לזכרון, ווען גאָט האָט אַרויסגענומען די בני־ישראל פון מצרים און האָט זיי דורכגעפירט דורך דער מדבר צו דעם צוגעזאָגטן לאַנד. יענער פסח געדויערט זיבן טעג, אין וועלכע מע מוז עסן מצות, אָן הייוון, און אין דעם דערמאָנטן פסח דאַרף מען נעמען אַ קליין ווײַס שעפּסעלע און עס קוילען און מיטן בלוט אָנשמירן די שוועלן פון די טירן, מחמת אַזוי האָט גאָט באַ־פוילן די בני־ישראל צו טאָן בעת ער האָט זיי אַרויסגענומען פון מצרים, און אַזוי אַ געשעכטנס האָבן זיי עס געדאַרפט אָפּבראָטן גאַנצערהייט. מע האָט נישט גע־דאַרפט צעברעכן קיין ביינדל און עס עסן שטייענדיק, ווי מע וואָלט געהאַלטן בײַם אַוועקגיין. איבערלאָזן האָט מען גאָר נישט געטאָרט און אין די הענט האָט מען גע־דאַרפט האַלטן שטעקנס צום וועג און האָבן אַרומגעגאַרטלט די לענדן. און מע האָט געדאַרפט עסן אַזוי אַז עס זאָל גאָר נישט בלײַבן, און אויב ס׳איז עפּעס איבערגע־בליבן, האָט מען עס געדאַרפט אַוועקגעבן אַ שכן, מע האָט אויך געדאַרפט עסן דאָס דערמאָנטע שעפּסעלע מיט ביטערע קרײַטעכצער און מיט די דערמאָנטע מצות, אָט־אַ אין דעם פסח, וואָס דאָס מיינט איבערהיפּן און וואָס געדויערט זיבן טעג, האָט מען געדאַרפט האַלטן יום־טוב דעם ערשטן און דעם לעצטן טאָג. און דאָס שעפּסל האָט מען געמוזט שעכטן ערב דעם ערשטן טאָג בײַ נאַכט.

דער דערמאָנטער פאָטער זײַנער האָט אים אויך געזאָגט און געלערנט, אַז מע

איז מחויב אָפּצוהיטן שבת פון פרײַטיק שקיעת החמה ביז שבת בײַ נאַכט, נישט צו טאָן יענעם טאָג קיין שום זאַך וואָס האָט אַ שייכות צו אַרבעט, אָנטאָן ריינע העמדער, פונקט אַזוי ווי די קריסטן היטן אָפּ זונטיק. און דאָס איז ווי אַ זכר פון דעם וועלטבאַשאַף, בײַ וועלכן גאָט האָט, נאָך דעם ווי ער האָט באַשאַפן אַלע זאַכן, גערוט דעם זיבעטן טאָג, אין וועלכן מע דאַרף אים לויבן מיט שירות ותשבחות. און אַז אין יענעם טאָג טאָר מען קיין פֿײַער נישט אָנצינדן; נישט עסן קיין שום זאַך, חוץ אַזאַ וואָס איז געוואָרן אָפּגעקאָכט דעם פֿריערדיקן פרײַטיק.

ער האָט אַנידערגעקניט און געזאָגט, אַז חוץ זײַן פֿאָטערס לערע האָט ער, בעת ער איז געווען אין פּאַנוקאָ, געקויפט בײַ כואַן ראָדריגעז, אַ דאָרטיקן גלח, אַ ביבל פֿאַר זעקס פּעזעס, אין וועלכן ער האָט געלייענט די אַלע און אַנדערע זאַכן, און ער האָט זיי אויסגעלערנט און זיי זײַנען אים געבליבן אין זכרון, ווײַל דער דערמאָנטער פֿאָטער זײַנער האָט אים דערקלערט, אַז אַלץ וואָס ער האָט אים געזאָגט און גע־לערנט שטייט געשריבן אין תנ״ך, אין וועלכן ער האָט זיך אויסגעלערנט אַ צווייטן יום־טוב וואָס מע רופט סוכות, וואָס פֿאַלט אויס אין חודש סעפּטעמבער און גע־דויערט אַכט טעג און מע האָט אים געדאַרפט יום־טובן דורך דעם וואָס אַלע זײַנען אַרויס פֿון שטוב און זיך באַזעצט אויף די אַכט טעג אין די פֿעלדער, אַלץ ווי אַ זכר צו לויבן גאָט פֿאַרן אָפּגעבן צו די בני־ישראל דאָס צוגעזאָגטע לאַנד. אין דעם יום־טוב האָט מען זיך דערנערט מיט די שפּײַזן וואָס מע פֿלעגט געוויינלעך עסן.

ער האָט אויך געזאָגט, אַז ער געדענקט ווי זײַן פֿאָטער האָט אים — כדי צו פֿאַרפֿעסטיקן אין אים דעם גלויבן אין דער דערמאָנטער תורת משה און אויף צו פֿאַרענטפֿערן אים די שאלות וואָס ער האָט אים געשטעלט, געבראַכט ווי אַ בײַשפּיל דאָס וואָס יעזוס האָט זיך מל געווען אויף מקיים צו זײַן די תורה. און ווען אַ בחור האָט אים [יעזוסן] געפֿרעגט וואָס מע דאַרף טאָן אויף צו גיין אין הימל אַרײַן? האָט ער אים געענטפֿערט, אַז ער זאָל מקיים זײַן די מצוות טאַקע פֿון יענער תורת משה.

עס מוז עפּעס זײַן אין דער מענטשלעכער נשמה אַזוינס וואָס — ווי די גרויסע ראָמאַניסטן ווײַזן דאָס אָן — מאַכט דעם זינדיקן זיך אומקערן אויף די שפּורן פֿון זײַן זינד. צי איז עס אַ פּועל־יוצא פֿון דער סאָציאַליער עטיק, פֿון מורא, פֿון חרטה, צי מחמת אַנדערע סיבות, אָבער אָט דעם פֿעסטגעשטעלטן פֿאַקט זעען מיר אויך אין דעם פֿאַל פֿון לויִס דע קאַרבאַכאַל. ער, וואָס האָט מיט אַ לפּנימדיקער תמימות, דעם 9טן אויגוסט דערקלערט וועגן מילה, ווי אַ מצווה פֿון תורת משה, האָט, אין דער אמתן, אַליין דורכגעמאַכט דעם דאָזיקן בולטן ריטואַל, וועלכער באַשטימט די אָנגעהעריקייט צו עדת־ישראל און ער האָט מורא געהאַט אַנטדעקט צו ווערן און דערמיט נאָך פֿאַרערגערן זײַן גאַר שווערע לאַגע. אַנשטאָט אָבער אויסצובאַהאַלטן אָט דעם פֿאַקט, אים לחלוטין נישט דערמאָנען, רעדט ער גאָר וועגן אים און פֿאַר־בעט כמעט די אינקוויזיטאָרן אַז זיי זאָלן זיך מתעסק זײַן מיט דעם ענין. דער „הייליקער טריבונאַל״ אין מעקסיקע האָט זיך אָבער נאָך נישט געהאַט אָפּגעגעבן קיין חשבון וואָס פֿאַר אַ מין אַרעסטאַנט ער פֿאַרשט אויס, ווײַל זײַן אויטאָביאָ־גראַפֿיש בוך איז נאָך דעמאָלט געווען אומבאַקאַנט. ערשט ווען ער האָט עס געהאַט באַקומען, בעת לויִס דע קאַרבאַכאַלס צווייטן משפּט, האָט ער דערזען, אַז אָט דער בחור, וועלכער האָט אַרויפֿגעלייגט די גאַנצע שולד פֿון זײַן אומקערן זיך צום ייִדנטום אויף זײַן פֿאַרשטאָרבענעם פֿאָטער, איז גאָר געווען אַ הייסער ייִד און „אַ רבי פֿון זײַן תורה״ ווי ער וועט אים שפּעטער אָנרופֿן.

אין דער ביאָגראַפיע פון דעם ווונדערלעכן טוקומאַנער קדוש מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ ווערן מיר זען, אַז כדי מקיים צו זײַן די מצווה וואָס שטייט געשריבן אין בראשית, קאַפּיטל זיבעצן, האָט ער זיך אַליין מל געווען. אויך לויִס דע קאַר־באַכאַל — ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט — האָט, אויף מקיים צו זײַן די דערמאָנטע מצווה, באַשלאָסן זיך מל צו זײַן. אָבער אין אַלץ וואָס ער האָט געטאָן האָט געמוזט זײַן עפּעס אַ גראָטעסקער אָדער טראַגישער בײַגעשמאַק. קאַרבאַכאַל דערציילט עס טאַקע אין זײַן אויטאָביאָגראַפיע. ער זאָגט: „לייענענדיק איינמאָל דאָס קאַפּיטל זיבעצן בראשית, ווי גאָט האָט אָנגעזאָגט אונדזער הייליקן פאָטער אַברהם זיך מל צו זײַן, דער עיקר יענע ווערטער וואָס וועגן דעם נישט געמלטן נפש, וואָס וועט אויסגעמעקט ווערן פונעם ספר החיים, האָט עס אים געגעבן אַזאַ מוראדיקן קלאַפּ, אַז אָן שום אָפּלייגעניש האָט ער זיך גענומען דורכפירן דאָס וואָס גאָט האָט אים אינספּירירט. [ער איז געווען] באַוועגט דורכן אויבערשטן און דורך זײַן גוטן מלאך, און אַזוי איז ער אויפגעשטאַנען אין פאָרצימער פון דער שטוב ווו ער האָט גע־האַלטן אין לייענען און לאָזנדיק די הייליקע ביבל אָפן, האָט ער גענומען עפּעס אַ שטומפּיק שערל און איז אַוועק צו דער שיפוע פונעם טײַך פאַנוקאָ, ווו ער האָט, מיט גײַציקייט און ברענענדיקער תשוקה פאַרשריבן צו ווערן אין ספר החיים, וואָס אָן דעם קרבן איז עס אוממעגלעך, געלייגט אויף זיך דעם דאָזיקן חותם און האָט זיך אָפּגעשניטן כמעט די גאַנצע ערלה, באופן, אַז עס איז אַ קלייניקייט גע־בליבן צו שנײַדן מיטן שערל. עס איז אָבער קיין ספק נישט, אַז נישט אַנדערש נאָר גאָט, אונדזער האַר, האָט אָנגענומען די כוונה, ווי עס דרינגט אַרויס פונעם צווייטן ספר פון דברי הימים ווו דער געלערנטער מלך פון ישראל, רעדנדיק וועגן דעם שטאַרקן ווילן וואָס ער האָט געהאַט צו מאַכן דעם בית־המקדש פאַר זײַן הייליקן פאָטער דוד, נאָך דעם ווי עס איז אויסגעבויט געוואָרן און אין טאָג וואָס פון זײַן בויונג האָט ער, לויבנדיק גאָטס אמתן, געזאָגט, אַז הגם די הייליקסטע מאַיעסטעט האָט אים פאַרבאָטן, דורך דער התגלות און באַפעל פון נתן, דאָס בויען פון דעם בית־המקדש, האָט ער דאָך אָנגענומען דעם גוטן ווילן אויפן אָרט פון דעם ווערק".

בײַם פאַרהער פונעם 9טן אויגוסט בײַ טאָג, האָט לויִס דע קאַרבאַכאַל מוסיף געווען צו זײַנע פריִערדיקע ווידוים אַט־וואָס:

אַז ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דער דערמאָנטער פאָטער זײַנער האָט אים אויך געזאָגט און געלערנט, אַז אין דער דערמאָנטער תורה איז געווען אַ תענית־טאָג וועלכן מע רופט דער גרויסער טאָג פון מחילה [יום הכיפורים], מחמת ספּעציעל אין יענעם טאָג משפּט גאָט די נשמות און ער פאַלט אויס יעדן צענטן סעפּטעמבער [געמיינט אַ פּנים 10 טעג אין תשרי] און מע האָט געדאַרפט פאַסטן, נישט טועם זײַן אַ גאַנצן טאָג ביז אין אָוונט ווען ס'איז גוט פינצטער געוואָרן, ווען מע האָט געמעגט עסן פלייש און וואָס נאָר מע האָט געוואָלט.

ער גערענקט אויך ווי ער האָט אים געזאָגט און געלערנט, אַז די בהמות און די עופות מעג מען עסן בלויז געשאָכטענע און מע דאַרף זען דאָס גאַנצע בלוט זאָל אָפּרינען און אַוועקנעמען דעם חלב און דאָס פעטס, ווײַל אַזוי איז עס אָנגעזאָגט געוואָרן דורך תורת משה, וועלכע האָט פאַרבאָטן צו עסן אַ דערשטיקטע חיה,

מחמת דאָס בלוט בלײַבט אין קערפּער פון דער חיה, און נישט קיין בלוט־ווורשט, און נישט קיין שום זאַך וואָס האָט בלוט און חלב.

## בײַ דעם זעלבן פאַרהער האָט ער מוסיף געווען:

אַז אין דעם דערמאָנטן תנ״ך וואָס האָט זיך געפונען אין פּאַנוקאָ, פלעגט ער לייענען די נביאותן פון אַלע נביאים און באַזונדערס געדענקט ער יחזקאל און ישעיהו און אין אַלע נביאותן האָט ער פאַרשטאַנען [אַז עס האַנדלט זיך] וועגן אַ צוגעזאָגטן משיח, גלייבנדיק, אַז ער איז נאָך נישט געקומען און אַז דאָס איז נישט געווען יעזוס קריסטוס, אַזוי אַז ער וואַרט אויף אים. און דורך אָט דעם גלויבן און האָפענונג זײַנע האָט ער געקלערט צו דערווערבן זיך די פאַרמעגנס וואָס ישעיהו איז מבטיח אין איינער פון זײַנע נביאותן.

און אויך לייענענדיק אין יחזקאל [וועגן] דעם ווידער אויפבוי פון מקדש־שלמה, האָט ער פאַרשטאַנען און געגלייבט, אַז ער האָט זיך נאָך נישט געהאַט אײַבערגעבויט, נאָר אַז ער דאַרף ערשט איבערגעבויט ווערן ווען משיח וועט קומען, ווען דער דאָזיקער בעל־הווידוי האָט דערוואַרט; און דאָס זעלביקע האָט ער פאַר־שטאַנען און געגלייבט אין די אַנדערע קאַפּיטלעך פון די נביאים, וועלכע האָבן באַ־האַנדלט און גערעדט פון דעם משיח אלוהים, גלייבנדיק, אַז דאָס איז נישט אונדזער האַר יעזוס, נאָר דער משיח וואָס איז נאָך נישט געקומען און דאַרף ערשט קומען.

נאָך האָט ער דערקלערט: אַז בײַם זאָגן אין זונטיקדיקע טעג תהילים האָט ער — ווי אַזאַ איינער וואָס האָט נישט געגלייבט אין יעזוסן צוליב זײַן פּאַטערס לערע — בײַם סוף פון דער תפילה נישט געזאָגט gloria Patri et Filio et Spiritu Santo [אַ לויב צום פאָטער און צום זון און צום הייליקן גײַסט] מחמת ער האָט נישט אָנערקענט די פּערזאָן פונעם זון. און דאָס איז שוין געווען זײַן אייגענער אײַנפאַל אָן קיינעמס לערע. און מיט דער זעלבער איבערצײַגונג וואָס ער האָט געטראָגן אין האַרץ, באַשולדיקט ער זיך, אַז ווען ער פלעגט אַרײַנגיין אין די קירכעס, פלעגט ער נישט באַערן נישט דאָס אָפּבילד פון יעזוסן, נישט דאָס פון אונדזער האַרנטע, נישט די פון די הייליקע און נישט די געהייליקטע האָסטיע בײַ דער מעסע, מחמת ער האָט נישט געגלייבט אַז אין איר זאָל זיך געפינען יעזוסעס פּערזאָן, הגם אָט דעם צווייפל האָט מען אים קיין מאָל נישט געקענט אײַנפלאַנצן, ווײַל דער ענין האָסטיע פלעגט שטענדיק עגבערן זײַן געוויסן. און ווען ער פלעגט זיך מתוודה זײַן און באַ־קומען די קאָמוניע, פלעגט ער עס טאָן פון יוצא וועגן און נישט אויף אויסצופאָלגן און מקיים זײַן די מצווה פון דער הייליקער מוטער־קירך; אויך נישט מחמת דעם ווײַל ער האָט געגלייבט אין דעם וווּנדער וועלכער באַפעלט צו גלייבן אין דעם. און דאָס האָט ער געזאָגט מיט אַ סך טרערן.

ווײַטער האָט ער דערקלערט: אַז כדי מקיים צו זײַן די דערמאָנטע תורת משה, פלעגט ער שטענדיק, ווען ער האָט געקענט, סײַ ווען ער איז געווען אונטערוועגס, סײַ ווען ער האָט געוווינט אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ, אָפּהיטן די שבתים. אַזוי פלעגט ער זיך נוהג זײַן זײַט פינף יאָר צײַט, ווען דער דערמאָנטער פאָטער האָט עס אים אויסגעלערנט. ער האָט אין דעם געגלייבט ווי אין אַלץ וואָס ער האָט זיך פריִער מתוודה געווען זײַט דער פאָטער האָט עס אים אַזוי געוויזן און געלערנט. און אין די שבתים פלעגט ער זיך אָנטאָן אַ ריין העמד און די בעסטע מלבושים וואָס ער האָט נאָר פאַרמאָגט און ער האָט געפּראַוועט יום־טוב פון פרײַטיק בײַ טאָג צו שקיעת החמה ביז שבת בײַ נאַכט, זאָגנדיק אין די שבתים קאַפּיטלעך תהילים און אַלע מזמורים און הללויהס און אַנדערע תפילות וואָס ער האָט געהאַלטן, ווי אַ מענטש וואָס פאַרשטייט לאַטײַן, פאַר צוגעפּאַסט צו לויבן גאָט. ער פלעגט אים לויבן און דאַנקען און פּראַוועון אויך יום־טוב און נישט טאָן גאָר נישט, דערמאָנענדיק

[דערמיט] אַז גאָט האָט גערוט און געפּראַוועט יום־טוב אין יענעם טאָג פון זײַן מעשה־בראשית. און הגם ער פלעגט אויך אָפּהיטן די זונטיקן איז דאָס געווען פון יוצא וועגן און נישט ווײַל די קירך האָט געהייסן. און וואָס שײַך מאכלים, פלעגט ער עסן אַלץ וואָס ער האָט אָנגעטראָפן און געהאַט. און איין מאָל בלויז, בעת ער איז געווען אין אַטריסקאָ בײַ איינעם אַ פּויער, קריסטאָבאַל רויז, אין הויז, האָט ער נישט געוואָלט עסן קיין בלוטוורשט וואָס מע האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש, מחמת דער פאָטער האָט אים שטאַרק געבעטן ער זאָל עס נישט עסן, ווײַל גאָט האָט גע־זאָגט אַז אין בלוט געפינט זיך די נשמה.

ווײַטער האָט ער דערקלערט, אַז דעם דערמאָנטן פּסח געדענקט ער צו האָבן מקיים געווען דרײַ מאָל, דאָס ערשטע מאָל אין די מינעס פון סאַן גרעגאָריאָ אין דעם לעאָן־קיניגרײַך, מאַכנדיק יום־טוב דעם ערשטן און דעם זיבעטן טאָג. און ווײַל עס זײַנען נישט געווען קיין מצות, האָט ער געגעסן מאַיס־פּלעצלעך וואָס האָבן נישט געהאַט קיין הייוון. און מיט אַ צוויי יאָר צוריק האָט ער צום צווייטן מאָל אים [פּסח] געפּײַערט אין דער שטאָט קסאַלאַטלאַקאָ אויפן וועג צו די טאַסקאָ־מינעס אויך דורך עסן פּלעצלעך. צום דריטן און לעצטן מאָל, דאָ אין מעקסיקע, אין דער פאַר־גאַנגענער פאַסטצײַט פון דעם איצטיקן נײַן און אַכציקסטן יאָר, אין וועלכן מיר געפינען זיך. דעם פּסח האָבן, ער און זײַן מוטער פראַנציסקאָ נוניעז קאַרבאַכאַל און באַלטאַזאַר ראָדריגעז דע קאַרבאַכאַל, זײַן ברודער, געפּראַוועט, צו יענער צײַט, בעת עס איז שוין געווען אַרעסטירט אין הייליקן טריבונאַל די דערמאָנטע אַלמנה דאָניאַ איזאַבעל, זײַן שוועסטער. און די ערשטע דרײַ פון די זיבן טעג פון אָט דעם פּסח האָבן זיך צונויפגענומען אַלע דרײַ צו פּראַווען אים אין אַ חדר בײַ זײַן שוואָגער כאָרכע דע אַלמעידאַ אין הויז, ווו זיי האָבן געוווינט אין אַ צימער; און [זיי האָבן אים געפּראַוועט] נישט מיט מצות, נאָר מיט דעם געוויינלעכן ברויט וואָס מיר עסן, ווײַל זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן בײַם דערמאָנטן שוואָגער כאָרכע דע אַלמעידאַס טיש; און צווישן זיי דרײַ האָבן זיי געזאָגט קאַפּיטלעך תהילים, וועלכע עס האָט פאָרגעלייענט דער דאָזיקער בעל־ווידוי און בעיקר משהס שירה, מחמת דאָרט האַנדלט זיך דערהויפּט וועגן דורכגיין פון די בני־ישראל דורכן מדבר און דעם ים־סוף מיט טרוקענע פיס ווען פּרעה מיט זײַן אַרמיי זײַנען דאָרט דערטרונקען געוואָרן. און כּדי זײַן מוטער זאָל פאַרשטיין, האָט ער געלייענט אין דער שפּאַנישער איבערזעצונג, און זי פלעגט נאָכזאָגן אין איינעם מיט אים. און נאָך די דערמאָנטע דרײַ ערשטע טעג האָט דער דאָזיקער בעל־ווידוי געמוזט אַרויספאָרן פון מעקסיקע [שטאָט] און אויפן וועג האָט ער אָפּגעהיט דעם דערמאָנטן פּסח. און זײַן מאַמע מיטן ברודער זײַנען פאַרבליבן אין מעקסיקע [ווו זיי האָבן געפּראַוועט דעם יום־טוב].

און ער געדענקט אויך איצטער, אַז בעת זײַן מוטער האָט געוווינט אין טאַסקאָ האָבן זיך ער און דער דערמאָנטער ברודער זײַנער באַלטאַזאַר ראָדריגעז געפונען אין מעקסיקע [שטאָט] אין פאַסטצײַט און האָבן געוווינט לעבן שפּיטאָל און ביידע האָבן זיי געפּראַוועט דעם דערמאָנטן פּסח און געגעסן מצות אָנשטאָט ברויט און האָבן געזונגען די תפילות פון הלל און בעיקר די שירה, וועלכע איז צוגעפּאַסט פאַר יענע טעג ווי ער האָט עס שוין דערקלערט.

מיט דעם פּסחדיקן געזאַנג מיינט קאַרבאַכאַל די שירת־הים (אז ישיר) וואָס געפינט זיך אין שמות, קאַפּיטל 15.

ווי מען זעט עס פון לויטעס דערקלערונגען גופא איז די צוגעבונדנקייט פון די קאַרבאַכאַלס צו דער יידישער אמונה געווען אַזוי גרויס, אַז אַפילו נאָך דעם ווי דאָניאַ איזאַבעל איז אַרעסטירט געוואָרן, און טראָץ דער מורא פאַר אַרעסטן

פון אַנדערע משפחה־מיטגלידער, האָבן זיי ווײַטער אײַפערדיק אָפּגעהיט די ייִדישע יום־טובים, דער הויפּט פּסח, וועלכער איז נאָך ביז הײַנט דער פּאָפּולערסטער יום־טוב בײַ ייִדן. עס איז אָבער ספּעציעל אויפֿפאַלנדיק דער פֿאַקט, אַז זיי האָבן געפּראַוועט פּסח בלויז על־פּי די דינים פון דער תורה: דאָס מיינט צו זאָגן, אַז די תלמודישע און רבנישע פּירושים פון תנ״ך, זענען — מחמת פֿאַרשטענדלעכע טעמים — געווען אין גאַנצן אָדער טיילווײַז אומבאַקאַנט פֿאַר די געהיימע ייִדן.

אָט די ספּעציפֿישע רעליגיעזע דערשײַנונג וועלן מיר — דורך די אינקוויזי־טאָרישע באַריכטן — אויך זען בײַ אַנדערע געלעגנהייטן אין לויִס דע קאַרבאַכאַלס פּראָצעס.

ביז דעם פֿאַרהער פֿונעם 9טן אויגוסט האָבן די אינקוויזיטאָרן אויסגעהערט לויִס דע קאַרבאַכאַלס גבית־עדותן. בײַם פֿאַרהער פֿונעם 11טן אויגוסט האָבן זיי אָנגעהויבן אַ נײַע אויספֿאָרשונג, מחמת קאַרבאַכאַל איז באַשטאַנען אַז ער האָט געזאָגט „דעם גאַנצן אמת״.

ווען מען האָט אים בײַ דעם פֿאַרהער געפֿרעגט, למאי ער האָט פֿריִער געהאַט געלייקנט די באַשולדיקונג? האָט ער געענטפֿערט: „ווײַל ער איז פֿאַרפֿירט געוואָרן פֿונעם שטן — אַ זאַך אין וועלכער ער באַשולדיקט זיך — און אַז ער האָט שוין אויסגעזאָגט דעם גאַנצן אמת, אַז ער איז אַ אָפּשטאַמיקער פון ייִדן, אַז ער פֿלעגט מקיים זײַן און גלייבן אין תורת משה, טראַכטנדיק דערלייזט צו ווערן דורך איר״.

בײַם צומאָרגנדיקן פֿאַרהער האָט מען אים, מיט ביטערקייט — מחמת זײַן לעבן איז געווען אָפּהענגיק פון דעם, אויב עס זאָל זיך געווען אַרויסווײַזן דאָס פֿאַרקערטע — געפֿרעגט, „ווי לאַנג האָט ער אָנגעהאַלטן דאָס גלייבן און דאָס אָפּ־היטן די דערמאָנטע תורת משה?״, אויף וואָס ער האָט געענטפֿערט, אַז ביז דעם זעקסטן אויגוסט, ווען גאָט האָט אים „באַלויכטן״. ער האָט אויך צוגעגעבן, אַז ער האָט מקיים געווען די מצוות פון דער תורה „ביז דעם דערמאָנטן טאָג ווען ער האָט זיך פֿאַרלאָזן אויף גאָט, ערב דער הײַ־יאָריקער טראַנספֿיגוראַציע־פֿײַערונג, כדי ער זאָל אים באַלײַכטן. און אויך צוליב דעם ווײַל ער האָט געלייענט די עפּיסט־לען פון דעם הייליקן פּויפּס לעאָן און פון הייליקן גרעגאָריאָ אינעם געבעטבוך, וואָס זײַן תפֿיסה־חבר האָט. און אײַנזעענדיק אַז די גאַנצע וועלט האַלט פון דער עוואַנ־געלישער תורה, האָט ער זיך געפּילט באַלויכטן און ער האָט זיך באַקערט צו איר מיטן גאַנצן האַרצן וואָס האָט זיך אין אים צעגליט ווי פֿײַער, און ער האָט זיך אָפּגעקערט פון תורת משה און האָט באַשלאָסן מודה צו זײַן דעם אמת, ווי ער האָט עס געטאָן דעם פֿאַרגאַנגענעם מאָנטיק; אַז ביז דעמאָלט האָט ער נישט געקענט רעדן און עס האָט אויסגעזען ווי אַ פֿלאַם פֿײַער וואָלט אַרויס פון זײַן האַרץ. און אין די דערמאָנטע פֿינף יאָר וואָס ער האָט אַזוי מקיים געווען און געגלייבט אין דער דערמאָנטער תורת משה, האָט ער פֿאַרשטאַנען און געגלייבט דערלייזט צו ווערן דורך איר און אַז ער איז געגאַנגען אויפֿן וועג צו דערלייזונג״. בײַ אָט דער סעסיע פֿונעם אינקוויזיטאָרישן טריבונאַל איז אים געמאַכט געוואָרן אַזאַ התראה:

מע האָט אים געזאָגט אַז זײַן חטא איז געווען אַזאַ גרויסער, אַז ער איז ווערט געווען באַשטראָפט צו ווערן, ווי ער אַליין אָנערקענט און איז עס מודה. אויב אָבער ער טוט עס [דערקלערט זײַנע זינד] מיט אמתער חרטה, מיט אַ ריין האַרץ און נישט מיט קיין סימולירטער אמונה, דאַרף ער זיך פאַרלאָזן אויף גאָטס רחמים, וואָס איז אַ סך גרעסער ווי אים מוחל צו זײַן זײַנע זינד און נאָך אַנדערע גרעסערע. און כדי אין דעם דאָזיקן הייליקן טריבונאַל זאָל מען זיך איבערצײַגן וועגן זײַן אמתדיקן שמד און מע זאָל אים קענען צוטיילן אָט דעם חסד, לוינט זיך אים פון ס׳נײַ דורכ־צולויפן זײַן זכרון, צו דערמאָנען זיך אין וואָס נאָר ער אַליין האָט חוטא געווען אָדער אַנדערע פערזאָנען בײַוועזנדיקע, אָפּוועזנדיקע, לעבעדיקע צי פאַרשטאָרבענע. [מע מיינט] בנוגע די התראות וואָס מע האָט אים פון אָנהייב געמאַכט, מחמת מע וואָרנט אים, אַז אויב ער פאַרלייקנט וואָס עס איז וועגן זיך אָדער וועגן אַנדערע שולדיקע אין די זעלבע חטאים, וועט ער פאַררעכנט ווערן ווי אַן אומווערדיקער און סימולירנדיקער בעל־ווידוי און עס וועט נישט זײַן קיין פּלאַץ אָנצווענדן לגבי אים יענעם חסד וואָס דער הייליקער טריבונאַל איז זיך נוהג צו נוצן. און נאָך דעם ווי מע האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, האָט ער מיט טרערן געזאָגט, אַז ער האָט אַזוי געטאָן. און וועגן אַלץ וועט ער נאָכפאָרשן אין זײַן זכרון און וועט זאָגן דעם אמת וועגן אַלץ וואָס ער וועט זיך דערמאָנען.

**אָבער טראָץ זײַן צוזאָג האָט ער זײַן זכרון נישט אויסגעשעפּט אין גאַנצן; און נאָר אַ דאַנק דעם ספּעציעלן אינקוויזיטאָרישן חסד האָט מען אים נישט פאַר־ברענט, ווײַל באמת, ערשט ווען ער איז פאַרמסרט געוואָרן האָט ער לכתחילה, אויפן פאַרהער פון דעם 15טן יאַנואַר 1590, מודה געווען, אַז ער און זײַן עלטערער ברודער באַלטאַזאַר האָבן צונויפגעשטעלט אַ לאַנגע תפילה אין אָקטאַוועס „פאַר אַלע תענית־טעג, וועלכע זיי האָבן געזאָגט, אויסשליסנדיק, אין זייער פאַרשטעלונג און כוונה, יעזוסן און נאָר מכוון געווען צו גאָט“. דעם טעקסט פון אָט דער תפילה האָט קאַרבאַכאַל איבערגעגעבן די אינקוויזיטאָרן דעם 26סטן יאַנואַר:**

נעם צו, האַר, מײַן תענית ווי אַ זורטה
אויף יעדן חטא וואָס איך בין באַגאַנגען;
דערלאָז נישט, אַז דײַן מחילה זאָל מיר פעלן
זעסטו דאָך מיט וויפל אַנגסטן איך בעט עס דיך;
רימען וועל איך דײַן אַלמעכטיקייט,
איך וועל דײַן נאָמען גרויס מאַכן
אַבי שטראָף מיך נישט, האַר, לויט מײַנע מעשים,
זעסט דאָך, אַז בײַם טראַכטן בלויז ווער איך אײַנגעשרומפּן.

אויב שטאַרק באַליידיקט האָב איך דיך,
מחמת אומפאַרשטאַנד איז דאָס געווען,
פאַר וועלכן אַזאַ חרטה איז מיך באַפאַלן
אַז טראַכטונג גייט אַהער און אַהין;
מײַן אומגעהאָרכזאַמקייט דריקט אויף מיר,
דאָס ווייסטו דאָך, מלך העולם,

היות דו ווייסט עס, באַשיץ־זשע מיך
מיט דײַן דערבאַרעמדיקן, זיסן און איידעלן פּנים.

בלאָנדזשענדיק און ברוטאַל אָן צו פילן
קעגן וועמען איך באַגיי די טעותים,
קען איך, אָן דײַן רחמים, נישט דערקענען,
צו מײַן ווייטיק, וואָס גוט איז און וואָס שלעכט;
נאָר ווײַל צו דיר איך קער זיך אום דאַרפסטו
מיט דײַנע טובֿות און חסדים אָן אַ שיעור,
אַקעגנקומען מיר און געבן שכל און אַזאַ וויסן,
וואָס איך זאָל זיך, מיט דײַן גענאָד פאַרדינען.

איך בין זיך מודה, נישט צופרידן בין איך
פון מײַנע מעשׂים, נישט איך מיין
אַז זיי געגוגן צו באַפרײַען מיך פון שטראָף,
ווײַל קיין מאָל האַלט איך נישט פאַר גוט מײַן טוונג;
שלעפּ אונדז, גאָט, אַרויס פון אָט דעם זומפּ,
פאַר וועלכן איך בין שטענדיק פול מיט מורא
כּדי ווען פעלן וועט אונדז די פאַרגעבונג,
וועלן מיר קיין מאָל מער קיין זינד באַגיין.

וואָס מער מורא איינער האָט פאַר דיר
און דײַן תּורה ערלעך היט ער אָפּ,
אַלץ זיכערער פירן זײַנע רודערס
און נישטאָ אַזוינס וואָס זאָל אים שרעקן;
פאַרקערט, וויינט שטענדיק און האָט מורא
דער קנעכט, דער אומגעהאָרכזאַמער, צום האַר,
דערפאַר לעבט כּסדר אין פּחד דער
וואָס נישט ער פאָרכט, נישט ער ליבט דעם האַר.

איך ווייס דאָס אַלץ און בין זיך עס משער,
אויסצופירן אָבער עס —
קען איך ביַי זיך נישט פועלן
אויב אַ האַרץ אַ נײַס דו גיסט מיר נישט;
צופרידן, האַר, מיט מײַן פאַסטן דאָס צו גרייכן,
דײַן חסד און פאַרגעבונג אויסצופועלן,
גוטע רו פאַר מײַן מחשבֿה
כּדי פריידיק דיך צו קענען לויבן.

די זאָרג פון האָבן דיך באַליידיקט,
האַר אַלמעכטיקער און בעל־רחמים,
ווילד געיאָמער האָט מיר געבראַכט,
פחדנות, דערשלאָגנקייט און מורא אַ סך;
זעסט דאָך, גאָט, אַז איך האָב חרטה,
זיי מנחם אָט דעם ווייַנענדיקן חוטא
און נעם צו מייַן תענית פאַר אַ קרבן,
כדי עס זאָל מיר גוט און וויל זייַן.

געגוג מיר גרייכן פון דייַן רחמנות
דאָס זען, אַז טאָקע אין דער שעה פון זינד,
איז ערלעכע חרטה גלייַך געקומען
און מייַן נשמה ווערט געטרייסט,
עס טוט מיר וויי און איך באַוויַיז הכנעה
און האָב מורא נישט צו קריגן דייַן מחילה,
נעם צו פון מיר די מורא און דעם פחד
און פול־אָן מייַן האַרץ צו דיר מיט ליבע.

מאַך מיך, האַר, עניוותדיק און פלינק,
צו קענען הערן און מקיים זייַן דייַן געבאָט;
לויבן וועל איך דייַן נאָמען דעם אַלמעכטיקן
פאַר דייַן גנעדיקער באַנעמונג;
ווייסט דאָך גוט וואָס כ'קען איצט אויפטאָן,
אַז קיין רגע רו פאַרמאָג איך נישט,
חוץ מייַן צעבראָכענע נשמה
פול מיט אַנגסטן און מיט ביטערער מנוחה.

מייַן מחשבה פליט גאָר הויך
צעטומלט אָבער, טרעפט זי גאָרנישט,
שוועבט געלאַסן און זי בלאָנדזשעט
באַוועגט זיך שטענדיק און אַ סך,
טראַכטנדיק אַז כ'זע דייַן צאָרן
באַפאַלט מיך אַלע מאָל חלשות;
וויַיז דייַן הייליק און רחמנות פנים מיר
און אַ טרייסט ברענג מייַן צעטרייסלטער נשמה.

גיב מייַן גוף אַזאַ געמיט וואָס זאָל
אין לעבן אונטערטעניק זייַן דיר,

און דערלאָז נישט אַז דאָס גוטס אין מײַן מחשבה
אין דער נשמה זאָל געפירט ווערן פון דיר,
קיין באַוועגונג, קיין פּאַסירונג טאָר נישט זײַן
וואָס זאָל דײַן פּראַכט פאַרמינערן,
בעסער כסדר האָבן אין דמיון
ווי דיך וואָס ווײַטער אַלץ גרעסער מאַכן.

ווייסט דאָך גוט, האַר, אַז איך פאַראַכט
די וואָס גייען אין שלעכטע דרכים,
מײַן הארץ און מײַן נשמה טראָג איך דיר אָקעגן
זאָרגנדיק מײַן ווילן מער נישט צו פאַרפירן;
באַצאָל מיר נישט וואָס איך בין ווערט
ווײַל נאָך הבלים בין איך געלאָפן,
פאַרגעס דאָס שלעכטס וואָס כ׳האָב געטאָן
ווײַל בלויז צו דיר, גאָט, טו איך קוקן.

זאָלסט, מײַן בורא, צו מיר נישט נוצן
קיין שטרענגן משפּט, נאָר רחמנות,
ווײַל איך בין מודה גלײַך און זאָג,
אַז גרויס מײַן זינד איז און מײַן רשעות;
נאָר לעבן וויל איך תמיד בלויז מיט דיר,
האַר פון דערלייזונג, גאָט פון רחמים,
דו וואָס האָסט מיך אויסגעלייזט און לעבן מיר געגעבן
לאָז מיך נישט פאַרלוירן גיין.

גוף און נשמה וואָס האָבן עזותדיק
דײַער האַר טיף און שווער באַליידיקט,
שטעל אָוועק זיך מיטן פאַסטן פון דעם טאָג
קעגן אַלע עוולות די באַגאַנגענע;
תשובה זאָל ער טאָן, אין דרך־הישר גיין
און גאָט זײַן תפילה וועט דערהערן,
ווײַל קיין מאָל נאָך איז אמתע חרטה
נישט געבליבן אָן דעם אייבערשטנס מחילה.

דער גוף מיט אַלע זײַנע תאוות
וואָס האָט פאַרלאָזט די הייליקע הכנעה,
קומט אַצינד אָן אונטערטעניקער
מיט פאַסטן, תפילה און חרטה,

און דער האַר גיט אונדז זײַן מחילה
ווײַל אונדזער גאָט איז גאָט פון סליחה,
און פונעם חוטא וויל ער מער נישט
ווי זײַן תשובה און אַן פּחד ווען ער לעבן.

אָט די שרעקלעכע חרטה
וואָס קומט פון אַנגסטלעכער נשמה
ווײַל באַליידיקט האָט זי דעם אַלמעכטיקן
וואָס האָט אַלץ לעבעדיקס באַשאַפן,
האָט שטענדיק געהאַט אַ ווילן סוף,
אַ סוף אַ רויקן אַן איידעלן און ליבן,
ווײַל דער האַר דער בורא עולם
העלפט דעם בעל־תשובה במחשבה.

אָבער אָט די תשובה מוז מען
מיט אַנזעעוודיקע מעשים איבערווײַזן
מיט עניות אומגעווינלעכער
וואָס זאָל אונדז ווי בעלי־תשובה ווײַזן
אויף אונדזער לעסטערן דעם נאָמען
פונעם האַר פון די באַשעפענישן,
מיט פאַסטן, צדקה און תפילה
און די אַנדערע מעשים טובים.

דער תענית פּײַניקט די פאַרבלאָנדזשעטע נשמה
וואָס איז פאַרתאווהט און פאַרהבלט,
און די צדקה פילט־אָן מיט ווייכקייט
אָן אַ שיעור די נשמה פון דעם קמצן,
די תפילה ווידער טוט דעם גײַסט צעבלאָזן
און עס פועלט בײַ גאָט פאַרגעבונג דער
וואָס אָט דעם קרבן ברענגט פאַר גאָט;
ער צאָלט־אָפּ מער ווי ער פאַרדינט.

גאָט מאָנט פון אונדז אַ לויב
נישט ווײַל ער דאַרף די שבחים האָבן,
וויפל מיר זאָלן זיי אים נישט געבן
וועלן מיר זײַן מאַיעסטעטישע אין־סופיקייט נישט גרייכן;
נישט ער הייסט אונדז פאַסטן
ווײַל ער זוכט דערבײַ אַ נוצן,

נאָר מחמת ליב האָט ער אונדז אַזוי,
אַז ער באַגערט די ליבע אונדזערע פאַר זיך.

דײַן באַגער איז, אונדז אַלעמען דערלייזן
און תענוג וועלן מיר שעפּן פון זײַן פּראַכט דער הייליקער,
וואָס משיג זײַן איז זי אונדז שווער
ווען זײַן תורה הקדושה מיר טוען נישט געדענקען;
לאָמיר אָפּגעבן דעם גאָט וואָס מיר פאַרכטן
זײַן גראַציע, גוטהאַרציקייט דעם נצחון דעם געטרײַען,
אַזוי, אַז אַנטלויפנדיק פון תאוות
זאָלן מיר צו מעשים טובים זיך אומקערן.

כ׳האָב געזינדיקט, האַר; אָבער נישט ווײַל כ׳האָב געזינדיקט
האָב איך דײַן ליבע און דײַן חסד שוין פאַרגעסן;
מיך שרעקט מײַן שטראָף זאָל ווי מײַן זינד זײַן גרויס
און פון דײַן גוטסקייט וואַרט איך די מחילה;
עס באַפאַלט אַ פּחד מיך פאַר דײַן וואַרטן
איך זאָל פאַר מײַן אומדאַנקבאַרקייט זײַן פאַרפאָלגט,
און עס מאַכט מײַן חטא נאָך גרעסער דאָס
וואָס דו ביסט אַזוי שטאַרק ווערט צו זײַן געליבט;
ווען נישט דו וואָס וואָלט פון מיר געוואָרן
און מיך, פון זיך, ווער, אויב נישט דו, וועט מיך באַפרײַען,
ווען דײַן האַנט וואָלט מיר דײַן חסד נישט געגעבן,
און ווען נישט איך, מײַן גאָט, זאָל דיך נישט ליבן,
און ווען נישט דו, האַר, וואָלסט מיך דולדן,
און צו דיר, אָן דיר, מײַן גאָט, ווער וואָלט מיך געפירט?

מיטן איבערגעבן די אַקטאָוועס — אפשר נישט געשריבענע דורך לויִס דע קאַרבאַכאַל, ווײַל ער איז געווען אַ מער ראַפינירטער דיכטער ווי דער מחבר פון דער לאַנגער תפילה — האָבן די אינקוויזיטאָרן געהאַלטן פאַר גענוג אויפגעקלערט זײַן ענין. דעם 6טן פעברואַר 1590 האָבן זיי אַרויסגעטראָגן דעם פּסק־דין קעגן אים און דעם 24סטן, דעם זעלבן חודש, האָבן זיי אים פאַרעפנטלעכט אויף דעם פײַערלעכן אויטאָ־דע־פע, וועלכער איז פאָרגעקומען אין דער מעקסיקאַנער קאַטעדראַלע. אין דעם זעלבן אויטאָ־דע־פע זײַנען „צוגעלאָזט געוואָרן צו מחילה" דער גובערנאַטאָר קאַרבאַכאַל,[4] לויִסעס מוטער דאָניאַ פראַנציסקאַ און זײַנע שוועסטערס איזאַבעל, קאַטאַלינאַ און מאַריאַנאַ.

[4] זע זײַן ביאָגראַפיע אין דעם בוך.

## 5. דער אורטייל אין ערשטן פּראָצעס פון לויס דע קאַרבאַכאַל

**אין דעם פּסק־דין קעגן לויס דע קאַרבאַכאַל אין זיין ערשטן פּראָצעס, נאָך דעם ווי די אינקוויזיטאָרן האָבן בולט געמאַכט זיינע חטאים און זייער אייגענע גוטהאַרציקייט, זאָגט זיך:**

און מיר נעמען אַריין און שליסן אים ווידער איין אין דער פּאַראייניקונג און אין דעם שויס פון דער הייליקער קאַטוילישער מוטער־קירך. און מיר שטעלן אים צוריק צום באַטייליקן זיך אין די הייליקע סאַקראַמענטן און קאָמוניע פון די גלייביקע און קאַטוילישע קריסטן. און מיר פאַרמשפּטן אים צו לעבנסלענגלעכע תפיסה און צו דאַרפן טראָגן אַ גאַנץ לעבן דעם סאַנבעניט. און די שטראָף זאָל ער אָפּהיטן און מקיים זיין אין דעם מאָנאַסטיר אָדער אַן אַנדער פּלאַץ און אָרט וואָס מיר וועלן אָנווייזן. ער זאָל דאָרט דינען, אויסלערנען און זיך פאַרפעסטיקן אין די ענינים פון אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה און זאָל טראָגן עפּנטלעך די דערמאָנטע [שאַנד] הלבשה, איבער אַלע זיינע בגדים. און ער זאָל אָפּהיטן און מקיים זיין אַלע אַנדערע גייסטיקע מחילות, וועלכע מיר וועלן אים אָנזאָגן און מיר דערקלערן דעם אויבן דערמאָנטן פאַר אומווערדיק און אומפעאיק צו קענען האַלטן אָדער צו קענען באַקומען כיבודים, עפנטלעכע אַמטן. און עס זאָלן אָנועקגענומען ווערן ביי אים אַלע אַנדערע זאַכן וואָס על־פּי די געוויינלעכע רעכט, געזעצן און פּראַגמאַטיקס פון די דאָזיקע קיניגרייכן און די אינסטרוקציעס פון דעם אינקוויזיטאָרישן הייליקן טריבונאַל, זיינען פאַרבאָטן פאַר אַזעלכע ניט־כשרע.

**נאָכן ענדיקן לייענען דעם פּסק־דין, אין דעם אויטאָ־דע־פע פון 24סטן פעברואַר, האָט לויס דע קאַרבאַכאַל, אָנגעטאָן אין אַ סאַנבעניט פון געלן שטאָף, מיט אַ גרינגעם ליכט אין דער האַנט — אַ סימן פון האָפענונג אין ערלעכן איבער־בעטן זיך מיט דער קירך — זיך מתוודה געווען אויף זיינע חטאים מיט די ווייטערדיקע ווערטער:**

איך, לויס דע קאַרבאַכאַל, אַ יונגער בחור, געבוירן אין שטעטל בענאַווענטע, אין קאַסטיליע, אַ זון פון פראַנציסקאָ ראָדריגעז דע מאַטאָס, אַ פאַרשטאָרבענער, און פון דאָניאַ פראַנציסקאַ נוניעז דע קאַרבאַכאַל, וועלכער געפינט זיך דאָ, מיט מיין פרייען און ספּאָנטאַנעם ווילן, קער זיך אָפּ און פאַראַכט, און זאָג זיך אָפּ און דערווייטער פון מיר אַלע און יעדער [מין] אַפּיקורסות, ספּעציעל די מיט וועלכער איך בין באַפלעקט און בין דענונצירט געוואָרן, אַז איך האָב מקיים געווען די אַלטע תורת משה, אירע ריטואַלן און מנהגים. און איך דערקלער מיט מיין מויל, מיטן ריינעם און אמתן האַרצן, אַז כ׳גלייב אָן די הייליקע קאַטוילישע אמונה, וואָס עס האַלט און פּריידיקט, פאָלגט נאָך און לערנט די רוימישע הייליקע מוטער־קירך; און די האַלט איך און וויל האַלטן און נאָכפאָלגן און בלייבן אין איר און שטאַרבן און קיין מאָל נישט דערווייטערן זיך פון איר. איך שווער ביי אונדזער האַר גאָט, ביי די הייליקע פיר עוואַנגעליעס און ביים צייכן פון קרייץ צו בלייבן און צו זיין צוגע־בונדן און געהאָרכזאַם צום צדיק פּעטרוס — פּרינץ פון אַלע אַפּאָסטאָלן און שטעל־פאַרטרעטער פון אונדזער האַר יעזוס קריסטוס און פון אונדזער הייליקסטן פאָטער סיקסטאָ דעם פינפטן, וועלכער פירט היינט אָן און רעגירט די קירך און נאָך אים זיינע נאָכפאָלגערס און קיין מאָל נישט צו דערווייטערן זיך פון אָט דער געהאָרכ־זאַמקייט, דורך קיין שום אָפּטריניקייט אָדער אַפּיקורסות, ספּעציעל די מיט וועלכער

> איך בין באַפלעקט און באַשולדיקט און צו פאַרבלײַבן כסדר אין דעם שויס און אין דער פאַראייניקונג פון דער הייליקער קירך און זײַן צווישן די פאַרטיידיקערס פון דער קאַטוילישער אמונה און צו פאַרפאָלגן אַלע די וואָס קומען און גייען קעגן איר און זיי אויך דענונצירן און איך וועל נישט צושטיין צו זיי, נישט זײַן מיט זיי, נישט אויפנעמען זיי, אַרומפירן זיי, נישט וויזיטירן, נישט באַגלייטן, נישט געבן און נישט שיקן קיין מתנות, נישט קיין געשאַנקען און ניט טאָן זיי קיין טובה און אויב איך זאָל ווען עס איז קעגן דעם גיין און קומען, זאָל אויף מיר חל זײַן און איך זאָל באַקומען דעם עונש פאַר אײַנגעשפאַרטקייט, איבערחזרונג און כ׳זאָל זײַן פאַרשאָלטן און פאַרחרמט. און איך בעט בײַם דאָזיקן סעקרעטאַר אַ געחתמעטע גבית־עדות פון אָט דעם ווידוי און חרטה מײַנע און די בײַוועזנדיקע בעט איך זיי זאָלן זײַן עדות דערפון. און איך שרײַב דאָס אונטער מיט מײַן נאָמען און די דערמאָנטע זײַנען עדות.

אין די מחילה־דערקלערונגען, לויט וועלכע די וואָס זײַנען צוגעלאָזן געוואָרן צו דעם האָבן דורך „פרײַען און ספּאָנטאַנעם ווילן" זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע באַגאַנגענע חטאים, שטעקט — ווי ווײַט היפּוכדיק דאָס זאָל זיך נישט אויסווײַזן — אַ שטיק אמת. באמת טאַקע, די וואָס זײַנען צום ערשטן מאָל אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דעם „הייליקן טריבונאַל" האָבן געהאַט די ברירה אויסצוקלײַבן „פרײַ און ספּאָנטאַן" צווישן לייקענען די זינד און שטאַרבן אין די פלאַמען, אָדער מודה זײַן זיך און באַקומען תפיסה־שטראָף און בזיונות. לויס דע קאַרבאַכאַל, ווייסן מיר, האָט אויסגעקליבן דאָס צווייטע. באופן, אַז צו מאָרגנס נאָך זײַן מחילה־דערקלערונג, דעם 25סטן פעברואַר 1590, האָט אים דער אינקוויזיציע־טריבונאַל געוואָרנט, אַז „ער זאָל אָפּהיטן און מקיים זײַן וואָס ער האָט געהאַט צוגעזאָגט, מחמת אויב ער וועט טאָן דאָס פאַרקערטע און ער וועט ווידער אַרײַנפאַלן אין אַפּיקורסות, זאָל ער וויסן, אַז ס׳וועט אויף אים חל זײַן דער עונש פון איבערחזרונג, און אַז אָן שום אײַנזען וועט ער איבערגעגעבן ווערן דער יוסטיץ און ציוויל־געריכט און פאַרברענט ווערן אין די פײַער־פלאַמען".

דאָס דערמאָנען די פלאַמען אין אַן אָפיציעלן דאָקומענט פון „הייליקן טריבונאַל", איז, אַ פּנים, נישט מער ווי אַ מעשה־שטן, ווײַל די פירערס פון דעם קאַמף קעגן דער „שוואַרצער לעגענדע" שטעלן פעסט, אַז די אינקוויזיציע האָט קיין מאָל נישט אַרויפגעלייגט קיין טויטשטראָף. פּונקט ווי זיי פאַרזיכערן אונדז, אַז בלויז די ציווילע מאַכט האָט באַנוצט די דאָזיקע שטראָף, טראָץ דעם וואָס דער „הייליקער טריבונאַל" האָט זיך בײַ איר געבעטן רחמים אַז זי זאָל דאָס נישט טאָן. אָבער אויף דעם איז, נאַטירלעך, נישט ווערט זיך אָפּצושטעלן.

## 6. קאַרבאַכאַל איז מקיים דעם פּסק־דין פון די אינקוויזיטאָרן

נאָכן דורכפירן אַלע דערנידעריקנדיקע פאָרמאַליטעטן, האָט לויס דע קאַרבאַכאַל זיך גענומען מקיים זײַן די „תשובות" אין קאָנוואַלעסצענטן־שפּיטאָל, אַ באַרימטער צדקה־אַנשטאַלט אין דער מעקסיקאַנער הויפּטשטאָט. היות זײַן אָנ־

געהעריקייט צום נאָבלשטאַנד איז אַנולירט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע, איז ער באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ דערנידעריקנדיקן אופן און איז באַשטימט גע־וואָרן פאַר אומרייניע אַרבעטן. זײַן מצב האָט זיך נאָך מער פאַרערגערט דערמיט וואָס ער האָט געמוזט טראָגן אויף זײַנע בגדים דעם סאַנבעניט און מע פלעגט דערפאַר חוזק מאַכן און רייצן זיך מיט אים. אָבער דער אייבערשטער, וועלכער האָט אים קיין מאָל נישט פאַרלאָזן, און וואָס פלעגט צו אים אין חלום זיך באַ־ווײַזן, האָט זיך אויף אים מרחם געווען און אים, נאָך צוויי יאָר געפאַנגענשאַפט, פון דאָרט אַרויסגעפירט. גאָט פון ישראל האָט זיך פאַר דעם צוועק באַנוצט מיטן זקן פעדראָ דע אָראַז, אַ גלח, וועמען די אינקוויזיציע האָט פאַרטרויט דעם אויפ־זיכט איבער דער התנהגות פון די קאַרבאַכאַלס. דער קולטורעלער און גוטמוטי־קער פאַטער אָראַז האָט ליב באַקומען די אומגליקלעכע משפּחה, און היות ער איז געשטאַנען בראש פון דער שול פאַר אינדיאַנישע נאָבללײַט אין סאַנטיאַגאָ דע טלאַטעלאָלקאָ, איז אים געלונגען מע זאָל אים אויך אָנטרויען לויִס דע קאַרבאַ־כאַלן. דער פאַטער האָט לויִסן, אָנשטאָט די מיאוסע אַרבעטן אין שפּיטאָל, אָנפאַר־טרויט די שטעלע פון אַ לערער און שרײַבער. און, גלײַך אַט דער חסד וואָלט נאָך געווען ווייניק פאַרן אייבערשטן, האָט דער אַלטער גלח, כדי צו פאַרגרינגערן לויִסן זײַן אַרבעט, אים איבערגעגעבן דעם שליסל פון זײַן צעלע. און דאָרט — אָ, השגחת הבורא! — האָט זיך געפונען אַ תנ״ך־טעקסט. חוץ דעם, ווי לויִס — לויטן יידישן נאָמען יוסף — דערציילט אין זײַן אויטאָביאָגראַפיע, „כדי דער דאָזיקער חסד פונעם האַרס פרײַגעביקער גוטהאַרציקער האַנט זאָל פולער ווערן, האָט ער נאָך, איידער יוסף האָט זיך דאָרט געהאַט געפונען פיר חדשים, דעם גלח גופא באַפוילן ער זאָל קויפן דעם פירוש לירא, אַ פיר־בענדיקער פירוש פון די כתבי־הקודש“. טאַקע בלויז על־פי נס האָט געקענט פאַסירן, אַז אונטער דעם אויפזיכט פון דעם „הייליקן טריבונאַל“ זאָל מען דאָרט אַן אַרעסטירטן צושטעלן דאָס ווערק פונעם באַרימטן העברעיִסט ניקאָלאַס לירא (1279—1340), דעם זעלבן לירא, וואָס צו־ליב זײַן געטרײַקייט צום יידישן טעקסט פון אַלטן טעסטאַמענט ווערט ער באַ־טראַכט ווי לוטערס פאָרגייער און וועגן אים זאָגן די קאַטוילישע מקורים:

Si Lyra non lyrasset
Luther non saltasset

נאָך אַזאַ גליק האָט זיך דען לויִס דע קאַרבאַכאַל אין עפּעס געווייטיקט? יאָ, ער האָט זיך געדאַרפט אַ ביסל היטן פאַרן פאַטער אָראַז, ער זאָל אים נישט פאַקן אין מיטן דעם איבערשרײַבן אָדער איבערזעצן אויף קאַסטיליאַניש די שטעלן פו־נעם אַלטן טעסטאַמענט אין לאַטײַן. אָבער דער אַלצוויסנדיקער און אַלמעכטיקער גאָט פון ישראל האָט אויסגעשפרייט זײַנע באַשיצנדיקע פליגלען איבער זײַן באַשיידענעם קנעכט און ער האָט אים, ווי אין אַנדערע אַזעלכע פאַלן, אַרויסגע־ראַטעוועט פון דער אומפאַרמײַדלעכער סכנה. ווי אַזוי דאָס האָט פאַסירט, דער־ציילט אונדז לויִס — לויטן אַנדערן נאָמען יוסף לומבראָסאָ — אין זײַן אויטאָ־ביאָגראַפיע:

געטראָפֿן האָט עס מיט יוספֿן אין איינעם אַ טאָג, בעת ער איז געגאַנגען, ווי ער פֿלעגט עס געוויינלעך טאָן, עפֿענען דעם גלחס צעל מיטן שליסל וואָס ער האָט געהאַט, כּדי ממשיך צו זײַן דאָס איבערזעצן די הייליקע נביאותן און עס האָט זיך אים פּלוצים פֿאָרגעשטעלט, אַז דער גלח קומט אים אַנטקעגן. זעט אויס אַז דאָס איז געווען גאָטס אָנווונק. האָט ער דעריבער צוריק פֿאַרשלאָסן, זאָגנדיק צו זיך אַליין, אַז אויב דער גלח קומט איצט, איז עס דער ריכטיקער סימן אַז גאָט האָט עס מיר מודיע געווען און ער איז מיט מיר. און נישט האָבנדיק נאָך דערצויגן די מחשבה ביזן אויספֿיר האָט ער דערזען ווי דער גלח קומט און גייט אַרײַן. געבענטשט און געלויבט זאָל זײַן גאָט!

אָט אויף אַזאַ איבערראַשנדיקן אופֿן האָט זיך לויִס געראַטעוועט פֿון דער שווערער סכּנה וואָס האָט אויף אים געלויערט אין דעם סעמינאַר פֿון סאַנטיאַגאָ דע טלאַטעלאָלקאָ. בדרך נס האָט מען אויך, דעם 7טן יוני 1594, אים מוחל געווען זײַן שטראָף פֿון „אייביקער תּפֿיסה און שאַנד־הלבשה“. צוליב אַ ספּעציעלן חסד פֿון דעם שפּאַנישן הויפּט־אינקוויזיטאָר און מחמת זײַן שוואָגערס אָנשטרענגונגען האָט מען אויך זײַן מוטער און שוועסטער באַגנאַדיקט, בתנאי זיי זאָלן באַצאָלן 325 קאַסטיליע־דוקאַטן. היות די אינקוויזיציע האָט געהאַט קאָנפֿיסקירט אַלע זײַנע גיטער, האָט ער געמוזט אָנקומען צו עפּנטלעכע נדבות. אַ דאַנק די רעקאָמענדיר־בריוו פֿון הויכגעשטעלטע פּערזאָנען האָבן זיך, אין דעם שפּיאַנאַזש און טעראָר־געווירבל, אָפּגעזוכט נאָבעלע און ווייכהאַרציקע נשמות, וועלכע האָבן בײַגעשטײַערט פֿאַר דער באַפֿרײַונג פֿון דעם יונגן ייִדישן דיכטער און מיסטיקער, וועלכער האָט געטראָגן אויף זיך די געלע שאַנד־הלבשה, דעם סאַנבעניט. אים האָט זיך פֿון דעסט וועגן נישט אײַנגעגעבן צונויפֿצוזאַמלען דעם געפֿאָדערטן סכום. גאָט האָט אים אָבער, ווי שטענדיק, נישט פֿאַרלאָזט און אויך נישט אויפֿגעהערט צו באַווײַזן ניסים לטובֿת אים און ווערדליק לויִס, גערופֿן אויך יוסף, דערציילט אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿישן ווערק, איז

צו די פֿיר טעג, וואָס איז אויסגעפֿאַלן מאָנטיק דעם 10טן אָקטאָבער, איז צו זיי דערגאַנגען די ידיעה פֿון דער באַפֿרײַונג, וועלכע איז געווען איינע פֿון די גרויסע חסדים און די גרעסטע אויפֿריכטונגען וואָס ווײַטע און זינדיקע מענטשן האָבן באַקומען פֿון גאָט. און די הנאה איז געווען אַזוי גרויס מיט זיי, אַז אַפֿילו אין גאַנצן פֿרעמדע האָבן געגעבן שבֿחים צו גאָט, זאָגנדיק אַז ס׳איז אַ שׂמחה צו זען זיי אַזוי געטרייסט. געלויבט זאָל זײַן גאָט וואָס האָט זיך מרחם געווען אויף אײַך און האָט אײַך באַפֿרײַט פֿון אַזאַ שווערער סכּנה און לײַדן! און מחמת עס איז אַזוי געווען אָפּגעמאַכט, האָט מען זיי די שאַנד־הלבשה נישט אויסגעטאָן, ביז גאָט האָט זיי צוגעשיקט אַ רײַכן שכן, וועלכער האָט זיי אָנגעטרויט 850 פּעזעס. נאָך דעם ווי מע האָט געהאַט באַצאָלט 420 פּעזעס וואָס יוסף האָט צונויפֿגעקליבן פֿון נדבות, האָבן זיי געוואַרט אַכט חדשים, און אין דעם מאָנטיק, דעם 24סטן אָקטאָבער פֿונעם 94סטן יאָר, האָט מען, דורכן אייבערשטנס באַפֿעל, פֿון זיי אַראָפּגענומען די שאַנד־הלבשה, דאָס איז דער גרויסער נס וואָס גאָט האָט אין דעם דאָזיקן טאָג געטאָן צו יוספֿן.

## 7. יוסף לומבראָסאָ ווערט באַפרייט פון דער אינקוויזיציע־תפיסה

דעם 24סטן אָקטאָבער 1594, ווערט לויִס דע קאַרבאַכאַל, אָדער יוסף לומבראָ־סאָ על־פּי נס, ווי ער אַליין דערציילט עס, באַפרייַט אין דעם ערשטן פּראָצעס. אַ דאַנק אַ פרישן געטלעכן נס איז ער טאַקע דעם זעלביקן טאָג וואָס מע האָט פון אים אַראָפּגענומען דעם שווידערלעכן סאַנבעניט, ניצול געוואָרן פון אַ צווייטן אַרעסט און פון אַן אומפאַרמיַידלעכן טויט אויפן שיַיטער, מחמת פּונקט צו יענער מינוט איז צוגעקומען אַ נייַע מסירה קעגן אים. די אינקוויזיטאָרן אָבער, וועלכע האָבן געהאַלטן אַ שטרענגע שמירה אויף דער קאַרבאַכאַל־משפחה, האָבן נישט געהאַט קיין נויטווענדיקייט צו האַנדלען איבערגעאיַילט. זיי האָבן, בכן, אויס־געפירט זייער נקמה־פּלאַן מיט דער גאַנצער שנאה אויף וועלכער אַ בלינדער פאַנאַטיזם, פאַרפירט דורך זייַן גלויבן און מיינענדיק אַז ער דינט דערמיט אַ הויכן רעליגיעזן אָדער עטישן אידעאַל, איז פעיִק.

לויִס דע קאַרבאַכאַל, געשטויסן דורך זייַן רעליגיעזן איפער, האָט געהאַנדלט זעלבסטמערדעריש און האָט זיך אויפגעפירט זייער חשדימדיק לגבי די מענטשן פון זייַן קרייַז. אָבער ווי אַ דיכטער און מיסטיקער, מיט קינדישער תמימות, האָט ער זיך נישט געכאַפּט אויף דער סכנה וואָס זייַנע מעשים קענען ברענגען. זייַן נשמה, אָפּגעגעבן צום דינען דעם גאָט פון ישראל, איז נישט ביכולת געווען צו פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע קלייניקייַטן. ווען ער זאָל פון דעסט וועגן געווען זייַן בכוח צו טראַכטן אין פּראַקטישע טערמינען און ווען ער זאָל געווען בעסער קע־נען די מענטשלעכע שוואַכקייַטן, וואָלט ער זיך אַנדערש געווען אויפגעפירט, בפרט נאָך, אַז „די הויט פלעגט אויף אים ציטערן" בעת ער האָט גערעדט וועגן באַשלוס צו שטאַרבן פאַר דער אמונה און ער פלעגט פשוט פיזיש ליַידן בייַם בלויזן דערמאָנען די טאָרטור־קאַמערן.

## 8. זיין צווייטער אַרעסט און זיין זעלבסטמערדערישע נאַיוויטעט

קוים דרייַ חדשים — נאָוועמבער, דעצעמבער 1594 און יאַנואַר 1595 — האָט אָנגעהאַלטן לויִס דע קאַרבאַכאַלס שמחה פון אַרומגיין אַן דער שאַנד־הלבשה, און הגם ער האָט גוט געוווּסט אָפּצושאַצן דעם גרויסן ווערט פון אַזאַ גליק, פּונקט ווי ער האָט אויך געוווּסט, אַז אויב ער זאָל נאָך אַ מאָל אַרייַנפאַלן צו דער אינקווי־זיציע אין די הענט אַרייַן, וועט ער אויף זיכער פאַרברענט ווערן, האָט ער זיך דאָך אויפגעפירט מיט ווייניק אָדער אָן קיין שום זהירות. ווען עס האַנדלט זיך אין אַ פּערזאָן פון אַזאַ קראַפט און אויסדויער ווי טאָמאַס טרעביניאָ אָדער פראַנ־ציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ, וואָלט מען זייַן אויפפירונג געקאָנט אויסטייַטשן ווי אַ גע־וואַגטקייט. אָבער יוסף לומבראָסאָס שוואַכער גוף איז נישט געווען צוגעפּאַסט צו אַזעלכע בראַווקייטן. דעריבער, טראָץ דעם וואָס ער איז אומגעקומען אין די פּלאַ־

מען גלײַך מיט די אויבן דערמאָנטע אַנוסים, האָט ער זיך דאָך נישט דערהויבן צו זייער סובלימירטער קדושה, הגם ער האָט זיי איבערגעשטיגן אין רעליגיעזן וויסן.

לויס דע קאַרבאַכאַלס צווייטער אַרעסט איז פאָרגעקומען דעם 1טן פעברואַר 1595. בעת דער פּערזענלעכער רעוויזיע אין די געהיימע תפיסות „האָט מען בײַ אים געפונען אין אַ לעדערן זעקל דרײַ קליינע ספרימלעך, געבונדן אין שוואַרצן לעדער, ספּעציעל געשריבן אין לאַטײַן, וואָס איינס [פון זיי] איז באַטיטלט: Salmorum [תהילים], דאָס צווייטע Prophete [נביאים], און דאָס דריטע Génesis [בראשית].

גוואַלד! צוליב וואָס האָט אַ געמשפּטער דורך דער אינקוויזיציע געטראָגן מיט זיך אַזאַ חשדימדיקן מאַטעריאַל? באמת, קיין שום באַוווסטזיניקער און פאַר זײַנע מעשים פאַראַנטוואָרטלעכער אנוס האָט אַזוי נישט געהאַנדלט. בײַ יוסף לומבראָסאָ איז דער לויטערער רעליגיעזער געפיל געווען געקייטלט מיט אַ זעלבסט־מערדערישער אומפאַרזיכטיקייט און מיט איגנאָראַנץ וועגן די סכנות וואָס ער קען פאַרשאַפן זײַנע נאָענטע. די אינקוויזיטאָרן, וועלכע האָבן געקענט די מלאכה פון אויסנוצן די שוואַכקייטן פון זייערע קרבנות, האָבן גלײַך באַשלאָסן — ווי זייערע געזעצן פאָדערן עס — „אויסצונאַרן פונעם זינדיקן, אונטער אַ פרײַנד־שאַפט־שלייער, דעם ווידוי אויף זײַן חטא". אויף צו דערגרייכן דעם ציל, האָט מען אין זײַן צעל אַרײַנגערוקט אַ שפּיאָן. לויס דע קאַרבאַכאַל האָט זיך באַלד באַפרײַנדט מיט דעם עקלדיקן פאַרשוין — אַן אויסגעלאַסענער גלח, וואָס האָט אויף אַזאַ נידעריקן אופן געוואָלט מילדערן זײַנע פאַרברעכנס — און האָט אים פאַרטרויט אַלע זײַנע סודות. דער נידעריקער אינסטרומענט פון אינקוויזיציע האָט שוין דעם 3טן פעברואַר — צוויי טעג נאָך קאַרבאַכאַלס אַרעסט — געקענט באַריכטן די באַלעבאַטים זײַנע דאָס ווײַטערדיקע:

אַז דער דאָזיקער [שפּיאָן] האָט געזען וואָס פאַר אַ שטאַרקער ייִד עס איז דער דערמאָנטער לויס דע קאַרבאַכאַל, ווײַל ער האָט בײַ אים אויסגענאַרט אייניקע זאַכן ער זאָל עס קענען איבערגעבן דעם דאָזיקן הייליקן טריבונאַל. ער האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט חשק ער זאָל אים דערציילן אייניקע זאַכן פון תורת משה און יענער האָט באַלד אַנידערגעקניט, דאַנקענדיק גאָט מיט התלהבות. און ער האָט דעם דאָזיקן אַרומגענומען און האָט געזאָגט: איצט וויל איך שטאַרבן פאַר גאָטס תורה, ווײַל איך האָב געפונען וועמען זי צו לערנען און דערקלערן. און ער האָט פונעם קאַפּעליוש אַרויסגענומען אַ קליינטשיק טאַרבעלע [וואָס איז געווען] פאַרשטעקט צווישן קאַ־פּעליוש און דעם טאַפּעט, ווו עס זײַנען געווען גאָטס מצוות געשריבענע מיט דער האַנט, און די אַנהייב־אותיות זײַנען געווען גרויסע און גאָלדענע. אַט דאָס טאַרבעלע, האָט ער דעם דאָזיקן געזאָגט, האָט ער אַרויסגענומען פון דער ביבל ווו ער האָט עס געהאַלטן און ער האָט עס פאַרשטעקט צווישן דעם קאַפּעליוש און דעם טאַפּעט, ווײַל ער האָט געוווסט און שטענדיק געדענקט, אַז מע וועט אים אַרעסטירן. ווען מע האָט אים רעווידירט אין דעם דאָזיקן הייליקן טריבונאַל האָט מען בײַ אים טאַקע צוגענומען [בלויז] די ביבל. און אַז ווען ער פלעגט פאַרבײַגיין אַט דאָס אינקוויזי־ציע־הויז פלעגט ער עס רופן דאָס פאַרשאָלטענע הויז.

כּדי מקיים צו זײַן די אינקוויזיציע־באַפעלן, האָט דער שפּיאָן זיך באַמיט אַרויסצוקריגן בײַ לויִס דע קאַרבאַכאַל די פולשטענדיקסטע פּרטים וועגן די יודאַיִזירערס וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם נײַ־שפּאַנישן וויצע־קעניגרײַך. דער יונגער מיסטיקער האָט זיי אים דערלאַנגט, נישט קלערנדיק אַפילו וועגן די נידעריקע און מיאוסע כּוונות פון זײַן צעל־חבר, אַ כלומרשטער באַקערטער צו תּורת משה. דער שפּיאָן איז אָבער נישט געבליבן צופרידן מיט דעם, וואָס לויִס האָט אים אַזוי זיך, ספּאָנטאַן, דערציילט. באַנוצנדיק פאַרשיידענע שפּיצלעך, האָט ער טאַקע בײַ אים אַרויסגעקראָגן ידיעות וואָס האָבן שטאַרק פאַראינטערעסירט דעם הייליקן טריבונאַל.

נישט מחמת לויִס דע קאַרבאַכאַל זאָל געווען האָבן עפּעס אַ חשד, נאָר פּשוט צוליב דער עלעמענטאַרסטער פאָרזיכטיקייט, האָט ער דעם שפּיאָן דערציילט בלויז וועגן עטלעכע יודאַיִזירערס. יענער האָט זיך אָבער נישט צופרידנגעשטעלט מיט אַזאַ צוריקגעהאַלטנקייט און ער האָט באַטאָנט, אַז ער וויל מיט זיי נישט האַנדלען, „ווײַל זיי ווײַזן אים אויס ווי קליינינקע מענטשעלעך און קליינע בעלי־סוד". לויִס האָט אים, בכן, אויפגעדעקט נאָך יודאַיִזירערס, וואָס דער מסור האָט, פאַרשטייט זיך, גלײַך מודיע געווען די אינקוויזיטאָרן. קאַרבאַכאַלס תּמימותדיקער צוטרוי צום שפּיאָן איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אים אַזש אויסגעגעבן די ייִדישע סודות פון זײַן אייגענער משפּחה. און דער הייליקער טריבונאַל האָט נישט נאָר זיך באַנוצט מיט זיי, נאָר ער האָט גאָר — בהסכּם מיט זײַנע רעגולאַמינען — מיט אַלץ געהאָלפן דעם שפּיאָן, כּדי דער תּמימותדיקער פּאָעט זאָל זיך נישט „אָנשטויסן, אַז ער פאַרמסרט אים".

לויִס דע קאַרבאַכאַל האָט עס טאַקע אין משך פון אַ געוויסער צײַט נישט פאַרשטאַנען און ער פלעגט טאָג־טעגלעך אויפדעקן נײַע פאַקטן, וואָס האָבן קאָמפּראָמיטירט כּלפּי דער אינקוויזיציע סײַ אים און סײַ זײַנע קרובֿים און פרײַנד. ער האָט אים אַפילו פאַרטרויט דעם סוד פון זײַן אויטאָביאָגראַפישן ווערק און האָט מגלה געווען דאָס פּלאַץ פון אָט דער זעלטענער לטעראַרישער שאַפונג פון אַ ייִדישן דיכטער און מיסטיקער אין דער אינקוויזיטאָרישער אַמעריקע.

צום באַדויערן איז לויִס דע קאַרבאַכאַלס אויטאָביאָגראַפיע נישט געווען בלויז אַ ליטעראַריש ווערק; עס האָט כּולל געווען אויך קאָנקרעטע אָנווײַזונגען וועגן די געהיימע ייִדן אין מעקסיקע און זייער לעבן. צוליב דער קינדישער תּמימות פון דעם מחבר, זײַנען אַלע דערמאָנטע אינעם ווערק אַרײַנגעפאַלן אין רשות פונעם שוידערלעכן טריבונאַל, וועלכער האָט זיך דעם 10טן פעברואַר 1595 דערוווּסט וועגן דעם גאָר זעלטענעם ייִדישן דאָקומענט. בײַם פאַרהער פון יענעם טאָג, האָט דער שפּיאָן דערקלערט, אַז לויִס דע קאַרבאַכאַל האָט אים געזאָגט,

> אַז אין דעם דעם זעלבן הויז פון סאַנטיאַגאָ [אַ געגנט פון דער שטאָט מעקסיקע], ווו זײַנע שוועסטער פלעגן זיך אָפּגעבן מיט שטיקערײַ, אין אַ קאָרידאָר ווו עס שטייען בלומענטעפּ, איז לעבן די דאָזיקע בלומענטעפּ דאָ אַ פענצטער, אַנטקעגן וועלכן מע האָט געדאַרפט צוריקן אַ בענקל, טאַקע האַרט בײַם זעלביקן פענצטער, שטעלנדיק זיך אויף אַ בענקל און אויסדרייענדיק דאָס פּנים צום דאַך האָט מען גע־

קענט אָנטאַפּן מיט די הענט אַ צוגעלייגט ברעטל און בײַם אַוועקנעמען עס קען מען געפינען נאָך אַ קליין ספרל, וואָס ער האָט עס געהאַלטן אויף אַוועקצושיקן צו זײַנע ברידער אין פּיזאַ, ווו זיי האָבן יודאַיזירט. און ער האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל אים טאָן די טובה און נעמען דאָס דערמאָנטע ספר און מאַכן פון דעם אַ מגילה גלײַך ווי עס וואָלט געווען פון בריוו און איבערגעבן עס צו אַנטאָניאָ דיאַז מאַרקעז, אַז יענער זאָל עס שיקן קיין סעוויליע צו רוי פערנאַנדעז דע פּערעיראַ, זייער אַ רײַכער פּאָרטוגעזער, אַ סוחר וואָס וווינט אין דער דערמאָנטער שטאָט, נישט זאָגנדיק אים אָבער אויף וועלכן פּלאַץ, און ער האָט אים געבעטן אַז אויך ער זאָל אָנשרײַבן אַ בריוו צום דערמאָנטן רוי פערנאַנדעז דע פּערעיראַ, געחתמעט מיטן זעלבן נאָמען פונעם דערמאָנטן לויס דע קאַרבאַכאַל, זאָגנדיק אים, אַז ער האָט געהאַט אַ סך פאַרגעניגן פון זײַן בריוו, מחמת, לויט לויס דע קאַרבאַכאַל האָט אים געזאָגט, האָט ער, מיט דעם דאָזיקן פּלאַט פון גענעראַל לויס אַלפאָנסאָ פּלאָרעס, באַקומען אַ בריוו פונעם דערמאָנטן רוי פערנאַנדעז. און בכן, האָט אים דער דאָזיקער געדאַרפט בעטן ער זאָל יענע מגילה איבערשיקן צו די ברידער פון דעם דערמאָנטן לויס דע קאַרבאַכאַל, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט יודאַיזירן אין פּיזאַ, ווײַל דער דערמאָנטער רוי פערנאַנדעז שיקט תמיד איבער זײַנע בריוו.

אַוודאי זײַנען אַלע פּערזאָנען וואָס לויס האָט דערמאָנט, אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע. פאַר דער געשיכטע איז אָבער פאַרבליבן אַ ליטעראַריש ווערק, אַ יחיד במינו. לויס דע קאַרבאַכאַל האָט, נאָך דעם ווי אַנדערע אַרעסטירטע האָבן אים אויפגעקלערט, זיך סוף־כל־סוף געכאַפּט אויף דעם אמתן כאַראַקטער פון זײַן צעל־חבר. דער דאָזיקער פאַרשווין האָט אָבער נישט געוואָלט אַרויסלאָזן זײַן קרבן און האָט זיך באַמיט איבערצוצײַגן דעם יונגן דיכטער, אַז „ער איז זײַן ברודער". יוסף לומבראָסאָ האָט, מיט אַ צעבראָכן האַרץ, אָבער מיט תמימותדיקער האָפענונג אויף עפּעס אַ זכר פון מענטשלעכע געפילן אין שפּיאָנס נשמה זיך געבעטן בײַ אים (יענער האָט גלײַך איבערגעגעבן די אינקוויזיטאָרן):

בײַם איינציקן גאָט בעט איך אײַך איר זאָלט אַרויסגעבן נאָר מיך אַליין און איר זאָלט נישט פאַרמסרן מײַן מוטער און שוועסטער, וועלכע הענגען אויף אַ האָר פאַרברענט צו ווערן. איר זאָלט אויך נישט אויפדעקן אַנטאָניאָ מאַרקעס וואָס, ווי איר האָט מיר געזאָגט, איז ער אײַערער אַ קרוב. איך האָב אײַך דערציילט מיט אַזוי פיל פּרטים ווי אַזוי ער האָט אָפּגעהיט תורת משה און ער איז אַזאַ פחדנותדיקער מענטש, אַז ווען מע זאָל אים זאָגן וועלכע עס איז פון די זאַכן וואָס איך האָב אײַך דערציילט וועגן אים, וואָלט ער זיך שפּעטער מודה געווען. און דאָס ווײַב פונעם דערמאָנטן אַנטאָניאָ מאַרקעס איז אַזאַ נידערטרעכטיקער הונט, אַז בלויז כדי זי זאָל נישט פאַראָרעמט ווערן וואָלט זי אויסגעגעבן דעם דערמאָנטן מאַן אירן. און אַז ער זאָל האָבן רחמנות און נישט פאַרמסרן גרעגאָריאָ לאָפּעזן, מחמת ער האָט געהאַט אַ שם פון אַ גאָר גרויסן קריסט און ער האָט געמיינט אַז בלויז דער דערמאָנטער לויס דע קאַרבאַכאַל האָט עס אַנטדעקט און אַז קיין שום אַנדער מענטש אין דער וועלט, חוץ דעם דערמאָנטן לויס דע קאַרבאַכאַל, האָט עס נישט געוווּסט. און דאָס זעלבע האָט ער אים געזאָגט וועגן דעם פראַנציסקאַנער מאָנאַך, וועגן וועלכן ער האָט נעכטן געמאָלדן. ער האָט אים אָבער בלויז געזאָגט זײַן צונאָמען, ווײַל ער האָט אים גערופן פּאָטער אַלמעידאַ, וועמען אַלע האַלטן פאַר זייער אַ גוטן קריסט. און אויף דעם זעלביקן אופן און מיט אַ סך תחנונים האָט ער אים געבעטן, ער זאָל נישט אויסגעבן, נישט מאַנועל אַלוואַרעז, נישט כוסטאַ מענדעז, נישט דאָמינגאָ ראָדריגעז,

נישט כאָרכע ראָדריגעז, צוגעלאָזטע תשובה צו טאָן דורך דעם דאָזיקן הייליקן טרי־בונאַל; נישט קאָנסטאַנסאַ ראָדריגעז, אַ שוועסטער פון די דערמאָנטע און די פרוי פון סעבאַסטיאַן ראָדריגעז, נישט פעדראָ ענריקעז, מחמת בעאַטריז ענריקעז, זײַן מוטער, האָט קיין אַנדער קינד וועלכעס זאָל זי אויסהאַלטן און אונטערקומען מיט הילף נישט געהאַט, נישט רוי פערנאַנדעז פערעיראַ, אַ סוחר וואָס וווינט אין סעווי־ליע. און ווען ער האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט אים נישט פאַרשטאַנען, האָט אים דער דערמאָנטער לויס דע קאַרבאַכאַל, מיט אַ סך טרערן, געזאָגט: ווו איז געווען מײַן שכל ווען איך האָב אײַך מײַן האַרץ אויפגעדעקט. ווען איך זאָל אײַך געווען דער־ציילן וועגן די אַלע וואָס איך ווייס אַז זיי היטן אָפּ תורת משה, וואָלטן די אומגליק־לעכע, נעבעך, פּײַן אויסגעזען.

די אומגליקלעכע האָבן סײַ־ווי שלעכט אָפּגעשניטן, מחמת דער שפּיאָן האָט איבערגעגעבן די אינקוויזיטאָרן סײַ לויסעס בקשה, סײַ זײַנע לעצטע ווערטער. אין דער פּײַניקונג־קאַמער האָט קאַרבאַכאַל גופא געמוזט אויסגעבן זייערע נעמען. די מורא פאַר די אַכזריותדיקע פּײַניקונגען האָט אים געבראַכט דערצו.

יענע אַזוי ביטערע דערפאַרונג, האָט נישט אויסגעהיילט לויס דע קאַרבאַכאַלן פון זײַן תמימותדיקן גלויבן אין דער מענטשלעכער גוטסקייט. קוים עטלעכע טעג נאָך זײַן ערשטער אַנטוישונג, איז ער ווידער געפאַלן אַ קרבן פון דער נעץ, וואָס די אינקוויזיטאָרן האָבן אויסגעשפּרייט און ער אַליין האָט זיי געגעבן די געלעגנ־הייט אויפצודעקן זײַנע סודות. ער האָט געוואָלט ברענגען אַ טרייסטוואָרט פאַר זײַן געאַכפּערטער מוטער און פאַר זײַנע צאַרט־געליבטע שוועסטערס, וואָס זײַנען גע־ווען אַרעסטירט אין דער זעלביקער געהיימער תפיסה פון דעם מעקסיקאַנער הייליקן טריבונאַל. דער צוגעפּאַסטער שליח פאַר דעם, האָט ער געמיינט, וועט זײַן דער תפיסה־וועכטער, וועמען ער האָט געגלייבט צו קענען פאַרפירן מיט פּשוטע שפּיצלעך, נישט געבנדיק אים אַפילו קיין שום באַלוינונג. אָט יענער דינ־נער פון דעם הייליקן טריבונאַל, וועלכער האָט, ווי אַלע זײַנע משרתים, געמוזט דורכמאַכן אַ שטרענגע סעלעקציע און זײַן אַ ריינבלוטיקער (אַריער), האָט זײַנע אויפדעקונגען צוגעטראָגן דעם טריבונאַל. מע האָט אים באַפוילן, אַז נישט נאָר זאָל ער מיטנעמען קאַרבאַכאַלס צעטעלעך, פאַרבאַהאַלטענע אין פרוכטן, נאָר ער זאָל אויך — ווי כלאחר יד — אים איבערלאָזן פּאַפּיר און טינט, כדי ער זאָל קע־נען שרײַבן לאַנגע בריוו, מיט וועלכע די אינקוויזיציע זאָל זיך באַקענען. דער מיסטיקער און פּאָעט איז גאַנץ לײַכט פאַרנאַרט געוואָרן און אין ערשטן בריוו, וואָס ער האָט געשריבן מיט די מכשירים וואָס דער „הייליקער טריבונאַל" האָט אים צוגעשטעלט, האָט ער געזאָגט זײַנע שוועסטערס איסאַבעל און לעאָנאָר: „על־פּי נס איז מיר אַרײַנגעפאַלן טינט און פעדער, איך זאָל אײַך [קענען] שרײַבן דאָס דאָזיקע צעטעלע. די האַרציקע בשמה מײַנע, וואָס וועט עס די ערשטע באַ־קומען, קען עס מיט אַ סך געוואָרנטקייט אײַנוויקלען אין עפּעס אַ זאַך און איבער־שיקן צו די אַנדערע מײַנע טײַערע". דער מוטער האָט ער געשיקט אַ בריוו אָנ־געפּיקעוועט מיט נאָבעלע געפילן, פּונקט ווי די איבעריקע בריוו זײַנע.

אײַ נשמהדיקע מאַמע מײַנע, די שכינה זאָל אויף דיר רוען, אײַ סטאַדע מײַנע טײַערע וואָס ביסט אַזוי צעוואָרפֿן. דער שטאַרקער גאָט זאָל דיך באַשיצן. אײַ מאַמע מײַנע, לעבן מײַנס, אדני זאָל דיך שטאַרקן. אײַ שוועסטער מײַנע האַרציקע, דער אבי היתומים זאָל אײַך שיצן. אײַ האַרציקע מאַמע מײַנע, זאָל גאָט דער האַר דער־זען דײַן פּײַן און באַגלייטן דיך און אויסלייזן און באַהיטן דיך און דײַן פֿרוכט מיט זײַן הייליקער ברכה. אײַ מײַנע פֿאַרוווּנדעטע, דער בורא עולם זאָל אײַך אַ רפֿואה ברענגען, אײַ געפּאַנגענע מײַנע, זאָל דער אַל[מעכטיקער] אײַך באַפֿרײַען פֿון גע־פֿענגעניש און [פֿון] זינד און [פֿון] תּפֿיסה און [פֿון] גיהנום. אָמן, אָמן, אָמן, אָמן, אָמן, אָמן, אָמן.

## 9. קאַרבאַכאַל ווערט אויסגעפֿאָרשט דורך די אינקוויזיטאָרן און ער גיט זיי איבער די יידישע דינים

דעם 9טן פֿעברואַר 1595, ווען די אינקוויזיטאָרן האָבן שוין געהאַט אָנגעזאַמלט גענוג באַווײַזן קעגן לויִס דע קאַרבאַכאַל, האָבן זיי אים אָנגעהויבן חוקר ודורש זײַן. קאַרבאַכאַל האָט תּחילת געלייקנט די באַשולדיקונגען. אין גיכן אָבער, שוין דעם 11טן פֿעברואַר, האָט ער אָנגעהויבן זײַן ווידוי, כאָטש דאָס האָט אין תּוך נישט געקענט בײַטן זײַן מצב. קאַרבאַכאַל האָט געזאָגט, אַז ער האָט אָנגעהויבן יודאַיִזירן אין שפּאַניע, אין מעדינאַ דעל קאַמפּאָ, צו די פֿערצן יאָר,

> פֿאָלגנדיק אַלע מצוות וואָס גאָט האָט באַפֿוילן אין שמות, ויקרא, במדבר און דברים, ווי דאָס איז געווען אָפּהיטן די שבתים, נישט אָנצינדן קיין פֿײַער און עסן די מאכלים אָפּגעקאָכטע דעם פֿרײַטיקן טאָג, אָנטאָן אַ ריינע העמד און אָנגרייטן בגדים אויפֿן בעט פֿרײַטיק בײַ נאַכט, זאָגנדיק תּהילים פֿון לויב, אָפּהיטנדיק דעם קרבן פּסח וואָס פֿאַלט־אויס צו די פֿערצן [טעג] פֿון דער מאַרץ־לבֿנה [געמיינט פֿערצן טעג אין ניסן], עסנדיק מצה און שטייענדיק אויף די פֿיס מיט אַ שטעקן אין דער האַנט, דעם רוקן אײַנגעהויקערט, צו מאָל אַליין, אַן אַנדער מאָל בחבֿרותא פֿון זײַן פֿאָטער פֿראַנציסקאָ ראָדריגעז דע מאַטאָס, וועמענס סטאַטוע ס'איז פֿאַרברענט געוואָרן נאָכן טויט, און פֿון דאָניאַ פֿראַנציסקאַ דע קאַרבאַכאַל, זײַן מוטער, דער דערמאָנטער באַלטאַזאַר ראָדריגעז, דאָניאַ איסאַבעל דע קאַרבאַכאַל, דאָניאַ קאַטאַלינאַ דע קאַרבאַכאַל, די פֿרוי פֿון אַנטאָניאָ דיאַז דע קאַסערעס, דאָניאַ מאַריאַנאַ, דאָניאַ לעאָנאָר און מיגעל דע קאַרבאַכאַל, אַ בחור, דעם דאָזיקנס ברודער. און דער דאָזיקער און די דערמאָנטע עלטערן זײַנע און זײַנע ברידער האָבן אויך געפּײַערט דעם חג הבכּורים [שבֿועות], וועלכער פֿאַלט־אויס נאָענט פֿון [קריסטלעכן] שבֿועות, לזכּרון דער טובֿה וואָס גאָט האָט געטאָן דעם פֿאָלק ישׂראל ווען ער האָט אים געגעבן די הייליקע תּורה. אויך האָט דער דאָזיקער מיט די דערמאָנטע עלטערן און ברידער זײַנע געפּײַערט דעם חג הסוכּות וועלכן מע רופֿט דער יום־טובֿ פֿון די טאַבערנאַקולן, וואָס פֿאַלט־אויס צו די פֿופֿצן [טעג] פֿון דער סעפּטעמבער־לבֿנה [פֿופֿצן טעג אין תּשרי] לזכּרון דער טובֿה וואָס גאָט האָט געטאָן דעם פֿאָלק ישׂראל מיטן געבן אים פֿאַר אַ ווינאָרט דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, נאָך דעם ווי ער האָט זיי אַרומגעפֿירט אין דער מדבר פֿערציק יאָר. און ער האָט נאָך אָפּגעהיט אַנדערע יום־טובֿים און תּעניתים פֿון דער דערמאָנטער תּורה, אײַנגעשטעלטע דורך נבֿיאים און הייליקע פֿון אַלטן טעסטאַמענט, ווי דער ווידעראויפֿבוי פֿונעם בית־המקדש, וועלכן מע רופֿט [דאָס הויז] פֿון די

מנורות, די מחילה וואָס דער קעניג אַחשורוש האָט געגעבן מרדכין און דאָס באַפרײַען ישראל פון [אומקום] און פון המנס פּאַראַט און דעם דרײַ־טאָגיקן תענית פאַר דער קעניגין אסתר־יום־טוב [פּורים]. און אַזוי אויך, כדי מקיים צו זײַן די דערמאָנטע תורת משה האָט ער נישט געגעסן קיין חזיר־שמאַלץ, נישט קיין שום אַנדערע חזירשע פּראָדוקטן, מחמת דאָס איז אַ טמא בהמה [און ער האָט אויך נישט געגעסן] קיין בהמה וואָס מעלה־גרהט נישט און האָט נישט קיין צעשפּאָלטענע טלאָען, נישט קיין בהמה וואָס דער ברוסטקאַסטן שלעפּט זיך נאָך אויף דער ערד, נישט קיין פיש אָן שופּן, און ער פלעגט עסן דאָס פליייש אָן חלב און אָן בלוט, און דאָס נישט עסן, נישט קיין בלוט און נישט קיין חלב איז זייער שטרענג, ווײַל דאָס איז זייער געעצהט און באַפוילן פון גאָט, צוליב דעם וואָס דאָס בלוט און דאָס פעטס האָבן געדאַרפט דינען פאַר קרבנות וואָס מע האָט געדאַרפט מקריב זײַן, און ווײַל דאָס עסן חזיר האָט געפירט צו שלעכטע מידות. און דאָס דאָזיקע האָט ער געטאָן און אָפּגעהיט אין דער פּאַנוקאָ־פּראָווינץ אין משך פון דרײַ אָדער פיר יאָר, ביז ער איז געקומען קיין מעקסיקע.

בײַ דעם זעלביקן פאַרהער איז ער, שפּעטער אַ ביסל, מוסיף:

הײַנט האַלט ער און גלייבט אין דער דערמאָנטער תורת משה און ער האָט שטענדיק געהאַלטן און געגלייבט אין איר זינט ער האָט זי דערלערנט אין דעם דער־מאָנטן שטעטל מעדינאַ דעל קאַמפּאָ. און ער קלערט אויסגעלייזט צו ווערן אין זײַן גלויבן און נישט דורך דעם גלויבן פון אונדזער דערלייזער יעזוס קריסטוסעס חסדימדיק געזעץ, וועמען ער רעכנט נישט פאַר דעם על־פּי התורה צוגעזאָגטן משיח, נישט ער גלייבט, אַז ער איז שוין געקומען און ער וואַרט אויף אים. און אַז די געבאָטן אין וועלכע ער גלייבט, היט אָפּ און איז זיך מתוודה דורכן גלייבן אין תורת משה, זײַנען ווי עס ווערט באַשטעטיקט אין שמות, יט״ און אין דברים ו׳ אָדער ז׳, די ווײַטערדיקע. און ווען דער דערמאָנטער הער אינקוויזיטאָר האָט אים געזאָגט, ער זאָל זיי זאָגן, האָט דער דערמאָנטער לויס דע קאַרבאַכאַל געבעטן מע זאָל אים מתיר זײַן צו זאָגן קנינעדיק, מחמת ער וועט דאַרפן אין זיי אָנרופן דעם געהייליקטן נאָמען פון גאָט אונדזער האַר וועלכער האָט באַשאַפן הימל און ערד, און דער דערמאָנטער הער אינקוויזיטאָר האָט אים באַפוילן ער זאָל זיי זאָגן ווי ער שטייט און גייט.

הגם דאָס פאַלן כורעים בײַם דאַווענען איז אייגן בלויז די אַנוסים וואָס — ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט — האָבן אָפט מאָל נישט געוווּסט פון תורה שבעל־פּה, איז זיך דאָך צו חידושן אויף דער תקיפות פון די אינקוויזיטאָרן לגבי לויס דע קאַר־באַכאַלן. בעת בײַ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואָס פאַל איז דער פּערוּאַנער „הייליקער טריבונאַל״ נאָכגעקומען זײַן בקשה, ער זאָל שווערן בײַ אדני, מחמת ער האָט גע־ווּוסט, אַז דער טוקומאַנער מעדיקער וועט זיך נישט אונטערוואַרפן זײַנע פאָדע־רונגען, האָט דער מעקסיקאַנער טריבונאַל געוואָגט צו באַפעלן קאַרבאַכאַלן תפילה צו טאָן אויף אַן אופן וואָס באַליידיקט זײַן אמונה. און קאַרבאַכאַל, אַן אָנגעשראָ־קענער, האָט זיך אונטערגעוואָרפן, הגם אַן אַרעסטירטער צום צווייטן מאָל האָט שוין ווייניק וואָס געהאַט אײַנצושטעלן מיטן אָפּזאָגן זיך אויסצופירן די באַפעלן פון די אינקוויזיטאָרן. לויט זייער באַפעל, האָט, בכן, קאַרבאַכאַל רעציטירט זיצנ־דיק די געבאָטן פון דער ייִדישער אמונה. דער אינקוויזיציע־סעקרעטאַר האָט

זייער אָנהייב איבערגעשריבן אין אַ צעקאַליעטשעטן העברעיִש, הגם ער האָט זיי אַרײַנגעלייגט אין קאַרבאַכאַלס מויל. געמיינט האָט ער שמע ישראל, וואָס קאַרבאַכאַל האָט טאַקע געזאָגט; און דערנאָך האָט ער פּרטימדיק אויפגעקלערט די עשׂרת הדברות. אָט ווי ער דריקט זיך אויס:

און אָט די געבאָטן האָט ער אָפּגעהיט כדי מקיים צו זײַן תורת משה אין וועלכער ער האַלט און גלייבט. און אויף אָפּצוהיטן און מקיים זײַן די דערמאָנטע תורת משה, האָט ער, איידער ער איז צוגעלאָזט געוואָרן תשובה צו טאָן דורך דעם דאָזיקן הייליקן טריבונאַל, געטאָן און אָפּגעהיט די ריטואַלן, מצוות און מנהגים, יום־טובים און תעניתים אויף וואָס ער האָט זיך מתוודה געווען. און נאָך דעם תשובה טאָן, האָט ער נישט דורכגעפירט קיין צערעמאָניעס פון דער דערמאָנטער תורת משה, נישט אָפּגעהיט אירע מצוות און יום־טובים, כדי ער זאָל נישט באַמערקט ווערן. ער האָט אָבער געגלייבט, געהאַלטן און גלייבט און האַלט אין דער דערמאָנטער תורת משה און ער קלערט אויסגעלייזט צו ווערן דורך איר און נישט דורך דער פון יעזוס קריסטוס אונדזער האַר, ווײַל ווען ער זאָל זי אָפּהיטן, וואָלט ער געטראַכט אויסגעלייזט צו ווערן דורך איר, און (ווי ער האָט שוין געזאָגט) וואַרט ער אויף דעם צוגעזאָגטן אין דער תורה משיח, וועלכער וועט אויסלייזן ישראל און וועט אים אַרויספירן פון זײַן געפּענקעניש און פון די צרות אין וועלכע ער געפינט זיך, אויסמישנדיק אַלע אָפּגעטער פון דער וועלט וואָס האָבן די צורה פון קריסטוס און פון אונדזער האַרנטע, די בתולה מאַריאַ, און פון די הייליקע און די אַנדערע פיגורן און געצן־סטאַטועס פון די געצנדינערישע און באַרבאַרישע אומות, ברענגענדיק זיי אַלע צום אמתדיקן דערקענען גאָט אונדזער האַר, ווי עס שטייט געשריבן באַריכות אין די [ספרי] הנביאים. און ווײַל ער האָט נישט דורכגעפירט קיין מנהגים, ריטואַלן און מצוות פון דער דערמאָנטער תורת משה נאָך דעם ווי ער איז צוגעלאָזט געוואָרן תשובה צו טאָן דורך דעם דאָזיקן הייליקן טריבונאַל, ווי ער האָט עס געוואָלט, פלעגט ער דערויף בעטן מחילה בײַ גאָט און זיך באַשולדיקן אין זײַן אַ פּחדן. און דאָס אויפהערן דורכצופירן די מנהגים און מצוות וואָס די תורה האָט באַפוילן איז געווען מחמת מורא, און צוליב דער זעלביקער מורא און כדי מע זאָל אים נישט כאַפּן, האָט ער זיך מתוודה געווען און האָט אָפּגעהיט די קאַטוילישע יום־טובים. אָבער ווען ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קניִען אין די קירכעס, האָט ער געזאָגט: בלויז דיר, דעם איינציקן גאָט פון הימל קומט די תפילה. און ער האָט באַטראַכט די סאַקראַמענטן פון דער קירך ווי זאַכן וואָס נוצן צו גאָר נישט און האָבן נישט קיין שום באַטײַט. און ער האָט געהאַלטן און ער האַלט אויך הײַנט, אַז די הייליקע האָסטיע איז קיין גאָט נישט. און ער האָט געגלייבט און ער גלייבט אויך הײַנט אין די דרײַצן עיקרים פון דער תורה וואָס גאָט האָט געגעבן משהן, וועלכע זײַנען די פונדאַמענטן פון דער הייליקער ייִדישער רעליגיע. אויך די דאָזיקע עיקרים זײַנען נישט אַלע סתירותדיק צו די פּרינציפּן פון דער קריסטלעכער רעליגיע.

מע קען צווייפלען, צי גאָט האָט טאַקע פּערזענלעך געגעבן די דרײַצן עיקרים פון תורת משה. ס'איז אָבער קיין ספק נישט, אַז לויִס דע קאַרבאַכאַל האָט פאַרמאָגט אַ ברייטן רעליגיעזן וויסן. די עיקרים, וועלכע ער דערמאָנט, זײַנען די באַרימטע דרײַצן עיקרים וואָס דער רמב״ם האָט פאַרפאַסט. דער נוסח וואָס קאַרבאַכאַל ציטירט, איז אַ ביסל אַנדערש ווי דער אַלגעמיין באַקאַנטער. אָבער צוליב זײַן היסטאָרישן און אויך רעליגיעז־ליטעראַרישן ווערט, וועלן מיר אים אויפשרײַבן אָט ווי ער האָט איבערגעגעבן די אינקוויזיטאָרן:

דער ערשטער: גלייבן, אַז דער אייבערשטער אדני (וואָס אויף צו זאָגן עס האָט ער געוואָלט פאַלן כורעים און מע האָט אים באַפוילן נישט אַנידערצוקניִען) איז פון אַבסאָלוטן שלמותדיקן מהות, וואָס זעט אַלץ, די סיבה און דער בראשית פון אַל דאָס באַשאַפענע; דער וואָס משפּט די מעשים און די מחשבות און פאַרנעמט די תפילות פון אַלעמען; אַ נישט־באַשאַפענער, אַזעלכער וואָס בײַט זיך נישט, אַן אייביקער און פּרעכטיקער פון אַל דאָס באַשאַפענע, דער לויטערסטער צו דערקענען, לויט זײַן סובסטאַנץ, אָבער לחלוטין אומבאַקאַנט צוליב זײַן אומענדלעכן וועזן; שלמותדיק, גליקזעליקער, דער אָנהייב, מיטן און סוף פון אַלעם, פון וועמען אַלץ איז אָפּהענגיק אין פאָרעם און אין אומבאַשרײַבלעכער גרויסקייט, אַל דאָס באַשאַפענע, מעג עס זײַן דאָס טײַערסטע איז בײַ אים ווי גאָרנישט; אַלע ויסנשאַפטן און קונסטן פון דער וועלט זײַנען פאַר אים אומוויסן, מיר זײַנען גאָר נישט בכוח זיך פאָרצושטעלן אַ זאַך וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלײַכן מיט אים, ער איז הייליק, מיר זעען זײַנע ווערק, ליכט, הימלען, ערד, זון, לבנה און שטערן, די פאַרשיידנקייט פון בעלי־חיים און די ווידערשפּראָצן פון די פּרוכטן, דאָס אַלץ האָט גאָט געמאַכט, נישט מיט די הענט, נישט דורך אַרבעט, נאָר ווען עס איז אים געפעלן געוואָרן מיט זײַן בלויזן פיאַט [זאָל זײַן]. פון אים קוואַלן אַרויס די מידות פון די אַלע זאַכן.

דער צווייטער: גלייבן אַז גאָט איז איינער.

דער דריטער: גלייבן אַז ער איז אומקערפּערלעך.

דער פערטער: גלייבן אַז ער איז דער ערשטער צווישן אַלע זאַכן.

דער פינפטער: גלייבן אַז [נאָר] ער איז ראוי און פאַרדינט אַלערליי לויבן און נישט קיין שום אַנדערער חוץ אים.

דער זעקסטער: גלייבן אַז עס איז פאַראַן אַ רוח־הקודש בײַ אייניקע מענטשן און אַז ס'איז געווען אַ נביאישער גײַסט.

דער זיבעטער: גלייבן אַז משה רבנו איז געווען דער אבי הנביאים און דער אויסגעצייכנסטער פון זיי.

דער אַכטער: גלייבן אַז אונדזער תורה הקדושה וועט קיין מאָל נישט פאַר־שטויסן ווערן, נישט געמינערט ווערן, נישט פאַרביטן [ווערן]. אַז דער בורא וועט קיין מאָל נישט געבן קיין אַנדערע, און נישט זי וועט פאַרגרעסערט אָדער פאַר־קלענערט ווערן.

דער נײַנטער: גלייבן אַז אונדזער הייליקע תורה איז געגעבן געוואָרן פון גאָט אין הימל צו משה רבנו.

דער צענטער: גלייבן אַז דער אייבערשטער ווייסט און משפּט די מענטשלעכע מעשים און געדענקט זיי.

דער עלפטער: גלייבן אַז ער באַלוינט די וואָס היטן־אָפּ זײַן תורה און באַ־שטראָפט יענע וועלכע זײַנען עובר אויף איר.

דער צוועלפטער: גלייבן אין ביאַת המשיח אַפילו ווען ער פאַרשפּעטיקט.

דער דרײַצנטער: גלייבן אין תחית־המתים.

## אויפן פאַרהער פונעם 15טן פעברואַר האָבן די אינקוויזיטאָרן — אידעאָלאָ־גישע שופטים — געשטעלט קאַרבאַכאַלן די ווײַטערדיקע שאלה:

אויף וואָס פאַר אַ סמך האָט זיך דער דאָזיקער דערקלערער דערוווײַטערט פון גלויבן אין דער תורה פון אונדזער דערלייזער יעזוס קריסטוס און איז אַריבער צום גלויבן אין אַ תורה וואָס דער דאָזיקער זאָגט, אַז גאָט האָט זי געגעבן צו משהן און ער וויל לעבן און שטאַרבן אין איר; וואַרט אויף משיחן וואָס די דער־מאָנטע תורה האָט מבטיח געווען, און גלייבט אַז ער איז נאָך נישט געקומען, און אַז דאָס איז נישט אונדזער דערלייזער יעזוס קריסטוס, לייקענענדיק אַז ער איז גאָט

און אין אַלעם איבעריקן וואָס זײַן הייליקע לײַטזעליקע תורה איז כולל, נישט ווענדיק זיך אונטערוואַרפן צו דעם וואָס ס'געפינט זיך אין אונדזער הייליקער קאַ־טוילישער אמונה, דער עוואַנגעלישער לערע, און נישט [אָנערקענענדיק] די אַלע נסים וואָס גאָט אונדזער האַר האָט באַוויזן אין זײַן קירך אויף צו דערקענען זײַן ליבן זון, אונדזער דערלייזער יעזוס קריסטוס, נישט די אַלע הייליקע געלערנטע, די וועגווײַזערס פון דער קאַטוילישער קירך?

ער האָט געזאָגט: אַז צוליב אַ סך טעמים און פונדאַמענטן וועלכע מע נעמט אַרויס פון די כתבי־הקודש.

פון וועלכע דער ערשטער און עיקרדיקער איז אַז די דאָזיקע תורה איז געגעבן געוואָרן צו די ייִדן דורך גאָט אונדזער האַר, און זי ווערט געפּריידיקט דורך די קריסטן און זיי גלייבן און היטן־אָפּ די עשרת הדברות פון דער דערמאָנטער תורה.

דער צווייטער יסוד [איז] דאָס וואָס עס ווערט געזאָגט און גאָט באַפעלט אין ספר דברים, קאַפּיטל דרײַצן: אַז אויב ס'וועט אַ מאָל צווישן אײַך אויפשטיין אַ נביא צי אַ בעל־חלומות און ער וועט אײַך זאָגן, אַז ער האָט געזען מײַנע וויזיעס און דער וואָס וועט אײַך אַזוי זאָגן וועט עס באַשטעטיקן מיט נסים. און ער וועט אײַך זאָגן איר זאָלט זיך אָפּקערן פון מײַן תורה אויף רעכטס צי אויף לינקס, גלייבט אים נישט, נאָר איר זאָלט זיך האַלטן אין מײַן תורה, מחמת דאָס איז אַ נסיון אַזאַ וואָס איך שיק אײַך כדי צו פאַרזיכערן זיך צי ליבט איר מיך טאַקע אָדער נישט, און אָט אַזאַ נביא צי בעל־חלומות זאָלט איר באַשטראָפן מיט טויט־[שטראָף] פאַר דעם וואָס ער האָט גערעדט איר זאָלט זיך אָפּקערן פון מײַן תורה און געבאָטן אין וועלכע איר דאַרפט זיך האַלטן.

דער דריטער יסוד איז צו זען בחוש ווי עס ווערן מקוים די קללות וואָס גאָט אונדזער האַר האָט דורך משהן נביאות געזאָגט, אַז זיי וועלן פאַלן אויף די ייִדן וואָס זײַנען עובר אויף זײַן תורה, ווי עס שטייט געשריבן אין ספר דברים, קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק.

דער פערטער איז גענומען געוואָרן פון יענעם וואָס גאָט אונדזער האַר האָט געלערנט משהן, אַז ער זאָל זי לערנען די בני־ישראל, זאָגנדיק אים איידער ער האָט עס אים אויסגעלערנט, ווי אַזוי נאָך זײַן [משהס] טויט וועט גאָט מקיים זײַן אָט גלײַך ווי דאָס וואָלטן געווען זײַנע ווערטער. און זיי וועלן זיך בונטעווען, נישט אָפּ־היטנדיק זײַנע הייליקע געבאָטן, פאַר וועלכן ער וועט זיי פאַרטרײַבן אין גלות און אין געפאַנגענשאַפט אין פרעמדע מדינות, ביז זיי וועלן חרטה האָבן. און ער וועט זיי צוזאָגן, אַז אויב זיי וועלן תשובה טאָן וועט ער זיי צוריק צונויפזאַמלען פון צווישן אַלע פעלקער און פירן זיי צו דעם צוגעזאָגטן לאַנד און די שירה הייבט זיך אָן [דברים, ל״ב]: האזינו השמים ואדברה. און אין די פאַרלעצטע פערזן פון דער שירה זאָגט זיך: [דאָ קומט אַזאַ שלעכטע לאַטײַנישע טראַנסקריפּציע, וואָס האָט נישט קיין זינען אָפּצוגעפינען זי אין טעקסט].

דער פינפטער יסוד ווערט גענומען פון אַלץ וואָס דער הייליקער נביא דוד האָט געשריבן און באַזונדערס פון תהילים [ווו עס שטייט געשריבן]: השמים מספרים כבוד אל, ווו עס זאָגט זיך אַז גאָט אונדזער האַרס תורה איז אַ זון וואָס באַלײַכט די נשמות.

דער זעקסטער יסוד קומט פון תהילים קי״ח, וואָס הייבט זיך אָן:

די וועלכע זײַנען טרײַ גאָט [אונדזער האַרס] תורה [אין דער אמתן, תהילים קי״ט, וואָס דער ערשטער פסוק זײַנער איז: אשרי תמימי דרך ההולכים בתורת יהוה], וואָס ווי לאַנג ער איז, פעלט אין קיין איין פסוק נישט ביזן סאַמע לעצטן, די באַ־זונדערדיקע לויב פון גאָט אונדזער האַרס תורה, וואָס איז די דאָזיקע אין וועלכער

ער וויל לעבן און שטאַרבן. און דער עיקר רעדט זיך אין איין פּסוק פון דעם דאָ־זיקן קאַפּיטל, וועגן דעם, אַז פון אַלע באַשאַפענע זאַכן האָב איך געזען דעם סוף; דאָך האָט דײַן געבאָט נישט קיין סוף.

דער זיבעטער יסוד ווערט גענומען פון קאַפּיטל תהילים בײַם הייליקן נביא אסף, וואָס הייבט זיך אָן [תהילים ע"ד]:
[למה אלהים זנחת לנצח? יעשן אפך בצאן מרעיתך?].

דער אַכטער [איז] פון דעם הייליקן נביא יחזקאלס נביאותן, וואָס כמעט אַלע זײַנען זיי אויף צו באַשטעטיקן גאָט אונדזער האַרס תורה און וועגן דעם קומען פון מלך המשיח און דעם צונויפזאַמלען דאָס פאָלק ישראל, וואָס צוליב זײַנע זינד איז עס צעשפּרייט געוואָרן, ווען דער דאָזיקער מלך המשיח דאַרף צונויפזאַמלען. און היות עס איז נאָך נישט צונויפגעזאַמלט, מיינט דער דאָזיקער, אַז [דאָס איז דערפאַר ווײַל] די דערמאָנטע נביאותן זײַנען נאָך נישט מקוים געוואָרן און ווײַל ירושלים איז נאָך נישט ווידערגעבויט מיט דעם רום וואָס די דערמאָנטע נביאותן זאָגן־צו.

דער נײַנטער יסוד [איז] פון אַלע ישעיהוס נביאותן, פונעם אָנהייב ביזן סוף, און דאָס זעקס און זעכציקסטע קאַפּיטל, וואָס איז דאָס לעצטע, ווו ער זאָגט־צו גאָר גרויסע מתנות פאַר זײַנע קנעכט און פאַרן הויז פון ישראל און דאָרט רעדט ער מיט קלאָרע ווערטער מכות דער שטראָף מיט וועלכער ער וועט צום סוף באַשטראָפן יענע וואָס גיבן זיך אויס פאַר רייניע [פון זינד] און דאָך דינען זיי צו אָפּגעטער און עסן חזיר־פּעטס. און אין קאַפּיטל נײַן און פערציק פון דעם זעלבן נביא זאָגט גאָט צו זײַן פאָלק: ווי זײַט איר עס אַזוי אומגלייביק, אַז איר מיינט איך האָב אייך פאַר־געסן? קען דען אַ ליבנדיקע מוטער אַזוי פאַרגעסן איר פּיצל קינד, אַז זי זאָל אויפ־הערן רחמנות צו האָבן אויף דעם וואָס איז פון איר אינגעווייד אַרויסגעקומען? איז ווען אַפילו עס זאָל טרעפן אַז זי זאָל קענען פאַרגעסן, וועל איך אין אײַך נישט פאַרגעסן. אויף מײַנע הענט האַלט איך אײַך פאַרשריבן און איך וועל מײַן האַנט אויפהייבן אויף די מענטשן און וועל געבן אַ צייכן די אומות און וועל זיי באַפעלן זיי זאָלן צונויפברענגען אײַערע זין אויף די פּלייצעס און אויפן נאַקן מיט טרזומף־וועגענער און אויסגעפּוצטע פערד און טראַגשטולן. און די מלכים וועלן זײַן אײַערע משרתים און די קעניגינס — דינסטן פון אײַערע קינדער און מיט דערשלאָגענע צו דער ערד געבויגענע פּנימער וועלן זיי קוקן אויף אײַך און וועלן קושן דאָס וואָס אײַערע פּיס וועלן טרעטן, כדי יעדער באַשעפעניש זאָל זען און וויסן, אַז די נשמות וואָס גלייבן אין מיר וועלן נישט צונויפגעמישט ווערן. און פון אַלע איבעריקע קאַ־פּיטלען פון ישעיהו און פון ירמיהו, ספּעציעל פון דעם איין און דרײַסיקסטן און צוויי און דרײַסיקסטן, ווו עס זאָגט זיך, אַז גאָט איז מבטיח צו ישראל [צו שיקן] משיחן, און אַז פּונקט ווי עס איז מעגלעך די טעג און די נעכט זאָלן אויפהערן אין זייער גאַנג און אַז די זון זאָל אויפהערן באַלײַכטן די וועלט און אַז די הימלשע געזעצן זאָלן פעלן, אַזוי איז אויך מעגלעך, אַז גאָט זאָל פאַרשטויסן זײַן פאָלק ישראל. און פון עזראס נביאותן אין פערטן ספר, אין וועלכן עס ווערט זייער קלאָר פעסטגעשטעלט די גאולה פון ישראל און ביאַת המשיח, און פון דניאלס נביאותן, דער עיקר וועגן דער פערטער חיה מיט די צען הערנער, מיט דעם האָרנדל אין דער מיט, וואָס האָט געהאַט אויגן און אַ מויל וואָס האָט גערעדט גרויסע זאַכן קעגן גאָט דעם לײַטזעליקן; און דאָס לעצטע קאַפּיטל פון ספר טוביה, אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן מגייר זײַן זיך פון אַלע געצנדינער; און צוליב חגיס נבואה, דער נביא פון דעם ווידעראויפבוי פון דעם בית־המקדש און פון ירושלים. און דער לעצטער יסוד איז פון מלאכיס נבואה אין לעצטן קאַפּיטל, ווו, באַהאַנדלענדיק דעם לעצטן משפּט און די שטראָפן וואָס גאָט אונדזער האַר וועט דעמאָלט אָנטאָן, זאָגט ער אַז מע זאָל געדענקען זײַנע קנעכט [די אָפּהיטערס] פון דער תורה וואָס ער האָט זיי געגעבן

דורך זײַן קנעכט משה, ווײַל בעת ער וועט אַזוי שטרענג באַשטראָפן יענע וואָס האָבן עובר געווען אויף איר, וועט ער זיי באַשיצן און מוחל זײַן; אָט לפּי די אַלע יסודות האָט דער דאָזיקער זיך אויפגעפירט זינט מע האָט אים אויסגעלערנט די תורה וואָס גאָט האָט געגעבן משהן. דורך האַלטן זי, גלייבן און פאַרבלײַבן אין איר ביזן טויט און מקיים זײַן און דורכפירן אַלע מצוות און מנהגים וואָס זײַנען נייטיק אויף אָפּ־צוהיטן זי, און וואַרטן אויף משיחן וואָס די תורה האָט מבטיח געווען. און גלייבן אַז ער איז נישט געקומען. און פאַרשטיין און גלייבן, אַז דער וואָס די קריסטן רופן אַנטיקריסט איז עס דער משיח וואָס דאַרף קומען, אויף וועמען דער דאָזיקער וואַרט. און אויך גלייבן אַז יעזוס קריסטוס איז דער אַנטיקריסט, הגם אַרײַנקוקנדיק אין די עוואַנגעליעס און וואָס דאָרט ווערט געזאָגט צום באַשטעטיקן גאָטס תורה און אַז ער איז נישט געקומען אויף צו צעשטערן, נאָר זי מקיים צו זײַן און אַז ער האָט נישט געמאַכט קיין געזעץ קעגן איר, זעט מען אַז ער האָט זי נישט אָפּגעוואָרפן.

ווען קאַרבאַכאַל האָט פאַרענדיקט זײַנע דערקלערונגען, האָבן אים די אינקווי־זיטאָרן גענומען אויף אַן אַכזריותדיקן, מיאוסן און ציניש פאַרהער. יעדעס וואָרט זײַנס, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט בײַ דער אויספאָרשונג, אָדער אין די שמועסן מיט דעם שפּיאָן און וואָס האָט געהאַט אַ טאָפּעלן טײַטש, איז גרינטלעך אַנאַליזירט געוואָרן, כדי צו קענען גיכער פעסטשטעלן זײַן שולד, די שולד פון זײַנע קרובים און פון אַנדערע יודאַיִזירערס. היות יוסף לומבראָסאָ האָט געזוכט אַרויסצוראַטעווען דורך אַלערליי תחבולות, זײַן יינגסטע שוועסטער אַניקאַ, האָבן די אינקוויזיטאָרן, אָנווײַזנדיק אויף דעם דיכטערס טיפע רעליגיעזע איבערצײַגונגען, אים פאָרגע־וואָרפן זײַן ברודער־ליבע און האָבן אים געזאָגט, אַז „גאָטס תורה דערלויבט נישט, גיכער אַסרט זי, צו זאָגן אַ ליגן, אַפילו אויף אַרויסצוהייבן זי; איז ווי אַזוי, בעת דער דאָזיקער איז אַזאַ אָפּהיטער פון גאָטס תורה, ווי ער אַליין זאָגט עס, האָט ער געזאָגט אַ ליגן?“.

אַוודאי פאַרדאַמען אַלע אמונות דעם ליגן. קען אָבער געמאָלט זײַן אַזאַ אמונה, וואָס זאָל הייסן געטרײַ זײַן דעם אמת, ווען דורך אים ווערט אויסגעשטעלט צו אַ זיכערן טויט אַ יונג קינד? וועגן דעם האָט זיך געהאַנדלט בײַ קאַרבאַכאַלן. ער האָט טאַקע געפּרוווט, ווי ווײַט זײַן פיזישער ווידערשטאַנד־כוח האָט ער אים דערלויבט און אויך וויפל זײַן תמימות האָט אים נישט פאַרראַטן, אויסצובאַהאַלטן די יידישע „חטאים“ פון אייניקע פערזאָנען. צוליב דעם איז ער, נאָך אַזוינע ברייטע גביית־עדותן ווי זײַנע, אונטערגעוואָרפן געוואָרן פּײַניקונגען פאַר פרעמדע חטאים, in caput alienum, בנוגע דער שולדיקייט פון אַנדערע יודאַיִזירערס.

## 10. קאַרבאַכאַל אין דער פּייניקונג־קאַמער

די אינקוויזיציע־סניגורס, אַפילו די אָביעקטיווע, ווען זיי שטעלן אַרויס אירע מעלות, זאָגן, אַז די פּײַניקונג איז געווען בלויז אַן איינמאָליקע און האָט געדויערט נישט מער פון איין שעה. זיי זײַנען פון דעסט וועגן מודה, אַז זי פלעגט צו מאָל

אויך זיך פאַרצײַען לענגער. בײַ קאַרבאַכאַלן — ווײַט נישט דער איינציקער פאַל — האָט זיך די גסיסה געצויגן אומענדלעך.

דעם 6טן פעברואַר 1596 איז באַשלאָסן געוואָרן דורך די אינקוויזיטאָרן, אונטערצוואַרפן אַן עינוי־פּרווו לויט דע קאַרבאַכאַלן. אויך בײַ אַזאַ טראַגישן מצב האָבן די ריכטערס, וועלכע האָבן דאָך געוואָלט צופּאַסן זייערע מעשים צו די קריסטלעכע רחמנות־פּרינציפּן און באַוואָרענען זיך קעגן אַן אומגליקפאַל, הי־פּאָקריטיש און פײַערלעך דערקלערט — אַזוי האָבן עס געהייסן זייערע כּללים — „אַז אויב אין דער דערמאָנטער פּײַניקונג וועט ער שטאַרבן, צי געשעדיקט ווערן, אָדער עס וועט קומען צו אַ בלוטאויסגוס, אָדער צו אַ באַשעדיקונג פון אַן אבר, זאָל עס פאַלן אויף אים און נישט אויף אונדז, דערפאַר ווײַל ער האָט נישט גע־וואָלט זאָגן דעם אמת".

דער ערשטער פאַרהער אין דער פּײַניקונג־קאַמער איז פאָרגעקומען דעם 8טן פעברואַר און האָט זיך געצויגן פון האַלב צען אין דער פרי ביז צוויי נאָך מיטאָג. קאַרבאַכאַלן, אַן אויפגעטרייסלטער ביזן מאַרך פון זײַנע ביינער „און אַ נאַקעטער, אין הוילן לײַב, בלויז אין לייוונטענע אונטערהויזן, איז געגעבן געוואָרן אַ התראה, כּדי נישט צו דערלאָזן די פּײַניקונג זאָל גיין פאָרויס". ער האָט טאַקע געפּרוווט אויסמײַדן דאָס דאָזיקע און האָט אויסגערעכנט די נעמען פון אייניקע יודאַיזירערס. ער האָט אויך געזאָגט די שירים, וואָס מע פלעגט אָפט רעציטירן בײַ זײַן משפּחה און וואָס האָבן דעם אינהאַלט (עס ווערט געבראַכט דער פולער טעקסט פונעם ערשטן ליד און די אָנהייב־סטראָפעס פון די איבעריקע):

וואָלטן מיר אַ יעדן טאָג אַזוי פיל
געזונגען שבחים צו דעם בורא,
וויפל פרייד ער קען אונדז געבן
און אין אַלץ ער קען פאַרגיטיקן,
וואָלטן צרות אונדזערע נישט אָנגעהאַלטן,
נישט געדויערט וואָלט אַזאַ גרויס שלימזל
פון אַלע זײַנע גיטער וואָלטן מיר גענאָסן,
און זײַן הייליקע שטאָט, ווי לאַנגע
יאָרן האָבן מיר געווינט, באַפעלקערט
אָן שום סכנות און אָן שאָדנס,
בין איך מודה אַז פאַר אומגעהאָרכיק זײַן,
פאַרטריבן זײַנען מיר געוואָרן,
צווישן געצנדינערס אומגעמלטע ווינען מיר,
הונגער און מלחמות גייען אונדז אַנטקעגן,
מיט די משונהדיקסטע אַכזריותן
פון אונדזער לאַנד פאַרטריבן זײַנען מיר געוואָרן;
אומקערן לאָמיר זיך צום האַר, בעל־רחמים,
אונדזער גײַסט מיט תענוג וועט ער אָנפילן.

זינגען לאָמיר אים אַ לויב אין טאָג
וואָס דער האַר האָט אויסגעווײלט פאַר אַ געשאַנק;
דערהייבן לאָמיר זײַן הייליקן און גלײַכן וועג,
ווײַל בלויז אונדז האָט ער אָנגעטרויט
פון אַלע דורות וואָס ער האָט באַשאַפן
נאָר ישראל איז אים ווילגעפעלן
פאַרמערנדיק אַזוי זײַן דור, אַז מער
ווי שטערן אינעם הימל זײַנען זיי;
נישט אָפּנאַרן וועט אונדז די האָפענונג,
דאָס צוגעזאָגטע קען נישט פעלן,
גאָר גיך פון גוטס וועלן מיר געניסן
אויב מיר וועלן גוט און פרום זײַן,
ווײַל ווער עס האָט אין גאָט בטחון, דער
אַלץ באַקומט, בתנאי ער זאָל נישט אויסקוקן דערויף;
גיב גאָט, אין אים בטחון מיר זאָלן תמיד האָבן
און זײַן הייליקע תורה זאָלן מיר היטן;
צוגעזאָגט האָט אונדז דער האַר, אויב
אומקערן מיר וועלן זיך צו דער תורה פון זײַן
הייליקן רצון מיט האַרץ און מיט נשמה,
וועט ער זײַן רצון מוזן דורכזעצן.
אויב מיט צדק בעטן מיר אַ טובה
ווען מיר זײַנען אין אַ גרויסן אומגליק
וועט ער תיכף אונדז אויפזאַמלען
פון צפון, דרום, מערב און פון מזרח,
סאַראַ נאָך סימנים ווילן מיר ער זאָל באַווײַזן
כדי אונדזער חוב צו אָנערקענען
ווי פאַרהייליקן אָט יענעם טאָג מיר דאַרפן
מיטן גאַנצן האַרצן און אויך מיט דער נשמה;
ווײַל דער האַר פאַרוועדט אונדז, בײַ אים
דעם אויסהאַלט און פאַרזאָרגונג זוכן;
לאָמיר זינגענדיק אים אָפּגעבן די שבחים
פאַר דעם האַר וואָס גאַלע טובות טוט ער אונדז.

## צווייטער שיר

רעכט איז, אַז תמיד לויבן זאָל מײַן צונג
דעם האַר וואָס האָט זי אונדז געגעבן,
און מיט הימנען און תהילים דערהייבן דעם
וואָס איבער טיפעניש פון האַרץ ער הערשט.

אויב ס׳איז דאָ אַ זינען אין דעם לערנען
די וואָס גייען נישט אין גלייַכן וועג,
ווייסט מען עס צוליב דעם לייענען,
בעסער אָבער איז צו זען עס מיט די אויגן.

## דריטער שיר

אויסגעקריצט האָב איך אין האַרצן
דעם נאָמען פון דעם האַר דעם הייליקן,
און באַלד איך פיל זיך נאָר אַ חלוש,
אין **אים** איך טראַכט און ווער גלייַך פריילעך;
דערמאָן איך זיך די צייַט ווען לערנען מיך
האָט געמיינט מיך באַפרייַען פון מצרים,
און זען אַז מי שהיה הוא שהוא
(ווער געווען דער איז אויך איצט)
וואַרט איך טאַקע אויף בעסערע צייַטן.

## פערטער שיר

אויף דעם חנעוודיקסטן און העכסטן שפּיץ
פון באַרג רפידים, תפילה האָט געטאָן
דער הייליקסטער און ערשטער נביא
וועמען גאָט די תורה האָט געגעבן
בעת דער העלדישער יהושוע
מיטן שונא האָט געקעמפט;
און ווען משה האָט הענט צום הימל אויפגעהויבן,
האָט יהושוע דעם קאַמף געוווּנען.

## פינפטער שיר

אויפגעשטאַנען זייַנען אין...
זעקס שבטים פון ישראל און געענטפערט
מיט קלאָרער שטים און הויך געשריי
די לוויים וואָס האָבן זיי געבענטשט;
און אין חווה (?) אָפּגעזונדערט זייַנען געשטאַנען
די זעקס אַנדערע און צוגעשטימט בקול רם,
אַז פאַרשאָלטן זאָל ווערן יענער
וואָס גאָט דעם האַר ער פאָלגט נישט.

## זעקסטער שיר

קיינער קען גאָר נישט באַנעמען
ווי ווייל עס איז און תענוגדיק
צו גיין אין יענעם וווּנדערלעכן וועג
דורך וואַנען גאָט האָט גיין באַפוילן;
זייער געשמאַק איז זי, גאָטס תורה,
און ווער זי לעסטערן דערוועגט זיך,
געלעסטערט בלייבט דאָס גאַנצע לעבן
אָן אַ שיער און אָן אַ מאָס.

## זיבעטער שיר

געפעלן דיר, הייסט עס, האָר מײַנער געזאַנגען נײַע,
ווי טאָן גוטע מעשים אַלע טאָג,
ערגעץ דאָרטן צווישן דײַנע הייליקע
דײַן נאָמען לויבן וועל איך יעדן טאָג;
מאַך אַ סוף, אַלמעכטיקער, צו אונדזערע געקלאָגן,
זאָמל אויף אונדז אין דײַן הייליקער באַגלייטונג
און צאָל אונדז נישט אַזוי ווי מיר פאַרדינען,
ווײַל גרויס איז אונדזער גלייבן אין דיר.

## אַכטער שיר

בײַ מיר אין האַרצן אָפּגעמאַכט איז
זינט ראש־השנה דעם הײַ־יאָריקן
נישט לאָזן זיך פאַרפירן מער
דורכן שונא פונעם גוטן מענטשן־גײַסט,
בעסער מיט דער הילף פונעם אייבערשטן,
הייליקן, אַלמעכטיקן און סווערענעם,
וואָרט איך צו טאָן אַלץ אַזוי באַרעכנט,
אַז די מחשבה זאָל אין גאָר נישט בלאָנדזשען.

## נײַנטער שיר

עס שטרענגט זיך אָן און ווערט געשטאַרקט מײַן שוואַכער אָטעם,
מײַן הייזעריקע ברוסט ווערט קלאָר און פריידיק,
דער שכל מײַנער ליכטיק איז געלײַטערט,
באַרירט נשמה, לשון און מײַן פאַרנונפט,
און אויך דאָס האַרץ, ווײַל מיט נײַער קראַפט

און מיט אַ פרישער מאַכט, הייבט אָן
הילף דיך בעטן און דיך רופן
גאָט, צו קענען רימען דיך און לויבן.

מיט דעם ביסל נעמען פון יודאַיזירערס וואָס ער האָט אָנגעגעבן, און מיט די שירים וואָס ער האָט ציטירט, האָט קאַרבאַכאַל גישט באַפרידיקט די אינקוויזיטאָרישע פאָדערונגען. זײַנע אַלע בקשות צו גאָט, ווי זײַנע פאַרזיכערונגען, אַז ער האָט געזאָגט דעם גאַנצן אמת, האָבן צו גאָר נישט געגוצט. מע האָט אים אויסגעטאָן נאַקעט, אָוועקגעלייגט אין דער שרויפמאַשין און אויף ס׳נײַ אים געוואָרנט, ער זאָל דערציילן וואָס ער ווייס וועגן די יידישע חטאים פון אַנדערע יודאַיזירערס. הגם איידער נאָך ס׳איז באַפוילן געוואָרן צו מאַכן דעם „ערשטן צושרויף!״, איז אַ שוידער דורכגעלאָזן דורך זײַן לײַב און אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זײַן גוף, האָט ער דאָך אויסגעהאַלטן דעם אוממענטשלעכן ווייטיק, וואָס דאָס אײַנבײַסן זיך פון די שטריק אין בלויזן לײַב האָט אים פאַרשאַפט אין משך פון דעם ערשטן, צווייטן און דריטן אַרומדריי פון דער פּײַניקונג־מאַשין. בײַם פערטן אָבער, ווען צו די אומבאַשרײַבלעכע לײַדן פון זײַן צעבלוטיקטן פלייש איז צוגעקומען דער שנײַדיקער ווייטיק פון זײַנע אויסגעלענקטע ביינער־שלעסער, האָט ער באַשלאָסן זיך אונטערצוּוואַרפן דעם ווילן פון די אינקוויזיטאָרס, וועלכע האָבן טאַקע באַלד באַפוילן אָפּצושטעלן די פּײַניקונג, און קאַרבאַכאַל האָט אָנגעהויבן זײַן גבֿית־עדות. בײַ דעם דאָזיקן פאַרהער האָט ער קיין סך נישט דערציילט צוליב דער שפּעטער שעה. פון דעסט וועגן האָבן זײַנע גנעדיקע פּײַניקערס בײַם גיין צו מיטאָג, באַפוילן „ער זאָל זיך אָנטאָן, כדי ער זאָל נישט בלײַבן נאַקעט און ווײַל עס איז קאַלט״. זיי האָבן אָבער, טראָץ זייער רחמנות, נישט באַפוילן צו געבן אים עסן.

דעם 8טן פעברואַר, האַלב פיר בײַ טאָג, האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער פאַרהער אין דער פּײַניקונג־קאַמער, וואָס האָט זיך געענדיקט זיבן אַ זייגער. מע האָט קאַרבאַכאַלן נישט געלייגט אויף דער שרויפמאַשין, ווײַל נאָך דער פאַרמיטיקדיקער „צושרויפונג״ האָט ער גאַנץ צופרידנשטעלנדיק געענטפערט אויף די אינקוויזיטאָרס פראַגעס.

דעם 9טן פעברואַר, האַלב נײַן אין דער פרי, האָט מען דעם מעקסיקאַנער יידישן מיסטיקער ווידער געבראַכט אין יענעם שוידערלעכן קאַזעמאַט, וואָס בײַם בלויזן דערמאָנען אים ווערט מען דערציטערט. ווי בײַ די פריערדיקע פאַרהערן, האָט ער זיך אויך דאָס מאָל מודה געווען אין אַלץ וואָס די אינקוויזיטאָרן האָבן פון אים דערוואַרט, „און צוליב דער שפּעטער שעה, אַרום האַלב צוועלף אין דער פרי, מער אָדער ווייניקער, האָט זיך די אויפגאַבע פאַרענדיקט, מיטן אויסזיכט צו באַנײַען זי מאָרגן, שבת אין דער פרי, און מע האָט באַפוילן אַוועקצונעמען דעם דערמאָנטן לויס דע קאַרבאַכאַל אין תפיסה אַרײַן, מיט אַ שטרענגער התראה, ער זאָל לופטערן זײַן זכרון״.

שבת, דעם 10טן פעברואַר, איז פאָרגעקומען אין דעם גרויליקן קעלער דער פערטער פאַרהער. קאַרבאַכאַל האָט ווידער באַפרידיקט די אינקוויזיטאָרן מיט זײַנע ענטפערס. אַזוי איז עס אויך געווען בײַם פינפטן פאַרהער. בײַם זעקסטן אָבער, פונעם 12טן פעברואַר, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ צוריקגעהאַלטנקייט. די אינקוויזיטאָרן האָבן גלײַך באַפוילן אָוועקצוליגן אים אויף דער שרויפבאַנק. געפינענדיק זיך אין דער פּײַניקונג־מאַשין, האָט ער ממשיך געווען זײַנע גבֿית־עדותן, וועלכע זײַנען איבערגעריסן געוואָרן, „ווײַל ער איז געווען נאַקעט און מאָגער צוליב זײַנע ייִדישע תעניתים און ווײַל ס'איז שוין געווען האַלב צוועלף און מחמת ער האָט צוגעזאָגט צו זאָגן דעם אמת. מע האָט געהייסן אַרײַנגיין דעם דינער, ער זאָל אים אַוועקנעמען און אָפּרוקן פון דער שרויפמאַשין, און זאָל אים געבן דאָס אָנטועכץ. די דאָזיקע פּראָצעדור איז איבערגעריסן געוואָרן, כּדי זי ווידער אָנצוהייבן בײַ טאָג. נאָך דעם האָט מען באַפוילן צו ברענגען אים אין זײַן קאַרצער און אים קיין עסן נישט געבן".

איז דאָס נישט קיין באַשײַמפּערלעכער באַווײַז פון דער הומאַניטאַרישקייט, וואָס ווערט אַזוי שטאַרק אַרויסגעהייבן דורך די פאַרטיידיקערס פון „הייליקן טריבונאַל", פון די הערן אינקוויזיטאָרן? די ציווילע טריבונאַלן, וואָס האָבן כּלל נישט געזוכט צו דערלייזן נשמות, וואָלטן זיכער נישט געווען אָנגעווענדט אַזאַ „קנס" פאַר אַ געפּײַניקטן אַרעסטאַנט.

דרײַ אַ זייגער נאָך מיטאָג, אין דעם זעלביקן טאָג, האָט זיך אָנגעהויבן דער זיבעטער פאַרהער אין דער פּײַניקונג־קאַמער. לויט דע קאַרבאַכאַל האָט ווײַטער באַפרידיקט די אינקוויזיטאָרן מיט זײַנע דערקלערונגען. „און ווײַל עס איז געווען האַלב זעקס נאָך מיטאָג, מער אָדער ווייניקער, האָט די פּראָצעדור אויפגעהערט, מיטן תּנאַי זי ממשיך צו זײַן צו מאָרגנס, און אַז מע זאָל דעם דערמאַנטן לויט דע קאַרבאַכאַל געבן דרײַ בויגן פּאַפּיר, רובריקירטע פון מיר, דעם דערמאָנטן סעקרעטאַר, כּדי ער זאָל אין זיי פאַרצייכענען און פאַרשרײַבן. און מע האָט זיי אים טאַקע געגעבן. און נאָך דעם האָט מען באַפוילן אים אָפּצופירן אין תּפיסה, כּדי ער זאָל אין די דערמאָנטע דרײַ בויגנס אַרײַנשטעלן די נעמען פון די אי־בעריקע מענטשן וואָס ער ווייס זיך דערמאָנען, אַז זיי היטן תּורת משה. און בײַם אַרויסגיין פון דער פּײַניקונג־קאַמער, האָט דער דערמאָנטער לויט דע קאַרבאַכאַל געבעטן מער צײַט. און מע האָט אים דאָס געגעבן, באַשטימענדיק מאָרגן דינסטיק דעם גאַנצן טאָג".

אַ דאַנק דער העפלעכקייט פון די אינקוויזיטאָרס וואָס האָבן פאַרלענגערט דעם טערמין — ווידער אַ פעסטער באַווײַז פאַר זייער אויסערגעוויינלעכער גוטס־קייט — וועלכן מע האָט געגעבן קאַרבאַכאַלן ער זאָל באַשטימען בכתב זײַנע מסירות, האָט ער בײַם אַכטן פאַרהער, וועלכער איז פאָרגעקומען דעם 14טן פעברואַר, אויסגעגעבן די נעמען און סימנים פון נאָך עטלעכע יודאַיזירערס. ער האָט אויך אויפגעשריבן די פערזן וועגן „תּורת משה" אין אַ געמיש פון שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש, און וואָס לייענען זיך אַזוי:

צו דיר בורא עולם מיר רופן
מיט קולות און געשרייען
ווײַל גרויס איז אונדזער צער,
הער, מיר פאַלן אין אָנמאַכט
אויב הילף וועט נישט קומען,
ווי די פאַרלוירענע קרעאַטורן
די יתומים אומבאַשיצטע,
די באַצערטע אַלמנות,
די יונגפרויען דערשלאָגן,
די יתומים אומבאַשיצטע
און אַנדערע, נאָך ערגער
אין שוידערלעכע תפיסות
זיי זעען שוין נישט די שײַן,
מכות רצח ווערן זיי געשלאָגן
און די שווערע תפיסות
אויף אונדזערע הערצער שווערן
אָנגעשראָקן און פאַרציטערט,
פון זאָרגן אייביקע און
פון יסורים אָן אַ שיער
ווײַל מיר דײַן ליבע גאַרן;
פאַרשפּעטיק נישט דײַן חסד
גאָט דו בורא עולם,
רפואה שיק צו אונדזער ווייטיק
און שטיל דײַן צאָרן אײַן
ווי דײַן הבטחה איז געווען
האַלט נישט אין חשבון אונדזער טעות,
ווײַל צו דיר מיר ווענדן זיך,
וואָס דו ווייסט מיר בלאָנדזשען
וויפל מאָל אין יעדן טאָג;
ווי דעם האַר מיר זאָגן ווידוי
און דײַן נאָמען מיר דערמאָנען.
סײַ בײַ טאָג און סײַ בײַ נאַכט,
נעם אונדז אויף ווי זינדיקע
מיר טוען אָבער תשובה;
קוק נישט אויף דעם עבר,
באַנוץ זיך, האַר, מיט רחמים
ווי דו טוסט עס שטענדיק.

די אינקוויזיטאָרן האָבן זיך אָבער נישט צופרידנגעשטעלט מיט די אַלע גביית־עדותן און תפילות און, ביים פאַרהער פונעם 15טן פעברואַר אין זיצונג־זאַל, „האָט מען אים געפרעגט, צי געדענקט ער עפּעס פון זיין עניין, זאָל ער זאָגן און [דווקא] דעם אמת, אונטער דער שבועה וואָס ער האָט געהאַט אָפּגעגעבן". קאַרבאַכאַל האָט דערויף געענטפערט, „אַז ער האָט שוין בעת דער פּייניקונג גע־האָט געזאָגט זייער האַרשאַפט, אַז ווי גאָט איז זיי ליב זאָלן זיי אים נישט ברענ־גען צו דעם, ער זאָל דאַרפן זאָגן ליגן. אַזוי איז אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט, זינט דער שעה וואָס מע האָט אים אָנגעהויבן פּייניקן, אַ ליגן. דאָס דערקלערט ער, כדי ריינצווואַשן זיין געוויסן, ווילנדיק גיכער שטאַרבן ביי דער פּייניקונג איידער גיין אין גיהנום". טראָץ דער דאָזיקער העלדישער דערקלערונג האָט ער, נאָך אַ קור־צער אויספאָרשונג וועגן די סיבות וואָס האָבן אים געבראַכט צו לייקענען זיינע גביית־עדותן, ווידער אַ מאָל די באַשטעטיקט און ער איז צוריקגעפירט געוואָרן אין זיין טרויעריקער צעל.

## 11. דער פּאָעט פּרוּווט באַגיין זעלבסטמאָרד

ער האָט זיך קוים געשלעפּט אויף די פיס, ווייל ער איז געווען אין גאַנצן אויסגעשעפּט. ער האָט געפילט אַן עקל צו זיך אַליין און אַ ריס אין זיין נשמה, ביים פאָרשטעלן זיך בלויז זיין מוטער און זיינע שוועסטערס, וועלכע ער האָט פאַרגעטערט, נאַקעטע און פאַרמוטשעטע, טיילווייז, צוליב זיין שולד. דער דאָזי־קער געדאַנק האָט אים אַזוי דערשלאָגן, אַז ער האָט באַשלאָסן אויפן אָרט צו נע־מען זיך דאָס לעבן. ער האָט זיך אָבער בלויז פאַרוווּנדיקט. מע האָט אים, בכן, צוריקגעפירט אין זיין פאַרחושכטער דירה.

צו מאָרגנס, דעם 16טן פעברואַר, האָט לויִס דע קאַרבאַכאַל געבעטן, דורך דער פאַרמיטלונג פונעם תפיסה־פאַרוואַלטער, מע זאָל אים אויסהערן אין זיין צעל, מחמת נאָך דעם דורכגעפאַלענעם זעלבסטמאָרד קען ער זיך נישט קיין ריר טאָן. חוץ דעם דאָזיקן חסד, האָט ער אויך געבעטן, אַז „דער אינקוויזיטאָר אַלאָנסאָ דע פּעראַלטאַ זאָל נישט בייזיין ביי זיין אָפּגעבן דערקלערונגען, ווייל עס ציטערט אויף אים די הויט ביים זען אים [און ביים איבערלעבן] זיין שטרענגקייט". די הומאַניטאַרע געפילן פון די אינקוויזיטאָרן — אַ מאָל האָבן זיי דאָך געדאַרפט אַרויפשווימען — האָבן גובר געווען די רוגזה און בלויז דער אינקוויזיטאָר לאָבאָ גערעראָ (זייער כאַראַקטעריסטיש, אויף שפּאַניש באַדייט דער נאָמען — קריגע־רישער וואָלף) איז אַראָפּ אין קאַרבאַכאַלס צעל. דער אומגליקלעכער אַרעסטאַנט האָט ענדגילטיק באַשטעטיקט זיינע גביית־עדותן און האָט פאַרדאַמט זיין זעלבסט־מאָרד־פּרוּוו, „ווייל עס איז אַ סך אַ גרעסערער חטא צו נעמען זיך אַליין דאָס לעבן און שטאַרבן אין פאַרצווייפלונג ווי פאַלש עדות זאָגן, ווען ער זאָל עס געווען זאָגן, בפרט נאָך ווען ער האָט עס נישט געטאָן, נאָר געזאָגט דעם ריינעם אמת וועלכן ער וויל, ווי געזאָגט, ראַטיפיצירן".

## ‏12. טעאָלאָגישע דעבאַטעס צווישן יידישן מיסטיקער און קאַטוילישע גלחים

דערמיט האָט זיך נאָך פאַר לויסן נישט פאַרענדיקט דער גיהנום פון די אויספאָרשונגען. זיי האָבן שוין קיין עק נישט געגומען ביז צו זײַן שוידערלעכן טויט אויפן שײַטער, הגם דער פּסק־דין קעגן אים איז נאָך אַרויסגעטראָגן געוואָרן דעם 23סטן פעברואַר 1596. די אינקוויזיטאָרישע בשמות האָבן זיך דאָך געפילט באַצערט פון קאַרבאַכאַלס נאָענטן טויט „אין דער ייִדישער בלינדקייט"; האָבן זיי, בכן, באַשלאָסן נאָך אַ מאָל פּרוּוון אַרײַנצופירן אים אין דער קאַטוילי־שער אמונה. אויף צו דערגרייכן עס — און דערין איז באמת נישט געווען קיין זכר פון היפּאָקריטישקייט — האָבן זיי, צו מאַרגנס נאָכן אַרויסטראָגן דעם פּסק־דין, אײַנגעאָרדנט אַ פּאָלעמישן צוזאַמענטרעף צווישן די בעסטע מעקסיקאַנער טעאָלאָגן און דעם אומגליקלעכן ייִדישן דיכטער און מיסטיקער. די טעאָלאָגן, „אָפּזײַענדיק מיט אים דרײַ מיט אַ האַלבער שעה, נאָך דעם ווי זיי האָבן געענט־פערט אויף זײַנע ספקות, האָבן אים געפרעגט וואָס אַזוינס ער וויל האַלטן און גלייבן? ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל האַלטן און גלייבן, לעבן און שטאַרבן אין דער תורה וואָס גאָט, אונדזער האַר, האָט געגעבן צו משה רבנו".

אויך נאָך דעם טעאָלאָגישן וויכוח האָבן די אויספאָרשונגען אָנגעהאַלטן אויף אַרויסצוקריגן פונעם אַרעסטירטן מער פּרטים וועגן די געהיימע ייִדן אין דעם מעקסיקאַנער וויצע־קעניגטום. היות יוסף לומבראָסאָ, לויטן קריסטלעכן נאָמען לויס דע קאַרבאַכאַל, האָט, טראָץ אַלע התראות „ער זאָל זאָגן דעם אמת אונטערן דרוק פון דער שבועה וואָס ער האָט געשוווירן", גאַרנישט מוסיף געווען צו די פריִערדיקע גבֿית־עדותן, האָט מען אים — אין הסכם מיטן אינקוויזיטאָרישן מעטאָד — איבערגעגעבן אַן אויסצוג פון די אַקטן פון זײַן פּראָצעס, אָבער אָן די נעמען און פאַמיליען־נעמען פון יענע וואָס האָבן עדות געזאָגט קעגן אים. אָט אויף אַזאַ אופן האָט מען אים צווויסן געטאָן, אַז זײַן משפּט איז דערגאַנגען צום טראַגישן קלימאַקס. אָבער אויך אין דעם פאַל האָט דער „הייליקער טריבונאַל" געהאַנדלט מיט אַ היכן הומאַניטאַרן געפיל און טיפן דרך־ארץ פאַר די יורידישע כללים. אַ סימן, ס'איז באַשטימט געוואָרן פאַר אים „אַן אַדוואָקאַט פון דער אינקוויזיציע"". דאָס ערשטע וואָס דער פאַרטיידיקער האָט אויפגעטאָן, איז באַ־שטאַנען אין מסביר צו זײַן אים „ווי בלינד ער איז געווען מיטן וועלן פאַרטיידיקן אַליין דאָס וואָס ער האָט פאַרטיידיקט, קעגן אַלץ וואָס עס באַפעלט, האַלט און גלייבט די הייליקע קאַטוילישע און רוימישע מוטער־קירך, אַ באַלויכטענע דורך דעם הייליקן גײַסט. און אַז, ווי גאָט איז אים ליב, זאָל ער עפענען די אויגן און פאַרשטיין, אַז ער זאָל נישט וועלן אַוועק ווײַטער אין זײַן בלינדקייט, ווײַל ער פאַרמשפּט זיך [אויף אייביק גלויבנדיק] אין תורת משה און נישט גלויבנדיק אין דער לערע פון אונדזער דערלייזער יעזוס קריסטוס. און נאָך דעם וואָס מען האָט אים געמאַכט נאָך אַנדערע הייליקע התראות האָט דער דערמאָנטער לויס

דע קאַרבאַכאַל״, וועלכער האָט גוט געוווּסט ווי עס האַלט מיט זײַן משפּט, דערלאַנגט אַ שטוינענדיקן כתב, די צוואה פֿון זײַנע גלייבונגען, וואָס ער האָט לכתחילה געהאַט צוגעגרייט, ווײַל ער האָט מורא געהאַט אַז די קומענדיקע דורות, אָדער טאַקע אדני גופא, קענען זיך טועה זײַן מכוח זײַן אמתער אמונה אין דער שעה פֿון זײַן טויט.

## 13. די צוואה וועגן לומבראָסאָס גלויבן

דאָס איז זייער אַ וויכטיקער ליטעראַרישער ווי וויסנשאַפֿטלעכער דאָקומענט. פֿון דעם אופֿן ווי ער איז אָנגעשריבן איז צו זען, אַז דער מחבר איז אַ טאַלאַנטירטער שרײַבער און אַ טיפֿער תנך־קענער, הגם זײַן נוסח שטאַמט פֿון אַ תנך, געקויפֿט בײַ אַ קאַטוילישן גלח. ער ציטירט, בכן, אויך נישט־קאַנאָניזירטע נביאים ווי טוביה און ברוך. די עקספּאָזע איז אַ לויטערע און פּליסט מיט אַ לאָגישער געקייטלטקייט און שטײַגנדיקן ריטם. די וויסנשאַפֿטלעך־טעאָלאָגישע זײַט איז אין ענגער שײַכות מיט דעם רעליגיעזן שטאַנדפּונקט פֿון די אָרטאָדאָקסישע מאמינים — מצד יוסף לומבראָסאָ ווי מצד די אינקוויזיטאָרן להבדיל — פֿון יענער צײַט ווי פֿון דער הײַנטיקער. פֿאַר בײדע גילטן די כתבי־הקודש ווי דער אויטאָריזירטסטער מקור. פֿאַר יוסף לומבראָסאָ — בלויז דער תנ״ך, פֿאַר די אינקוויזיטאָרן — דער תנך מיטן ברית חדשה. בײדע זענען אָבער אײַנפֿאַרשטאַנען, אַז דער עיקרדיקער און לויטערער אמונה־קוואַל איז דער תנך. דער גאַנצער רעליגיעזער וויכוח, וועלכער האָט פֿאַרשאַפֿט דער מענטשהייט אַזוי פֿיל צרות וואָלט, בכן, — ווען ער וואָלט נישט אַרויס פֿון תחום — זיך באַגרענעצט אויף דער ריכטיקער אויסטײַטשונג פֿון די כתבי־הקודש־פּסוקים. ווער עס וואָלט געפֿונען דעם פּינקטלעכן טײַטש וואָלט נישט נאָר געגאַנגען אין דרך־הישר, נאָר וואָלט זיך אויך פֿאַרזיכערט מיט דערלייזונג אָדער מיט תחית־המתים. אָט דאָס וויל יוסף לומבראָסאָ דערווײַזן מיט זײַנע לאַטײַנישע ציטאַטן פֿון זײַן צוואה, דעם אויסערגעוויינטלעכן רעליגיעז־היסטאָרישן דאָקומענט פֿון 16טן י״ה.

יוסף לומבראָסאָס צוואה איז אַ מוטיקער און ווערדיקער אויסדרוק פֿון איינעם וואָס האַלט זיך פֿאַר דעם אויטענטישן רעפּרעזענטאַנט פֿון דער אמונה וואָס איז געווען דאָס וויגעלע פֿון דער קריסטלעכער רעליגיע, וועלכע האָט טראָץ דעם — לויט ווי ער גלייבט — דעפֿאָרמירט איר זינען. ווי אַזוי קען מען אָבער צונויפֿפּאָרן די ערנסטקייט, די הויכע מדרגה און די גבורה פֿון זײַן צוואה מיט זײַן אויפֿפֿירונג כלפּי זײַנע אַכזריותדיקע שופֿטים?

לאָמיר בעסער דורכלאָזן אָט די באַטראַכטונגען אין אַ געשיכטלעכער אַרבעט — איז עס דאָך אויך אַ הײַנטיקע פּראָבלעם — און זיך פֿאַרטיפֿן בײַם דורכלייענען די צוואה פֿון דעם אומגליקלעכן ייִדישן דיכטער און מיסטיקער אין אַמעריקע, אונטער דער אינקוויזיטאָרישער ממשלה:

העכסטער און סוווערענער בורא שמים וארץ, קעגן וועמענס ווילן קיין שום זאַך וואָס דו האָסט באַשאַפן קען נישט בײַשטיין, און אָן אים וואָלטן די מענטשן, עופות, חיות און בהמות נישט געקענט לעבן אויף דער וועלט, וואָס ווען נישט דײַן ליבשאַפט און ווילן זאָל אויפהאַלטן און אויסדרן די עלעמענטן, וואָלטן זיך די הימלען צונויפגעגאָסן און וואָלטן פאַרלוירן זייער גאַנג און זייערע נאַטירלעכע באַוועגונגען, די גאַנצע ערד וואָלט געציטערט, די באַרגשפּיצן און גרויסע הויכקייטן וואָלטן זיך צעפאַלן, די ים־וואַסערן וואָלטן פאַרדעקט די יבשה און די לעבעדיקע ברואים וואָלטן קיין מאָל נישט געהאַט אויף וואָס זיך צו האַלטן. און דו מיט דײַן אומענדלעכער גוטסקייט און רחמים, באַפעלסט און האַלטסט אויף אַלץ, נישט מחמת דו דאַרפסט עס פאַר זיך, נאָר פאַרן ווויל פון אַלעמען און פאַר מענטשלעכער געניסונג. און ווײַל דו באַנוצסט אַזוי פיל חסד און אומענדלעכן רחמנות מיט זיי, בעט איך דיך, דער אָרעמסטער און נישטיקסטער פון אַלע, און וויל פון דיר ווי אַ נדבה, אַז אין דעם סכנהדיקן מאָמענט פון מײַן טויט וועלכן איך גיי אויפנעמען כדי צו אַכפּערן דײַן הייליקסטן נאָמען און די אמתע תורה, זאָלסט מיך נישט לאָזן שוצלאָז; נעם־אָן פאַר אַ קרבן אָט דאָס אָרעמע לעבן, וואָס דו האָסט מיר געגעבן. זאָלסט נישט קוקן אויף מײַנע אומצאָליקע חטאים, נאָר אויף דײַן רחמים און אויף דער אומשטאַרבלעכער נשמה, וואָס אין דײַן געשטאַלט האָסטו זי באַשאַפן פאַר יענעם אייביקן לעבן, פאַר וועלכער איך בעט מחילה. און זאָלסט זי אויפנעמען ווען זי וועט זיך געפינען מחוץ דעם שטאַרביקן גוף. בײַם אויסדרן מײַן צוואה און לעצטן ענד־לעכן ווילן און בײַם אָפּשליסן דעפיניטיוו, שרײַב איך און צייכן די רעליגיעזע אמתן אין וועלכע איך גלייב און בין גרייט צו שטאַרבן האָבנדיק דיך פאַר די אויגן.

א) ערשטנס גלייב איך אין איין און איינציקן אַלמעכטיקן און אמתן גאָט. דער באַשאַפער פון הימל, ערד און ים און פון אַלע אָנזעעוודיקע ווי ניט־אָנזעעוודיקע זאַכן, און איך פאַרשילט דעם שטן און אַלע זײַנע שווינדלערײַען.

ב) צווייטנס גלייב איך, אַז גאָט אונדזער האַר און בורא־עולם איז איינער און נישט מער; דברים ד׳: הער, ישראל, דײַן האַר גאָט איז איינער און נישטאָ קיין אַנדערער. ער, ער איז דער זעלבער גאָט פון די הימלען אויבן און אויף דער ערד פון אונטן. ער, ער אַליין איז גאָט און נישט קיין אַנדערער; דברים, ל״ב. [איצט זעט אַז איך, איך בין, און נישטאָ קיין געטער מיט מיר; איך מאַך שטאַרבן און איך מאַך לעבן; איך פאַרוווּנד און איך הייל; און קיינער קען זיך פון מײַן האַנט נישט באַפרײַען].

ג) דריטנס גלייב איך, אַז גאָט אונדזער האַרס תורה וואָס די קריסטן רופן־אָן משהס טויטע [תורה], איז לעבעדיק און אין־סופיק, ווי עס שטייט געשריבן אין אַלע הייליקע חמשה חומשי תורה. ווו דעם אייבערשטנס חתימה פון זײַן נאָמען [געפינט זיך] אויף טויזנט ערטער, אנכי, ה׳ אאַז״וו. זאָגט און באַפעלט אָפּצוהיטן זי אויף דור־דורות, ד״ה: אויף לעולם ועד; דער הייליקער דוד זאָגט עדות אויף דעם, תהילים ק״י, ווו ער זאָגט: אמת זײַנען אַלע זײַנע געבאָטן אײַנגעשטעלט אויף תמיד און אָן אַ שיִער מעשים און אמת און אין גלײַכקייט אאַז״וו. [טעקסטועל זאָגט זיך: אויף תמיד האָט ער באַפוילן זײַן אָפּמאַך (כורת ברית געווען): הייליק און גרויזאַם איז זײַן נאָמען],[5] און אין אַ סך אַנדערע ערטער, [מלאכי, ג׳, ו׳: ווײַל איך גאָט האָב נישט געענדערט און איר, בני־יעקב, זײַט נישט פאַרלענדט געוואָרן] און דאָס וואָס די קריסטן זאָגן אַז די צערעמאָניאַל־ און משפּט־באַגריפן זײַנען טויט און זײַנען

[5] קיין איינער פון די צוויי נוסחאות איז נישטאָ אין דעם יידישן טעקסט פון תהילים ק״י (110); ער שטאַמט פון קאַפּיטל 111 פון קריסטלעכן טעקסט.

שוין אָפּגעלעבט איז להיפוך צו איינעם פון זייערע אייגענע עוואַנגעליעס, ווו עס זאָגט זיך [מתי: ווײַל דעם אמת זאָג איך אײַך, אַז ביז הימל און ערד וועלן אונטערגיין וועט קיין שום קוצו של יוד פון דער תורה נישט אונטערגיין], און ס'איז אַ גרויסע חוצפּה פון די מענטשן צו וועלן בײַטן די געבאָטן פון גאָט אונדזער האַר, ווײַל דאָס איז אַן אומכבוד פאַרן געזעצגעבער. מיר טאָרן נישט צוגעבן נישט אַראָפּנעמען קיין זאַך און דאָס איז אַ בפירושער באַפעל פון גאָט אונדזער האַר אין דברים [ד' ב': היט אײַך צו טאָן אַלץ וואָס איך באַפעל אײַך: איר זאָלט גאָרנישט מוסיף זײַן און גאָרנישט פאַרמינערן].

פערטנס גלייב איך אַז מאַכן ווּלכע עס איז געטשקעס און בילדער און פאַר־געטערן זיי איז דער גרעסטער חטא, ווײַל דאָס איז פּונקט אַ זאַך וואָס איז קעגן גאָט אונדזער האַרס געבאָט: שמות און דברים ו' אָדער ז'. [זאָלסט דיר נישט מאַכן קיין אָפּבילד, נישט קיין שום געשטאַלט וואָס זאָל זײַן ענלעך צו אַ זאַך וואָס איז אויבן אין הימל, נישט אונטן אויף דער ערד, נישט אין די וואַסערן, אונטער דער ערד. ווײַטער קומען אייניקע לאַטײַנישע פּסוקים — פאַרדרייטע — פון ירמיהו, ו', תהילים קי"ב], און דאָס וואָס די קריסטן זאָגן קעגן דעם איז אַפּיקורסות און אויב איך זאָל גלייבן אין דעם, זאָל גאָט מיר הייסן טײַער באַצאָלן דערפאַר, ווײַל ער האָט מיר שוין אָנגעוויזן אין וואָס איך דאַרף גלייבן [ווידער אַ שלעכטער לאַטײַן, וואָס מיינט: זיי האָבן געבראַכט קרבנות צו די שדים, נישט צו גאָט; צו געטער וואָס זיי האָבן נישט געקענט, צו נײַע געטער וואָס קומען פון נאָענט און וואָס אונדזערע אָבות האָבן נישט געהאַט].עד, ווער ער איז, זאָל מיך האַלטן מיט זײַן הייליקער האַנט: דברים. עס וועט צווישן אײַך נישט זײַן קיין מאַן אָדער פרוי וועמענס האַרץ זאָל זיך דערווײַטערן פון גאָט אונדזער האַר און זאָל ווערן דער שורש וואָס גע־בוירט גאַל און ביטערקייט און זאָל מאַכן אָדער פאַרגעטערן ווּלכן עס איז אָפּגאָט, ווײַל גאָטס צאָרן און רוגזה וועט וואַקסן אאַז"וו. חוץ דעם זאָג איך: אַז ווען אַ מענטש בצורת אַ מלאך פון ליכט, זאָל מיר זאָגן, אַז דאָס אָפּהיטן שבת קודש, וואָס איז אָנגעזאָגט געוואָרן אין אַזוי פיל ערטער פון גאָט אונדזער האַרס תורה, האָט אויפגעהערט, און אַז עס איז נישט קיין חטא צו עסן בלוט, חלב און חזיר, וואָס איז נישט בלויז קעגן דעם געשריבענעם געזעץ, נאָר אויך קעגן דער נאַטור, וועל איך אים אויך נישט גלייבן אַפילו ווען ער זאָל מיר צו מאָל זאָגן גאָר הייליקע זאַכן, בלײַבנדיק פעסט בײַם גלויבן אין גאָטס אמתדיקן וואָרט, אין נסיון, ווי זײַן געט־לעכע מאַיעסטעט זאָגט אָן און באַפעלט. דברים י"ג [דברים דאָס גאַנצע קאַפּיטל י"ג].

זעקסטנס גלייב איך, אַז די הייליקע מצוות מילה איז אייביק, אַזוי ווי גאָט אונדזער האַר האָט ער אָנגעזאָגט צו אַברהם אָבינו און דערנאָך צו משה רבנו אין זײַן לערע וועגן דער נשמה, און דער וואָס וועט נישט געמלט ווערן, וועט אויסגע־מעקט ווערן פון צווישן די לעבעדיקע: בראשית י"ז.

זיבעטנס גלייב איך, אַז משיח, דער אמתער פאָטער פונעם קומענדיקן דור, דער פּרינץ פון שלום, דודס גערעכטער זון, באַזיצער פון דעם סצעפּטער פון יהודה, דאָס ליכט פון דער מענטשהייט און געליבטסטער פון אַל העכסטן גאָט, איז נאָך נישט געקומען, און היות ער איז געבוירן געוואָרן, גלייב איך און זע אַז די דער־לייזונג פון גאָטס פאָלק און וועלט איז נאָך נישט געקומען, וואָרעם ווּדליק עס שטייט געשריבן קלאָר בײַ אַלע הייליקע נביאים און גאָר באַזונדערס אין יחזקאל, ל"ט, דורך באַהעפטן זיך מיט אים, וועט גאָט אונדזער האַר דורך אַ גרויסן נס מחיה מתים זײַן אַלע גלייביקע פון ישראל און די לעבעדיקע ייִדן וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט וועט ער צונויפזאַמלען מאַרבע כנפות הארץ: ירמיה [אַ שלעכטע טראַנס־קריפּציע אין קירכלעכן לאַטײַן וואָס איז אוממעגלעך צו דעשיפרירן] און מיט גרע־סערע נסים ווי די וואָס דער האַר האָט באַוויזן ווען ער האָט אונדז אויסגעלייזט פון

מצרים, וואָס אַזעלכע זייַנען קיין מאָל נישט געזען געוואָרן, וועט אויפגעבויט ווערן ציון, די הערלעכע ירושלים, ישעיהו און איוב, און דאָס וווּנדערלעכע בית־המקדש וואָס וועט בלייַבן אויף אַלע דורות, לנצח נצחים. חגי: ישראל וועט קיין מאָל מער נישט זייַן אין גלות [און איך וועל מיט זיי כורת ברית זייַן אויף אייביק אַז איך וועל זייַן זייער גאָט און זיי וועלן זייַן מייַן פאָלק; און איך וועל שווין קיין מאָל מער נישט פאַרטרייַבן מייַן פאָלק ישראל פון דעם לאַנד וואָס כ׳האָב זיי געגעבן]. עס וועלן מער נישט זייַן אויף דער וועלט קיין מלחמות, קיין זינד און קיין געצנ־דינערייַ: ישעיהו, דוד, דניאל און יחזקאל, אַלע טיילן וועלן זיך אומקערן צו דער דערקענטעניש פון דעם אמתדיקן גאָט און דער מענטש וועט צוריקגיין צו זייַן ערשטן מצב פון תמימותדיקייט: ישעיהו, מיכה, יואל און עובדיה; און לסוף איז עס דאָ בייַ אַלע נביאים, און כמעט אין אַלע קאַפּיטלעך, און דאָס וואָס די נעבעכדיקע בליִנ־דע זאָגן אַז דאָס אַלץ איז אַליין געמאַכט, איז [גלייַך ווי] וועלן דערווייַזן אַז דער שנייַ איז נישט ווייַס און אַז קיין נעכט זייַנען גאָר נישטאָ נאָר בלויז טעג. באַדויערט טאַקע דער גרויסער גאָט יענעם וועלכער געהערט צו די וואָס לעבן אין דער פינצטער און שטרענגט זיך אָן אַרויפצוברענגען זיי אויף דעם וועג פון זייַן ליכט. אָמן.

אַכטנס, גלייב איך אין דעם וואָס איז נוגע דעם הייליקן דניאלס מיסטישער זעונג — מחמת איך בין אין דעם דאָזיקן משפט באַשולדיקט געוואָרן אַז איך גלייב אין איר — אַז פונקט ווי פון די דרייַ חיות וואָס ער האָט געזען האָט די ערשטע, דער לייב, פאָרגעשטעלט די בבל־אימפעריע, וועלכע ווי אַזעלכע איז זי געווען אַכזריותדיק און ווילד קעגן גאָט אונדזער האַרס בית־המקדש, וואָס ישראל איז זייַן געליבט פאָלק. און דאָס ווייניקער ווילדע אויג מיינט די פערסיער און מדיער, ווייַל פון אים איז אַרויסגעקומען כורש, וואָס אין ישעיהו ווערט ער גערופן משיח, ס׳הייסט, דער גאָט־געזאַלבטער, פאַר וועמענס תקופה גאָט אונדזער האַר באַפרייַט זייַן פאָלק פון יענעם גלות בבל. און דאָס מוילאייזל מיט זייַנע פליגלען און פאַר־שיידענע קאָלירן, [איז] די אימפעריע פון די גריכן און פון אַלעקסאַנדערן מיט זייַנע דעראָבערונגען און פאַרשיידענע נצחונות...

אַזוי האָט די פערטע חיה, אַ שרעקלעכע און נאָך ווילדערע, וועלכע האָט אַלץ געביסן מיט די ציין און אַלץ געטראָטן מיט די פיס, רעפּרעזענטירט אָט די פערטע מאָנאַרכיע וועלכע ציט זיך ביז הייַנט. און ווי עס ווערט קלאָר פון דעם הייליקן מלאך גבריאלס ווערטער, וועלכער האָט אָנגעוויזן דעם נביא דניאל אויף די צען הערנער, [וואָס] זייַנען געווען צען מלכים וועלכע האָבן געקיניגט אין איר, ביז צווישן זיי איז אין מיטן אַרויסגעוואַקסן, אויפן קאָפּ פון דער זעלביקער חיה, דאָס קליינע הערנדל מיט צוויי אויגן און אַ מויל, וואָס האָט אַרויסגעזאָגט אַ סך לעס־טערונגען קעגן גאָט דעם געאַכפערטן: אַז גאָט האָט ליידנשאַפטן, בעת ער איז אומ־ליידנשאַפטלעך; אַז ער איז דרייַ, בעת ער איז איינער; אַז גאָטס תורה איז טויט; אַז דער אין־סופיקער איז ענדלעך; אַז דער אייביקער איז צייַטלעך; אַז די סיבה איז דער פועל־יוצא; אַז דער האַר איז אַ קנעכט; און אַז גאָט איז אַ מענטש, וואָס דאָס איז נאַטירלעך אוממעגלעך, חוץ דעם וואָס דאָס איז קעגן דעם וואָס גאָט אונדזער האַר לערנט אין זייַן הייליקער תורה, ווי דער הייליקער נביא אסף קעמפט פאַר דעם [אומפאַרשטענדלעכער אַלט־קירכלעכער לאַטייַן] און דער הייליקער דוד, תהילים [אומפאַרשטענדלעך] און וועגן די הערנער און די סצעפּטערס פון דער דאָזיקער מאָנאַרכיע רעדט גאָט אונדזער האַר ווען ער זאָגט דורכן בעל־התהילים: [אומפאַר־שטענדלעך] ווען ער וועט דערהייבן דאָס פאָלק זייַנס [אוממעגלעך צו דעשיפרירן]...

ווי ער איז מבטיח זיי צו משפטן מיט דער מוראדיקער שטראָף פונעם יום־הדין; און דורך דעם נביא יואל דערציילט גאָט אַ סך, זאָגנדיק congregabo omnes gentes, in valle josaphat et ibi. [איך וועל צונויפזאַמלען אַלע

פעלקער און איך וועל זיי מאַכן אַראָפּנידערן אין עמק יהושפט; און דאָרט וועל איך זיך זעצן משפּטן זיי פאַר מײַן פאָלק און פון ישראל מײַן איבערבלײַב], און איך וועל אַרײַן אין אַ משפּט מיט זיי וועגן דעם שלעכטס וואָס זיי האָבן געטאָן צו מײַן פאָלק; און אין ישעיהו מ״ט און ס״ו [און זיי וועלן אַרויס און זען די טויטע קערפּערס פון די מענטשן וואָס האָבן מורד געווען אין מיר; ווײַל זײַן וואָרעם וועט קיין מאָל נישט שטאַרבן, זײַן פײַער וועט נישט פאַרלאָשן ווערן; און זיי וועלן זײַן אָפּשטויסנדיק פאַר יעדן באַשעפעניש], ווײַל זיי האָבן ליב געהאַט און אויסגעקליבן אַלץ וואָס גאָט האָט פאַרווערט און פאַרמיאוסט און דעמאָלט וועט צוריקגעקערט ווערן דער קעניגרײַך צום מלך המשיח און צו די הייליקע פונעם געאַכפּערטן גאָט: [אומפאַרשטענדלעכער לאַטײַן] וועמענס סטאַבילער קעניגרײַך בצורת דעם שטיין וואָס איז פון באַרג אַראָפּגעפאַלן, אָן הענט, אויף דער סטאַטוע מיט וועלכער נבוכדנאצר האָט געחלומט, וועט אַרויפפאַלן אויף דער אימפּעריע וואָס ער רעפּרעזענטירט און וועט זי חרוב מאַכן גיך, מחמת זי האַלט זיך שוין אויף פיס געמאַכט פון ליים און אײַזן וועלכע פאָרמירן נישט קיין גוטן געמיש, ווי מע זעט עס אין דער צעריסנקייט פון יענע אַפּיקורסים: ענגלענדער, פראַנצייזן און די איבעריקע, וועלכע פלעגן אַלע זײַן איין און די זעלביקע פוס פון דער סטאַטוע און זײַנען נישט קיין גוטער געמיש, וואָס עס איז אַ סימן פון דעם געפערלעכן פאַלן זייערן [ווידער אוממעגלעך צו דעשיפרירן].

צענטנס, גלייב איך אַז יענער קיסר אַנטיוכוס, וועמען די כתבי־הקודש רופן דער שורש פון זינד, ווײַל ער האָט פאַרפאָלגט גאָטס פאָלק און זײַן הייליקע תורה, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די געשטאַלט פון די שפּאַנישע און פאָרטוגעזישע מלכים, וועלכע זײַנען געווען און זײַנען דער שורש פון די וואָס האָבן אָנגעפירט און פירן־אָן די אינקוויזיציעס און פאַרפאָלגונגען פון גאָט אונדזער האַרס פאָלק און זײַן הייליקער תורה, און פון די גאָט־געבענטשטע קדושים, וואָס זײַנען די אמתדיקע גלייביקע ייִדן, וועלכע שטאַרבן פאַר דער אמונה פון דער תורה, וועמען די מלכים פאַרפאָלגן זיי אָן שום סיבה, רופן אומגערעכט יודאַיזירנדיקע אַפּיקורסים, ווײַל יודאַיזירן איז נישט קיין אַפּיקורסות, נאָר טאָן דאָס וואָס גאָט אונדזער האַר באַפעלט. דאָס געזאָגטע געפינט זיך אין דער לערע פון הייליקן מלאך גבריאל. און אויך די זעונג דניאלס פון בײַ טאָג און פון אין דער פרי איז אַן אמתדיקע, עס האַנדלט זיך וועגן אַנטיוכוסעס פאַרפאָלגונג און ער איז עס מסביר ווען ער זאָגט: אין דער פרי און בײַ טאָג, פון די איצטיקע צײַטן אויסרעכענענדיק אים [דעם אין דער פרי] אויפן ערשטן פּלאַץ צוליב דעם וואָס ער דאַרף זײַן גאָר אַ סך דויערנדיקער און גרעסער, ווײַל איצט געפינט זיך ישראל אין שלמותדיקן גלות פון וואַנען גאָט אונדזער האַר וועט אים אויסלייזן ווי ער האָט עס צוגעזאָגט, ישעיהו... [אומלייענעוודיק].

חוץ דעם בין איך מודה ומתוודה אַז אויב איך האָב בײדע מאָל אײַנגעשטימט עס זאָלן [אין מײַן צעל] קומען טעאָלאָגן און סאַטראַפּן איז עס נישט געווען דערפאַר וואָס איך זאָל ווען עס איז האָבן געצווייפלט אין אָט די וואָרהאַפטיקע און אייניציקע אמתן (ווײַל איך גלייב אין זיי מער ווי אַז איך בין אַ מענטש), נאָר כדי צו פריידיקן זיי אויף אַ ברייטערן אופן [אומפאַרשטענדלעך] קינדער פון ישראל פרייידיקט דעם האַר (טוביה, י״ג, ג׳) און פאַר די פעלקער לויבט אים, וואָרעם צוליב דעם האָט ער אונדז צעשפּרייט צווישן זיי אַז איר זאָלט דערציילן די פרעמדע זײַנע וווּנדערס און זאָלט זיי אויפקלערן, אַז נישטאָ קיין אַנדער אַלמעכטיקער און אמתדיקער גאָט חוץ אים אַאַז״וו. און אויך כדי זיי מגייר צו זײַן אויב איך זאָל קענען און אַפילו די אינקוויזיטאָרן־הערשערס גופא, ווײַל זיי האָבן מיט ברייטהאַרציקייט אַרויסגעוויזן זייער פאַרלאַנג מיך צו דערלייזן, הגם די הייליקע שריפט: חשמונאים,

ב׳, זאָגט, אַז רחמנות, וועלכע איז קעגן גאָט אונדזער האַרס תורה איז נישט גוט, אין וועמענס הייליקער אמונה איך שווער באַנייס אין אייבערשטנס נאָמען צו לעבן און שטאַרבן. ער זאָל מיר העלפן אַז מיטן נאָכפאָלגן די הייליקע קנאה פון חנניה מישאל, עזריה און מתתיהו, זאָל איך בשמחה אָפּגעבן מיין אָטעם פאַר דעם גלייבן אין דער הייליקער תורה ווי זיי וואָס זיינען אין דעם געשטאָרבן [אומפאַרשטענדלעך] און פאַר אָט די הייליקע אמתן וואָס זיינען אַזוי קלאָר ווי גאָט אונדזער האַר האָט עס געזאָגט דורך זיין מויל אין דער שירה וואָס ער האָט געלערנט משהן: [דברים, ל״ב, וואָס הייבט זיך אָן מיט: האזינו השמים ואדברה], זיינע קעגנערס גופא פריי־דיקן זיי און קענען זיי נישט לייקענען: [אומפאַרשטענדלעך] און בכן וויל איך און עס איז מיין רצון צו שטאַרבן פאַר זיין הייליקער אמונה און אמתדיקער תורה, דערוואַרטנדיק פונעם האַר [ער זאָל מיך געבן] די כוחות, נישט גלייבנדיק אין זיך וואָס סוף־כל־סוף בין איך אַ שוואַכער בשר ודם. און ווען, אַזוי ווי איך האָב אַ מוטער און פינף שוועסטערס וואָס געפינען זיך אין סכנה, איך זאָל האָבן טויזנט וועלט איך אַזוי פיל אַוועקגעגעבן פאַר דעם גלייבן אין יעדן איינעם פון זיינע געבאָטן.

ווי אַן עדות דערויף האָב איך געשריבן און פאַרצייכנט אָט די צוואה מיינע. און איך פאַרענדיק מיט אָט דעם לעצטן ענטפער (פעסט און קלאָר איבערגעטראַכט) דעם פראָצעס אין מיין משפט. גיב מיר, גאָט מיין האַר, חן אין די אויגן פון די וואָס האַלטן מיך געפאַנגען, אַז מע זאָל זען און וויסן אין דעם דאָזיקן קעניגרייך און אַלע אַנדערע אויף דער וועלט, אַז דו ביסט אונדזער גאָט און אַז דיין געהויכטער און געהייליקטער נאָמען אדני ווערט דערמאָנט, אין ישראל און דורך זיינע נאָכקומערס מיט אמת. אַז איבערגעבנדיק אין דיינע געהייליקטע הענט די דאָזיקע נשמה וואָס דו האָסט מיר געגעבן, דערקלער איך נישט צו בייטן מיין אמונה ביזן טויט, נישט אין אים [ביים אויספירן דעם טויט־אורטייל]. מיט דיין הילף בין איך מסיים גליקלע־כערהייט די דרשה פון מיין איצטיקן לעבן, מיטנעמענדיק אַ גליענדיקן גלויבן אין דיין געטלעכן ווילן מיך צו דערלייזן דורך דיין אומענדלעכן רחמים און אויפצו־שטיין תחית־המתים, ווען דיין הייליקער ווילן וועט מקוים ווערן, אין איינעם מיט אונדזערע הייליקע אָבות אַברהם, יצחק און יעקב און פון זייערע געטרייע קינדער, פאַר וועמענס הייליקער ליבשאַפט איך בין צו דיר מתפלל. מיט הכנעה זאָלסטו עס מיר באַשטעטיקן און זאָלסט מיך נישט לאָזן אומבאַשיצט, און זאָלסט אַזוי גוט זיין און שיקן מיר צו הילף און מיך פאַרטיידיקן, יענעם מלאך מיכאל, אונדזער פרינץ מיט זיין הייליקער און מלאכישער שליחות, ער זאָל מיך העלפן אויסהאַלטן שטאַרבן אין דיין הייליקער אמונה און ער זאָל מיך אויסלייזן פון די הענט און נסיונות פונעם שונא. האָב, מיין גאָט און האַר, רחמנות אויף דעם רום פון דיין נאָמען, תורה און פאָלק און פון דער וועלט וואָס דו האָסט באַשאַפן; באַשיין זיי מיט דיין ליכט און מיט דער אמתער דערקענטעניש פון דיין נאָמען, אַז הימל און ערד זאָלן פול ווערן מיט דיין רום און לויב, אָמן, אמן. דאַטירט אין עולם התהו [אינעם טעקסט: Purgatorio ], אינעם פינפטן חודש [שבט] לבריאת העולם.

נאָכן איבערלייענען די צוואה האָט דער אַדוואָקאַט, וואָס די אינקוויזיציע האָט באַשטימט צו פאַרטיידיקן קאַרבאַכאַלן, דערקלערט, אַז מחמת „דער עקשנות, בלינדקייט און איינגעשפאַרטקייט פונעם דערמאָנטן לויס דע קאַרבאַכאַל זאָגט ער זיך אָפּ, ווי ער האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעזאָגט, פון דער פאַרטיידיקונג און פון געבן אים הילף, ווייל ער איז אַ פערזאָן און אָפּגעטיילטער גליד פון דער קאַטוילִיש־רוימישער קירך“.

אויך נאָך דעם האָבן די אינקוויזיטאָרן ווייטער אויסגעפאָרשט קאַרבאַכאַלן.

זיי האָבן געוווסט אַז ער האָסט זיי, און זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן חשבון אַז בלויז אויף אוסצומיידן דאָס כסדרדיקע כאַפּן אים ביי עפּעס אַן אומפּאָרזיכטיק וואָרט איז ער גרייט געווען אויף די גרעסטע קרבנות. ער האָט טאַקע אָנגערופן נאָך עטלעכע יודאַיזירער און האָט רעציטירט אייניקע פינף־פּערזיקע סטראָפן וועגן „תורת משה":

וואָגן אַנדערע צו זאָגן,
ניט די צייַט פאַר מעשים טובים;
ווייַל אומפּאַרדינטערהייט
ווי קען מען גאָר עס גלייבן
אַז אַ צייַט אַזאַ וועט קומען?

איך האַלט פאַר אַפּיקורסות
אַרייַנלייגן דעם קאָפּ אין
אַזאַ נאַרישער געוואַגטקייט,
און ווער עס גלייבט אין דעם
וועט קריגן זייַן מפּלה.

ווער בוימל עס וויל קריגן
ניט פּלאַנצנדיק קיין איילבירט
וועט שלעכט אָפּשנייַדן,
און אָן אַ בהמה אַ רעכטע
איז מילך אַ שלעכטער סימן.

און ווער קיין ווייַנגאָרטן וועט פּלאַנצן
און דערוועגט זיך טרויבן רייַסן,
זאָלט איר שוין גאָרנישט זאָרגן,
אַז ווער פון רויב דערנערט זיך,
פאַרענדיקט אויף דער תליה.

און ווער די ערד פאַרזייט ניט,
זי פּלאַנצט ניט מיט זייַן שוויס,
און וויל איר טעם געניסן,
אין גערעכטן קריג וועט שטאַרבן
דורך דעם פּלאַנצערס הענט.

ס'איז, בכן, אַ גרויסע זינד
קעגן גאָט דעם אַלמעכטיקן
דער מענטש זאָל בעטן פּלאַץ
אין זייַן הייליקער דירה
ווען ער איז אונטערטעניק ניט געווען, אאַז"וו.

דערמיט האָבן זיך פאַרענדיקט אַלע לעגאַלע פּראָצעדורן פון לויס דע קאַר־באַכאַלס משפט. עס איז שוין אויך מער קיין צייט נישט געווען פאַר נאָך גריבלעניש, ווייל דער „טעאַטער" פון אויטאָ־דע־פע איז שוין געווען פאַרטיק. און ווען דאָס איז געשען, איז שוין געווען זיכער אַז אַ סך קרבנות וועלן אויסהויכן זייער לעצטן אָטעם אין די פלאַמען.

## 14. דער טראַגישער טויט פון מעקסיקאַנער יידישן פּאָעט און מיסטיקער

אויך דער לעצטער אַקט פון יוסף לומבראָסאָס לעבן איז נישט אַדורך אָן די טיפּישע סתירות פון זיין פריערדיקער אויפפירונג. מיר האָבן אַ פּרטימדיקע, הגם טיילוויז, אָן איינזייטיקע, באַשרייבונג וועגן דעם, פונעם גלח, וועלכער האָט קאָנקורירט מיט זיינע אַנדערע קאָלעגן, וואָס האָבן פונקט אַזוי געגאַרט צו דערלייזן די נשמה פון דעם אָנגעזעענעם יידן. ער פאַרזיכערט אַז ער האָט זיינס דערגרייכט נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס די ניט־פאַרגינערס האָבן דאָס קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט. דער דערמאָנטער גלח, דאָן אַלאָנסאָ קאָנטעראַס דערציילט, אַז „היות עס איז געקומען דער טאָג וואָס די האַרן פונעם הייליקן טריבונאַל האָבן באַשטימט אויף צו פייערן דעם אַלגעמיינעם אינקוויזיציע־אויטאָ אין דער שטאָט מעקסיקע, וואָס איז אויסגעפאַלן דעם צווייטן זונטיק פאַר ניטל, דער טאָג פון מעוברת ווערן פון דער הימל־מלכה, דעם אַכטן דעצעמבער, 1596, און זיי האָבן שוין געהאַט באַשטימט, מיט אַ נאַכט פריער, פריידיקערס פון אַלערליי אָרדנס פאַר דעם ספּעציעלן טרייסטן די ווידערשפעניקע יידן וואָס האָבן געדאַרפט שטאַרבן, איז אויסגעפאַלן (צי על־פּי־גורל, צי ווייל מען האָט עס געבעטן) אויף די טעאַטינער מאָנאַכן, לויס דע קאַרבאַכאַל, אַ ווידערשפעניקער ייד, דער האַרטנעקיקסטער מענטש (ווי עס באַווייזט זיין משפט און זיין ווידוי וועלכע איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דרייצן עדות), רשעדיקער, אַפּיקורס, לעסטערער און גרעסטער שונא פון אונדזער האַר יעזוס קריסטוס און פון זיין צלם, בלוט און סאַקראַמענטן, פון זיין הייליקער מוטער און פון די הייליקע וואָס מען האָט שוין אין אַ סך יאָרן געזען, אָט דעם דאָזיקן האָט געגומען אויף זיך דער פאָטער מעדראַנאָ מיט זיין חבר. און מיט דעם דאָזיקן האָבן זיי פאַרבראַכט אַ נאַכט, און דעם טאָג שפּעטער אויף דער עסטראַדע פון אויטאָ [דע פע], אַזוי אומנוצלעך און פרוכטלאָז, אַז אַפילו קוקן אויפן צלם, צי זאָגן וועגן אים, צי וועגן יעזוס קריסטוסן, צי וועגן דער קירך עפּעס אַ גוט וואָרט האָט מען ביי אים נישט געקענט פועלן. ער איז געקומען צו דער עסטראַדע פונעם הויז פון הייליקן טריבונאַל, דער סאַמע לעצטער, מיט די אָפּצייכענונגען פון אַ רבין אַ דאָגמאַטיקער און (למען האמת) לפי דעם וואָס מען האָט געוווּסט וועגן אים איז ער תמיד געווען אַזאַ גוטער ייד, און האָט צוגעפּאַסט זיין שכל (וואָס איז ביי אים געווען זייער שאַרף און איידל) און זיין ווילן (זייער

אַן איינגעבילדעטן) אומצוקערן זיך צו גאָטס תורה און שטאַרבן פאַר איר און ס׳איז בײַ מיר גאָר קיין ספק נישט, אַז ווען ער זאָל געווען לעבן פאַר דער פאַר־קערפּערונג פון אונדזער דערלייזונג, וואָלט ער זיכער געווען אַ העלדישער העב־רעער און זײַן נאָמען וואָלט געווען באַרימט אין תנך, ווי יענע וואָס זײַנען געשטאָרבן בײַם פאַרטיידיקן זייער אמונה ווען מען האָט געדאַרפט, מחמת אויב צווישן קריסטן, ווו עס איז דאַנקען גאָט, דאָ אַזוי פיל שטערונגען הײַנט צו קענען יודאַיזירן און ווו עס ווערן שפּעטער אַנטדעקט די פּוקסן, ווי ווײַט זיי זאָלן זיך נישט אויסבאַהאַלטן, האָט דער דאָזיקער — חוץ אַלע שוועריקייטן — אַזוי פיל מאָל זיך אַרויסגעדרייט, האַלטנדיק שבת אַליין און אין באַגלייטונג, האָבנדיק דאָגמאַטיזירט און געלערנט תורה מיט אַ סך אַנדערע כמעט בפרהסיא (איך אַליין בין נאָך געווען אין אַ געוויסן פּלאַץ נאָענט פון פּאַטשוקאַ וואָס, כ׳האָב זיך דאָ נאָך דעם דערוווּסט, איז עס געווען דעם דאָזיקנס און נאָך אַ רבס, ועמען מען האָט גערופן לוסענאַ, אָפענער בית־המדרש) און געפּײַערט ימים־טובים און תעניתים און נאָך מיט פּאָמפּע, נישט מורא האָבנדיק פאַר די מניעות און מען זאָל אים דערהערן, כאָטש (ווי מען זאָגט, ער האָט נאָכגעשלעפּט דעם שטריק [אויפן האַלדז] און דער טויט אין די אויגן), ווי איינער וועלכער האָט תשובה געטאָן אויף שווערע זינד אויף אַן אַנדער אויטאָ. און דאָס אַלץ איז בײַ אים געווען סטימולירט און אַרויסגעבראַכט דורך דעם באַגער צו שטאַרבן אין זײַן אמונה. וואָס וואָלט ער מיט דער צײַט דורכגעפירט צווישן די ייִדן ווען זיי זאָלן אים געווען הערן, נאָכ־פאָלגן און שעצן זײַן לערע! מיט אָט דעם חשק און באַגער איז ער טאָקע תמיד געווען אַזוי האַרט און רשעדיק, אַז נישט בלויז שטאַרבן, נאָר אויך ברענגען דעם טויט פאַר אַ סך אַנדערע פּערזאָנען האָט ער געוואָלט, [דאָס אַלץ] אין פאַרטיידי־קונג פון תורת משה, כאָטש ער האָט זי קיין מאָל נישט געוואָלט אָנרופן אַזוי נאָר די געטלעכע תורה וואָס גאָט האָט געגעבן משהן. און לויט איך האָב באַשײַמ־פערלעך געוווּסט, האָט ער תמיד געוואָלט שטאַרבן מיטן טיטל און נאָמען פון אַ שטאַרקן היטער און גרויסן לערער און אויפריכטער פון דער פאַרגעסענער תורה; און אַז מע זאָל אים פאַרברענען אין איינעם מיט אַלערליי אַנדערע פּערזאָנען״.

דער זעלבער גלח איז מוסיף אין איין שורה, אַז ער איז נישט קיין אָנהענגער פון „פאַרצייכענען מיסטעריעס״. ער דערציילט אָבער באַלד אין דער אַנדערער שורה דעם מיסטעריעזן פאַקט, אַז כאָטש אַ סך מאָנאַכן האָבן געבעטן אַ דערלוי־בעניש בײַם עלטסטן אויף בײַצוזײַן דעם אויטאָ דע פע, „האָב איך עס קיין מאָל נישט געבעטן, ווײַל איך בין נישט אַזוי פאַרקאָכט אין דעם; ביז כ׳האָב באַקומען אַ בריוו פונעם האַר ד״ר מאַרקאָס דע באַהאַרקעז, פּראָקוראָר פונעם הייליקן טרי־בונאַל, אין וועלכן ער איז מיר מודיע, אַז איך בין איינער פון די באַשטימטע דורך יענעם טריבונאַל [צו באַגלייטן די פאַרמשפּטע צום טויט], און אַ פאַרבעטענער, האָב איך באַשלאָסן צו גיין. אַזוי אויך, האָבנדיק זיך אויסגעקליבן און דערגרייכט אַן אויסגעצייכנטן פּלאַץ נאָענט צום שטענדער פון איינעם פון די פאַר־לייענערס, וועלכער איז געווען דער בעסטער, בין איך אַן אַ פּאַר וואָס אַוועק

פון דאָרט אויף אַן אַנדער אָרט, ווו איך האָב זיך געפונען נישט אַזוי גוט; עס איז אָבער געווען בעסער אויף אַראָפּצוגיין פון דער עסטראַדע פון דעם ערשטן פּלאַץ, ווי דאָס איז אוממעגלעך געווען דורך אַלע וועגן. אַזוי אויך ווען איך בין שוין געהאַט אַפילו אַראָפּ פון דער עסטראַדע, מיט דער דעה צו זען ווי מע פירט די ווידערשפּעניקע צום פאַרברענען, און דערנאָך ווידער אַרויפגיין אויף איר, און כאָטש איך האָב איבערגעלאָזט אַ שומר אויף מײַן פּלאַץ, בין איך לסוף געבליבן אונטן, כדי צו גיין באַגלייטן דעם דערמאָנטן לויִס דע קאַרבאַכאַל, וואָס גאָר צו אים אַליין און נישט צו קיין אַנדערע האָב איך זיך געהאַט צוגעקלעפּט. ווען מע האָט אים, בכן, אַראָפּגעפירט פון דער עסטראַדע און אַרויפגעזעצט אויף אַן אָנ־געזאָטלטן פערד (די ערגסטע חיה, אַן אומרויִקע און אומגעצוימטע, פון די וואָס זײַנען דאָרט געווען, וואָס איך ווייס נישט, צי האָט מען עס בכיוון געהאַלטן, כדי צוצוטיילן דעם זינדיקן נאָך אַ שווערערע קערפּערלעכע שטראָף)) און איך בין צוגעקומען צו אים און אים גוט און אויפמערקזאַם באַטראַכט, און כ'האָב געזען אין זײַן צורה אַ געוויסע ווערדע און אַן אויסדרוק פון גרויס גדלנות און חוצפּה, וועלכע ער האָט אייניקע מאָל באַוויזן מיט זײַן לאַכן און חוזק מאַכן פון די הייליקע און גוטע אַרגומענטן, וואָס אַ סך מאַנאַכן און אייניקע גלחים וואָס זײַנען געווען די והותר, האָבן אים געזאָגט. גייענדיק אַזוי לעבן אים, האָט זײַן פערד מיר אָנ־געטראָטן אויף אַ פוס, פון וואָס איך האָב דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק, אָבער איך האָב נישט געוואָלט אויפהערן גיין מיט אים. אין דעם מאָמענט האָט אים שטאַרק און מיט אַ סך טרערן גערופן, ער זאָל זיך שמדן, אַ מאַנאַך פון מײַן אָרדן מיטן נאָמען פרײַ כעראָנימאָ רוביאָן. אָבער נישט [די טרערן], נישט זײַן צאַרטקייט (וועלכע איז געווען גרויס) האָבן אים גערירט מער ווי אַ פעלדז, וואָס די וואַסערן באַוואַשן אים. עס איז דערנאָך אָנגעקומען אַן אַנדער מאַנאַך, און מעגלעך מיט אַ גוטער כוונה און געמיט, האָט ער אים איבער גוואַלד אַרײַנגעשטופּט אַ גרינעם צלם אין מויל אַרײַן, זאָגנדיק אים, ער זאָל אים קושן. און ער האָט מיט שוימענ־דיקן כעס אים באַשפּיגן און אָפּגעשטופּט מיט כוח. און אויסדרייענדיק זיך צום מאַנאַך, האָט ער אים מיט אַ רוחישן כעס געזאָגט: „אויף כוח גאָר, רשע? איז פאַראַן אַ געזעץ וואָס באַפעלט עס? מע וואָלט אײַך געדאַרפט ברענגען צו דער אינקוויזיציע און צום שטרענגסטן באַשטראָפן, ווײַל איר פאַרדינט עס גיכער ווי איך". איך האָב אים דעמאָלט בײַ אָט דער געלעגנהייט געזאָגט: „ווייסט איר, לויִס, וואָס דאָס איז אַזוינס אינקוויזיציע און הייליקער טריבונאַל?". ער האָט געענטפערט: consilium impiorum et cathedra pestilentiæ [אַ ראַט פון אומגלייביקע און אַ פאַרקרעציקטע נעסט]. מיר זײַנען אַלע אויפגעקאָכט געוואָרן פון דעם לעסטערנדיקן ענטפער. און אין דעם מאָמענט האָבן זיי דערהערט קאָנפוזע קולות פון פאַרשיידענע זײַטן, אויף וואָס, אויסדרייענדיק זיך צו מיר, ער האָט מיר געזאָגט: „איז פאַראַן אויף דער וועלט אַ גרעסערע פּײַניקונג, ווי ווען אַ מענטש איז געבונדן און אַזוי אַרומגערינגלט מיט משוגענע הינט?".

עס איז באמת שווער זיך פאָרצושטעלן אַ גרעסערע פּײַניקונג. אָבער אין דער

ייִדישער געשיכטע טרעפֿט מען נאָך אַ סך גרעסערע לײַדן און פּײַנען ווי דאָס וואָס עס האָט געהאַט אויסצושטיין יוסף לומבראָסאָ.

דער גלח קאָנטרעראַס, וועלכער האָט איבערגעלעבט אַזוי פֿיל געטלעכע ניסים דעם טאָג פֿון לויִס דע קאַרבאַכאַלס — לויטן ייִדישן נאָמען יוסף לומבראָסאָ — אויטאָ דע פֿע, דערציילט, אַז נאָכן איבערלייענען דעם פּסק־דין און איבערענטפֿערן דעם זינדיקן צו די ציווילע מאַכטהאָבערס, וועלכע האָבן אים געדאַרפֿט אויספֿירן — אַ היפּאָקריטישע צערעמאָניע, וואָס איז אונדז שוין באַקאַנט פֿון אַנדערע ביאָגראַפֿיעס — איז געשען אַ פֿרישער נס: הגם ס'איז אים פֿאַרווערט געוואָרן צו באַגלייטן דעם פֿאַרמשפּטן, האָט ער, קוקנדיק צום באַאַמטן, געזען ווי יענער ווינקט צו אים מיטן אויג, ווי איינער זאָגט: ער זאָל זיך נישט זאָרגן דערפֿאַר און זאָל ווײַטער אָנגיין מיט זײַן פֿריידיקן. טראָץ אַזאַ בולטן נס, האָט דער גלח קאָנטרעראַס קיין סך נישט מתקן געווען אין זײַן פֿרומען ווערק. באופֿן אַז „איך בין מיד געווען, בײַ דעם פּונקט (מיר האָבן געהאַלטן אין אַרײַנגיין דורך דער סאַן פֿראַנציסקאָ־גאַס), גײַסטיק און פֿיזיש, פֿון די טויזנטער שטויסן און קלעפּ וואָס מע האָט מיר געהאַלטן אין איין דערלאַנגען; ווײַל דער עולם איז געווען כמעט אַן אומענדלעכער און איך האָב זיך דערפֿאַר אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע אָפּצווישן דאָס פּנים. און ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט אויף מײַן פּלאַץ, האָב איך דערזען, אַז אַ מאַנאַך פֿון אַ צווייטן אָרדן, אַ הויכער און אַ מגושמדיקער, האָט אים געהאַט פֿאַרנומען. אַזוי אַז נישט נאָר האָט ער מיר געשטערט ווײַטער אָנצוהאַלטן מײַן פּרווו, נאָר עס האָט מיר אויסגעוויזן אוממעגלעך אים אַוועקצונעמען פֿון דאָרט, מחמת ער איז געגאַנגען זייער פֿעסט און זיך פֿאַרנומען מיט שטותערײַען, ווי זאָגן דעם זינדיקן: „איר קענט מיך, לויִס? איר געדענקט, אַז איך האָב אײַך געגעבן אָפּצועסן און אַ נדבה אין דעם און דעם אָרט?". בעת ער האָט זיך אונטערגעהאַלטן דערמיט, האָט זיך דער זינדיקער געווײַלט און איך האָב שטאַרק געליטן אויך קערפּערלעך; ווײַל דער שטויב האָט זיך געהויבן דורך די [לאַנגע] קליידער, היות איך בין געגאַנגען אַזוי נאָענט, איז ער מיר געקראָכן אין מויל, אין דער נאָז און אין די אויגן, און אונדזער האָר ווייסט וויפֿל איך האָב געליטן דאָרט. לסוף, נישט ווויסנדיק ווי אַזוי צו פּטרן יענעם שטער (וואָס מיט גוטן האָט מען בײַ אים נישט געקענט פּועלן), האָט עס גאָט מתקן געווען אַזוי: ווען דעם זינדיקנס פֿערד (וואָס, ווי געזאָגט, איז געווען אַ חיה רעה) איז שטיין געבליבן און נישט געוואָלט גיין, האָט דער דערמאָנטער מאַנאַך אים געגעבן אַ שטאַרקן פּאַטש אין בויך אַרײַן, זאָגנדיק: „וויאָ, צום טײַוול, גיי שוין!". איך בין באַלד צוגעגאַנגען און געזאָגט אים: „פּאָטערל מײַנס, איז אײַער הערשאַפֿט אַ גלח?". ער האָט מיר געענטפֿערט אַז יאָ, זײַט אַ סך יאָרן שוין! איז ווי אַזוי זשע (האָב איך געזאָגט) האַנדלט איר אַזוי נישט אַמפּלאַץ?". דער גוטער גלח האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ווען ער איז פֿאַרשוווּנדן פֿון דאָרט, האָב איך אים שוין מער נישט געזען".

מיטן באַזײַטיקן דעם שטער אויף אַזאַ אויסערגעוויינלעכן אופֿן, האָט זיך דער גלח קאָנטרעראַס צוריק גענומען צו דער אַרבעט: „לויִס, איך וויל דיר זאָגן בלויז

איין וואָרט, וואָס איך גלייב אַז, מיט יעזוס קריסטוסעס הילף, עס וועט דיך אײ־בערצײַגן. און אויב נישט, זאָג איך דיר צו, אַז איך וועל זיך צוריקקערן און דיך מער נישט באַלעסטיקן. הער מיך אויס: אין דער געטלעכער שריפט געפינט זיך אָט דער קלאָרער טעקסט וועגן קריסטוסן [אָבער די טראַנסקריפּציע אין לאַטײַן איז זייער נישט קלאָר, און אויף וויפל ס'איז מעגלעך זי צו דעשיפרירן, מיינט זי]: משיח אונדזער האַר, איז אַן אײַנגעקלעמטער צוליב אונדזערע זינד און מיר זײַנען אונטערטעניק צוליב דעם. זאָג מיר, וועגן וועמען רעדט זיך דאָ? דערויף האָט ער געזאָגט: ווו שטייט עס געשריבן? איך האָב געענטפערט (נישט ווייסנדיק): אין ספר ירמיהו. ער האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט, גלײַך ער וואָלט עס געדענקט אויף אויסנווייניק: „אָט דער נביא איז עס דער וועמען איך אַכפּער און פאַרהערלעך מער פון אַלע; ערשטנס, ווײַל איך בין זײַנער אַ קרוב, און צווייטנס, ווײַל איך גלייב, אַז ער האָט גערעדט בעסער פון די איבעריקע און איך קען אים אַזוי, אָט ווי דאָס וואָס איך זאָג איצטער. און דאָס האָב איך דאָרט נישט געלייענט, נישט געהערט, נישט עס האָט מיר קיין שום בן־אָדם געזאָגט וועגן דעם". גאָט ווייסט, מיר האָט זיך געדאַכט אַז די וואָנט פון יענעם דימענטענעם האַרטן האַרץ איז גע־בראָכן געוואָרן, ווײַל ער האָט דאָך נישט אָפּגעלייקנט די גילטיקייט פונעם טעקסט, נאָר אַז ער געפינט זיך אין ירמיהו; און איך האָב אים מיט אַ סך קוראַזש געזאָגט: „אויב דו האַלטסט זיך שוין יאָ פאַר אַ נאָבלמאַן, טו שוין אויך אַ נאָבעלע זאַך, גיב מיר דאָס וואָרט, אַז אויב איך ווײַז דיר דעם געבראַכטן טעקסט בײַם דערמאָנטן נביא, וועסטו אים פאַרשטיין אין זינען פון יעזוס קריסטוס אונדזער דערלייזער, ווי ער ווערט דאָרט פאַרשטאַנען, און דו וועסט זיך אָפּשמדן אויף זײַן אמונה און הייליקער קירך". דערויף האָט ער געזאָגט, איך זאָל אים איבערחזרן דעם טעקסט. איך האָב עס געטאָן און ער האָט געזאָגט: „יאָ, איך גיב". „איך האָב גענומען פאַר עדות — דערציילט ווײַטער זײַנע ניסים דער פּאָטער קאָנטרעראַס — אַלע בײַ־וועזנדיקע בײַ יענעם וואָרט, איך האָב בײַ אַלעמען געבעטן אַ פּאָטער נאָסטער און אַן אַווע מאַריאַ, און אַז מע זאָל תּפילה טאָן צו אונדזער האַרנטע. און איך האָב בקול רם געבעטן אַ תּנ"ך, וועלכן מע האָט מיר דערנאָך אַרײַנגעלייגט אין די הענט, און מיט טויזנט אַנגסטן האָב איך אָנגעהויבן בלעטערן ירמיהוס נביאותן. און אַזוי ווי זיי זײַנען לאַנג, די ביבל איז געווען אַ קליינע, בין איך געווען אַ שטאַרק צעחושטער און אַ כמעט בלינדער פונעם שטויב (וואָס איך האָב דאָרט איבער געגוג געשלונגען), פון די שטויסן וואָס אַ סך האָבן מיר געגעבן ביז זיי האָבן מיר  די בגדים צעריסן אַפילו, און פון דעם געריכט־דינערס פערד, וואָס האָט מיר גוט אָנגעטראָטן. דאָס אַלץ איז געשען גייענדיק, ווײַל מע האָט שוין געהאַט אײַנגעצוימט דעם פאַרשאָלטענעם פערד (אפשר אַן אַנדער גלח), קאַרבאַכאַל האָט דערווײַל געלאַכט און חוזק געמאַכט פון מיר, ווי ער וואָלט מיך באַדויערט, און די מאָנאַכן האָבן געוואָרטשעט קעגן מײַן געוואַגטקייט. נישט קענענדיק פּאַקן דעם טעקסט, האָב איך אַ געשריי געטאָן הויך: קאָנקאָרדאַנצן! דאָס איז געשען בײַ דער טיר פונעם דאָקטער אַלאָנסאָ מוניאָז, מײַן קוזין, און מע קען זיך פאָרשטעלן,

אַז היות דאָס איז אַ ספר נישט פאַר אַלעמען, איז נישט אַלע האָבן עס און ווען מע בעט עס אפשר ערגעץ אַנדערשווו, וואָלט מען עס נישט געפונען. פונקט דאָרט איז מיר פּלוצעם אַרײַנגעפאַלן דער געדאַנק, און אַזוי ווי ער האָט מיך געהערט בעטן די קאָנקאָרדאַנצן, האָט ער זיי מיר באַלד געשיקט און איז אַליין אַראָפּגעקו־מען, וואָס איז דערנאָך געווען פאַר מיר וויכטיק, ווײַל ער האָט מיר אָפּגעהיט דאָס פּלאַץ בעת איך האָב זיך אָפּגערוט. איך עפן מײַנע קאָנקאָרדאַנצן בײַם וואָרט Spirit געפין איך אין דעם טעקסט פון ירמיהו, איכה 4. דאָס האַרץ איז מיר פּלוצעם אַרויס פאַר פרייד און מיר האָט זיך געדאַכט, איך האָב אויפגעלעבט; איך האָב ווײַטער געמישט די ביבל און געפינענדיק דעם פּלאַץ, גיב איך עס קאַרבאַ־כאַלן און זאָג: לייען, קינד מײַנס. ער האָט זיך אַוועקגעדרייט פון טומל און אָנ־געהויבן לייענען פון אָנהייב קאַפּיטל [ווידער אַן אומפאַרשטענדלעכער לאַטײַן], און גאָט האָט אַזוי געוואָלט, אַז דאָס גאַנצע קאַפּיטל זאָל באַהאַנדלען דאָס, וואָס מיר זעען ווי עס איז הײַנט מקויים געוואָרן אין די ייִדן און קעגן זיי, ביז ער איז צוגעקומען צום טעקסט spiritus nostri און לייענענדיק אַזוי, מיט אַ מילדקייט וואָס איז בײַ אים געווען גאָר אַ נײַע און אַ מאָדנע, האָט ער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן געזאָגט: איך בין מקיים מײַן וואָרט. איך גיב מיך אונטער און וואַרף זיך אונטער דער הייליקער קאַטוילישער מוטער־קירך"...

דער נאַיִווער פּאַטער קאַנטערראַס, פאַרפירט פונעם ווילן צו ווערן אָנזעעוו־דיק בײַ אַזאַ פײַערלעכן שעת־הכושר, האָט מיט גרויס גדולה אַקצעפּטירט לויִס דע קאַרבאַכאַלס ווערטער. און ווען מע האָט דעם אומגליקלעכן קאַרבאַכאַל צוגע־בונדן צום שײַטער־שטעקן, האָט ער אַנידערגעקניט „צו דער ערד מיט אים, האָט אים אַ וויינענדיקער אַרומגענומען און זיך געזעגנט מיט אים, אָנזאָגנדיק אים, אַז ווען ער וועט זײַן אין הימל, זאָל ער נישט פאַרגעסן אין אים".

אין יוסף לומבראָסאָס שמדן זיך אין די לעצטע מינוטן פון זײַן ערדישער עקסיסטענץ האָט, חוץ דעם פּאַטער קאַנטערראַס, קיינער נישט געגלייבט. לויט די פּעסטשטעלונגען פון עדות — הן גײַסטלעכע, הן וועלטלעכע — האָט ער, אויך נאָך דעם אַזוי אומגעריכטן און ניסימדיקן אונטערוואַרפן זיך דער קאַטוילישער קירך, זײַן לעצטן זײַ־געזונט דער מוטער און זײַנע שוועסטערס, פאַרברענטע אין דעם זעלביקן אויטאָ דע פע, געזאָגט אויפן ייִדישן שטייגער, און ער האָט אויך אויף אַנדערע אופנים אויסגעדריקט זײַן ייִדישקייט. די איינציקע כוונה קאַרבאַ־כאַלס איז מן הסתם געווען צו דערגרייכן, מע זאָל צו אים אָנווענדן דעם אינקווי־זיטאָרישן חסד, ס'הייסט, מע זאָל אים דערוואַרגן איידער מע גייט אים פאַרברע־נען. ער האָט עס אויסגעפירט דורך דעם, וואָס ער האָט געהאַנדלט אַנדערש ווי די וווּנדערלעכע אָנוסים פון זײַן גלײַכן. אָבער נישט אונדז געהערט צו משפּטן זײַנע מעשים, נישט מיר האָבן רעכט דערויף, אין אָנבליק פון די שרעקלעכע אומ־שטאַנדן אין וועלכע ער האָט געלעבט און פון זײַן שוידערלעכן טויט אין דער סאַמע בלי־ענדיקער יוגנט.

ת. נ. צ. ב. ה.

# טאָמאַס טרעביניאָ דע סאַבּרעמאָנטע, אַ „הייליקער פון דער ייִדישער אמונה“ אין מעקסיקע

(1649—1592)

## 1. די שנאה פון די אינקוויזיטאָרן צו אים

אַפילו צווישן די געשטאַלטן מיט אַ זייער אינטענסיוון גייַסטיקן לעבן און צווישן די טיפן מיט אַן אייגנאַרטיקער, אויסגעהאַמערטער פּערזענלעכקייט, וועלכע מיר שטעלן דאָ פאָר, טיילט זיך בולט אַרויס די אומפאַרגלייַכלעכע פיגור פון טאָמאַס טרעביניאָ דע סאַבּרעמאָנטע. דער דאָזיקער יורי־סטודענט, וועלכער פאַרלאָזט צו די 16 יאָר, אין 1609, דעם באַרימטן אוניווערסיטעט פון סאַלאַמאַנקאַ, ווערט אַ פּאַזש בייַ אַ גרויסן האַר און דערהרגעט זייַנס אַ דינסט־חבר, ווייַל יענער רופט אים אַן ייִד, שטעלט מיט זיך פאָר אַ זייער זעלטענעם פאַל פון צוגעבונדנקייט צו דער ייִדישער אמונה, הגם פון פאָטערס צד שטאַמט ער פון „אַלט־קריסטלעכע“ אַדללייַט און נאָר פון דער מוטערס צד איז ער אַ ייִד.

די אינקוויזיטאָרן ריידן וועגן טרעביניאָ דע סאַבּרעמאָנטע מיט אויסערגעוויינלעכער שנאה. אין פּראָקוראָרס כתבים, בעיקר פונעם צווייטן פּראָצעס, ווערט ער אָנגערופן פאַרביסענער און פאַררעטערישער ייִד; צבועק, סימולירער, מיאוסער פאַרברעכער, אומרייניקער הונט, וועלכער באַלעקט זיך מיט דעם וואָס דאָס אַפּיקורסות האָט אויסגעבראָכן פון זייַן מאָגן; גרויסער ייִדלאַק; געוואָגטער פאַרברעכער; רשעדיקער פאַרברעכער; קאָרופּטירער, ביטערער גרויסער ייִד; רבי; עם־הארצדיקער פאַרברעכער; ייִד־רשע; רב פון אַ פאַלשער תורה; גרויסער ייִד; פאַלשער גלח און רב; פאַרשאָלטענער פאַרברעכער; רב־גלח און באַרימטער מענטש צווישן די נייַ־קריסטלעכע יודאַיזירנדיקע אַפּיקורסים, אָפּטריניקע פון אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה; לערער און אייפערדיקער דאָגמאַטיזירער פון זייַן פאַלשער תורה; שלימזלדיקער, אומגליקלעכער ייִד; אמתער פאַרברעכער; פאַלשער גלח; דאָגמאַטיקער פון זייַן תורה; אַרויסהעלפער און אויסבאַהאַלטער פון אַפּיקורסים.

אַפילו בלויז צוליב אָט דעם צעטל זידלערייַען איז כדאי זיך צו באַקענען מיט

דעם שטורמישן לעבן פון דער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט פאַרדינט אַזאַ „אויסצייכענונג" מצד דעם מעקסיקאַנער טריבונאַל פונעם הייליקן דינסט. אָבער דערויף מוזן מיר פון מעקסיקע מאַכן אַ שפּרונג קיין אייראָפּע.

## 2. די אינקוויזיציע אַרעסטירט די אַלמנה פון אַדעליקן טאָמאַס טרעביניאָ

אָנהייב 1619 איז דאָס רויִקע קאַסטילישע שטעטל מעדינאַ דעל ריִאָסעקאָ דערשיטערט געוואָרן דורך אַן אומגעוויינטלעכן פאַל: די אַלמנה פון דאָן טאָמאַס טרעביניאָ — איינער פון די אָרטיקע בכבודיקסטע אַדעליקע, וועמען מע האָט געהאַלטן פאַר אַ כשרן ריינבלוטיקן קריסט — דאָניאַ לעאָנאָר מאַרטינעז דע ווי־ליאַגאָמעז, איז פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע אונטער דער באַשול־דיקונג, אַז זי פּראַקטיצירט ייִדישע מנהגים. מענטשן זײַנען אומגעגאַנגען דער־שראָקענע, צוריקגעהאַלטענע אין זייערע שמועסן און אין זייער באַנעמונג, ווײַל אַפילו דער בכבודיקסטער מענטש, לפּי זײַן פרומקייט און גוטהאַרציקייט, האָט צו יעדער מינוט געקאָנט אַרײַנפאַלן אין די הענט פון הייליקן טריבונאַל און זיך אַרויסווײַזן ווי אַ דאָגמאַטיקער פון דער „טויטער תורת משה".

די ידיעה וועגן דער מוראדיקער געשעעניש האָט זיך פאַרשפּרייט, בעת דער קאָמיסאַר פון „הייליקן דינסט פון דער אינקוויזיציע" אין מעדינאַ דעל ריִאָסעקאָ, צוזאַמען מיט איר אָרטיקן נאָטאַר און גיטער־רעצעפּטאָר, אין זייער אָפיציעלער הלבשה, באַגלייט דורכן אייגענעם פּאָליציי־שעף מיטן סימבאָלישן אינקוויזיציע־שטעקן אין האַנט, האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צו דער אַלמנהס הויז, פּרטימדיק אָפּ־געשריבן דעם גאַנצן פאַרמעגן, פאַרצייכנט יעדע פּערזאָן, וואָס האָט געהאַט אַ קאָמערציעלע שײַכות צו דער משפּחה און אַלץ דערקלערט אונטער סעקוועסטער. אָפּגעפּטערט דערמיט, האָבן זיי פאַרנומען דאָניאַ לעאָנאָר מאַרטינעז דע וויליאַגאָ־מעז און זי איבערגעשיקט קיין וואַליאַדאָליד, דאָס זיצפּלאַץ פונעם אינקוויזיציע־טריבונאַל מיט זײַנע געהיימע תּפיסות, וואָס זי האָט שוין בײַם לעבן נישט פאַר־לאָזט. ערשט נאָכן טויט האָט מען איר קערפּער, וואָס איז אויסגעמוטשעט געוואָרן אין דער פּײַניקונג־קאַמער, אַרויסגעפירט פון דאָרט, און דאָס, מיטן צוועק צו פאַרוואַנדלען אירע ביינער אין אַש און זיי צעשפּרייטן אויף אַלע ווינטן, כּדי עס זאָל קיין זכר נישט בלײַבן פון אַזאַ „אײַנגעשפּאַרטער ייִדישקע".

אין וואַליאַדאָליד, די קאַסטילישע שטאָט וואָס איז געווען באַרימט מיט איר פרומקייט, מיט איר אַגריקולטור־עשירות און מיט... אירע לוקסוסדיקע אויטאָ דע פעס, האָט מען באַלד נאָכן פאַרהאַלטן לעאָנאָר מאַרטינעז אַרעסטירט איר 30־יאָ־ריקן זון, דאָן כעראָנימאָ טרעביניאָ דע סאָבּרעמאָנטע, אַן אַדעליקער פון מעדינאַ דעל ריִאָסעקאָ, וועלכער האָט געוווינט אין דער הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ. כעראָנימאָ טרעביניאָ, ווי יעדער אינקוויזיציע־אַרעסטירטער וואָס האָט געוווּסט

וועגן אירע ספּעציפֿישע מעטאָדן, האָט צוגעפּאַסט זײַן הנהגה צום היפּאָקריטישן כאַראַקטער פֿונעם אמונה־טריבונאַל און סימולירנדיק אַן אויפֿריכטיקע חרטה, האָט ער שוין בײַם ערשטן פֿאַרהער דערקלערט, אַז געשטויסן דורך זײַן מוטער, האָט ער אָפּגעהיט ייִדישע מנהגים, וועלכע ער האָט נאָך פֿון יענעם מאָמענט אָן געהאַסט, און צוגעזאָגט מער נישט אַרײַנצופֿאַלן אין אַזאַ מין פֿאַרברעך. דערמיט אָבער האָט ער נאָר טיילווײַז באַפֿרידיקט די אינקוויזיציע־פֿאָדערונגען: ער האָט זיך מודה געווען בלויז אין זײַנע אייגענע חטאים (in caput proprium) אויף מקיים צו זײַן אַלע אינקוויזיציע־פֿאָרשריפֿטן, האָט ער זיך אויך געמוזט מתוודה זײַן אויף די חטאים פֿון אַנדערע (in caput alienum) נישט קוקנדיק וואָס פֿאַר אַ גראַד קרובֿהשאַפֿט עס זאָל אים מיט זיי פֿאַרבינדן. כּעראָנימאָ טרעביניאָ האָט זיי טאַקע פֿאַרמסרט פֿאַר דעם אומבאַרעמהאַרציקן אמונה־טריבונאַל, אָבער נאָר דעמאָלט ווען ער האָט געגלייבט צו ראַטעווען דערמיט זײַן אייגן לעבן, אָדער ווען ער האָט אײַנגעזען, אַז ער האָט שוין במילא נישט וואָס צו פֿאַרלירן; בלויז אין אַזעלכע פֿאַלן האָט ער עס געטאָן. עס האָט אויסגעזען, אַז אַלץ גייט כּשורה. און אָנהייב מאַרץ 1623 האָבן די וואַליאַדאָלידער אינקוויזיטאָרן באַוויליקט אים „איבערצובעטן" — נאָכן אָפּקומען די אײַנגעפּירטע תּפֿיסה־ און זילזולים־שטראָפֿן — מיט דער קאַטויליש־אַפּאָסטאָליש־רוימישער הייליקער קירך. אָבער צום פֿאַרברעכערס אומגליק „זײַנען געקומען נײַע גבֿיית־עדות, אַז ער פֿלעגט פֿאַסטן און פּראַקטיצירן אַנדערע ייִדישע מנהגים", אויף וועלכע ער האָט זיך נישט מתוודה געווען. צוליב דעם האָבן, דעם 28סטן מאַרץ, די אינקוויזיטאָרן באַשלאָסן אים אונטערצוּוואַרפֿן אונטער אַ פּײַניקונג־פּרוּוו, וועלכער איז אויסגעפֿירט געוואָרן דעם 8טן מײַ. אין דעם דאָזיקן שוידערלעכן מצבֿ האָט ער זיך מודה געווען, אַז „ער ווייס אַז זײַן ברודער טאָמאַס טרעביניאָ, וועלכער געפֿינט זיך אין די אינדיעס, אין אַ פּראָווינץ מיטן נאָמען נײַע סעגאָוויע, איז מקיים תּורת משה. און מיט עלף יאָר צוריק, בעת ער איז געווען אין הויז פֿון זײַנע עלטערן, אין מעדינאַ דעל ריאָסעקאָ, האָט ער אים דערציילט, אַז ער וואַשט זיך און פֿאַסט אום יום־כּיפּור".

## 3. טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע ווערט אַרעסטירט צום ערשטן מאָל

אין הסכּם מיט דער אינקוויזיציע־פֿירונג, האָט מען מודיע געווען די טריבונאַלן פֿון „הייליקן דינסט" אין די אַמעריקעס, אַז דאָרט געפֿינט זיך אַן אַפּיקורס, וועמען מע דאַרף תּיכּף פֿאַרהאַלטן און פּראָצעסירן. די נײַ־שפּאַנישע (ד"ה, מעקסיקאַנישע) אינקוויזיציע האָט טאַקע גלײַך זיך גענומען עס דורכפֿירן. עס איז זייער סימפּטאָמאַטיש וואָס, הגם דער באַשולדיקטער איז געווען אַ שפּאַניער, רעדט זיך אין דעם אַרעסט־באַפֿעל פֿון דער מעקסיקאַנער אינקוויזיציע וועגן אַ יודאַיזירנדיקן פּאָרטוגעזער, טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע. אויף אַזוי ווײַט פֿלעגט מען דעמאָלט אידענטיפֿיצירן ייִדן מיט פּאָרטוגעזער, אַז אויב עס זײַנען קיין אַנ־

דערע סימנים נישט געווען, פֿלעגט דער פֿאַרדעכטיקער ייִד אָנגיין פֿאַר אַ פֿאַר־טוגעזער.

דאָן קריסטאָבאַל באַראָסאָ דע פּאַלאַסיאָס, אינקוויזיציע־קאָמיסאַר פֿון גואַכאַ־קאַ, ווו טאָמאַס טרעביניאָ האָט געוווינט, האָט באַקומען דעם געהעריקן באַפֿעל פֿון זײַנע עלטסטע יערארכן דעם 1טן נאָוועמבער 1624. בכדי זיך צו באַוואָרענען, אַז דער מיוחסדיקער און אימפּעטיקער שפּאַנישער אַדעליקער זאָל נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד די פֿאַראָרדענונגען פֿון דער אינקוויזיציע, האָט דער קאָמיסאַר — זײַנער אַ פֿרײַנד — מיט אַ פּוסטן אויסרייד אים פֿאַרבעטן צו זיך אַהיים; און דאָ טאַקע אים דערקלערט פֿאַר אַרעסטירט אין נאָמען פֿונעם הייליקן טריבונאַל. טרעביניאָ האָט זיך — לויט די דאָקומענטן דערציילן — באַלד אויפֿגעהויבן פֿונעם בענקל און אויס רעספּעקט „צו אַזאַ הייליקן טריבונאַל", תיכף איבערגעגעבן זײַן געווער דעם פֿאַמיליאַר פֿון דעם אינקוויזיציע־קאָמיסאַריאַט. דערנאָך האָט מען דעם פֿאַרברעכער פּראָוויזאָריש פֿאַרשפּאַרט אין אַ חדר פֿונעם קאָמיסאַרס הויז, „ווו מע האָט אים שפּעטער, ווי כלאחר־יד, אָנגעטאָן אויף די פֿיס רינגען־שלע־סער און אַ קייט".

דאָס ערשטע וואָס דער קאָמיסאַר האָט געטאָן, איז נאַטירלעך געווען, סעק־וועסטרירן דעם פֿאַרברעכערס פֿאַרמעגן, ווײַל דער „הייליקער טריבונאַל" האָט, מיט טיפּישער היפּאָקריטישקייט, אויסגעטײַטשט די דאָקטרין פֿון פּאַולוסן, אַז „דער כהן פֿונעם מזבח דאַרף זיך אויסהאַלטן פֿונעם מזבח", אינעם זינען, אַז די אינקוויזיציע, וועלכע יאָגט זיך נאָך די אַפּיקורסים, דאַרף לעבן אויף זייער חשבון... די סעקוועסטרירונג איז, כנהוג, געמאַכט געוואָרן מיט דער גרעסטער פּינקטלעכ־קייט און האָט געדויערט עטלעכע טעג. עס איז אויך געמאַכט געוואָרן אַ פּרטימ־דיקע רעכענונג פֿון טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטעס גאַנצערווירטשאַפֿט און עס זײַנען פֿאַרצייכנט געוואָרן אַלע זײַנע חובות, אַ פּנים אויך כדי מקיים צו זײַן די פּאַולישע מצווה בנוגע די פֿאַרמעגנס פֿון די אַפּיקורסים. נאָכן פֿאַרענדיקן דער־מיט, האָט מען, אין איינעם מיט די בײַכיקע פּראָטאָקאָלן וועגן דעם ענין, דעם פֿאַרברעכער איבערגעשיקט אין דער רעזידענץ פֿונעם מעקסיקאַנער אינקוויזיציע־טריבונאַל, וווּהין ער איז אָנגעקומען דעם 23סטן נאָוועמבער 1624. דעם 26סטן איז שוין פֿאָרגעקומען דער ערשטער פֿאַרהער. אָנגעהויבן האָט זיך עס, ווי דער שטייגער איז, מיטן אויספֿרעגן וועגן זײַנע פּערזענלעכע דאַטעס און וועגן זײַן ראַסן־אָפּשטאַם. אויף דעם ערשטן האָט ער געענטפֿערט, אַז געבוירן איז ער „לערך" אין 1592 אין מעדינאַ דעל ריִאָסעקאָ; אויסגעלערנט זיך לייענען און שרײַבן טאַקע אין זײַן געבוירן־שטעטל; לאַטײַנישע גראַמאַטיק האָט ער געשטודירט תחילת אין וויליאַ גאַרסיִאַ, שפּעטער אין פּאַלענסיאַ. חוץ דעם האָט ער אין 1608, „לערך", שטודירט רעכט־וויסנשאַפֿט אין סאַלאַמאַנקאַ. נאָך דעם האָט ער געדינט בײַ ראָד־ריגאָ ענריקעז, ווו ס'איז אים געשען דער „אומגליק" מיט אַ חבר, וואָס מיר האָבן שוין צום אָנהייב דערמאָנט. כדי אויסצומײַדן אַ שטראָף, האָט ער זיך אויסבאַ־האַלטן אין פֿאַרשיידענע מאָנאַסטירן און לסוף „זיך אײַנגעשיפֿט אין לעצטן פֿלאָט,

וועלכער האָט געבראַכט אין דעם דאָזיקן קעניגרײַך אַרײַן [דעם וויצע־מאָנאַרך] כּוואַן גוטיערעז דע גאַריבײַ. דאָס איז געשען, דאַכט זיך אים, אין 2טן יאָר".

טרעביניאָ האָט, לפי זײַן אייגענער דערקלערונג בײַם ערשטן פאַרהער, גע־ ווּוסט וועגן דעם אַרעסט פון זײַן מוטער און ברודער דורך דער וואַליאַדאָלידער אינקוויזיציע; אַזוי, אַז אַלץ וואָס ער האָט דערציילט וועגן זייער אַפּיקורסות, הגם דאָס האָט געמיינט אויספאָלגן דעם אינקוויזיציע־פאַרשריפט וועגן אויסגעבן דאָס וואָס ער האָט געוווּסט וועגן זײַטיקע מענטשנס חטאים, האָט ווייניק משפּיע געווען אויף זײַן גורל. אָט אויף דעם אופן דאַרף מען אויסטײַטשן טרעביניאָס ענטפער אויף דער צודרינגלעכער פראַגע, „צי ווייס ער, איז ער משער אָדער חושד די סיבה פון זײַן אַרעסט און דאָס ברענגען אים פאַרן דאָזיקן הייליקן טריבונאַל?".
און ווירקלעך, דערציילט ער גלײַך — נישט ווי אַנדערע אַרעסטירטע, וואָס אָדער ווי האָבן טאַקע באמת נישט געוווּסט אין וואָס זיי וועדן באַשולדיקט, אָדער זיי האָבן זיך געמאַכט נישט ווייסנדיק — אַז די סיבה פון זײַן אַרעסט איז דאָס דער־ לאָזן זײַן מוטער זאָל אים אויסלערנען די כּללים פון דער ייִדישער אמונה און זײַן נישט פאַרמסרן זי פאַר דער אינקוויזיציע, לויט די פאַרשריפטן פון אירע גע־ זעצן. סימולירנדיק אויפריכטיקע חרטה, דערציילט ער די אינקוויזיטאָרן, אַז ווען זײַן מאַמע האָט זיך שוין געהאַט איבערגעצײַגט, אַז ער פאָלגט איר נאָך, האָט זי אים געזאָגט „ער זאָל זיך אײַנקוקן, אַז די קריסטן פאַרגעטערן הילצערנע און מע־ טאַלענע געטשקעס; אַז אונדזער האַר יעזוס איז געווען אַ סטאָליאַרס אַ זון; אַז די אמתע תורה איז נאָר די, וואָס גאָט האָט געגעבן צו משהן אין דער מדבר; אַז עס איז נישט קיין קינדערשפּיל בײַ גאָט, ער זאָל געבן פריִער איין תורה און דערנאָך אַ צווייטע; אַז נאָר תורת משה איז די טרעפלעכע און אמתדיקע און דורך וועלכער מע קען זיך דערלייזן; אַז דאָס גלייבט זי באמונה שלימה. און זי האָט זיך שטאַרק געבעטן בײַ דעם בעל־הווידוי, ער זאָל גלייבן בלב ונפש, פּונקט ווי זי טוט עס. [זי האָט אים אויך געזאָגט], אַז גאָט רופט זיך אַדוני. און דער דאָזיקער בעל־ הווידוי האָט געענטפערט דער דערמאָנטער לעאָנאָר מאַרטינעז, זײַן מוטער, אַז ער האַלט פאַר אמת דאָס וואָס זי האָט אים געזאָגט, און ער האָט טאַקע באמת גע־ גלייבט און געהאַלטן די דערמאָנטע תורת משה פאַר טרעפלעך, אמתדיק און ניי־ טיק אויף צו דערלייזן די נשמות. עס האָבן אים באַוויגן די רייד פון זײַן דער־ מאָנטער מוטער און דאָס וואָס ער איז נאָך געווען גאָר יונג, ווי עס זאָגט זיך אויבן, ווען די מוטער־ליבע צוזאַמען מיט דער איבערצײַגונג־קראַפט, מיט וועלכער זי האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין די תורת משה, האָבן אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז עס איז אים דעמאָלט קיין שום שכלדיקס נישט אונטערגעקומען ער זאָל געווען קעגן אַקעגנריידן דער דערמאָנטער לעאָנאָר מאַרטינעז, זײַן מוטער, און ער האָט, בכן, מיט אַלץ מסכים געווען און האָט זיך טאַקע זינט דעמאָלט באמת דערווײַטערט פון אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה און אַריבער צו תורת משה. און ס'איז געשען, אַז בײַם אַרויסגיין פון יענעם חדר האָט די דערמאָנטע מוטער געזאָגט צו דעם בעל־הווידוי, ער זאָל גוט אַכטונג געבן וואָס ער טוט און ער זאָל קיינעם

נישט דערציילן וואָס מיט אים איז געשען, ווײַל, האָט זי אים געוואָרנט, מע וואָלט פאַרברענט דעם בעל־הווידוי און זי און אַלע איבעריקע; און אַז די אויבן דער־מאָנטע האָט אײַנגעזען, לויט זײַן ענטפער, אַז ער איז גענייגט צו גלייבן און צו פאָלגן די דערמאָנטע תורת משה, האָט זי אים, צווישן אַנדערע זאַכן געזאָגט, אַז זי וועט אים אויסלערנען אייניקע תפילות פון תורת משה, וואָס זי קען, און, כדי אים נאָך מער צוצוציִען, האָט זי גלײַך אָנגעהויבן זאָגן איינע פון די דערמאָנטע תפילות, וואָס זי האָט אים שוין פריִער געהאַט אויסגעלערנט און זיי איבערגע־חזרט מערערע מאָל, כדי ער זאָל זיי פאַרגעדענקען, און האָט קיין מאָל נישט מסכים געווען אויפצושרײַבן זיי אויף פאַפיר, אויס מורא ער זאָל זיי נישט פאַר־לירן. און דעם גרעסטן טייל פון דער דערמאָנטער תפילה געדענקט ער נאָך עד־היום און איז פון ווײַטערדיקן אינהאַלט:

צו דיר אומאויסדרוקבאַרער גאָט,
צו דיר אומפאַרשטענדלעכער וועזן,
צו דיר פעסטער און באַשטענדיקער רוס.
צו דיר האַר אומפעלערדיקער,
צו דיר בין איך זיך מתוודה
און בעט מחילה און רחמים.
אויב זעסט איך האָב דיך באַליידיקט
מיט מײַנע זאָגעכצן און לעסטערונג
בין איך נישט ווערט קיין מחילה,
קוק זשע נישט צו מיר
און צו מײַן אומרעכט און תאוות,
אָ, גרויסער גאָט, און קוק אויף זיך
ווענטו מיט מיר צו קיין דין־תורה
נישט גיין פאַר מײַן באַליידיקן דיך;
זינדיק בין איך מער פון אַלע,
די וועלט האָט מיך אַרײַנגענאַרט,
אַזוי פיל פאַרגעניגן גענאָסן,
אַז פון צו פיל דערמאָנען זיי
האָב איך אין דיר פאַרגעסן,
אַז דײַן סוווערענע און קלאָרע ליכטיקייט
וועט מאַכן מיר דעם חשבון,
קומט אויס, אַז זי איז מיר אַ שונא,
און איך זע מײַנע חטאים
ציטערן פאַר דײַן שטראָף.
אָבער אויב דו דערמאָנסט זיך אין מיר
און גלייבסט מײַן זכרון
וויפל איך בין דיר שולדיק,

וועל איך אַרויס דער זיגער
פון דער מגושם־זינדיקער וועלט.

טרעביניאָ איז מוסיף בײַם צווייטן פאַרהער, אַז זײַן מאַמע האָט אים אויך אויסגעלערנט אַן אַנדערע תפילה, „וועלכע ער געדענקט, אָבער נישט אין גאַנצן". אַזוי איז עס טאַקע. דער טעקסט, וואָס ער ציטירט און וואָס איז פונעם 90סטן קאַפּיטל תהילים, קומט־אַרויס אַ ביסל געענדערט, דער עיקר אין זײַן העברעיִשן טייל. דעריבער וועלן מיר צו דעם וואָס טרעביניאָ ציטירט פאַלש, צוגעבן אויך די טראַנסקריפּציע אין העברעיִש: Binuam Adonai [ויהי נועם אדני] Maciodeno [ומעשה ידינו]; דער פּינקטלעכער נוסח איז: [ויהי נועם אדני אלהינו עלינו ומעשה ידינו].

לויט דער יהואָש איבערזעצונג, לייענט זיך דער פּסוק י"ז אַזוי:

און זאָל די ליבלעכקייט פון יהוה
אונדזער גאָט
זײַן אויף אונדז;
און באַפעסטיקן פאַר אונדז דאָס ווערק
פון אונדזערע הענט,
יאָ, דאָס ווערק פון אונדזערע הענט,
באַפעסטיק עס.

נאָך דעם זאָגט טרעביניאָ, אַז „אויב ער פאַרבײַט נישט די ווערטער פון איין תפילה אויף אַ צווייטער — אַגב, טוט ער עס טאַקע — דערמאָנט ער זיך איינע, וואָס זײַן מוטער האָט אים אויסגעלערנט, און זי הייבט זיך אָן Reysan [בשם?], פון וועלכער ער געדענקט בלויז אַ טייל נעמען אויף אָנצורופן גאָט, דהײַנו: Adonai, Beruto, Ceolan, Banel [מלכותו לעולם ועד] און אין קאַסטע־ליאַניש פאָלקס־לשון, האָט זיך יענע תפילה פאַרענדיקט אַזוי: דאָס איז ווען די מלאכים גיבן אַ לויב צום האַר און זאָגן coados, meles que bodo [קדוש, קדוש, קדוש אדני צבאות מלא כל הארץ כבודו]. און דער בעל־הווידוי מיינט, אַז די דערמאָנטע תפילות האָט די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַרטינעז, זײַן מוטער, גע־האָט פאַרשריבן אין אַ פערטלבויגנדיקן העפט מיט איר אייגענער האַנטשריפט". די דאָזיקע תפילה, אויף וועלכער טרעביניאָ פאַררופט זיך און איז מעגלעך שלעכט פאַרגעדענקט אָדער געזאָגט געוואָרן פון אים, צי גאָר האָט זי דער סעקרעטאַר פון „הייליקן טריבונאַל" ווילד צעדרייט בײַם איבערשרײַבן, געהערט צו די טעג־לעכע ייִדישע תפילות און קומט פונעם זעקסטן קאַפּיטל ישעיהו.

בײַם פאַרהער פונעם 27סטן נאָוועמבער 1624, דערציילט טרעביניאָ די אינ־קוויזיטאָרן, אַז „אַרום סעפּטעמבער, ווען עס פאַלט אויס דער טאָג פון גרויסן תענית, האָבן זיך די אָפּהיטערס פון דער דערמאָנטער תורת משה פאַרזאַמלט אין דעם הויז פון דיעגאָ דע אַלמאַנזאַ, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פונעם בעל־הווידויס הויז דורך אַ גדערטהאַלבן ווענט און האָט אויך געהאַט אַן אינעווייניקסטע שות־פותדיקע טיר. און דער אופן פון פאַסטן איז געווען, אַז ערב יענעם טאָג, אַרום

4 בײַ טאָג, האָט די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַרטינעז, זײַן מוטער, אים גערופן און אים צוגעפירט צום שפּײַכלערל, און ווען זי איז אַהין אַרײַן, האָט די אויבן דער־מאָנטע זיך געוואַשן און געטובלט דעם גאַנצן גוף אין אַ גרויסער מולטער און, דאַכט זיך, מיט וואַרעם וואַסער; נאָכן אָפּטובלען זיך און אָנטאָן אַ נײַ העמד, האָט זי אים געזאָגט ער זאָל אַרײַן אין שפּײַכלערל און זיך אָפּטובלען, ווי זי האָט עס געטאָן, ווײַל דאָס איז אַ נייטיקע צוגרייטונג פאַרן דערמאָנטן יום־כּיפּור, וועלכער איז אויסגעפאַלן צו מאָרגנס. און דער דאָזיקער בעל־הווידוי איז טאַקע אַרײַן אין שפּײַכלערל און האָט זיך געוואַשן און געטובלט, אַזוי ווי די דערמאָנטע מוטער האָט אים געהייסן, מחמת אַזוי איז עס נייטיק אויף אויסצופאָלגן די דערמאָנטע תורה, דערנאָך האָט ער אָנגעטאָן אַ נײַ העמד, וואָס די מאַמע האָט אים דערלאַנגט, זאָגנדיק דערבײַ, אַז בײַ דעם ווי בײַ אַנדערע אַזעלכע פאַלן, מוז מען אָנטאָן אַ נײַ העמד. און נאָכן אָנטאָן זיך, האָבן דער בעל־הווידוי, די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַר־טינעז, זײַן מוטער, די דערמאָנטע איזאַבעל דע וואַליאַדאָליד און אַנאַ סאַנטשעז, געגעסן אייניקע פיש־מאכלים, ווײַל אויך דאָס געהערט צו די מנהגים פון דער דערמאָנטער תורה; און נאָך דעם ווי די דערמאָנטע איזאַבעל דע וואַליאַדאָליד איז אַהיימגעגאַנגען, כּדי מע זאָל נישט חושד זײַן, אַז די דערמאָנטע פּלימעניצע איז דאָרט געווען און נאָך דעם ווי אַלע אין הויז זײַנען געגאַנגען שלאָפן, אַרום 11־12 בײַ נאַכט, זײַנען דורך דער דערמאָנטער טיר אַרײַן אין הויז פונעם דערמאָנטן דיעגאָ דע אַלמאַנזאַ, די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַרטינעז, זײַן מוטער, אַנאַ סאַנ־טשעז און דער בעל־הווידוי און זיך פאַרזאַמלט אינעם חדר, וווּ עס פלעגט שלאָפן אַנאַ דע אַלמאַנזאַ, אַ מיידל, דעם דערמאָנטן דיעגאָ דע אַלמאַנזאַס און לויסאַ מאַרטינעזעס אַ טאָכטער; און לאָזנדיק שלאָפן דעם דערמאָנטן דיעגאָ דע אַלמאַנזאַ, איר מאַן, איז די דערמאָנטע לויסאַ מאַרטינעז אַרויף אינעם חדר פון דער דער־מאָנטער אַנאַ דע אַלמאַנזאַ, איר טאָכטער, וווּ די פריִער־אויסגערעכנטע האָבן אַלע געדאַוונט און געשמועסט וועגן דער דערמאָנטער תורה און איבערגעגעבן, ווי אַזוי אַלע דאַרפן צו מאָרגנס, ווען עס פאַלט־אויס יום־כּיפּור, פאַסטן; און אַז דעם רוב פון יענער נאַכט, אָדער טאַקע די גאַנצע נאַכט, לפי יעדן איינעמס מעגלעכ־קייטן, איז מען מחויב צו שטיין אויף די פיס אָדער אַרומשפּאַנען, מחמת אַזוי פאָ־דערט עס די דערמאָנטע תורת משה, און אַזוי זײַנען זיי טאַקע פאַרבליבן ביז 2 פאַרטאָג, געשמועסט וועגן דער דערמאָנטער תורה און מתפּלל געווען פון אירע תפילות״.

בײַם צומאָרגנדיקן פאַרהער האָט טרעביניאָ צוגעגעבן, אַז זײַן מאַמע האָט אים געזאָגט, „אַז נאָך דעם ווי גאָט האָט, מיט זײַן אַלמעכטיקייט און ווילן, באַ־שאַפן די וועלט מיט אַלע איבעריקע זאַכן, האָט ער דעם טאָג שבת, וואָס איז דער זיבעטער, גערוט און אַזוי האָט ער אָנגעזאָגט אין דער תורה אָפּצוהיטן דעם טאָג ווי אַ יום־טוב, און דערפאַר האָבן אים די ייִדן שטרענג אָפּגעהיט און טײַער גע־האַלטן; און עס איז געשען, אַז דעם בעל־הווידוי האָט געחידושט, ווען ער האָט געזען זײַן דערמאָנטע מוטער און קוזינע אַנאַ סאַנטשעז און די איבעריקע שטוב־

מענטשן, קנעטן אין די שבתדיקע טעג, האָט ער געפרעגט די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַרטינעז, זײַן מוטער, פאַר וואָס קנעטן זיי אין אַזאַ טאָג, בעת אַמאָל פלעגט מען קנעטן אום פרײַטיק, האָט אים די דערמאָנטע מוטער געענטפערט, אַז לויס מאַרטינעז, איר ברודער, האָט געקניט פאַר איר און געבעטן, זי זאָל גוט אַכטונג געבן אויף דעם וואָס מע קען באַמערקן, און דערפאַר האָט זי געקנאָטן אום שבת; אַז גאָט האָט געוווסט ווי זי האָט אין האַרצן געליטן צוליב דעם נישט קענען אָפּהיטן יענעם יום־טוב. און אַז גאָט האָט נישט געגעסן קיין אַנדערע זאַך ווי הערצער. און אַז די ריינע און בעסערע מלבושים פלעגט זי אים געבן שבת בײַ נאַכט, און די דערמאָנטע מוטער פלעגט דערבײַ זאָגן, אַז על־פּי תורת משה דאַרף מען די ריינע און בעסערע מלבושים ניצן אום שבת, מחמת דערמיט איז מען מקיים די מצווה פון דער דערמאָנטער תורה, אָפּצוהיטן ווי אַ יום־טוב יענעם טאָג, הגם, כדי נישט אַרויסצורופן קיין חשד, האָבן זיי זיך אויפגעפירט ווי קאַטוילישע־קריסטלעכע; זיי פלעגן אויך עסן חזיר־פליייש, וואָס לויט דער דערמאָנטער תורה איז עס טריפה, — אַליין כדי זיך נישט אויסצוגעבן. און דער בעל־הווידוי האָט אַ סך מאָל געזען ווי די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַרטינעז, זײַן מוטער, פלעגט בפרהסיא פאַר די שטובמענטשן אין די אויגן, שעכטן טויבן, הינדלעך און הינער און ער האָט נישט געקלערט, אַז דאָס זאָל געווען זײַן אַ דין פון דער דערמאָנטער תורה, נישט זײַן מוטער האָט עס אים געזאָגט, ביז ער האָט איין מאָל אין דער שטאָט גוואַכאַקאַ געהערט דעם אַלגעמיינעם עדיקט פון גלויבן; און צווישן אַנדערע זאַכן, וואָס ווערן דאָרט געזאָגט מכוח דער ייִדישער תורה, האָט ער באַמערקט אויך דעם דין פון שעכטן און צעבלוטיקן עופות. און דערפאַר האָט זיך די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַרטינעז, זײַן מוטער, אַזוי נוהג געווען. און נאָך האָט ער באַמערקט אינעם דערמאָנטן עדיקט פון גלויבן, אַז דאָרט ווערט דערמאָנט וועגן געוויסע ימים־טובים פון סוכות, וואָס, הגם ער ווייס נישט ווען זיי פאַלן־אויס און נישט ווי אַזוי מע פײַערט זיי, געדענקט ער אָבער גוט, אַז זײַן דערמאָנטע מוטער האָט אים דערציילט וועגן יענע ימים־טובים, ער האָט זיי אָבער קיין מאָל נישט געזען פײַערן און ווייס נישט צי מע האָט זיי אָפּגעהיט".

און ווײַטער: „ווען די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַרטינעז, זײַן מוטער, פלעגט ענדיקן דעם אָוונטברויט, פלעגט זי זיך וואַשן די הענט, דאָס מויל און די אויגן, כדי מקיים צו זײַן די דערמאָנטע תורת משה, און תמיד פאַרן דאַווענען פלעגט זי זיך אויך אַזוי אַרומוואַשן, און זי האָט געזאָגט דעם בעל־הווידוי, ער זאָל נאָכזאָגן די ווײַטערדיקע ווערטער, און זי האָט זיי אים אויסגעלערנט, ער זאָל זיי שטענדיק זאָגן — אַזוי טאַקע האָט ער געטאָן — בײַם וואַשן זיך די הענט, דאָס מויל און די אויגן, ווי דאָס ווערט דערמאָנט, און די תפילה זאָגט אַזוי:"

גענלויבט זאָל זײַן דער אַלמעכטיקער גאָט
וואָס צווישן די מצוות האָסטו מיך געלערנט
וואַשן די הענט, דאָס מויל און די אויגן
אויף צו לויבן דיך און צו דינען

אין לויב און אין כבוד פונעם האַר
און אין תורת משה.

אויף דעם זעלביקן פאַרהער — און אויך דאָ פּאַסט זיך צו טרעביניאַ צו דער אינקוויזיטאָרישער „טעאָלאָגיע" — זאָגט ער, אַז ווען ער האָט זיך אײַנגעשיפט צו פאָרן אין די אַמעריקעס, האָט ער אָנגעהויבן דאַוונען די פּאַטער־נאָסטערס פון אונדזער האַרנטע, וואָס חוץ דעם, וואָס דאָס האָט אים אויסגעהיט פון אַ סך סכנות, האָט עס געהאָט די פּעולה צו „ברענגען אים צו דעם איצטיקן מצב, כדי, דער־קענענדיק זײַנע טעותים, זאָל ער ראוי זײַן ווידער אַרײַנצוטרעטן אין דער הייליקער קאַטוילישער אמונה, ווי ער בעט מיט דער גאַנצער ליבע און עניוות. און ער באַדויערט באמת שטאַרק וואָס זײַן גאווה האָט זיך אים געשטעלט אין וועג, ער זאָל אַליין פאַרמסרן זיך און זײַנע קרובים פאַרן הייליקן טריבונאַל, ווי ער איז בכוח געווען צו טאָן זינט אונדזער האַר האָט באַוויליקט אויסצולײַטערן זײַן פאַרשטאַנד, וואָס איז פאַרגעקומען נאָך די צוויי יאָר פון זײַן אָנקומען אין דעם דאָזיקן קעניגרײַך. ביז דעמאָלט, מיינט ער, האָט ער נאָך נישט געהאָט פאַרמאָגט דעם ריכטיקן שכל, מחמת ער איז דערצויגן געוואָרן אין גרויס עם־הארצות און ווייניק פאַרשטאַנדיק [וואָס אָנבאַלאַנגט דער קאַטוילישער אמונה], על כן בעט ער נאָך אַ מאָל, מע זאָל אים אויפנעמען צו מחילה און צו די אָנגעהעריקע פון אונ־דזער הייליקער קאַטוילישער אמונה. און ער האָט שטאַרק חרטה, וואָס ער האָט עס פריִער נישט געבעטן; און פּונקט אַזוי בעט ער, מע זאָל אים באַהאַנדלען מיט רחמים, אַזוי ווי דער דאָזיקער טריבונאַל איז זיך נוהג מיט די גוטע בעלי־תשובה".

לסוף, און כדי נאָך מער צו איבערצײַגן די אינקוויזיטאָרן אין זײַן אויפ־ריכטיקער חרטה אויף דעם לאָזן זיך כאַפּן אין די נעצן פון דער „ייִדישער פאַלשקייט", איז ער מוסיף בײַם פאַרהער פונעם 29סטן נאָוועמבער „אַז זײַן מוטער האָט אים צווישן אַנדערע מנהגים פון תורת משה, וואָס זי האָט אים אויסגעלערנט, געזאָגט אַז ווען עס שטאַרבט אַ נאָענטער קרוב ווי אַ פּאָטער, אַ מוטער, אַ ברודער, דער מאַן און נאָך אַזעלכע, דאַרף מען די ערשטע דריי טעג נאָכן טויט, אָדער בײַן ווי אים דאַכט זיך ריכטיקער, עסן נאָר פיש־מאכלים און נישט קיין פליייש, ווײַל דאָס איז געווען אַן אײַנגעשטעלטער מנהג פון דער דער־מאָנטער תורה, און קיין שום אַנדער זאַך קען ער זיך בשום אופן נישט דערמאָנען צום דערקלערן".

עס וואָלט געווען נאַיִוו צו מיינען, אַז די אינקוויזיטאָרן האָבן זיך אין גאַנצן פאַרלאָזט אויף טרעביניאָס דערקלערונגען. אָבער דאָס איבערגעבן זיך אייגנ־וויליק פונעם פאַרברעכער צו „אַזאַ הייליקן טריבונאַל", דאָס באַלדיקע דערקלערן אַלץ וואָס ער האָט געוווסט וועגן דעם אינקוויזיציע־ענין, הן בנוגע זײַן אייגענער פּערזאָן, הן וועגן פרעמדע און דער עיקר, דאָס וואָס ער איז צום ערשטן מאָל בלויז אַרײַנגעפאַלן אין די נעגל פון די אינקוויזיטאָרן האָבן געווירקט לטובת אים.

אין דער אמתן, ווי באַלד ער האָט זיך אין אַלץ מודה געווען און, כפי עס איז אין לעצטן מאָמענט נישט אַרויפגעשווומען — ווי דאָס איז געשען מיט

זײַן ברודער — קיין שום קאָמפּראָמעטירנדיקער · פּרט, נישט וועגן זײַן אייגענער פּערזאָן און נישט בנוגע פרעמדע, איז דאָס איבערבעטן אים, נישט מיט דער רעליגיע, נאָר מיט דער אינקוויזיציע, געווען פאַרזיכערט. באופן, אַז דעם פּראָקוראָרס פאָדערונג ער זאָל „איבערגעענטפערט ווערן דער ציווילער מאַכט“ — אַ דעפיניציע וואָס אין צבועקישן לשון פונעם הייליקן טריבונאַל מיינט עס שטאַרבן אויפן שײַטערהויפן — געווען בלויז אַ פאָרמאַליטעט אַזאַ. דעם 14טן מאַרץ 1625 האָט טאַקע די מעקסיקאַנער אינקוויזיציע אַרויסגעטראָגן איר „מחילה“־פּסק. מע האָט עס, דעם 15טן יוני, מודיע געווען דעם פאַרברעכער, ווי דעם עולם, וואָס האָט זיך אין יענעם טאָג געהאַט פאַרזאַמלט בײַ דעם סאַנטאָ דאָמינגאָ־מאָנאַסטיר, כדי בײַצוזײַן דעם אויטאָ־דע־פע, צו וועלכן עס זײַנען געקומען די אַרעסטאַנטן אין זייערע שאַנד־מלבושים — די שווידערלעכע סאַנבעניטן. דער פּסק־דין האָט זיך געלייענט אַזוי:

## אין קריסטוסעס נאָמען

נעמענדיק אין אַכט די פּראָטאָקאָלן און באַווײַזן פונעם דערמאָנטן פּראָצעס, פּסקנען מיר, אַז דער דערמאָנטער פּראָקוראָר האָט גוט און בשלמות דערוויזן זײַן באַשולדיקונג און תביעה הן דורך עדות, הן דורך דער ווידוי פונעם דערמאָנטן טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע; מיר זאָגן זיך אַרויס און מיר גיבן־אָן זײַן כוונה פאַר זיכער באַשטעטיקט, בכן דאַרפן מיר דערקלערן און מיר דערקלערן דעם אויבן דערמאָנטן פאַר אַן אַפּיקורס, אַן אָפּטריניקן און איבערלויפער צו דער טויטער תורת משה און צו אירע מנהגים און מצוות, גלייבנדיק, אַז דורכן האַלטן און אָפּהיטן זי וועט ער זיך דערלייזן. און ער איז דעריבער אַרונטערגעפאַלן און עס איז חל אויף אים דער דין פון גרויסן חרם און פון אַלע אַנדערע שטראָפן און באַגרענעצונגען, אין וועלכע עס פאַלן אַרײַן אַפּיקורסים, וואָס באַהאַלטנדיק זיך אונטערן נאָמען קריסטן טוען זיי און באַגייען אַזעלכע עבירות. עס איז אויך חל אויף אים דאָס קאָנפיסקירן און פאַרלירן דאָס פאַרמעגן, וואָס גייט אַריבער צו דער מלוכה־קאַסע פון זײַן מאַיעסטעט און צו זײַן רעצעפּטאָר אין זײַן נאָמען, זינט דעם טאָג און צײַט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו באַגיין די דערמאָנטע חטאים, ווען עמענס גענויע פעסטשטעלונג מיר רעזערווירן זיך. און בכל אופן האָבן מיר געוויסנהאַפטיק אים געקענט פאַרמשפּטן צו די אײַנגעשטעלטע שטראָפן פאַר אַזעלכע אַפּיקורסים; כפי אָבער דער דערמאָנטער טאָמאַס טרעביניאָ האָט, דורך זײַנע ווידויס פאַר אונדז, אַרויסגעוויזן סימנים פון תשובה און חרטה, בעטנדיק מחילה אויף זײַנע חטאים בײַ גאָט אונדזער האַר, און בײַ אונדז אַ רחמימדיקע שטראָף, מיט זײַן דערקלערן, אַז מהיום והלאה וויל ער לעבן און שטאַרבן אין אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה, און איז געווען גרייט מקיים צו זײַן יעדן פּסק־דין, וואָס מע וועט אויף אים אַרויפלייגן, און מתקן זײַן די דערמאָנטע טעותים, און מקיים זײַן אַלץ וואָס אונדזער אמונה וועט אים לערנען. נעמענדיק אין אַכט, אַז גאָט זוכט נישט דעם טויט פונעם זינדיקן, נײַערט ער זאָל תשובה טאָן און לעבן; אויב טאַקע דער דערמאָנטער טאָמאָס טרעביניאָ קערט זיך אום צו אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה מיטן גאַנצן האַרצן און מיט אַן אמתן גלויבן, און ער האָט מודה געווען דעם גאַנצן אמת, האָט נישט אויסבאַהאַלטן קיין שום זאַך, נישט פון זיך אַליין און נישט פון אַ צווייטער פּערזאָן, אַ לעבעדיקע צי פאַרשטאָרבענע; און וועלנדיק באַגיין זיך מיט אים לויטן מידת־הרחמים, דאַרפן מיר און מיר פאַררעכענען אים טאַקע פאַר אַ בעל־תשובה און מיר

באַפּעלן, אַז בתור שטראָף און אָפּקומעניש פֿאַר דעם װאָס ער האָט געטאָן, זאָל ער מיט די איבעריקע אַרויסגײן צו דער דאָזיקער קירך בנפֿש, אָן אַ גאַרטל און אָן אַ היטל, מיט דעם מחילה־מלבוש פֿון געלן שטאָף [סאַנבעניט], מיט צװײ רויטע קרייצן פֿון הייליקן אַנדרעס און מיט אַ װאַקסענעם ליכט אין דער האַנט, װוּ מע װעט אים פֿאָרלייענען דעם דאָזיקן פּסק־דין. און דאָרט זאָל ער עפֿנטלעך פֿאַרדאַמען די אַלע עבֿירות און יעדער אַנדער מין אַפּיקורסות און אָפּטריניקייט, אויף װעלכע ער האָט זיך פֿאַר אונדז מתװדה געװען. און, פֿאַרענדיקט מיט דער דערמאָנטער חרטה, באַפֿעלן מיר צו באַפֿרײַען און מיר באַפֿרײַען דעם דערמאָנטן טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע פֿון יעדער חרם, אין װעלכן ער איז צוליב דעם אויבן דערמאָנטן אַרײַנגעפֿאַלן. און מיר שליסן אים װידער אָן און נעמען אים צוריק אַרײַן אין דער פֿאַראייניקונג און אין דער שויס פֿון דער הייליקער מוטער, די קאַטױלישע קירך. און מיר שטעלן אים צוריק צו באַטייליקן זיך אין די הייליקע סאַקראַמענטן און װידוי פֿון גלייביקע און קאַטױלישע קריסטן. און מיר באַשטראָפֿן אים צו איין יאָר תּפֿיסה און שאַנד־הלבשה, און די דערמאָנטע הלבשה איז ער מחױבֿ צו טראָגן עפֿנטלעך אויף זײַנע מלבושים, און די תּפֿיסה־שטראָף זאָל ער אָפּקומען אין דער אייביקער תּפֿיסה פֿון דער דאָזיקער שטאָט. און יעדן זונטיק און יום־טובֿ זאָל ער מיט די איבעריקע אַרעסטירטע גיין הערן די גרויסע מעסע און די דרשה, אויב אַזעלכע װעט געהאַלטן װערן אין סאַנטאָ דאָמינגאָ־מאָנאַסטיר. און אין די שבתים זאָל ער, קניִענדיק און מיט גרויס הכנעה, זאָגן פֿינף מאָל דעם פּאַטערנאָסטער און די אַװע מאַריִאַ, קרעדאָ אי סאַלװע רעכינאַ, זיך מתװדה זײַן און באַקומען דעם הײ־ליקן סאַקראַמענט פֿונעם מזבח אין אַלע דרײַ פּסחים פֿונעם יאָר אין משך פֿון זײַן גאַנצן לעבן. און מיר דערקלערן דעם דערמאָנטן טאָמאַס טרעביניאָ פֿאַר אומװערדיק און מיר פֿאַרבאָטן אים ער זאָל האָבן און באַקומען קירכלעכע כּיבֿודים, רװחים אָדער דינסטן, אויך נישט קיין עפֿנטלעכע אָדער אויסערקירכלעכע כּיבֿודים. ער זאָל נישט טראָגן אויף זיך קיין גאָלד, זילבער און פּערל און נישט קיין איידלשטיינער, נישט קיין זײַדנס, אַטלעס, נישט קיין אַנדער טײַערן שטאָף, נישט רײַטן אויף פֿערד, נישט טראָגן קיין געװער, נישט באַנוצן זיך און נישט טראָגן קיין אַנדערע זאַכן, װאָס לויטן [שפּאַנישן] ציװילן רעכט און לויט די געזעצן פֿון די [אַמעריקאַנער] קיניג־רײַכן און לפֿי די כּללים פֿונעם הייליקן אינקװיזיציע־טריבונאַל זענען זיי פֿאַרבאָטן פֿאַר אַזעלכע אומװערדיקע. דאָס אַלץ באַפֿעלן מיר און הייסן אים אויספֿירן און טוען אונטער דער דראָונג אים צו דערקלערן פֿאַר אַ האַרטנעקיקן בעל־עבֿירה. און לויט אונדזער דאָזיקן דעפֿיניטיװן פּסק־דין משפּטן מיר, מיר דערקלערן דאָס און מיר באַפֿעלן עס אין די דאָזיקע אַקטן.

אַ טאָג נאָך דעם אויטאָ־דע־פֿע און נאָך דער „חרטה" װאָס טרעביניאָ האָט אויף אים אַרויסגעװיזן, דעם 16טן יוני 1625, האָבן די אינקװיזיטאָרן — אַזױ װי זיי זאָגן דאָס אין פּסק־דין — באַשלאָסן און דערקלערט, אַז „די צײַט פֿון די חטאים", פֿאַר װעלכע ער װערט צוגעלאָזט צו „איבערבעטונג" איז פֿון 18 יאָר, פֿון 1607 ביז 1625, אָדער זינט דעם יאָר װען זײַן מוטער — װעדליק ער האָט געזאָגט — האָט אים צוגעצױגן צו ייִדישקייט ביזן מאָמענט פֿון משפּט. באופֿן, אַז אויב עס זאָל אויפֿגעדעקט װערן װעלכער ס'איז חטא קעגן דער קאַטױלישער אמונה — אַ פֿריִערדיקע אָדער אַ שפּעטערדיקע פֿון יענעם צײַט־דױער — װאָלט ער פֿאַר אים געדאַרפֿט אָפּקומען אויפֿן שטרענגסטן אופֿן: מיט זײַן אייגן לעבעדיק געבראָטן פֿלייש.

## 4. טרעביניאָס חתונה מיט דער געהיימער ייִדישקע מאַריאַ גאָמעז

ווען ער איז אָפּגעקומען די שטראָף האָט טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע, דעמאָלט אַ 34יאָריקער בחור, געגומען זיך צוריקגעוווּנען זײַן פאַרמעגן און בויען זײַן היים. זײַן אויסדערוויילטע, מאַריאַ גאָמעז, איז געווען פּונקט אַזאַ יודאַיזירנ־דיקע ווי ער און פון פּונקט אַזאַ גערודפטער פאַמיליע ווי זײַנע. וועגן דעם ווי אַזוי עס איז דורכגעפירט געוואָרן די חתונה־צערעמאָניע פון דעם דאָזיקן מעקסיקאַנער יודאַיזירנדיקן פּאָרל זײַנען ארומגעגאַנגען צווישן עולם טויזנט און איין לעגענדעס. זיי זײַנען אָבער נישט פאַרבליבן בלויז צווישן די נאַיווע אָדער פאַרביטערטע רכילותניקעס. זיי זײַנען דערגאַנגען צו דער אינקוויזיציע און האָבן געדינט ווי מאַטעריאַל בײַ טרעביניאָס צווייטן פּראָצעס.

פון זײַן חתונה מיט מאַריאַ גאָמעז זײַנען בײַ טרעביניאָן געבוירן געוואָרן זעקס קינדער: ראַפאַעל, לעאָנאָר, מיקאַעלאַ, אַנטאָניאָ — געשטאָרבן צו די פיר יאָר — גאַבריעל און סאַלוואַדאָר. ראַפאַעל, דער בחור, איז אַלט געווען דרײַצן יאָר בעת מען האָט זײַן פאָטער צום צווייטן מאָל פאַרהאַלטן און איז געווען דער וואָגיקסטער עדות קעגן אים.

טאָמאַס טרעביניאָ, איינער פון די איפּערדיקסטע ייִדן אין דער געשיכטע פון קאָלאָניאַלן אַמעריקע, האָט פאַרמאָגט אַן אויסערגעווייגלעכן מוט און איז געווען, לפּחות ביז זײַן אַנטגילטיקן אידענטיפיצירן זיך מיטן ייִדנטום, אַן אימפּעטיקער אַדעליקער מיט אַן אײַנגעבוירענער און איבערגעטריבענער גדלות. אין 1629, עטלעכע יאָר נאָך דער אינקוויזיטאָרישער באַשטראָפונג, בעת זײַן חתונה מיט מאַריאַ גאָמעז, איז ער — וואָס ערשט נישט לאַנג האָט ער געמוזט טראָגן אין דער עפנטלעכקייט דעם שאַנד־מלבוש, דעם סאַנבעניט, און לויטן פּסק־דין איז אים פאַרווערט געווען צו פאַרנעמען וועלכן ס'איז אַמט און צו נוצן אַדעליקע הלבשה — באַשולדיקט געוואָרן פאַר דעם „הייליקן טריבונאַל" אין מעקסיקע, אַז ער קליידט זיך, „מיט גרויס עזות", אין זײַדנס, טראָגט געווער און רײַט אויף פערד. מע האָט באַלד באַפוילן אַ חקירה ודרישה, וועלכע האָט אין גאַנצן באַשטעטיקט טרעביניאָס חטא. טרעביניאָ, וועלכער האָט זיך תיכף געכאַפּט אויף דער סכנה, וואָס לויערט אויף אים פאַרן נישט מקיים זײַן פּינקטלעך דעם פּסק־דין פונעם נקמה־דורשטיקן טריבונאַל, האָט זיך מיט כלומרשטער הכנעה, וועלכע האָט אים צו יענער צײַט צום ווייניקסטן געפּאַסט, געווענדט מיט אַ כתב צו דער אינקוויזיציע, אין וועלכער ער איז מודיע וועגן דעם היתר, וואָס ער האָט אַרויסבאַקומען בײַם הויפּט־אינקוויזיטאָר אויף צו מעגן ווידער נוצן די אַדעליקע הלבשה. אין דעם זעלבן כתב האָט ער צוגעגעבן, אַז, בתור קנס פאַר נישט מקיים זײַן דעם פאַרמעלן אָבער אָבליגאַטאָרישן תנאי צו מעלדן וועגן דעם, איז ער גרייט צו באַצאָלן הונדערט פּעזעס „אויף הוצאות פאַר דעם הייליקן טרי־בונאַל". ער האָט אויך אויסגעדריקט זײַן האָפענונג, אַז דער טריבונאַל „באַנוצנ־

דיק דעם חסד, וואָס ער איז געווווינט צו נוצן״, וועט אָננעמען די נדבה און אים מוחל זײַן „זײַן לײַכטזיניקייט״ — אַזוי איז טאַקע געשען.

טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטעס פּריצישע אויפפירונג, הגם אַ לעגיטימע און אַ יורידיש־באַשטעטיקטע, האָבן די אייפערדיקע און פּריווילעגירטע אַלט־קריסטן, — וועמען עס איז באַקאַנט געווען זײַן „פאַרפעסטעטער״ אָפּשטאַם און זײַן אינ־קוויזיציע־שטראָף, — אויסגעטײַטשט ווי אַן אַרויסרוף און אַ באַליידיקונג. דאָס האָט נאָך מער פאַרשאַרפט די טעמפּע שנאה צום אנוס, וואָס חוץ דעם וואָס ער איז געווען אַ דערפאָלגרײַכער סוחר איז ער אויך געווען אַ גדלותדיקער פּריץ, וועלכער האָט געוווּסט ווי זיך צו פאַרטיידיקן און זיך טאַקע שטאַרק פאַרטיידיקט, אַ זאַך וואָס מע האָט נישט צו אָפט געטראָפן צווישן די ייִדן פון דער קאָלאָניאַלער תקופה.

טרעביניאָ האָט זיך, אַ בלית־ברירהדיקער, געפונען אין אַ סביבה אין וועל־כער יעדער שפּאַן זײַנער איז נאָכגעשפּיאָנירט געוואָרן, הן צוליב נידעריקע און עקלדיקע צילן, הן צוליב אַ באמת רעליגיעזן אייפער. דער שטאָלצער אַדעליקער און דערפאָלגרײַכער סוחר האָט זיך אויך געזען גערודפט פון אויספּרעסערס, וועל־כע האָבן אים געדראָעט אויף ס׳נײַ צו פאַרמסרן פאַר דער אינקוויזיציע; און דאָס האָט באַדײַט טויט. ער האָט זיך אָבער קיין וועזן נישט געמאַכט פון דער שרעק־לעכער סכנה; פאַרקערט האָט געהאַנדלט די אינקוויזיציע: מיט יעזויִטישן מעטאָד און געדולד האָט זי אָנגעזאַמלט יעדע מסירה קעגן אים — אָן אונטערשייד פון וואַנען זי איז געקומען.

די מיינונג, וואָס די אינקוויזיציע מיט דער קאָלאָניאַלער קליקע האָבן געהאַט וועגן טרעביניאָן האָט זיך נאָך מער פאַרערגערט, ווען כמעט אַלע זײַנע קרובים פון דער פּרויס צד זײַנען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דעם „הייליקן טריבונאַל״ פאַר פּראַקטיצירן ייִדישע מנהגים. אין 1635 האָט די אינקוויזיציע דערלאַנגט דעם ערשטן קלאַפּ טרעביניאָס שוויגער, דאָניאַ לעאָנאָר גאָמעז, זײַן שוואָגער פראַנציסקאָ לאָפּעז בלאַנדאָן און זײַן שוועגערין אַנאַ לאָפּעז. דעם זעלבן וועג האָבן דורכגעמאַכט — לפנים אייגנוויליק — טרעביניאָס פּרוי, מאַריִאַ גאָמעז און די צווייטע שוועגערין איזאַבעל נוניעז. טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע, וועל־כער האָט נישט באַנומען אַזאַ זאַך ווי אונטערוואַרפן זיך פּאַסיוו דעם גורל, האָט דאָך זיך געזען געצוווּנגען צו עצהן זײַן אייגענער פרוי און שוועגערין זיי זאָלן זיך אַליין איבערגעבן דער אינקוויזיציע. געטון האָט ער עס מיט דער האָפענונג אויסצופּועלן פאַר זיי מער „חסד״ מצד דעם אומברחמנותדיקן טריבונאַל. ער האָט דערווײַל אויסגענוצט אַלע מעגלעכע מיטלען אויף אָפּצונאַרן דעם טריבונאַל און אַרויסצורײַסן די קרבנות פון זײַנע נעגל. צוליב דעם האָט ער זיך באַנוצט מיטן דינער פון די געהיימע תפיסות, וועלכער האָט איבערגעגעבן די אַרעסטאַנטן און געבראַכט פון זיי ידיעות. טרעביניאָ האָט זיך דערלויבט אויף אַזעלכע גע־וואַגטע שריט, אַז דער אינקוויזיציע־פּראָקוראָר רעדט וועגן זיי מיט אומגעצוימטן צאָרן. ער זאָגט: „וואָס פאַר אַ שטאַרקע ווערטער מע זאָל נישט באַנוצן, וועט

אַלץ נאָך נישט זיין מעגלעך צו שילדערן די שווערע זינד, וואָס דער דאָזיקער געוואָגטער פאַרברעכער איז באַגאַנגען". דהײַנו, ער פלעגט אַרײַנדרינגען אין דער אינקוויזיציע־תפיסה, כדי פערזענלעך צו געבן עצות זײַן שוויגער. באמת, דער פּראָקוראָר, אַלס דער פאַרטרעטער פון „הייליקן טריבונאַל", האָט געהאַט איבער־גענוג מאָטיוון צו כעסן זיך און צו פילן זיך באַליידיקט צוליב דער אומדער־הערטער חוצפה פון טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע. ער האָט נישט נאָר עובר געווען אויף די אינקוויזיציע־כללים, נאָר איז אויך אַרויס אומבאַשעדיקט פון אירע נעגל.

וואָס איז נוגע דעם גורל פון טרעביניאָס פרוי און שוויגער, אַזוי ווי זיי זײַנען אַרײַנגעפאַלן צום ערשטן מאָל אין די הענט פון דער אינקוויזיציע, האָבן זיי נהנה געווען פון אינקוויזיטאָרישן „חסד"; דאָס מיינט צו זאָגן: זיי האָבן זיך פײַער־לעך פאַרפליכטעט נישט צו ווערן מער קיין אָפּטריניקע און דעריבער האָט זיי די אינקוויזיציע בלויז פאַרמשפּט אויף אייניקע יאָר תפיסה, מיטן צוגאָב צו מוזן טראָגן עפנטלעך דעם סאַנבעניט — דעם שווידערלעכן שאַנד־בגד. אין דעם פאַל, ווי אין אַלע אַנדערע, האָט זיך טרעביניאָ געהאַלטן בײַ זײַן טאַקטיק פון דעזאָריענטירן און אָפּנאַרן דעם „הייליקן טריבונאַל". ער האָט זיך כלומרשט אַזוי שטאַרק געברוגזט אויף זײַן פרויס „יידישער עקשנות" און האָט אַזוי גוט סימולירט זײַן ווילן צו גטן זיך מיט איר, אַז די אינקוויזיציע, צעחושט פון דעם „פאַרביסענעם יידן" — דאָס האָט זי אים, אַגב, קיין מאָל נישט מוחל געווען — איז דערגאַנגען צום אַבסורד פון שטרענג באַפעלן אים צו באַנײַען דאָס מיט־לעבן מיט זײַן פרוי — ווען זי איז באַפרײַט געוואָרן.

דער געוועזענער סאַלאַמאַנקער יורי־סטודענט, וועלכער איז געוואָרן אַ פאַר־ברענטער ייד, האָט גוט געוווסט דעם שרעקלעכן אמת, אַז אַ צווייט מאָל פאַר־האַלטן ווערן מיינט פאַר אים אַ זיכערער טויט, סײַ ווען ער זאָל זיך מודה זײַן און בעטן רחמים, סײַ ווען ער זאָל לייקענען און באַשטיין אויף זײַן קריסטלעכקייט. און נאָר אַ נס — וועלכער פלעגט קיין מאָל נישט געשען — צו קענען דערווײַזן אַן אַבסאָלוט אויסגעהאַלטענע קאַטוילישקייט וואָלט אים געקענט ראַטעווען. חוץ אַלעמען אָבער, נישט נאָר וואָס ער אַליין האָט געפּראַוועט יידישע רעליגיעזע צערעמאָניעס וואָס אַ מאָל מיט מער קדושה, נאָר ער האָט נאָך אויך זײַנע קינדער געצווונגען דערצו. נאַטירלעך, כאָטש טרעביניאָ האָט זיך שטאַרק אויסבאַהאַלטן מיט זײַן יידישקייט און ער האָט געפּלאַנט זיך צו באַזעצן אין האָלאַנד, ווו ער וואָלט געקענט אומגעשטערט בלײַבן בײַ זײַן אמונה — האָט עס לאַנג נישט געקענט פאַרבלײַבן קיין אומדורכדרינגלעכער סוד. אַזוי איז עס טאַקע געשען, אין 1644 איז ער ווידער אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע.

## 5. טרעביניאָ דע סאַבערעמאַנטע ווערט אַרעסטירט צום צווייטן מאָל

ווי מיר האָבן געזאָגט, האָט די אינקוויזיציע עקשנותדיק און געדולדיק געזאַמלט באַווײַזן קעגן טרעביניאָ דע סאַבערעמאַנטען און ווען זי האָט זיי געהאַלטן פאַר גענוג אויף אָנצוהייבן אַ צווייטן משפט, האָט מען אים פאַרהאַלטן אין איינעם מיט זײַן פרוי און שוויגער. די פאָרמעלע פאָדערונג זיי צו אַרעסטירן פאַר „יידיש-קייט-חטאים" האָט צוגעשטעלט דער פּראָקוראָר, ד"ר אַנטאָניאָ גאַוויאָלאַ, דעם 7טן אָקטאָבער 1644. דער פּראָקוראָר האָט געזאָגט, אַז נאָך דעם ווי טרעביניאָ איז צוגעלאָזן געוואָרן איבערצובעטן זיך מיט דער הייליקער מוטער דער קאַ-טוילישער קירכע האָט ער ווידער אָנגעהויבן „אָפּהיטן די דערמאָנטע תורת משה, פון וועלכער ער האָט זיך דערקלערט כלומרשט דערווײַטערט".

נאַטירלעך איז די פאָדערונג פון פּראָקוראָר, מיט וועלכער עס הייבט זיך אָן יעדער אינקוויזיציע-פּראָצעס, דערפילט געוואָרן. דער „הייליקער טריבונאַל" האָט אים אַרעסטירט דעם 11טן אָקטאָבער. די אויספאָרשונג האָט זיך אָבער נישט אָנגעהויבן ווי געווײנלעך אין אמונה-פּראָצעסן, ווײַל טרעביניאָ איז פאַר-מסרט געוואָרן אין דער צווישנצײַט פאַר דעם פאַרברעכן, וואָס אין אינקוויזיציע-לשון רופט ער זיך „תפיסה-פאַרשטענדיקונג". אָבער, הגם דער אינקוויזיציע-טריבונאַל האָט געהאַלטן דאָס צונויפרעדן זיך פון די אַרעסטירטע אין פאַרשיי-דענע צעלן פאַר אַ פאַרברעכן, האָט ער זיך דאָך באַנוצט מיט די ידיעות, וואָס פּריװוויליקע אָדער פּראָפעסיאָנעלע שפּיאָנען האָבן אים צוגעשטעלט, ווי מיט אַ לעגאַלן באַשולדיקונג-מאַטעריאַל. אין דעם פאַל, וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ, זײַ-נען די שפּיאָנען געווען פּריװוויליקע און זיי האָבן געוואָלט מיט זייערע מסירות נושא-חן זײַן אין די אויגן פון די גרויזאַמע ריכטערס. עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַרעס-טאַנטן, וועלכע זײַנען נישט געווען באַשולדיקט אין יידישע אמונה-פאַרברעכנס.

דעם 29סטן אָקטאָבער 1644 דערציילט דער אַרעסטירטער גאַספּאַר אַלפּאַר, אַז איינער פון די אַרעסטירטע — געמיינט טאָמאַס טרעביניאָ — וואָס „בטבע זיפצט ער און שרײַט אַ סך" — האָט איין מאָל זיך דערשלאָגן אַז אַ פרוי, אויך אַן אַרעסטירטע, זאָל אים ענטפערן „מיט די זעלבע זיפצן און קלאָגערײַען", און אַ צווייט מאָל זאָל אויך אַ מאַן אים ענטפערן. דעם שמועס צווישן די צוויי אַרעסטירטע האָט דער מסור נישט געקענט אויפכאַפּן „צוליב קאָפּווייטיק", אָבער זײַן צעל-חבר לויס פּערעז, האָט יאָ געהערט. דער דאָזיקער האָט טאַקע אַלץ פּינקטלעך איבערגעגעבן, אָבער אויסער אַ קלאָגן זיך אויפן שווערן גורל, איז קיין ספּעציעל וויכטיקס נישט געווען. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט טרעביניאָ — לויט דער מסירה פונעם שפּיאָן — נאָך אַ מאָל אָנגעהויבן „קרעכצן און שרײַען", פּועלנדיק דערמיט, אַז דער אַרעסטירטער פראַנציסקאָ סעראַטאָ זאָל אים ענט-פערן אויף דעם זעלבן אופן, ווען ער האָט געזאָגט: „זע זאָלסט נישט עדות זאָגן קעגן קיינעם, זאָג נישט דאָס וואָס דו ווייסט נישט. און יענער האָט אים

געגענטפערט: איך האָב עס אין זינען". דעם 3טן נאָוועמבער האָט גאַספּאַר אַלפּאַר דערציילט די אינקוויזיטאָרן, אַז טרעביניאָ האָט דעם 31סטן אָקטאָבער, האַלב צוויי נאָכמיטיק, געזאָגט זײַנעם אַ חבר לצרה: „צו אַלדי רוחות דער וואָס רעדט אויף עמעצן אָדער באַשולדיקט עמעצן פאַרן טריבונאַל צי מחוץ אים. דערפאַר לאָמיר שווערן פאַר גאָט קיינעם נישט צו באַשולדיקן, אויף קיינעם נישט ריידן, נישט האַלטן אין מויל קיין אומבאַקאַנטע פּערזאָן, און זײַן פאָרזיכטיק בײַם ריידן און זיך פאַרשטעלן אַז קיינער זאָל אונדז נישט פאַרשטיין, ווײַל ווענט האָבן אויערן, און שטענדיק זאָלן מיר ריידן נאָר אין דער שעה, ווײַל קיינער הערט אונדז נישט; עס איז די עס־שעה פאַר די באַדינערס".

טרעביניאָ האָט זיך נישט צופרידנגעשטעלט בלויז מיט דער דערמאָנטער פאָרזיכטיקייט. ער האָט גענומען צו הילף אויך אַ צווייטע: ער האָט, אין די שמועסן מיט זײַנע תפיסה־חברים, גענוצט די „מעקסיקאַנישע" שפּראַך, ס'הייסט דאָס לשון פון די אינדיאַנער. אָבער, כפי אַפילו די ווענט פון דער אינקוויזיציע האָבן געהערט, פלעגט ער אויסמײַדן צו דערמאָנען וויכטיקע זאַכן. ווען די אינקוויזיציע האָט זיך אין דעם איבערצײַגט, איז זי צוגעטראָטן צו זײַן פאַרהער. די ערשטע אוידיענץ מיטן באַשולדיקטן איז פאָרגעקומען דעם 5טן נאָוועמבער. אויף דער פראַגע וואָס מע האָט אים דאָרט געשטעלט „צי ווייסט ער, איז משער אָדער חושד" די סיבה פון זײַן אַרעסט, ענטפערט ער קאַטעגאָריש: ניין.

אויב די אינקוויזיטאָרן זײַנען דורכגעפאַלן מיט זייער פרווו אָנצוזאַמלען געגנוג באַשולדיקונג־שטראָף דורך דעם תפיסה־שפּיאָנאַזש — רעקאָמענדירט דורך זייערע „קאָנסטיטוציעס", — האָבן זיי אָבער להיפוך געהאַט דערפאָלג דורך אָנזאַמלען קאָמפּראָמענטירנדיקע באַווײַזן אין דער פּייניקונגס־קאַמער. אָט טאַקע אין דעם שוידערלעכן קעלער האָט דאָניאַ מאַרגאַריטאַ דע ריוועראַ געמאַכט אַן איבעררעאַשנדיקע דערקלערונג, באַשטעטיקט דורך דעם באַשולדיקטנס זון אַליין: אַז ווען טרעביניאָ איז געוועזן אַרעסטירט צום ערשטן מאָל האָט ער זיך געלאָזט מל זײַן דורך זײַן צעלע־חבר, דעם פּאָרטוגעזער אַנטאָניאָ באַעז קאַסטעל בלאַנקאָ. דאָ האָט זיך געהאַנדלט אין אַזאַ געפערלעכער באַשולדיקונג, אַז אויב זי וואָלט זיך באַשטעטיקט, וואָלט פאַר טרעביניאָ נישט געבליבן די מינדסטע האָפענונג צו ראַטעווען זײַן לעבן. בײַ דער זיצונג פונעם 15טן דעצעמבער האָט דער אינקוויזיציע־טריבונאַל, אין פּלענום, באַפוילן, אַז פיר כירורגן פונעם הייליקן דינסט — אַזעלכע אויף וועמענס ראַסן־אָפּשטאַם עס זאָל נישט פאַלן קיין שום חשד און די טרײַשאַפט צו דער אינקוויזיציע זאָל זײַן אַ געזיכערטע — אין דער באַגלייטונג פון אַ נאָטאַר און פונעם אויפזעער פון די געהיימע תפיסות, זאָלן אונטערזוכן דעם באַשולדיקטן. הגם זיי האָבן שטאַרק געספּקט, וועגן דעם, האָבן אָבער די כירורגן, נאָכן „חוקר ודורש זײַן [דעם אָנגעקלאָגטן], יעדער באַזונדער און אַלע אין איינעם", דערקלערט אַז ער איז טאַקע באמת געווען געמלט. דער דאָזיקער אויספיר איז פאַר טרעביניאָן פאַרבליבן אומבאַקאַנט, ביז מע האָט אים נישט פאָרגעלייענט אַן אויסצוג פון באַשולדיקונג־אַקט. דעם גאַנצן אַקט האָבן

די קרבנות פונעם „הייליקן טריבונאַל״" קיין מאָל נישט געקענט. טרעביניאָ אָבער האָט געוווסט אַז עס דראָעט אים די גרעסטע געפאַר, ווען ער איז אונטערגע־וואָרפן דער „אונטערזוכונג" מצד די כירורגן.

אין דער אמתן, איז מיטן פעסטשטעלן די מילה בלויז פאַרענדיקט געוואָרן איין טייל פון דער אינקוויזיציע־פּראָצעדור: די וואָס האָט געהאַט צו טון מיט די זינד פון באַשולדיקטן אַליין. עס האָט נאָך געפעלט די צווייטע טייל: יענע וועלכע איז געווען נוגע די חטאים פון אַנדערע יודאַיזירערס. אָבער, היות אין פאַל טרעביניאָ האָבן די אינקוויזיציע־פּאָטערלעך נישט געקענט דערוואַרטן, אַז ער זאָל זיי מיטהעלפן אין ראַטעווען די נשמות פון אַנדערע יודאַיזירער, האָבן זיי געמאַכט אַ סוף צו דער אויספאָרשונג, און דעם 14טן מאַרץ 1647 האָט דער פּראָקוראָר צוגעשטעלט דעם באַשולדיקונגס־אַקט קעגן אים. ערשט איצטער האָט טרעביניאָ זיך אָפּגעגעבן אַ לערכדיקן חשבון אין וואָס ער ווערט קאָנקרעט באַשולדיקט און ווער עס זיינען די עדות קעגן אים, ווייל די אינקוויזיציע האָט געהאַלטן שטרענג בסוד סיי די פּרטים פון דער באַשולדיקונג, סיי די נעמען פון יענע, וואָס האָבן זי געהאָלפן פאָרמולירן.

דער באַשולדיקונג־אַקט קעגן טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע האָט אַנטהאַלטן 32 קאַפּיטלען. און כאָטש זיי זיינען אין אייניקע פּרטים איבערגעטריבן, זיינען זיי אָבער אין תוך אמתע און שטעלן מיט זיך פאָר אַ גענוג קלאָר בילד פונעם רעליגיעזן לעבן פון אַן אומדערשראָקענעם און פאַרברענטן יודאַיזירער פון 17טן יאָרהונדערט.

אינעם ערשטן קאַפּיטל ווערט ער באַשולדיקט אין אָפּנאַרן די אינקוויזיציע, מחמת אין אויטאָ־דע־פע פון 1625 „האָט ער אויסגעדריקט חרטה, פאַרדאַמט און פאַרשאָלטן די אַפּיקורסות און אָפּטריניקייט, אין וועלכער ער איז געווען באַשול־דיקט און צוגעזאָגט קיין מאָל מער זיך נישט אומקערן צו איר אָדער צו וועלכער ס׳איז אַנדערער". ער האָט זיך דעמאָלט אויך אונטערגעוואָרפן דער „שאַרפקייט און שטרענגקייט פון די הייליקע קאַנאָנישע געזעצן", אין וועלכע — בהסכם מיט דער אינטערפּרעטאַציע, וואָס די אינקוויזיציע האָט זיי געגעבן — עס ווערט פאָרויסגעזען, אַז „אויב ער וועט נאָך אַ מאָל באַגיין אַ וועלכע ס׳איז אַפּיקורסות, וועט ער אַרונטערפאַלן אונטער דער חטא פון ווידערשפּעניקונג און וועט, אָן שום איינזען, איבערגעענטפערט ווערן דער ציווילער יוסטיץ און איר עקזעקוטיווער מאַכט".

אין דעם צווייטן שטרייכט אונטער דער פּראָקוראָר, אַז טרעביניאָ, „דער העסלעכער און פאַררעטערישער ייד", איז אַן איינפערדיקער אָפּהיטער „פון תורת משה און ער האַלט זיך ביי איר ביז היינט און וועט זיך האַלטן ביי איר ביז צו זיין לעצטן אָטעם־צוג".

אין דעם דריטן חזרט דער פּראָקוראָר איבער די שוין אונדז באַקאַנטע פּרטים ווי אַזוי טרעביניאָס מוטער האָט אים צוגעצויגן צו דער יידישער אמונה.

אין דעם פערטן פאַררופט ער זיך פאַרשטעלטערהייט, הגם דער סוד קען

אין דעם פֿאַל קיין ווירקונג נישט האָבן, אויף די דערקלערונגען קעגן טרעביניאָן, פֿון „זײַנער זייער אַ מקורבדיקער פּערזאָן". דער שווער געפּרוּווטער מענטש דערוויסט זיך מיט טיפֿן צער, אַז די אינקוויזיטאָרן איז געלונגען אויסצופּרעסן טויט־געפּערלעכע דערקלערונגען פֿון זײַן אייגענעם זון ראַפֿאַעל טרעביניאָ, אַ דרײַצן־יעריק בחורל, וועלכער האָט זיי דערציילט, אַז פֿאַרנדיק אין יאָר 1644, צוזאַמען מיט זײַן פֿאָטער קיין גוואַדאַלאַכאַראַ, האָט זיי פֿאַרכאַפּט אַ שלאַקסרעגן און ער האָט „תּפֿילה געטון צו דער הייליקער בתולה, די מוטער פֿונעם גאָט פֿון רפֿואות, זי זאָל זיך באַמיִען דער שלאַקסרעגן זאָל אויפֿהערן; און דער דערמאָנ־טער טרעביניאָ האָט אים, מיט גרויס כּעס און צאָרן, צוליב דער שׂנאה צו דער מלכּה פֿון די מלאכים אונדזער האַרנטע, געזאָגט: שווײַג, פֿערד, ווײַל גאָט האָט נישט קיין מוטער, אויב ער האָט אונדז באַשאַפֿן, ווי אַזוי זשע האָט ער געקענט געבוירן ווערן? אַז אַלץ איז אַן אויסטראַכטעניש, אַז עס איז נישטאָ מער ווי אַן איין־און־איינציקער גאָט, דער בורא שמים וארץ. און דאָס קירכע־גלויבן איז אַ באָבע־מעשׂה; און אַז ער זאָל גלייבן אין דעם איין־און־איינציקן גאָט וואָס האָט אונדז געגעבן דעם רוח־חיים; און [ער האָט אים אויך געזאָגט] אַז די הייליקע בילדער זײַנען פֿאַרפֿאַרבטע האָלץ; אַז אַלץ איז אַ באָבע־מעשׂה און ער זאָל נישט גלייבן אין זיי; און אַז ער זאָל, דאָס וואָס ער האָט אים געזאָגט האַלטן טיף אין האַרצן; און אַז ווען ער וועט פֿאָרן קיין שפּאַניע זאָל ער מיט גאָטס הילף זיך איבערצײַגן וואָס עס איז אמתדיק. און זײַענדיק שוין אַרום אַ חודש אין גוואַדאַלאַכאַראַ, האָט דער דאָזיקער חוטא נאָך אַלץ זיך באַמיט צו איבערצייגן דעם דערמאָנטן מקורב זײַנעם, בעת זיי האָבן זיך געפֿינען אַליין אין אַ חדר מיוחד, אַז ער זאָל נישט גלייבן מער ווי אין איין־און־איינציקן גאָט, און אַז ער זאָל פֿאַסטן אום דאָנערשטיק ביז אָוונט".

אין דעם פֿינפֿטן קאַפּיטל פֿאַרנעמט זיך ווײַטער דער פּראָקוראָר מיט ראַפֿאַעל טרעביניאָס מסירות. לפֿי אים, האָט אים דער פֿאָטער געהייסן דרײַ מאָל פֿאַסטן אין גוואַדאַלאַכאַראַ און טובלען „דעם גאַנצן גוף, זאָגנדיק דערבײַ, אַז אין אַ תּענית־טאָג מוז מען זיך בײַ טאָג טובלען. און נאָכן אַהיימקומען האָבן זיי זיך איבערגעטון אין ריינע בגדים און געגרייט אַ ריינעם טיש און געגעסן געזאָטענע אייער און פֿיש מיט בוימל און מיט עסיק". אין דעם זעלבן קאַפּיטל איז דער פּראָקוראָר מוסיף שוין פֿון זײַן קאָפּ, אַז טרעביניאָ האָט זײַנע קינדער נישט געלערנט די קריסטלעכע דאָקטרין. דאָס איז לחלוטין טעותדיק, ווײַל די אַנוסים פֿלעגן, פּשוט צוליב זעלבסטפֿאַרטיידיקונג אַליין, זיך אויסלערנען אויף אויסנ־ווייניק אַלע קאַטוילישע תּפֿילות.

אין דעם זעקסטן קאַפּיטל, וואָס איז פֿול מיט זידלערײַען קעגן טרעביניאָן פֿאַר זײַן אָפּטריניקייט, באַשולדיקט אים דער פּראָקוראָר, אַז בעת מע האָט אים דערלאַנגט דעם מיטיק אין זײַן חתונה־טאָג, „האָט ער זיך צוגעדעקט דעם קאָפּ מיט אַ נאָזטיכל לויט דעם ייִדישן דין, ווי ער אַליין האָט עס דערציילט איינעם פֿון די מיטעסערס בײַ יענעם טיש. דאָס האָט געהערט די פֿרוי און שוויגער פֿון

דעם זינדיקן און נאָך אַ באַקאַנטער זייערער, וועמען זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַ יודאַיזירער; און ווי יודאַיזירער האָבן זיי צום אָנהייב, לויט זייער מנהג און דין, געגעסן אַזעלכע לאַטקעס מיט האָניק, ווי אַ זכר פאַר יענעם האָניק, וואָס דער מלאך האָט געהייסן אַרויסנעמען פאַר דער יונגפרוי, פּוטיפרס טאָכטער, צו איר חתונה מיט יוסףן. דער זינדיקער האָט ווי אַ רב געגעבן צו פאַרשטיין אַלע דערמאָנטע פּערזאָנען דעם באַטײַט פון דער צערעמאָניע; און נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אויפגעהויבן פונעם טיש, האָבן זיי זיך געוואַשן די הענט אויפן ייִדישן שטייגער, וואָס באַשטייט אין אָפּגיסן יעדע האַנט צו דרײַ מאָל מיט קאַלטע וואַסער און דערנאָך זי אַרײַנלייגן אין אַ האַנטעך אויף אָפּצוטריקענען. און כדי די דאָזיקע סעודה זאָל זײַן דורכגעדריגען מיט די ייִדישע ריטואַלן און מנהגים, האָט דעם זינדיקנס שוויגער געשאָכטן די הינער צו דער סעודה, האַלטנדיק די קעפּ אין דער האַנט און אײַנשטעקנדיק אין דער ערד דעם שאַרפן מעסער, כדי די הינער זאָלן נישט פּילן דעם ווייטיק. דרײַ מאָל האָט זי אַזוי געטון און אַזוי פיל מאָל האָט זי אויך געזאָגט אַ תפילה קוקנדיק דערבײַ צו דער מזרח־זײַט".

אין דעם זיבעטן קאַפּיטל מאַכט דער פּראָקוראָר אַ לעכערלעכע באַשול־דיקונג — וועלכע האָט אָבער באַשטעטיקט טרעביניאָס פאַרברעכן — אַז „דער דאָזיקער ייִד פון גרויסן פאַרנעם האָט זיך נישט דערנענטערט צו זײַן פרוי מער ווי אין דער ערשטער נאַכט. און זיי האָבן געוואַרט אויפן זיבעטן טאָג, מחמת על־פּי תורת משה טאָר נישט דער וואָס האָט חתונה מיט אַ בתולה זיך דערנענ־טערן ביזן זיבעטן טאָג, ווײַל אויב נישט ווערט ער טמא"...

אין דעם אַכטן קאַפּיטל ווערט טרעביניאָ באַשולדיקט אין דעם זייער שווערן חטא — לויט דעם אינקוויזיטאָרישן קאָדעקס — פון האָבן אויסבאַהאַלטן פּער־זאָנען וואָס זײַנען אַרומגעזוכט געוואָרן דורכן „הייליקן טריבונאַל". עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז די דאָזיקע פּערזאָנען זײַנען געווען זײַן שוויגער און זײַן פרוי. אינעם נײַנטן קומט די שולד פון האָבן געהאָלפן די זעלבע פּערזאָנען, ווען זיי זײַנען שוין געווען אַרעסטירט, זיך צו פאַרבינדן — דורך אַ נעגערשן דינער פון די געהיימע תפיסות — מיט די קרובים אויף דער פרײַ, מיטן צוועק אַז זיי זאָלן זיך „פּרײַוויליק" מתוודה זײַן אויף זייערע ייִדישקייט־חטאים, כדי אויסצו־פּועלן דורך דעם אַ לײַכטערע שטראָף. ער האָט דאָס טאַקע דערגרייכט, ווי אויך, אַז זיי זאָלן זיך נישט מסרן קעגנזײַטיק.

אין דעם צענטן קאַפּיטל שטרײַכט אונטער דער פּראָקוראָר, אַז „דער דאָזיקער שעדלעכער און ווידערשפּעניקער ייִד" האָט, דורך זײַן פאַרבינדונג מיט די געהיימע תפיסות, געשטערט דעם „הייליקן טריבונאַל" בײַ זייער אַ פאַרדעכטיקטן פאַל, דורכצופירן זײַן התחייבות מציל צו זײַן די זינדיקע נשמות און זיי איבערבעטן מיט דער קירכע. אינעם עלפטן באַציט ער זיך אויף טרעביניאָס אומדערהערטן עזות אַרײַנצושפּאַרן זיך דעם וואָלף אין מויל אַרײַן, דאָס הייסט, אַרײַנצובאַקומען זיך אין דער סאַמער געהיימער תפיסה, פאַרבונדן זיך מיט זײַן שוויגער און אַרויס פון דאָרטן מיט גאַנצע ביינער. דערפון, נאַטירלעך, קומט דעם פּראָקו־

ראַרס געוואַלדיקע רוגזה, ווי אויך דער פאַקט, וואָס „אין די דאָזיקע געהיימע תפיסות ווי אויך אויסער זיי, איז גאָר נישט געטון געוואָרן און ס׳איז קיינער נישט געקומען מסרן די שוועגערין און פרוי פון דעם דאָזיקן זינדיקן, אַז עס זאָל [פריִער] נישט האָבן דורכגעגאַנגען דורך זײַנע הענט און זײַן עצה״.

אינעם צוועלפטן ווערט טרעביניאָ באַשולדיקט, אַז קורץ נאָכן אויטאָ־דע־פע, ווי עס זײַנען זײַנע פאַרמשפט געוואָרן זײַן שוויגער און זײַן פרוי, האָט ער מיט איינעם אַ גאַסט געשמועסט וועגן „תורת משה, די אָבות און וועגן דעם נביא, וועלכן מע האָט צעזעגט אין איינעם מיט אַ בוים. [ער האָט אויך מיט אים גערעדט] וועגן די גרויסע טובות, וואָס גאָט האָט געטאָן צו זײַן פאָלק, וועגן די ניסים, מיט וועלכע ער האָט זיך באַנוצט פון זייערטוועגן, און לסוף האָט דער דאָזיקער חוטא געזאָגט, אַז גאָט באַנוצט זיך הײַנט נישט מיט זײַנע וווּנדער פאַר זײַן פאָלק דערפאַר, ווײַל עס ווױנט אין די דאָזיקע לענדער; און ווען יענער [דער גאַסט] פרעגט אָפּ, פאַר וואָס זאָל עס גאָטס רחמים זײַן באַגרענעצט? ענטפערט דער דאָזיקער זינדיקער עם־הארץ, אַז נאָר יענע, וואָס האָבן געוווינט אין גוטע לענדער, אין וועלכע מע האָט געקענט אומגעשטערט אָפּהיטן זײַן תורה, האָבן זיך געקענט דערלייזן״.

אינעם דרײַצנטן קאַפּיטל באַנוצט זיך דער פּראָקוראָר מיט דער מסירה פון אַ „געוויסער פּערזאָן״ — זײַן זון — אויף צו באַשולדיקן טרעביניאָן, אַז „אין צוויי ספּעציעלע טעג האָט ער געפּראַוועט צוויי תעניתים על־פּי תורת משה, נישט איבערבײַסנדיק אין דער פרי, נישט צו מיטיק; כאָטש ער איז געקומען אַהיים און דערציילט זיער דערמאָנטער געוויסער פּערזאָן ווי אַזוי ער האָט געפּאַסט. און די דערמאָנטע פרוי זײַנע האָט דעם דאָזיקן זינדיקן צוגעגרייט שאָקאָלאַד צום טרינקען, און נאָך דעם שאָקאָלאַד האָט ער געגעסן צוויי פרישע אייער. וווינענדיק אויף דער סאַן פראַנציסקאָ־גאַס, האָט די דערמאָנטע געוויסע פּערזאָן געזען אייניקע אָפּגענוצטע און צעבראָכענע הייליקע בילדער, וואָס זײַנען אים פאַרבליבן ווען ס׳איז אים אײַנגעפאַלן אַן אַנדער הויז, פון וועלכן ער האָט זיך אַרויסגעצויגן, דער עיקר [איז געווען באַשעדיקט] אַ בילד פונעם הייליקן פראַנציסקאָ, און ווען מע האָט דעם זינדיקן אָנגעוויזן, אַז דער הייליקער איז צעשעדיקט, האָט ער געענטפערט אַז די ראָם איז אים נאָר אַ שאָד; אַז מיט אַ קליין ביסל לאַק קען מען דעם הייליקן פאַרגלעטן. ס׳איז גאָר נישט אַזוי זיך צו וווּנדערן וואָס דער דאָזיקער פאַרדאָרבענער ייִד האָט געזאָגט, אַז עס איז אים בלויז אַ שאָד די ראָם, ווײַל ער האָט תמיד געהאַלטן און אויך איצטער האַלט ער, אַז די הייליקע און זייערע אָפּבילדער זײַנען פּשוטע האָלץ־פיגורן און ס׳איז אַ נאַרישקייט דאָס פאַרגעטערן זיי״.

אינעם פערצנטן קאַפּיטל שטרײַכט אונטער דער פּראָקוראָר דעם „קאָרופּ־טירטן גײַסט און די כיטרעקייט פון אָט דעם גרויסן ייִד״ טרעביניאָ דע סאָברע־מאָנטע. נישט נאָר האָט ער געהאַט פאַרבינדונגען מיט זײַן שוויגער און אירע טעכטער, אַרעסטירטע אין די געהיימע תפיסות, נאָר ער האָט אויך אָנגעפירט מיט

זייער פאַרטיידיקונג אין דער אינקוויזיציע — אַ זאַך וואָס איז אַבסאָלוט געווען פאַרווערט פאַר דעם פשוטן בשר ודם, חוץ פאַר אַדוואָקאַטן פון דעם אינקוויזיציע־טריבונאַל, וועמענס ראַסן־ריינקייט עס האָט געדאַרפט זײַן אומבאַפלעקט, די גע־טרײַשאַפט צום „הייליקן טריבונאַל" אָן שום חשד און די פאַרטיידיקונג — רעדו־צירט אויסשליסלעך אויף פאָרמעלע ענינים. אינעם פופצנטן קאַפּיטל ווערן טרע־ביניאָ און זײַן אומגליקלעכע פרוי באַשולדיקט, אַז נאָך זייער „איבערבעטן זיך" מיט דער קירך האָבן זיי אָפּגעהיט אַלע יום־כיפּור־תעניתים. אין זעכצנטן קאַפּיטל, ווײַזט־אָן דער פּראָקוראָר, אַז טרעביניאָס אַ קרוב האָט זיך אויסגעדריקט, נאָכן האָבן אַ שאַרפן וויכוח מיט טרעביניאָן, אַז מיט איין וואָרט נאָר „קען ער אים אָפּ־שיקן צום שײַטערהויפן". ווײַטער זאָגט זיך אין דעם זעלביקן קאַפּיטל, אַז אין אַ שמועס מיט אַ באַשטימטער פּערזאָן, וועמענס אידענטיטעט עס ווערט אויסבאַ־האַלטן, וועגן דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון די רעליגיעס אין דער וועלט, האָט „דער רבי פון זײַן פאַלשער תורה באַטאָנט, אַז ס'איז אמת אַז אין דער קריסטלע־כער תורה זײַנען פאַראַן אַ סך שיטות און אייניקע האַלטן מיט איינער און אַנדע־רע — מיט אַ צווייטער, און מע קען נישט באַשטימען וועלכע עס איז די ריכטיקע. די ייִדן, אָבער, פאָלגן־אויס גאָטס תורה, געגעבן דורך משהן, און זיי מישן זיך נישט אין אַנדערע זאַכן".

אין דעם זיבעצנטן קאַפּיטל, ווערט טרעביניאָ באַשולדיקט אין דעם, אַז ער האָט זיך געוואָלט באַזעצן אין האָלאַנד „ווו די ייִדן לעבן זיך פרײַ", אַזוי האָט אויך געזאָגט דעם זינדיקערס דערמאָנטע פרוי, נאָכן איבערבעטן זיך [מיט דער קירך], צו אַ געוויסער פּערזאָן. און זי האָט אים גערימט, אַז ער איז אַ ייִד — אַ גוטער ייִד; און אַז ער האָט בדעה צו מאַכן געלט אויף צו פאָרן מיט איר און מיט די קינדער, דאָרט ווו מע לעבט פרײַ. און אַ צווייטע קרובה פון דעם זינדיקן האָט דערציילט אַ געוויסער פּערזאָן, אַז דער דאָזיקער זינדיקער פלעגט פאַסטן צוויי מאָל אין וואָך, על־פּי תורת משה, ווײַל ער האָט געהאַט אַ נדר געטאָן צו פאָרן אין דער דערמאָנטער אויסלענדישער מדינה אַרײַן, ווו די ייִדן לעבן זיך ווי זיי געפעלט. און כפי ער האָט עס נישט מקיים געווען, האָבן די תעניתים געדאַרפט מכפּר זײַן דערויף".

אין אַכצנטן קאַפּיטל זאָגט דער פּראָקוראָר, אַז „דער פאַרעקשנטער ייִד האָט, סײַ אין גוואַדאַלאַכאַראַ סײַ אין זאַקאַטעקאַס, דורכגעפירט אַ סך געווײנלעכע תעניתים פון תורת משה. און אין דער דערמאָנטער גוואַדאַלאַכאַראַ, ווױנענדיק בײַ די טויערן פון אַפּאַדאַקאַ, וואָס הײַנט געהערן זיי צו דער קירך, האָט ער אַרום דרײַ חדשים צײַט כסדר געפאַסט יעדן דאָנערשטיק, און צו מאָל מאָנטיק און דאָ־נערשטיק, נישט פאַרזוכנדיק גאָר נישט ביזן אָוונט, ווען ער פלעגט אַרויסגיין אויף דער גאַס און קוקן אויף די שטערן; און נאָך דעם ווי ער האָט באַקוקט דעם [שטערן], וואָס די ייִדן האַלטן פון אים, האָט ער אין הינטער־חדר געגעסן אָוונט־ברויט מיט אַ גאָר מקורבער פּערזאָן, וועמען ער האָט, אין אַ באַזונדערן טעלער, געגעבן צו עסן געזאָטענע אייער און ווײַסע פיש, זאָגנדיק בעתן אַראָפּנעמען פונעם

טיש: געבענטשט זאָל זײַן, וועמ עס האָט אמונה אין דיר. און זײַענדיק אין דער דערמאָנטער שטאָט זאַקאַטעקאַס דאָס פּאַראַיאָריקע דרײַ און פערציקסטע יאָר, זינט סאַן כואַן ביז קורץ פֿאַר ווײַנאַכטן, פֿון וואַנען ער איז צוריקגעפֿאָרן קיין מעקסיקע, האָט אַ געוויסע פּערזאָן געזען דעם דאָזיקן זינדיקן פֿאַסטן יעדן דאָנערשטיק און אַ טייל מאָנטיקן, בלײַבנדיק אַ גאַנצן טאָג אומגעגעסן און אומגעטרונקען. און אין אָוונט האָט ער געגעסן נאַכטמאָל מעטשאַקאַן־פֿיש און אייער מיט דער דערמאָנטער גאָר מקורבער פּערזאָן. און אויף צו פּראַווען די דערמאָנטע תעניתים פֿלעגט דער דאָזיקער זינדיקער דעם זעלביקן טאָג אין אָוונט זיך טובלען אין וואַרעמע, שמעקעדיקע וואַסער, וואָס זײַן מולאַטישע דינסט האָט אים צוגעגרייט. אין גוואַדאַלאַכאַראַ פֿלעגט ער זיך טובלען אין טײַך, און אין בײדע פּלעצער פֿלעגט ער, אויף צו פֿאַרענטפֿערן זיך פֿאַר זײַנע באַדינערס פֿאַר זײַן פֿאַסטן, זיך צושפּאַרן אויפֿן בעט און זאָגן אַז עס טוט אים וויי דער בויך".

אין דעם נײַנצנטן קאַפּיטל באַשולדיקט אים דער פּראָקוראָר, אַז אין גוואַדאַלאַכאַראַ „פֿלעגט דער דאָזיקער זינדיקער זיך אויפֿכאַפּן אין מיטן דער נאַכט, אַרומגיין אין שטעקשיך און אונטערוועש און זיך אײַנהילן אין אַן אויבערמאַנטל אָן אַרבל [capa] און מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ און אָנגעטוענע ברילן אָפּריכטן תפֿילות. ער פֿלעגט זיך פֿריִער וואַשן די הענט פֿון אַ פֿולן קרוג וואַסער, וועלכער איז געווען פֿון פֿאָרויס צוגעגרייט. און פֿאַרטאָג־צו פֿלעגט ער אַ שטיקל צײַט, אַרום דרײַ־פֿערטל שעה, דאַוונען, נאָך דעם זיך צוריק לייגן, ענדיקנדיק דערבײַ די תפֿילות. חוץ די דערמאָנטע תענית־טעג אין גוואַדאַלאַכאַראַ, האָט דער דאָזיקער חוטא (מעגלעך נאָר צופֿעליק) פֿאַרן לייגן זיך, אָנגעצונדן אַ וואַקסן ליכט, אַרויפֿגעשטעלט עס אויף אַ טאַבורעטל בײַ דער טיר — אַלץ לויט די דערמאָנטע מנהגים — און עס געלאָזן ברענען ביז אין דער פֿרי, ווען ער פֿלעגט עס אויסלעשן און דאָס פֿאַרבלײַבענע ליכט פֿאַרבאַהאַלטן ווי עפּעס אַ הייליקטום, מחמת ער איז געווען אַ גרויסער ייִד און פֿינקטלעך אין אָפּהיטן זײַן פֿאַלשע תורה. אַפֿילו בעת זײַנע נסיעות אין די אַלע ערטער ווו ער האָט געוווינט, פֿלעגט ער תפֿילה טאָן אין די דערמאָנטע שעהן, אין דער פֿרי פֿאַרן איבערבײַסן און צוויי בײַ טאָג, וואַשנדיק זיך דערבײַ די הענט און פֿאַרבינדנדיק דעם קאָפּ מיט אַ טיכל, ווי דאָס ווערט באַשטעטיקט פֿון די, וואָס האָבן אים געזען בעת ער האָט געוווינט אין זאַקאַטעקאַס. און דער דאָזיקער זינדיקער פֿלעגט גיין צו דער ריטשקע אויף צו וואַשן זיך די הענט, בלײַבנדיק דאָרט דאַוונען. און צוליב דעם פֿלעגט ער זיך אָפּבינדן דעם טוך, וואָס האָט אַראָפּגעהאָנגען פֿון גאַרטל אַרום זײַנע לענדן און מיט אים זיך צודעקן דעם קאָפּ. ער פֿלעגט זיך אויך אײַנהילן אין אַן אויבערמאַנטל אויף אַן אופֿן, אַז די הענט זאָלן בלײַבן אין דרויסן, און שטייענדיק אויף די פֿיס דאַוונען אין די דערמאָנטע געבעט־ביכלעך. דאָס פֿלעגט געדויערן אַ שעה אין דער פֿרי, אַ האַלבע שעה צוויי בײַ טאָג און לערך אַזוי פֿיל צײַט בײַ נאַכט".

אינעם צוואַנציקסטן קאַפּיטל וואַרפֿט דער פּראָקוראָר פֿאָר טרעביניאָן, אַז אין דער שטאָט מעקסיקע פֿלעגט ער נישט זאָגן די קריסטלעכע תפֿילות, נאָר די

יִדישע. און ווען ער האָט געזאָגט תהילים, פלעגט ער זיך האַלטן בײַם יִדישן נוסח און אויסמײַדן די ווערטער פונעם קריסטלעכן טעקסט, וועלכע באַציִען זיך אויף „גאָט דער פאָטער, גאָט דער זון און הייליקער גײַסט". ער באַשולדיקט אים אויך אין „וואַשן זיך די הענט פאַרן דאַווענען, אין צודעקן דעם קאָפּ מיט אַ טיכל, צומאַכנדיק דערבײַ די טירן פון דעם חדר־התפילה און פאַרבלײַבן אַליין. ער פלעגט דאַווענען צוויי מאָל אין משך פונעם טאָג — אַכט אין דער פרי און צוויי בײַ טאָג; און אַנדערע צוויי מאָל אויף דער נאַכט: איין מאָל, פאַר נאַכט, נאָך די אָווע־מאַריאַס, דאָס צווייטע מאָל עפּעס נאָך איינס אַ זייגער. און אויף צו וואַשן זיך די הענט אין יענע שעהן, פלעגט ער זיך צוקאָפּנס צוגרייטן וואַסער אין אַ זילבערנעם קריגל. און דאַווענען פלעגט ער אין די דערמאָנטע געבעט־ביכלעך אין דעם חדר, וואָס האָט אים געדינט פאַר אַ מאַגאַזין, אַ מאָל קניִענדיק און אַ מאָל שטייענדיק, אָבער תמיד מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ, פאַרמאַכנדיק טיר און פענצטער, כדי אָפּצוריכטן זײַנע תפילות. אין איינעם אַ טאָג, ווען אַ געוויסע פּערזאָן, וועלכע האָט געוווינט אין דערמאָנטן הויז, איז געקומען באַזוכן דעם דאָזיקן זינדיקן, האָט ער אים געטראָפן בײַם זאָגן אין די דערמאָנטע געבעט־ביכלעך קאַפּיטלעך תהילים אין לאַטײַן. האָט ער אים געבעטן, ער זאָל איבערזאָגן; און כדי דאָס צו טאָן איז ער געשטאַנען מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ און אַ טוך צוגעבונדן צו איר, לויט דעם באַקאַנטן מנהג, זיך צו פאַרדעקן און פאַרבײַיִען די קעפּ צום דאַווענען".

אינעם איין און צוואַנציקסטן קאַפּיטל זאָגט דער פּראָקוראָר: „עס איז אַזוי אמת, אַז דער דאָזיקער פאַרשאָלטענער חוטא ווערט פאַררעכנט פאַר אַ גײַסטלעכן, אַ רב און אַ באַרימטן מענטש צווישן די יִדן, נײַ־קריסטן, יודאַיִזירנדיקע אַפּי־קורסים, אָפּטריניקע פון אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה, וועלכע געפינען זיך אין די דאָזיקע קעניגרײַכן, אַז אַ געוויסער אָפּהיטער פון תורת משה פון דער דערמאָנטער שטאָט גוואַדאַלאַכאַראַ, האָט זיך נישט געוואָלט אַרויסציִען פון זײַן דירה, ווײַל דאָרט האָט געהאַט געוווינט און יודאַיִזירט אָט דער דאָזיקער זינדיקער מיט זײַן פרוי און זי איבערגעפּולט מיט יראת־שמים. און חוץ דעם האָט מען פון אים געהאַלטן און דרך־ארץ געהאַט פאַר אים ווי פאַר אַ רבין, ווײַל אין יאָר זעקס הונדערט פערציק, בעת עס איז אַנטשטאַנען אַ ספק און אַ סיכסוך וועגן דעם, ווען עס דאַרף אויספאַלן יום־כיפור — ס'איז געווען אַ חילוק אין אַכט טעג — ווײַל זיי האָבן זיך טועה געווען מיטן באַנײַען די לבנה, האָט דער דאָזיקער זינדיקער, ווי איינער וואָס איז בעסער באַהאַוונט אין קידוש־החודש, נישט געפאָלגט וואָס יענע האָבן געפּסקנט און ער, מיט זײַן הויזגעזינד, האָבן געפאַסט מיט אַכט טעג פריִער. און עס איז דערוויזן געוואָרן, אַז בעת ער מיט נאָך צוויי חברים יודאַיִ־זירערס זײַנען דאָס דערמאָנטע יאָר געקומען פונעם פאָרט אַקאַפּולקאָ און האָבן געשמועסט וועגן דעם יום־כיפור־תענית און וועגן דעם טאָג ווען ער פאַלט־אויס, האָט דער דאָזיקער זינדיקער, ווי אַ לערער און דאָגמאַטיזירער געזאָגט, אַז נישט תמיד פאַלט יום־כיפור אויס אין סעפּטעמבער, ווײַל טייל יאָרן האָבן צוועלף חדשים און אַנדערע — דרײַצן".

אינעם צווייַ און צוואַנציקסטן קאַפּיטל באַשולדיקט דער פּראָקוראָר טרעביניאָן, אַז בעת ער איז געווען פאַרשפּאַרט אין די געהיימע תפיסות, אין משך פון זייַן ערשטן פּראָצעס, האָט ער געבעטן זייַנעם אַ טורמע־חבר, „אַזאַ גרויסער ייִד ווי ער", ער זאָל אים מל זייַן און דערמיט אים דעפיניטיוו פאַראייניקן מיט קהל־ישראל. אין דעם דרייַ און צוואַנציקסטן קאַפּיטל ווערט געזאָגט, אַז טרעביניאָ האָט זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיטן מל זייַן זיך אַליין, וואָס האָט אים אויסגעשטעלט צו אַ זיכערן טויט ווען ער זאָל אַרייַנפאַלן אין די אינקוויזיציע־נעגל, נאָר ער האָט אויך איבער זייַן זון, — „זייַן גרויסן מקורב", אויף אינקוויזיציע־לשון — דורכגעפירט די זעלבע אָפּעראַציע. ער האָט „זייַן טייַוולשן פּלאַן" פאַרלייקנט פאַר דער אינקוויזיציע מיטן אויסרייד, אַז די אָפּעראַציע איז געמאַכט געוואָרן אויף אויסצוהיילן אים פון אַ קראַנקייט. „און צוליב דעם האָבן זייַן פרוי און שוויגער אין אַ בייַ טאָג אַרום פינף אַ זייגער, ווען דער דאָזיקער זינדיקער האָט געוווינט אין דעם דערמאָנטן הויז, פאַרמאַכט די זאַל־טיר, באַפוילן דעם דערמאָנטן זייער נאָענטן קרוב אויסצוטאָן די תחתונים און אים געהייסן מאַכן אַ שווייַג, ווייַל זיי האָבן אים געוואָלט אויסהיילן זייַן געבריכטקייט. און האַלטנדיק אים ביידע פעסט בייַ די פולקעס, איז אָנגעקומען דער דאָזיקער רב מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ און מיט אַ מעסערל, צי אַן אַנדער שאַרפע כלי, זיך דערנענטערט צום אָרט, ווו זייַן דערמאָנטער גרויסער מקורב — נאָך גאָר אַ קינד — איז געווען. ער האָט מיט גרויס פרומקייט אַנידערגעקניט (וואָס דאָס איז צו גלייבן) און אויפהייבנדיק די אויגן מיט גרויס כוונה צום הימל, ווי צו ווייַזן, אַז ער טוט אַ גרויסן חסד צום אלהי־ישראל, האָט ער מיט דער לינקער האַנט אָנגענומען דעם געשלעכט־אבר פון זייַן דערמאָנטן נאָענטן קרוב, און מיט דעם דערמאָנטן מעסערל צי אַן אַנדער שאַרפער כלי, געמאַכט אַ שניט אין דער לענג און אָפּגעשניטן דעם שפּיץ. דערנאָך האָט ער אים צוגעלייגט אויף דעם אָרט ווינדלעך און אים אַרייַנגעלייגט אין בעט אַרייַן אויף עטלעכע טעג, אים געהאָדעוועט מיט פלייש פון עוף און מיט זיסן געבעקס. דערבייַ האָט דער דאָזיקער חוטא אין אייניקע נעכט אָנגעצונדן אַ וואַקסן ליכט אין דעם חדר פון דעם געמלטן, עס געלאָזט ברענען פון נאָך מעריב ביז פאַרטאָג. און די דערמאָנטע פרוי פון דעם דאָזיקן חוטא האָט אים, צוויי טעג נאָכן אויפשטיין פון בעט, אַרומגעוואַשן מיט הייסן וואַסער פון די קני׳ען ביז אַראָפּ און אָנגעטאָן אים אַ ריינע העמד, וואָס דאָס אַלץ באַווייַזט באַשיימפערלעך, ווי ווייַט דער דאָזיקער שלימזלדיקער און אומגליקלעכער ייִד האַלט פאַרוואָרצלט טיף אין זייַן נשמה דאָס ייִדישקייט און אַז ער איז איר גייַסטלעכער און רב".

אינעם פיר און צוואַנציקסטן קאַפּיטל באַשולדיקט דער פּראָקוראָר טרעביניאָן און זייַן פרוי אין „האָבן געפאַסט יעדן דאָנערשטיק, נישט געפרישטיקט, נישט געמיטיקט; די פרוי — מיטן אויסרייד, אַז זי פילט זיך נישט גוט, לייגנדיק זיך דערבייַ אין בעט אַרייַן; און דער דאָזיקער חוטא — דורכן קלאָגן זיך אויף אַ ווייטיק אין דער זייַט. און מיטיק־צייַט פלעגן זיי עסן אַ מאכל אָן חזיר־פעטס. זיי פלעגן עס נאָר אַרייַנלייגן ווען עס זייַנען געקומען געסט, און דעמאָלט פלעגן זיי אַליין נישט

מיטעסן. דער דאָזיקער זינדיקער האָט עס ניט פאַרזוכט, נישט אין גוואַדאַלאַכאַראַ, נישט אין זאַקאַטעקאַס, נישט אונטערוועגס. אין זײַן היים האָט מען געקאָכט נאָר מיט בוימל און נישט מיט פעטס. און דער דאָזיקער חוטא און איינע פון זײַנע שווע־גערינס פלעגן די הינער אריינשפּאַרן צווישן די פיס, אָנכאַפּן זיי בײַם גאָרגל און־טערן שנאָבל און זיי שעכטן מיט אַ שאַרפן מעסער. זיי פלעגן אויך אַראָפּנעמען דעם חלב פונעם פלייש און עס אַוועקלייגן אויף איבער נאַכט אין אַ וואַקסענער כלי [librillo] דאָס בלוט זאָל אָפּרינען און ערשט דערנאָך עס לייגן אין טאָפּ־אַרײַן. דער דאָזיקער פאַרמאַסקירטער קריסט און אמתער ייִד פלעגט, בעתן גיין אין קירך אויף אָפּצונאַרן דאָס קאַטוילישע פאָלק, תפילה־טאָן פון אַ קריסטלעכן געבעט־בוך, אין דער היים, אָבער, האָט ער נאָר געדאַוונט אין דעם דערמאָנטן סידורל״.

אינעם פינף און צוואַנציקסטן קאַפּיטל ווײַזט־אָן דער פּראָקוראָר אויף טרעבי־ניאָס אַנדערע תעניתים. מע וואָלט געקאָנט מיינען, אַז דער שטאָלצער ייִדיש־שפּאַ־נישער אַדעליקער, דער רײַכער מעקסיקאַנער סוחר, האָט גאָר נישט געטאָן חוץ פּײַניקן זיך. פון דעסט וועגן דערציילן אונדז די זעלבע אינקוויזיציע־דאָקומענטן, אַז טרעביניאָס מעשים זײַנען נישט באַשטאַנען פון לויטער אָפּזאָגן זיך פון פאַר־געניגנס. דאָך, אינעם זעקס און צוואַנציקסטן קאַפּיטל ברענגט דער פּראָקוראָר אַרויס נאָך אַ פאַל פון אָפּהיטן כשרות מצד טרעביניאָן. אינעם זיבן און צוואַנציקסטן, בנו־צנדיק דעם טערמין „זײַן גאָר נאָענטער קרוב״ פאַר זײַן זון און אַן ענלעכן פאַר זײַן פרוי און שוויגער, זאָגט זיך, אַז „בעת דער דאָזיקער געמלטער און געפּריעהטער ייִד האָט זיך ס׳לעצטע מאָל אומגעקערט פון גוואַדאַלאַכאַראַ אין אײנעם מיט זײַן זייער נאָענטן קרוב, וועלכן ער האָט געהאַט געמלט און געמאַכט פאַר אַן אָפּטריניקן פון אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה, האָט ער אים געוואָרנט נישט צו גלייבן מער ווי אין איין־איינציקן גאָט, ווײַל אַלץ פון דער קירך איז אַ באָבע־מעשה און אַז די אָפּבילדער פון גאָטס מוטער און פון די איבעריקע הייליקע, זײַנען בלויז דרעקנגער. און ער האָט אים אויפגעפּאַדערט נישט צו דערציילן וועגן די תעניתים וואָס ער האָט געזען אים אָפּריכטן און וועגן די אייגענע, ווײַל דאָס וואָלט געשטעלט אין סכנה דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן זינדיקן, נאָר ער זאָל עס האַלטן טיף אין האַרצן. און ער האָט נאָכן אָנקומען דערציילט צו דרײַ געוויסע פּערזאָנען, זײַנע גאָר נאָענטע קרובים, ווי אַזוי ער האָט געהאַט אויסגעלערנט דעם דערמאָנטן גאָר נאָענטן קרוב די דערמאָנטע תורה. און אַלע דרײַ, ווען זיי האָבן אים געפּאַקט אַליין, האָבן אים געעצהט, ער זאָל גלייבן אין אַלץ, וואָס דער דאָזיקער חוטא האָט אים געלערנט, ווײַל דאָס איז דער אמת. עס עקסיסטירט נאָר — האָבן זיי אים געזאָגט — איין־און־איינציקער גאָט, אין וועלכן ער דאַרף גלייבן און אַזוי אַרום דערלייזט ווערן. און ווען דער דערמאָנטער זייער נאָענטער קרוב האָט צוגעשטימט, האָבן די דערמאָנטע פּערזאָנען אים שטאַרק אַרומגענומען מיט הנאה, ווײַל זיי האָבן געזען ווי זייער פאַלשע תורת משה ווערט אויסגעשפּרייט אויך אויף זייערע קינדער און אייניקלעך״.

נישט בלויז טרעביניאָס חטאים, נאָר אויך זײַן אויפפירונג אין דער געהיימער אינקוויזיציע־תפיסה — ווו ער האָט זיך באַדאַרפט פאַרהאַלטן „שטיל און עניוותדיק״

— איז אַ טייל פון באַשולדיקונג־אַקט און שטעלט מיט זיך פאָר דעם 28סטן קאַפיטל. לויט דעם דאָזיקן קאַפּיטל, האָט דער „אומבויגזאַמער ייד" זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט זיינע חברים לצרה און זיי געעצהט, ווי אַזוי אָפּצוגאַרן דעם „הייליקן טריבונאַל". דורך דעם איז ער באַגאַנגען דעם שווערסטן פאַרברעכן קעגן דעם טריבונאַל, וועלכער האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צוריק צו ברענגען די זינדיקע צו דער אמתער אמונה. אָבער לפי דעם פּראָקוראָר, דאַרף מען דער עיקר באַטאָנען זיין „עקשנותדיקע יידישקייט, וועלכער ער איז געבליבן טריי זינט זיין קינדהייט־אָן און טרעט פון איר נישט אָפּ אַ שפּאַן ביז היינט. ער האָט, אין פעברואַר פון פאַרגאַנגענעם פינף און פערציקסטן יאָר, געעצהט די דערמאָנטע אַרעסטירטע, מיט וועלכע ער פלעגט זיך פאַרבינדן, אַז זיי זאָלן פאַסטן דעם תענית־אסתר, וואָס ער האָט זיכער אַליין געפאַסט, ווייל ער האָט עס דאָך אַנדערע אַזוי געעצהט און אויך אַנדערע קלענערע תעניתים, אויף אָפּצוווענדן דעם כעס פון אלוהי ישראל און זיי זאָלן באַפרייט ווערן. און בעת מע האָט זיי גערופן צום פאַרהער, האָבן זיי תפילה געטאָן איינער פאַרן אַנדערן, נוצנדיק דערביי די ערגסטע אויסדרוקן קעגן אייער הערשאַפט, וואָס ס'איז לייכט זיך פאָרצושטעלן מצד אַזעלכע לייט און לפי זייער שנאה און פאַראַכטונג, וואָס זיי פילן צו דעם דאָזיקן טריבונאַל און צו די, וועלכע דינען אין אים."

אין דעם ניין און צוואַנציקסטן קאַפּיטל באַשולדיקט דער פּראָקוראָר טרעביניאָן, אַז אָנשטאָט צו מסרן, האָט ער גאָר אויף אַן „אומפאַרשעמטן" אופן געדאַנקט איינעם אַן אַרעסטירטן, וועלכער האָט אים געוואָרנט נישט צו ריידן אין דער הייך וועגן וויכטיקע ענינים, ווייל אין תפיסה געפינען זיך אומעטום שפּיאָנען. אין דעם דרייסיקסטן קאַפּיטל ווערט געוואָרפן אויף אים די שולד צו זיין אַ „טרעפער און אָבערגלויביקער", ווייל בעת עס איז אים שוין געבליבן גאָר ווייניק האָפענונג צו ראַטעווען זיין נפש און דאָס לעבן פון זיינע נאָענטע, האָט ער פון זיינע חלומות אַרויסגעלייענט גוטע אויסזיכטן פאַרן עתיד. אינעם איין און דרייסיקסטן קאַפּיטל ווערט גערעדט וועגן דעם, אַז ער זאָל האָבן דערציילט זיין פאַל אַן אַנדער אַרעסטירטן און דערמיט עובר געווען אויף דעם אינקוויזיציע־פּרינציפּ פון אַבסאָלוטער געהיימעניש. און גלייך ווי דאָס וואָלט געווען ווייניק, האָט ער זיך נאָך באַמיט אויסצוגעפינען ווער עס זיינען געווען די עדות־זאָגערס קעגן אים...

אינעם לעצטן קאַפּיטל באַשולדיקט דער פּראָקוראָר טרעביניאָן אין אַזעלכע „פאַרברעכנס" וואָס זיינען אים באַקאַנט און אין אַזוינע, וואָס ער איז נאָר משער אַז ער איז זיי באַגאַנגען. כפי עס האַנדלט זיך אין אַ קאַפּיטל, וואָס באַרירט אַן אינקוויזיטאָרישע פּראָצעדור, וועלכע האָט צו זיך קיין גלייכן נישט אין די מעשים פון קיין שום אַנדער טריבונאַל, וועלן מיר זיין צוויטן טייל ציטירן אין גאַנצן. אפשר וועט דורך דעם ווער פון די מאָדערנע און שוין צו פיל אָביעקטיווע פאַרשערס פונעם „הייליקן טריבונאַל" אויפהערן צו ריידן וועגן געוויסע מעלות זיינע.

חוץ דעם איז זיך פאָרצושטעלן און צו גלייבן, אַז דער דערמאָנטער טאָמאַס טרעביניאָ האָט געזאָגט, געטאָן און באַגאַנגען גאָר אַ סך שווערערע צי גרינגערע

פֿאַרברעכנס, און געזען אַז אויך אַנדערע זאָלן טאָן און באַגיין. דאָס האָט ער בייזוויליק פֿאַרשוויגן און אויסבאַהאַלטן. דעריבער פֿאַרזיכער איך צו באַשולדיקן אים פֿאַר יעדער ידיעה וועגן זיי, וואָס זאָל צו מיר דערגיין. און ווי אַ נויטווענדיקייט באַשולדיק איך אים לכתחילה אין זײַן אַן אַפּיקורס, יודאַיזירער, עזותניק, ווידער־שפּעניקער, אָפּטריניקער פֿון אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה, כלומרשטער און אָפּנאַרערישער בעל־חרטה, מיטהעלפֿער און אויסבאַהאַלטער פֿון יודאַיזירנדיקע אַפּיקורסים, זייער דאָגמאַטיקער און פֿאַלשער גײַסטלעכער. [איך באַשולדיק אים אויך] אַז ער היט־אָפּ, און האָט אָפּגעהיט זינט ער איז צו זײַן שכל געקומען, די פֿאַרדאַמטע און טויטע תורת משה, נישט אָפּנויגנדיק פֿון איר. דעריבער, אָננעמענדיק זײַנע ווידויס נאָר אויף וויפֿל זיי זײַנען לטובת מיר און נישט מער, און ווענדנדיק זיך אַז מע זאָל בײַ מיר נישט פֿאָדערן צו פֿיל באַווײַזן.

מאָן איך און בעט בײַ אײַער האַרשאַפֿט, אַז עס זאָל אָנגענומען ווערן פֿאַר ריכטיק דער טייל פֿון מײַן עקספּאָזע, וואָס איז גענוג אים דעפֿיניטיוו צו פֿאַרמשפּטן. און ס׳זאָל אויך דערקלערט ווערן מײַן אויפֿגאַבע פֿאַר גענוג דערוויזן און דער דערמאָנטער טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע [זאָל דערקלערט ווערן] פֿאַר אַ יודאַיזירער, אַן אַפּיקורס, אַן עזותדיקער, ווידערשפּעניקער אָפּטריניקער פֿון אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה, כלומרשטער און אָפּנאַרערישער בעל־חרטה, אין וואָס ער האָט זיך בשעתו — איידער ער איז נאָך צוגעלאָזט געוואָרן איבערצובעטן אין דעם דאָזיקן הייליקן טריבונאַל — מודה געווען; אַ מיטהעלפֿער, אויסבאַהאַלטער פֿון יודאַיזירנדיקע אַפּיקורסים, און זייער דאָגמאַטיזירער, אויספֿירער פֿון די אַלע חטאים אין וועלכע איך באַשולדיק אים, און אין האָבן אַרונטערגעפֿאַלן אונטערן פּסק־דין פֿון גרויסן חרם, וואָס איז חל אויף אים. און ווי אַזעלכער זאָל מען אים פֿאַרמשפּטן איבערגעענטפֿערט צו ווערן צום ציווילן געריכט און צו זײַן עקזעקוטיווער מאַכט, אַז ער זאָל באַשטראָפֿט ווערן און ער זאָל דינען ווי אַ בײַשפּיל פֿאַר אַנדערע. [אײַער האַרשאַפֿט זאָל אויך] פּסקענען און דערקלערן פֿאַר קאָנפֿיסקירט זײַן פֿאַרמעגן לטובת דער קעניגלעכער שאַצקאַמער פֿון דעם דאָזיקן הייליקן טריבונאַל.

און אויב נייטיק, און נאָר בתנאי אַז מײַן אויפֿגאַבע זאָל נישט זײַן גענוג באַשטעטיקט, בעט איך אײַער האַרשאַפֿט, אַז דער דערמאָנטער טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע זאָל אונטערגעוואָרפֿן ווערן דעם פּרוּוו פֿון עינויים וועלכע זאָלן אָנהאַלטן, און אין זײַן פּערזאָן איבערגעחזרט ווערן, אַזוי לאַנג ביז ער וועט זאָגן און דערקלערן דעם גאַנצן אמת. און אויב עס לוינט זיך מיר בעסער צו בעטן, בעט איך דער עיקר, אַז עס זאָל בשלמות אויסגעפֿירט ווערן די גערעכטיקייט וואָס איך בעט. און איך שווער פֿאָרמעל אַז די דאָזיקע באַשולדיקונג מאַך איך נישט אויס בייזן ווילן.

אויף דער לאַנגער און דערשעפּנדיקער באַשולדיקונג פֿונעם פּראָקוראָר האָט טרעביניאָ געענטפֿערט בעל־פּה בײַם זעלביקן פֿאַרהער פֿונעם 14טן מאַרץ 1647. דערבײַ האָט ער דעם טייל, וואָס איז נוגע זײַנע אַפּיקורסישע מעשים, אין גאַנצן געלייקנט. די אינקוויזיטאָרן האָבן דראָענדיק אים געוואָרנט און אָנגעוויזן, אַז „ער זאָל זיך גוט באַטראַכטן“. אָבער וואָס פֿאַר אַ באַדײַט האָט דען געקאָנט האָבן זייער דראָונג פֿאַר אַ ייִדן, וואָס האָט זיך שוין במילא געהאַלטן פֿאַר אַן אויסזיכטלאָז־פֿאַרמשפּטן און האָט גאָר נישט בדעה געהאַט צו שמדן זיך, כדי זוכה צו זײַן מע זאָל אים פֿריִער דערשטיקן און דערנאָך פֿאַרברענען? באופֿן, אַז די אינקוויזיטאָרישע עצה האָט קיין שום ווירקונג נישט געהאַט אויף זײַן געמיט. נישט נאָר האָט ער זיך נישט מודה געווען אין זײַנע „ייִדישע פֿאַרברעכנס“, נאָר פֿאַרקערט, ער האָט,

ווי פריִער, זיך געהאַלטן פעסט אין זײַן הכחשה, הגם ער האָט געוווסט, אַז זײַן אייגענער זון, אין וועמענס פּאָטער־געטרײַשאַפט ער איז געווען פאַרגלייבט, האָט עדות געזאָגט קעגן אים. טאַקע כדי צו באַזײַטיקן, אָדער לפּחות אָפּצושוואַכן די וויכטיקייט פון זײַן זונס עדות־זאָגן, בעט ער אַן אוידיענץ דעם 18טן מאַרץ 1647. בײַ יענעם פאַרהער דערקלערט ער, אַז זײַן זון האָט פאַלש עדות געזאָגט, מחמת ער איז געווען — ווי ער גלייבט — אָנגעשראָקן דורך עינויים־דראָונגען. בעט ער דעריבער מע זאָל אים באַנײַס נעמען אויף אַ פאַרהער, אָבער אָן שום דראָונג, ווײַל דאָס איז אַ בחורל, וואָס כדי אויסצומײַדן שמיץ, איז ער פעיִק „אויף טויזנט גבית־עדותן". זײַן בקשה ווערט, נאַטירלעך, נישט דערפילט; פאַרקערט, ווערט ער גאָר אַליין איבער ס'נײַ געוואָרנט צו זאָגן דעם אמת. דעם 29סטן מאַרץ האָבן אים די אינקוויזיטאָרן באַנײַס באַפוילן זיך צוצושטעלן אין אויספאָרשונג־זאַל, אויף צו זען, „צי האָט ער זיך דערמאָנט עפּעס פון זײַן ענין". ער ענטפערט ווי שטענדיק, אַז ער האָט זיך גאָר נישט דערמאָנט. צוליב דעם האָט מען אים מודיע געווען, אַז אין אוידיענץ־זאַל געפינט זיך דער ליצענציאַט ניקאָלאַס עסקאָבאַר, אַן אַרעסטאַנטן־אַדוואָקאַט פונעם הייליקן טריבונאַל, ס'מיינט אַן אינקוויזיציע־באַאַמטער אין דער ראָל פון אַ פאַרטיידיקער, וואָס ער האָט אויסגעקליבן ער זאָל אים „פאַרטיידיקן". יענער האָט אָפּגעגעבן די געהעריקע שבועה מיטן צוזאָג, „אַז גוט און ערלעך און מיט דער גרעסטער פאָרזיכט און פלײַס וועט ער פאַרטיידיקן דעם דערמאָנטן טאָמאַס טרעביניאָ אין דעם דאָזיקן משפּט, אויף ווי ווײַט דאָס געזעץ וועט דאָס דערלויבן. און אויב ער וועט נישט זײַן גערעכט, וועט ער אים דאָס אויפקלערן". באַלד האָט ער פאַראָרדנט זײַן קליענט, אַז ער זאָל זאָגן דעם גאַנצן אמת „אויף רייניצוואַשן זײַן געוויסן". יענער האָט אָבער שטענדיק געגעבן דעם זעלביקן ענטפער. די אינקוויזיטאָרן האָבן, בכן, דערקלערט פאַר פאַרענדיקט דעם ערשטן עטאַפּ פונעם משפּט „און האָבן געפּסקנט, אַז מע דאַרף אויפנעמען און מע האָט אויפגענומען די באַווײַזן בײַ בײדע" [צדדים].

ווען ס'איז פאַרענדיקט געוואָרן דאָס צושטעלן די באַווײַזן, וועלכע זײַנען באַשטאַנען אין אַ מער פּרטימדיקער אויפדעקונג, ווי דעם פּראָקוראָרס, פון אַלע קלייניקייטן אין דעם באַשולדיקונג־מאַטעריאַל, פאַרשווײַגנדיק אָבער אויך דאָס מאָל די „נעמען און סימנים, דורך וועלכע מע האָט זיך געקאָנט דערוויסן ווער עס זײַנען די עדות", האָט טרעביניאָ געמיינט, אַז דאָ געפינט זיך אַ פאַרטיידיקונג־מעגלעכקייט, ווײַל פון דעם „אַרעסטאַנטן־אַדוואָקאַט פון דער אינקוויזיציע" איז גאָר נישט געווען וואָס צו דערוואַרטן. דעם 9טן אַפּריל האָט ער צוגעשטעלט דעם ערשטן פאַרטיידיקונג־כתב, אין וועלכן ער האָט דערקלערט, אַז זײַן זון האָט פאַלש עדות געזאָגט, מחמת מורא פאַר פּײַניקונגען. בעט ער, בכן, ווי ער האָט עס שוין געהאַט געטאָן דעם 18טן מאַרץ, זײַן זון זאָל פון ס'נײַ גענומען ווערן אויפן פאַרהער, אָבער אָן שום דראָונגען. אונטערשטרײַכנדיק זײַן זונס עדות־זאָגן מכוח זײַן מל זײַן אים, זאָגט טרעביניאָ, אַז וואָס ער האָט דערציילט וועגן דעם פאַקט, איז נישט אין הסכם מיט די ריטועלע פאָרשריפטן, „ווײַל דעם הייליקן שמעונען זעען

מיר מיט אַ שערל צום שנײַדן און נישט מיט קיין מעסערל צו פאַרווונדיקן. און דאָס וואָרט אַליין דערקלערט עס אונדז, ווײַל עס זאָגט circum-cido און דאָס מיינט, באַשנײַדן דעם פלויט אָדער דאָס וואָס רינגלט אַרום, וואָס אין אונדזער קאַסטיליאַניש קאָן עס הייסן אָפּשניידן דעם בלומען־קאָפּ". מיט דער זעלביקער טענה לייקנט ער זײַן אייגענע מילה, הגם פיר כירורגן, וועלכע האָבן פאַר דער אונטערזוכונג געהאַט פאַר זיך די דייער פרטימדיקע און „פרומע" אָנווײַזונגען פון דער אינקוויזיציע, האָבן זי באַשטעטיקט. טרעביניאָס ערשטער פאַרטיידיקונג־כתב פאַרענדיקט זיך אַזוי:

> אין גאָט אונדזער האַרס נאָמען, מײַנע הערן, איך בעט אײַך אַלעמען, אַז פונקט ווי איר האָט דורכגעפירט אַלע שריט קעגן מיר, זאָלט איר זיי אונטערנעמען אויך לטובת מיר און אויך האָבן אַ געהער פאַר מיר, מחמת דער נאָמען אינקוויזיטאָר מיינט אויספאָרשן נישט נאָר קעגן ווײַמען, נאָר דעם אמת. און אין גאָטס נאָמען קוקט אויף מײַן משפט מיט אַ פילנדיק האַרץ...

אַזאַ מין עניוות־אויסגוס — וואָס אַן אמת, זייער אַ רעלאַטיוועער, ווען עס האַנדלט זיך אין אַזאַ אינסטיטוציע ווי די אינקוויזיטאָרישע — חזרט זיך מער נישט איבער אין טרעביניאָס שפּעטערדיקע פאַרטיידיקונג־כתבים. אין זיי פּרוווט ער באַווײַזן זײַן אומשולד, באַנוצנדיק זיך מיט לאַטײַנישע ציטאַטן און היסטאָרישע בײַשפּילן. אין זײַן לעצטן פאַרטיידיקונג־כתב, פון דעם 11טן פעברואַר 1649, ברענגט טרעביניאָ אַרויס, צווישן אַנדערע ראַיות, די טענה פון דער אָרעמקייט פון זײַנע מוסרים און זײַן אייגן רײַכקייט. ער פאַרגלײַכט זיך צו דער אַרבעטזאַמער בין, „וועלכע איז אַזוי נוציק פאַר גאָט און פאַרן קייסער און פאַר איר באַלעבאָס: פאַר גאָט — מיט איר וואַקס פאַר די קלויסטערס; פאַרן קייסער — מיט אירע פילצאָליקע שטײַערן אויף האָניק און וואַקס; און פאַרן באַלעבאָס — מיט איר העלפט האָניק און וואַקס, ווײַל די צווייטע העלפט בלײַבט אויף איבערצוהאַלטן דעם ווינטער, ווען קיין בלומען זײַנען נישטאָ. עס איז נישט שכלדיק — פאַרענדיקט ער — אַז צוליב דעם פוילענצער, דעם אויסברענגער, זאָל מען אַוועקהרגענען די אַרבעטזאַמע בין".

טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע האָט זיך אַרומגעוואַלגערט פינף יאָר אין די אינקוויזיטאָרישע קעלערן. דורך טויזנטער דריידלעך האָט ער פאַר דער גאַנצער צײַט זיך באַמיט אָפּצוהיטן כשרות. דער איינציקער אופן דאָס צו דערגרייכן איז געווען פאַסטן. ער פלעגט טאַקע אַזוי פיל פאַסטן, אַז נישט איין מאָל האָט ער געהאַלטן בײַ גסיסה. אָבער ער, וואָס האָט אַזוי פאַרצווייפלט געקעמפט מיט די אינקוויזיטאָרן פאַר זײַן לעבן, האָט אין דעם פאַל אָן קווענקלענישן אַלץ אײַנגעשטעלט. פון דעסט וועגן פלעגט דער דאָזיקער, לויט דער אינקוויזיציע־באַשולדיקונג, „פאַרברענטער ייִד", קניִען בעתן דאַוונען. עס איז טאַקע באמת חידושדיק, וואָס אַזאַ פרומער אנוס, אַזאַ איבערגעגעבענער צו די ייִדישע דינים פון זײַנע אָבות, ווי דאָס איז געווען טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע, זאָל זיך האָבן אויפגעפירט אויף אַזאַ באַליידיקנדיקן אופן צו זײַן פאַרגעטערטער אמונה.

מעגלעך, אַז דאָס האָט דער פּראָקוראָר, אויס רגילות, צוגעגעבן און טרעבּיניאָ וועלכער האָט פאַרלייקנט זײַן ייִדישקייט, און ווײַל עס איז נישט געווען וויכטיק פאַר זײַן פאַרטיידיקונג, האָט עס נישט קאָרעגירט. דאָס איז, בכל־אופן, אַ קוריאָזער פּרט, וועלכן מיר געפינען אויך בײַ אַ צווייטן אנוס, וועגן וועלכן מיר האָבן גערעדט אויף אַן אַנדער אָרט פון דער דאָזיקער סעריע ביאָגראַפיעס: לויִס דע קאַרבאַכאַל.

## 6. דער אורטייל קעגן טרעבּיניאָ דע סאָבּרעמאָנטע און זיין העלדישער טויט

טרעבּיניאָס פּראָצעס, ווי די פּראָצעסן פון די אַנדערע אינקוויזיציע־קרבנות, האָט זיך לאַנג פאַרצויגן אויסשליסלעך צו ליב געלט־סיבות. דער מאָנטאַזש פון דעם בלוטיקן ספּעקטאַקל — פון דעם אויטאָ־דע־פע — איז געווען אַזאַ טײַערער אַרטיקל, אַז דער אינקוויזיציע־טריבונאַל האָט יאָרן גאַנצע געלאָזט שמאַכטן די צום טויט פאַרמשפּטע, אויסבאַהאַלטנדיק דעם פּסק־דין וועלכער איז, בכלל, זיי געווען אומבאַוווּסט, ביז ס׳איז צונויפגענומען געוואָרן אַ גענוגנדיקע צאָל פאַרמשפּטע, וועלכע האָבן געקענט באַרעכטיקן די גרויסע הוצאה. דעריבער איז דער משפּט איבער טרעבּיניאָ און זײַן משפּחה צוגעגעבן געוואָרן צום מאָנסטעריעזן אינקוויזיציע־פּראָצעס — דער גרעסטער אין דער געשיכטע פון דער אינקוויזיציע אין אַמעריקע, און וועלכער איז באַקאַנט ווי „די גרויסע פאַרשווערונג“ (Complicidad grande) פון מעקסיקע. ערשט ערב דעם אויטאָ־דע־פע פון דעם דאָזיקן מאָנומענטאַלן פּראָצעס, האָט מען אָנגעזאָגט טרעבּיניאָן, וועמענס אויסערלעכער אויסזען האָט לחלוטין נישט געקאָנט דערמאָנען די גדלותדיקע געשטאַלט פון שפּאַנישן פּריץ און געוועזענעם סאַלאַמאַנקער יוריי־סטודענט — דעם פּסק־דין, אין וועלכן עס זאָגט זיך אַזוי:

### אין קריסטוסעס נאָמען

מיר פּסקענען, נעמענדיק אין אַכט די אַקטן און די באַווײַזן, אַז דער דערמאָנטער פּראָקוראָר האָט גוט און בשלמות באַוויזן זײַן באַשולדיקונג, לפּי און ווי אַזוי עס האָט אים געפּאַסט דאָס צו באַווײַזן. מיר אָנערקענען און דערקלערן, אַז זײַן כוונה איז גוט באַוויזן געוואָרן, און ווי אַ רעזולטאַט פון דעם דאַרפן מיר דערקלערן און מיר דערקלערן דעם דערמאָנטן טאָמאַס טרעבּיניאָ דע סאָבּרעמאָנטע אַלס אַזעלכן וואָס איז געווען און איז ווײַטער אַן אַפּיקורס, אַן אַפּטריניקער, דאָגמאַטיזירער, רבּ, אַרויסהעלפער און אויסבאַהאַלטער פון אַפּיקורסים, פאַלשער און אָפּנאַרערישער בעל־ווידוי און אַן חרטהדיקער רעצידיוויסט, דעריבער האָט ער זיך פאַרדינט און עס קומט אים די שטראָף פון גרויסן חרם און צו פאַרלירן אַלע גיטער, וואָס האָבן אים געהערט זינט דעם טאָג און דער צײַט ווען ער האָט אָנגעהויבן באַגיין די דערמאָנטע אַפּיקורסישע פאַרברעכנס — וועמענס באַשטימונג מיר רעזערווירן פאַר זיך. און זײַן פאַרמעגן דאַרפן מיר באַשטימען און מיר באַשטימען פאַר דער שאַצקאַמער פון

זײַן קעניגלעכער מאַיעסטעט [איבערגעבנדיק עס] דעם רעצעפּטאָר אין זײַן נאָמען. און מיר דאַרפֿן איבערענטפֿערן און מיר ענטפֿערן איבער די פּערזאָן פֿון דעם דער־מאָנטן טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָבּרעמאָנטע צו דער ציווילער יוסטיץ און איר עקזע־קוטיווער מאַכט, ספּעציעל צו דאָן כעראָנימאָ דע באַניועלאָס, ראָש פֿון דער דאָזי־קער שטאָט און צו זײַן שטעלפֿאַרטרעטער אין דעם דערמאָנטן אַמט, וועלכע מיר בעטן און מיר באַאויפֿטראָגן פֿרײַנדלעך, אַז זיי זאָלן אים באַהאַנדלען מיט חסד און גאָטספֿאָרכטיקייט. און מיר דערקלערן די זין, טעכטער און אייניקלעך פֿון מענלעכן צד פֿון דעם דערמאָנטן טאָמאַס טרעביניאָ פֿאַר אומווערדיקע און אומטויגלעכע. און מיר פֿאַרווערן זיי צו פֿאַרנעמען גײַסטלעכע אָדער ציווילע פּאָסטנס אָדער אַמטן, אָדער אַנדערע בכבודיקע שטעלעס און צו טראָגן אויף זיך גאָלד, זילבער, פּערל, איידל־שטיינער, זײַדנס, אַטלעס, איידעלן געוואַנט, רײַטן אויף פֿערד, טראָגן כלי־זין און צו באַנוצן די אַלע אַנדערע זאַכן, וועלכע זענען פֿאַר אַזעלכע אומווערדיקע פֿאַר־באָטן, בהסכם מיטן אַלגעמיינעם רעכט, מיט די געזעצן און דעקרעטן פֿון די דאָזיקע קיניגרײַכן און מיט די אינסטרוקציעס פֿון הייליקן דינסט. און דורך דעם דאָזיקן אַנטגילטיקן פּסק־דין אונדזערן משפּטן מיר און מיר דערקלערן עס און באַפֿעלן אין די דאָזיקע אַקטן און דורך זיי.

פֿון דעם ציטירטן דאָקומענט זעט מען באַשײַמפּערלעך דעם גאַנצן גרויל, דעם גאַנצן היפּאָקריטישן פּילפּול פֿון דעם „הייליקן טריבונאַל“, וועלכער האָט אויסבאַהאַלטן זײַן גרויזאַמקייט אונטער כלומרשט הומאַניטאַרע פֿאָרמולעס, וואָס אַ ייִדישן לייענער וועלן זיי זיכער נישט אָפּנאַרן. דעריבער קענען מיר זיך אומ־קערן צו אונדזער ענין.

ערב דעם אויטאָ־דע־פֿע, בײַ טאָג־צו, זײַנען דרײַ גלחים, אַלע קוואַליפֿיצירערס פֿון דער אינקוויזיציע, אַרײַן אין דער טויטן־קאַמער פֿון טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָבּרעמאָנטע, מיט דער כלומרשטער כוונה אים צו טרייסטן, אָבער אין דער אמתן האָבן זיי אים, אין די לעצטע מאָמענטן פֿון זײַן לעבן, נאָך אים געוואָלט געווינען פֿאַר דעם קאַטאָליציזם. אויב טרעביניאָ וואָלט טאַקע אַרויסגעוויזן „גאָטספֿאָרכטי־קייט“ און זיך דערקלערט פֿאַר אַ קאַטאָליק, דעמאָלט וואָלט די אינקוויזיציע אים אַרויסגעוויזן „חסד“: מע וואָלט אים דערשטיקט פֿאַרן פֿאַרברענען. אָבער אַזוי ווי ער האָט עס נישט געטאָן, איז ער פֿאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט.

אין נאָמען פֿון די קוואַליפֿיצירערס האָט גערעדט צו טרעביניאָן דער ליצענ־ציאָט פֿראַנציסקאָ קאָרטשעראָן קאַרעניאָ. ער האָט אויך אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן אײַפֿער אויף צו ראַטעווען די נשמה פֿון דעם פֿאַרפֿאַלענעם פֿאַרברעכער. אויף דעם דאָזיקן גלחס וואָרענונג, אַז דער שקר ווערט „פֿאַראַכטעט פֿון דער תורה“, האָט טרעביניאָ — צום ערשטן מאָל אין זײַן לאַנגן אינקוויזיציע־פּראָצעס — גע־ענטפֿערט, אַז ער איז אַ ייִד.

ווען אַפֿילו די באַהויפּטונג פֿונעם דערמאָנטן גלח איז אַ ריכטיקע, איז אָבער אויך אמת, אַז אין די באַדינגונגען וואָס די אינקוויזיציע האָט געשאַפֿן, בײַ וועלכע אָפֿנהאַרציקייט האָט געמיינט אַ שוידערלעכן טויט, האָט קיין שום תורה אַזאַ זאַך נישט געקענט צעהן. אין טרעביניאָס פֿאַל אָבער, און ווי דער ענין האָט דעמאָלט געהאַלטן, האָט שוין די פֿאַרלייקענונג נישט געקענט ברענגען קיין סכנה און קיין נוצן. באופֿן, אַז ער האָט גלײַך געקענט נאָכקומען די וואָרענונגען און פֿאָדערונגען

פונעם אינקוויזיציע־פּאַרטרעטער, וועלכער האָט פון דעסט וועגן, בײַם אויסהערן טרעביניאָס ענטפער, זיך אַזוי צעכעסט, אַז אין זײַן באַריכט צו זײַנע עלטסטע האָט ער אויסגערופן: „אָ, האַר! ווער איז עס בכוח אַרויסצולאָזן פון מויל אַזעלכע לעסטערונגען. די געהאָרכזאַמקייט אָבער צום באַפעל פון אײַער הערשאַפט צווינגט מיך זיי איבערצוזאָגן: דער אײַנגעעקשנטער אָפּטריניקער פון אונדזער הייליקער אמונה האָט געזאָגט, אַז ער איז ייִד און וויל שטאַרבן און לעבן מיט תורת משה; און עס האָבן נישט געהאָלפן די פיל טענות און קלאָרע באַווײַזן פון די [אַנדערע] פּאָטערס און מײַנע, כדי צוריקצוברענגען אים צום דרך האמת"... אין דער טויטנצעל פון דעם דאָזיקן אויסערגעוויינלעכן מענטשן איז פאָרגעקומען — אַלץ אויף מקיים צו זײַן דעם „רחמנות"־טייל פונעם פּסק־דין פון דעם שוידערלעכן טריבונאַל — אַן אומגעוויינלעכער טעאָלאָגישער קאַמף צווישן אַ ייִדן, וואָס האָט געהאַלטן אין אויסלעבן זײַנע לעצטע מינוטן און דרײַ קאַטוילישע גלחים, וועלכע, הגם געפירטע דורך אויטענטישע רעליגיעזע איבערצײַגונגען, האָבן זיי דאָך געהאַנדלט, ווי נאָר אַ בלינדע און באַרבאַרישע אומטאָלעראַנץ איז בכוח געווען זיי צו באַפעלן. דער פײַערדיקער וויכוח האָט אָנגעהאַלטן ביז פינף אין דער פרי פונעם צווייטן טאָג. ער האָט אָבער געמוזט איבערגעריסן ווערן, מחמת צו יענער שעה האָבן די פאַרברעכערס זיך געדאַרפט צוגרייטן אַרויסצוגיין צום אויטאָ־דע־פע. דער ליצענציאַט קאָרטשעראָן איז אַרויס אַזוי אומצופרידן פונעם אויסגאַנג פון דעם ווערטער־געפעכט מיטן אָפּטריניקן ייִד, אַז ריידנדיק וועגן דעם אויסערגעוויינלעכן פאַל טרעביניאָ, זאָגט ער אין זײַן באַריכט — אויף אַן אומווערדיקן אופן פאַר אַ גײַסטלעכן, אָבער אויף אַ פּאַסיקן פאַר אַן אינקוויזיציע־פּאַרטרעטער, — אַז „נישט נאָר האָט זיך די דאָזיקע בעסטיע נישט צופרידנגעשטעלט מיטן מודה זײַן זיך אין זײַן טויטער תורת משה, נאָר זײַן אומפאַרשעמטקייט איז אַזוי ווײַט אַוועק, אַז ער האָט נאָך אויסגעשריגן מיר זאָלן אים נאָכפאָלגן, ווײַל זײַן גאָט איז דער אמתדיקער".

בעת אין טרעביניאָס טויטנקאַמער איז אָנגעגאַנגען דער טעאָלאָגישער דיספוט, וועמענס שילדערונג עס וואָלט געפאָדערט די פעדער פון אַ דאַנטע אויף איבערצוגעבן אים מיט זײַן גאַנצן גיהנומדיקן שוידער, האָט די שטאָט מעקסיקע אָנגעהויבן די פײַערלעכקייטן אין שײַכות מיטן אויטאָ־דע־פע פון צו מאָרגנס. פאַר אַלעמען האָט זיך האַלב פיר בײַ טאָג אָנגעהויבן די פּראָצעסיע פונעם אַזוי גערופענעם גרינעם צלם (צוליב דעם קאָליר פון האָפענונג, מיט וועלכן דער „הייליקער טריבונאַל" האָט סימבאָליזירט זײַנע מעשים־תעתועים). דעם ערשטן סיגנאַל אָנצוהייבן די צערעמאָניע האָט געגעבן דער טרויער־געקלאַנג פון אַלע קירכן־גלאָקן פון דער הויפּטשטאָט פון נײַ־שפּאַניע, וועלכע האָבן נישט איבערגעריסן זייער טרויער־מוזיק ביז די אימפּאָזאַנטע רעליגיעזע דעפּיליאַדע איז נישט אָנגעקומען אויף איר פּלאַץ. לויט אַן אויטענטישן דאָקומענט פון יענער תקופה, „זײַנען אין איר שפּיץ געגאַנגען צוועלף סאָלדאַטן מיט שפּיזן אויף צו מאַכן וועג". נאָך זיי זײַנען נאָכגעגאַנגען די דינערס פונעם הייליקן טריבונאַל, די פאַמיליאַרן

און קאָמיסאַרן, יעדער מיט דער באַטרעפנדיקער אָפּצייכענונג און באַגילדטן שטעקן. נאָך דעם זײַנען געגאַנגען די אײדללײַט און ריטערס פון די מיליטערישע אָרדנס מיטן אינקוויזיציע־קרייץ, ווי אַ צוגאָב צו זייער באַטרעפנדיקער הלבשה. און הינטער זיי האָט מאַרשירט דער פּרינץ פון סאַנטיאַגאָ מיט דער פאָן, צווישן צוויי פּלימעניקעס פונעם ערצבישאָף — אײנער אַן אָנגעהעריקער צום קאַלאַטראַוואַ־אָרדן, און דער צווייטער — צום סאַנטיאַגאָ־אָרדן, וועלכע האָבן געהאַלטן די טראָלדן.

באַלד נאָך זיי זײַנען געגאַנגען די רעליגיעזע חברות, און נאָך זיי די הויפּט־באַאַמטע פון [הייליקן] טריבונאַל, די קאָנסולטאַרן און קלאַסיפיצירערס מיט זייערע אָפּצייכענונגען אויף די מאַנטלען און אויף די מעדאַליאָנען, און הינטער זיי זײַנען געגאַנגען די מאָנאַכן פון דאָמיניקאַנער אָרדן מיט אָנגעצונדענע וואַקסענע ליכט, וועלכע האָבן באַגלייט דעם פּריאָר לויִס דע מערידאַ, וואָס האָט געטראָגן דעם גרינעם קרייץ, פון וועלכנס צווײַקעס עס האָט אַראָפּגעהאַנגען אַ שוואַרצער שלייער, אין צייכן פון טרויער. אַלע זיי האָבן מאַרשירט צום טאַקט פונעם מזמור, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן פון דער קאַפּליצע פון דער הויפּט־קירך.

די פּראָצעסיע האָט זיך געלאָזט צו דער ענקאַרנאַסיאָן־גאַס ביז צום עק פונעם מאָנאַסטיר פון דער הייליקער קאַטאַלינע, נאָך דעם האָט זי זיך פאַרנומען צו דער זייגער־גאַס. זי איז צוגעקומען צום גרויסן סקווער און דורכגייענדיק פאַרן [וויצע]־קעניגלעכן שלאָס האָט זי זיך אָנגעטראָפן מיט דער אַרײַנגאַנג־טיר צום סקווער פונעם פּליִער, ווו ס'איז איר אַנטקעגנגעקומען אַ גרופּע פון צוואַנציק דאָמיניקאַנער מאָנאַכן. ס'איז געווען אַרום זיבן אויף דער נאַכט. דער טעאַטער איז געווען ברייט באַלויכטן און אויפן מזבח, ווו מע האָט אויפגעהאַנגען דעם צלם, האָבן אין זילבערנע לאָמפּן און לײַכטערס, געברענט זייער אַ סך ליכט.

נאָך דעם ווי דער עולם איז זיך צונויפגעקומען אין דעם טעאַטער, האָבן אַלע אַנידערגעקניט און אויסגעהערט זינגען קאַפּיטלעך תהילים און דעם פּסוק וועגן קרייץ, און עס האָט דערנאָך געזאָגט די תפילה פּראַי לויִס דע מערידאַ.

די דאָמיניקאַנער האָבן זיך פאַרנומען מיטן מזבח. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן זיי געזאָגט אַ פּאַטערנאָסטער פאַר דער אינקוויזיטאָרישער גליקלעכער טרעפלעכקייט; צוועלף בײַ נאַכט האָבן זיי געזונגען די חצות־תפילה, און נאָכן פאַרענדיקן ביזן צווייטן אין דער פרי, האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט די מעסעס.

דער צופלוס פון מענטשן איז די גאַנצע נאַכט נישט געמינערט געוואָרן. זיי האָבן אויך געמאַכט פאָרויסיקע פירושים וועגן דעם יום־טוב, וואָס זיי וועלן זען. מע האָט פונאַנדערגענומען די וועגענער־געשפּאַנען, אויסשטעלנדיק זיך אין שורה צו צוויי, עס זאָלן מער אַרײַן. די בײַזיצערס זײַנען שוין דאָרט פאַרבליבן ביז אויפן צווייטן טאָג, אויס מורא נישט צו געפינען דעמאָלט קיין פּלאַץ.

דעם 11טן אַפּריל 1649 פאַרטאָג, בעת אין טרעביניאָס קאַמער האָט דער רעליגיעזער וויכוח דערגרייכט זײַן קלימאַקס, האָט זיך שוין די אויטאָ־דע־פע־פײַערונג געהאַט אָנגעהויבן. אַ שטאַרקער געקלאַנג פון די קירכנגלעקער האָט אָנגעצייכנט דעם אָנהייב פון דער פײַערונג. און, ווי דער כראָניקער דערציילט,

זײַנען באַלד אָנגעקומען צו די אינקוויזיציע־טויערן די צלמים פון די דרײַ שטאָטישע פּאַראַפיעס מיט אַ שוואַרצן מאַסט און טרויער־שלייער, באַגלייט דורך זייערע באַטרעפנדיקע גלחים. עס זײַנען שוין אין ערשטן הויף פון די געהיימע תפיסות געשטאַנען גרייט די סטאַטועס פון די געשטאָרבענע [אין דער אינקוויזיציע] פאַר־

ברעכערס, פון די צוגעלאָזטע תשובה צו טאָן און פון די באַשטימטע איבערגעענטפערט צו ווערן דער ציווילער מאַכט: 77 אין צאָל. דער גייסטלעכער דיעגאָ דע מאָדענאַ האָט זיי זייער פיין און קינסטלעריש אויסגעאַרבעט. אַלע האָבן זיי אויפן רוקן געהאַט מיט גרויסע אותיות דעם נאָמען פון דעם וועמען זיי האָבן רעפרעזענטירט. אין אַ דורכגאַנג, וואָס האָט געפירט צום הויפט־הויף, האָט דער אינקוויזיטאָר סאַענז דע מאַניאָזקאָ, באַגלייט דורך די סעקרעטאַרן און אַנדערע באַאַמטע, אויסגערופן די פאַרברעכערס און איבערגעגעבן די סטאַטועס צו די אינדיאַנער, זיי זאָלן זיי טראָגן. די פאַרברעכערס האָט ער צוגעטיילט צו די פאַמיליאַרן און אַפּיטרופּסים, וועלכע האָבן זיי געדאַרפט פירן: עסטראַדאַ און עסקאָבעדאָ, היגעיראַ און אַמאַריליאַ. אין דעם זעלביקן הויף האָט זיך געפונען דער פּראָקוראָר גאַוויאָלאַ, וועלכער האָט אַלץ צוגעגרייט צו דעם אַרויסגאַנג פון דער פּראָצעסיע. און די דרייַ און צוואַנציק קעסטלעך מיט ביינער, באַשטימטע פאַר דעם שייטער, האָט מען אַוועקגעשטעלט אונטער די באַטרעפנדיקע סטאַטועס.

בעת די פאַרברעכערס האָבן געקרייצט דעם דורכגאַנג, האָט סאַענז דע מאַניאַזקאָ זיך גענומען איבערגעבן יעדן איינעם זיין ספּעציעלע הלבשה, וועלכע האָט זיך געפונען דאָרט אויף אַ טיש. די פון די פאַרמשפטע איבערגעענטפערט צו ווערן דער ציווילער מאַכט זיינען באַשטאַנען פון געפּאַרבטע סאַנבעניטן מיט פלאַמען און שדים־געשטאַלטן. און די מיצלעך — מיט שלאַנגען, וואָס האָבן זיי אַרומגערינגלט. אייניקע, וואָס האָבן נישט געוואָלט אַנטשוויגן ווערן, האָט מען אַרויפגעלייגט מויל־שלעסער, און פאַר די איבערגעענטפערטע האָט מען צוגעטיילט אַ קרייץ, וועלכן עס האָבן געטראָגן די ווידוי־אָפּנעמערס, ווייל זיי זיינען געווען געבונדן אויף אַרונטער. די פרויען האָבן זיי [די קרייצן] צוגעהאַלטן מיט די הענט.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש פון די פאַרמשפטע צום אויטאָ־דע־פע, — דערציילט ווייטער דער כראָניקער — „האָט גערופן די אויפמערקזאַמקייט פונעם עולם טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע, וועלכער, כאָטש מע האָט אים אָנגעטאָן אַ מוילשלאָס, האָט ער ווי ווייט מעגלעך נישט אויפגעהערט צו לאָזן הערן זיין קול, זשעסטיקולירנדיק אויף אַ פאַרצווייפלטן אופן. אַ סך האָבן אים נאָכגעשיקט קללות, זידלערייען און עצות. ער איז אָבער פעסט געגאַנגען זיין וועג“.

די מאָוימדיקע אַרעסטאַנטן־דעפּיליאַדע, אין זייער שאַנד־הלבשה און מיט די צייכענונגען, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט זייערע עינויים אין גיהנום, איז אָנגעקומען אין „טעאַטער“ אַריין — אַן אויסדרוק פון יענער תקופה — זיבן אַ זייגער אין דער פרי. אין דער זעלביקער שעה האָבן זיך באַוויזן די אָנפירערס פון דעם בלוטיקן שפּיל: די אינקוויזיטאָרן און אַנדערע באַהערדן. יאָ, עס איז טאַקע געווען אַ ספּעקטאַקל. און די כראָניק פון יענער צייט — מיט דעם היתר פון דער אינקוויזיציע־צענזור — גיט אונדז אירע פּרטים צוזאַמען מיטן פאָרשפּיל. עס זאָגט זיך דאָרט:

דאָס צוגרייטן דעם אַמפיטעאַטער, ווו די צערעמאָניע [דער אויטאָ־דע־פע] האָט געדאַרפט פאָרקומען, האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם טאָג ווען מע האָט צו וויסן געגעבן די [דאַטע פון דער] פייערונג. מע האָט פאַר דעם צוועק אויסגעקליבן דעם סקווער פונעם פליער, און די טעאַטער־פּלענער האָט מען איבערגעגעבן צו באַרטאָלאָמע בערנאַל, בוימייסטער פון די בנינים פון הייליקן טריבונאַל און פון דער שטאָט. ער האָט עס געקראָגן, דורך אַן עפנטלעכער ליציטאַציע, פאַר זיבן טויזנט פּעזעס; און אַרום דרייַ טויזנט פּעזעס פאַרן פאַרהאַנג אָדער שלייער צו שאַפן שאָטן.

בײַם דרום־טייל, צוגעשפּאַרט צום הויפּטפּאַסאַד פון דער פּאָרטאַ קאָעלי־שול פון די דאָמיניקאַנער, האָט מען אויפגעשטעלט איינעם פון די בימהס, אין מיטן פון וועלכן און אַ ביסל העכער מע האָט רעזערווירט פּלאַץ פּאַרן טריבונאַל.

איבער דעם פּלאַך פון דער הויפּט־בימה, אין דער מיט פונעם רעכטן ווינקל, וואָס קומט אויס בײַ דער זײַט פונעם קעניגלעכן אוניווערסיטעט, ווו מע האָט צום ווינציסטן געשטערט די באַלקאָנען און די פענצטער פונעם סקווער, האָט מען אויפגעשטעלט אַ האַלב־קרײַז־בנין פאַר די פּאַרברעכערס אויף צען טרעפּ צו אַ האַלבער וואַראַ די הייך און צוויי־דריטל די ברייט, אויסגעאַרבעט משופּעדיק. די ערשטע טרעפּ האָט פאַרנומען דרײַצן וואַראַס, און וואָס העכער אַלץ שמעלער זײַנען זיי געווען, ביז צו לעצט האָבן זיי זיך פאַרענדיקט מיט נײַן וואַראַס די לענג. איבער דעם דאָזיקן געבײַ האָבן געהאַנגען פיר אַרקן אין קוואַדראַט, אָנגעשפּאַרטע אין פּעדעסטאַלן, זײַלן און קאַרניזן אין דאָרישן סטיל. פונקט אין זייער צענטער האָבן זיך געפונען פיר פאַנצערס, וועלכע האָבן געהאַט אויף זיך די סימבאָלן פון די דאָמיניקאַנער און פון דעם הייליקן מאַרטירער פּעטער. דער גאַנצער מאַסיוו, פון דער ערשטער טרעפּ אָן, איז געווען באַצירט מיט פּעדעסטאַלן, שטאַכעטן און אויסאַרבעטונגען, וועלכע האָבן געמאַכט אָנזעעוודיק די באַפּוצונגען אין דעם בנין. און אין דעם חלל פון די פיר אַרקן, וועלכע האָבן געהאַלטן פיר מיט אַ דריטל וואַראַס יעדער ווינקל, האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ פּרעכטיקן גרינגאָלדיקן צלם, אָפּגעבנדיק פאַר אים, מיט רעכט, דעם העכסטן און לוקסוסדיקסטן פּלאַץ פונעם גאַנצן טעאַטער, ווײַל אים האָבן געהערט די טראָפּייען און אויסצייכענונגען פון דער גאַנצער צערעמאָניע. דער דאָזיקער מאַסיוו איז אַזוי הויך געשטאַנען, אַז מע האָט אים געקענט קלאָר זען פון די ווײַטסטע גאַסן און פון אַ סך פענצטער און באַלקאָנען, וועלכע האָבן געגרענעצט מיט דעם הויפּטפּלאַץ. עס איז געמאַכט געוואָרן, פון די דערמאָנטע טרעפּ אָן, ווו די פאַרברעכערס האָבן זיך געדאַרפט אַוועקזעצן, אַ דורכגאַנג פון צוויי און צוואַנציק וואַראַס די לענג אויף דרײַ די ברייט, וועלכער האָט זיך געצויגן אַלכסונדיק דורך דער הויפּט־בימה מיט איינס און אַ פערטל וואַראַ איבער דעם דערמאָנטן פּלאַך ביזן סאַמע טעאַטער־צענטער, ווו מע האָט, איבער צוויי טרעפּ אין אַ פירעק, אַוועקגעשטעלט דעם עשאַפאָט, פון וואַנען די פאַרברעכערס האָבן געדאַרפט אויסהערן זייער פּסק־דין. דער דאָזיקער דורכגאַנג איז געווען באַצירט מיט פּעדעסטאַלן, שטאַכעטן און קאָלירטע באַפּוצונגען. ער האָט אויך געהאַט פיר טרעפּ צו דער הויפּט־בימה, ווו די פאַרברעכערס האָבן אויסגעדריקט זייער חרטה און זײַנען צוגעלאָזט געוואָרן צו דער איבערבעטונג. אויף דער סאַמע הויפּט־בימה, אַנטקעגנאיבער דעם האַלבקרײַז, איז געמאַכט געוואָרן דער מזבח, ווו מע האָט געדאַרפט אַוועקשטעלן דעם גרינעם צלם פון דער פּראָצעסיע איבער אַ געשטעל פון צוויי טרעפּ. דער מזבח איז געווען צוויי און אַ האַלב וואַרעס די לענג, פינף־פערטל וואַרעס די ברייט, איינס און אַן אַכטל די הייך. אויף אַ געהעריקן און צוגעפּאַסטן פּלאַץ האָט מען אַוועקגעשטעלט צוויי שטענדערס, פאַר דער דרשה און דער פאָרלייענונג, צו וועלכע מע איז צוגעקומען דורך צוויי קאָרידאָר־בריקלעך, באַצירטע מיט פּעדעסטאַלן, שטאַכעטן און אַנדערע באַפּוצונגען. די קאָרידאָרן האָבן זיך געצויגן פון דער בימה, ווו עס האָט זיך געפונען דער טיש פון די סעקרעטאַרן פון הייליקן טריבונאַל, און זיי האָבן געעפנט אַ וועג פאַר די פאָרלייענערס פון די באַשולדיקונגען און פון די אורטיילן.

צו דעם לוקסוסדיקן „טעאַטער" — ווי מיר וויסן שוין — האָט מען דאָס געפירט טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע. איבער דער גאַנצער שטרעקע האָבן די פּײַנטלעכע געשרייען פון דער מאַסע נישט אויפגעהערט. עס האָבן זיך פון

אים אויך נישט אָפּגעקערט די גלחים, וואָס האָבן אייפערדיק געזוכט צו דערלייזן זײַן נשמה. די דאָזיקע האָבן ערשט איצטער געקאָנט פרײַ געניסן פון זייער מיסיע, ווײַל זייער באַצוואונגענער קעגנער האָט, בלויז דורך ווילדע העוויות און אויסרופן, זיי געקאָנט ענטפערן. דאָך מוזן מיר אַרויסהייבן די הומאַניטאַרע געפילן פון טרעביניאָס מנחמים: ווען זיי זײַנען צוגעקומען צו דער בימה, האָבן זיי אים אָנגעבאָטן עסנוואַרג. ער האָט אָבער מיט „ייִדישער עקשנות" — אַ טעקסטועלער אויסדרוק פונעם פּאָטערל קאָרטשעראָן קאַרעניאָ — צוריקגעוויזן דעם אָנבאָט, דערקלערנדיק, אַז ער האַלט אין מיטן אַ 62־שעהדיקן תענית.

דורכגעשטאָכן דורך אַזאַ אומדערהערטער דערקלערונג, זײַנען די דרײַ מאָנאַכן מיטן פּאָטערל קאָרטשעראָן בראש, נאָך מיט מער אימפּעט צוגעשטאַנען צו טרעביניאָן, אים אָפּצורייַדן פון זײַנע „טעותים". די צײַט איז דערווײַל נישט געשטאַנען און עס איז אויפגעקומען די סכנה ער זאָל, חלילה, איבערלאָזן דעם עמק־הבכא און אַרויפגיין אין די הימלשע קעניגרײַכן אײדער ער וועט זיך אָפּשמדן, און דערפאַר זיך דאַרפן בראָטן אין גיהנומדיקן פײַער און נישט געניסן פון די גן־עדנדיקע תענוגים. אויף דער סאַמע אויטאָ־דע־פע־בימה און אויף גאָר אַ קלײנעם מרחק — אין בוכשטעבלעכן זין — פונעם שײַטערהויפן, האָבן זיך די אינקוויזיציע־פאַרטרעטערס אַרײַנגעלאָזט אין אַ וויכוח מיטן ייִדן, בײַ וועמען מע האָט געהאַט אַראָפּגענומען דעם מוילשלאָס, מכוח די אויסרעכענונגען וואָס מע דאַרף מאַכן אויף פעסטצושטעלן די פּינקטלעכע דאַטע פון ביאַת־המשיח און וועגן די כלומרשטע אָדערווירקלעכע אָנדײַטונגען אויף יעזוסן אין די כתבי־הקודש. די מאָנאַכן און זייער קעגנער האָבן זיך אַזוי צעהיצט, אַז מע האָט אַזש צום סאַמע „טעאַטער" געבראַכט צו טראָגן אַ תנ״ך און דאָרט גופא געזוכט אויסצוגעפינען דעם מיסטישן באַדײַט און די משיחיש־קריסטלעכע אויסטײַטשונג פונעם נײַנטן קאַפּיטל דניאל און פון צווייטן, דריטן און פערטן קאַפּיטלעך נחמיה. דער אומבייגזאַמער ייִד אָבער, פאַרמעסטנדיק זיך קעגן דעם געדולד פון די מאָנאַכן, האָט געוואָגט צו ווענדן זיך צום פּאָטערל קאָרטשעראָן מיט די ווײַטערדיקע ווערטער: „זאָרג זיך נישט, וואָס איך שטאַרב אַ ייִד; זײַ זיך דו מגייר און ווער אַ ייִד; אַ שאָד וואָס דו ווילסט זיך, ביודעים, פאַרמשפּטן". פאַר אָט די לעסטערונגען האָט מען אים ווידער אָנגעטאָן דעם מוילשלאָס. ער האָט אָבער, זיכער אין זײַן איבערצײַגונג, „מיט די אויגן און מיטן פּנים" אויפגעפּאָדערט, אַז די איבעריקע ייִדן זאָלן זיך האַלטן פעסט אין זײַן טויטער תורה". ער האָט נאָך געהאַט גענוג מוט צו טרייסטן זײַן פרוי, בעת מע האָט זי געבראַכט אויף אויסצוהערן דעם פּסק־דין, און אויך איר שוידערלעך־געפּרוּווטער מוטער. דער פּאָטער קאָרטשעראָן, וואָס אויף זײַנע באַריכטן צו דער אינקוויזיציע זײַנען מיר זיך סומך, האָט דערציילט זײַנע באַלעבאַטים, אַז ווען טרעביניאָס אַלטע שוויגער, אויך אַ פאַרמשפּטע צו שטאַרבן אויפן שײַטערהויפן, איז פאַרבײַגעגאַנגען לעבן אים, האָט ער איר געזאָגט: „געדענק די מוטער פון די מכבים".

אונדזער מאָדערנע מענטאַליטעט איז נישט בכוח צו באַנעמען אַזאַ ווערטער־

געפּעכט, בײַ אַזעלכע גיהנומדיקע אומשטענדן, הגם דאָס מודה זײַן זיך, לפּי דעם סטאַלינישן קאַטעכיזם בײַ די מאָסקווער פּראָצעסן, האָט אַ געוויסע פּסיכאָלאָגישע ענלעכקייט צו דעם פֿאַל וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ. דאָס מיינט טאַקע, אַז די יע־ניקע וואָס גלייבן צו פֿאַרמאָגן דעם אַבסאָלוטן אמת, זײַנען פֿעיִק אויף די אָפּ־שטויסנדיקסטע פֿאַרברעכנס און אויף דער גרעסטער דערהויבנקייט.

טראָץ זייער כסדרדיקן און אויסדריקלעכן דורכפֿאַל, האָבן טרעביניאַ דע סאָברעמאָנטעס מנחמים נישט אויפֿגעגעבן זייערע אָנשטרענגונגען, אַפֿילו ווען דער אַזוי טעאַטראַלער אויטאָ־דע־פֿע איז שוין געווען פֿאַרענדיקט. און ווען די פֿאַרברעכערס, וועמענס פֿאַרבינדונג מיט דער קירכן־געמיינשאַפֿט די אינקוויזי־ציע האָט דערקלערט פֿאַר איבערגעריסן, זײַנען סימבאָליש איבערגעגעבן געוואָרן צו דער ציווילער מאַכט, אַז יענע זאָל — לפּנים — אַרויסטראָגן דעם דעפֿיניטיוון פּסק־דין, האָבן זיי עס אויך דעמאָלט נישט אויפֿגעגעבן. דער פֿאָרלעצטער אַקט פֿון דעם בלוטיקן שפּיל איז, נאַטירלעך, דורכגעפֿירט געוואָרן אין הסכם מיט דעם וואָס עס האָבן פֿריִער באַשטימט זײַנע אָנפֿירערס: דער שטאָט־עלטסטער — ער און נישט די אינקוויזיציע, וואָס האָט, חלילה, קיין מאָל נישט פֿאַרגאָסן קיין מענטשלעך בלוט — האָט פֿאַרמשפּט טאָמאַס טרעביניאַ דע סאָברעמאָנטען, „ער זאָל לעבעדיקערהייט פֿאַרברענט ווערן אין לעבעדיקע פֿײַער־פֿלאַמען, ביז ער וועט אין אַש צעשטויבט ווערן און עס וועט פֿון אים קיין זכר נישט בלײַבן". פּונקט אַזעלכע פּסק־דינים האָט דער שטאָט־עלטסטער אַרויסגעטראָגן קעגן אַנדערער יודאַיזירערס, וועלכע האָבן זיך ביזן לעצטן אָטעם־צוג געהאַלטן פֿעסט בײַ זייער אמונה.

ווי די כראָניק פֿון יענער תּקופֿה, וואָס מיר האָבן שוין מערערע מאָל דער־מאָנט דערציילט, „זײַנען זיי אַלע אַרומגעפֿירט געוואָרן רײַטנדיק אויף משא־פֿערד. אַרומגערינגלט זײַנען זיי געווען דורך מיליציע־אָפּטיילונגען. ס'האָבן זיי באַגלייט די באַאַמטע און אויספֿירערס פֿון דער ציווילער יוסטיץ מיט טרומייטן און אַ העראָלד האָט אויסגערופֿן [זייער פֿאַרברעכן]. זיי זײַנען אַרויס דורך דער גאַס פֿון הייליקן פֿראַנציסקאָ, וועלכע איז די זילבער־גאַס, און זיך פֿאַרקירעוועט צו דער גאַס טאַקובאַ דורכן ראָג פֿונעם פּרויען־מאָנאַסטיר פֿון דער הייליקער קלאַראַ ביזן ראָג פֿונעם וואַסער־רעזערוואַר, ווו די שטאָטישע וואַסער־לייטונג פֿאַרענדיקט זיך מיט אַן אַרטיסטישן געבײַ. ווײַטער זײַנען זיי אַריבער דעם קאַנאַל און די אַלייע און זײַנען צוגעקומען צום סקווער פֿון מאָנאַסטיר פֿון די באָרוועסע פֿראַנ־ציסקאַנער און סאַן דיעגאָ, ווו עס איז שוין פֿון פֿריִער געווען אויסגעאַרבעט — און צוליב דער דאָזיקער געלעגנהייט איז ער באַנײַט געוואָרן — דער זייער גרויִ־סער שייטערהויפֿן פֿונעם הייליקן טריבונאַל, וועלכער איז געווען אַרומגענומען מיט אַ פּירקאַנטיקער קאַלך־מויער, וואָס איז געווען באַצירט מיט פֿיר קײַלעכדיקע באַפּוצונגען, אויך פֿון קאַלך. די מאַסע, וואָס האָט פֿאַרנומען די אַלע אויסגערעכנ־טע גאַסן, פֿון דער בימה ביז צום שײַטערהויפֿן — אַ גאַר ברייטער שטח — איז געווען אַזוי גרויס, אַז ס'האָט געקאָנט אויסזען ווי זי וואָלט זיך נישט בלויז צו־

בויפגעקומען אויף דעם איינעם ספּעקטאַקל. דער עיקר איז געווען גרויס דער געלאַף און דאָס שטופּעניש אין דער אַלייען־געגנט, ווו צוליב מאַנגל אין פּלאַץ, האָט מען זיך אָנגעהאַנגען אין די טאָפּאָלן, וועלכע האָבן באַקומען דאָס אויסזען, ווי זיי וואָלטן געווען באַלאָדענע מיט שישקעס. אויך אַלע ווינקלען פונעם וואַסער־רעזערוואַר — פון וואַנען מע האָט געקאָנט זען דעם שײַטערהויפן — און אויפן סאַן דיעגאָ־פּלאַץ, וואָס איז מער ווי אָנעדרטהאַלבן קוואַרטאַלן די לענג, איז געווען אַזאַ שטופּעניש פון פוסגייערס ווי פון רײַטערס, אַז ווער עס האָט געוואָלט טרעפן די צאָל לויט דער מאַסע אין דעם סקווער, אין דער אַלייע און אין דעם וואַסער־געבײַ, האָט זי צום ווינציקסטן געשאַצט אין איבער דרײַסיק טויזנט פוסגייערס און אין איבער פינף הונדערט וועגענער".

דער זעלבער כראָניקער דערציילט ווײַטער, אַז די פאַרמשפּטע זײַנען אָנגעקומען צום פּלאַץ פון זייער לעצטער שטראָף אין דער זעלביקער אָרדענונג ווי זיי זײַנען אַרויס פון דעם אויטאָ־דע־פע, „און נאָך דעם ווי דער העראָלד האָט צום לעצטן מאָל אויסגערופן [זייער פאַרברעך], האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויפצוגיין אויף דעם שײַטערהויפן, ווו עס זײַנען געווען צוגעקלאַפּט פערצן דרענגער — (הגם איבערגעענטפערטע דער ציווילער מאַכט זײַנען געווען בלויז דרײַצן, ווײַל די עקזעקוציע פון איזאַבעל נוניעז איז נישט צו שטאַנד געקומען, מחמת בײַ די צוויי לעצטע אוידיענצן וואָס זי האָט געגעבן די פריערדיקע נאַכט, האָט זי אויסגעפועלט דעם דאָזיקן חסד, וואָס — ווי עס זעט אויס — האָט געהאַט די ווירקונג, אַז לעאָנאָר וואַעז זאָל בכלל נישט אַרויסגעפירט ווערן [אויפן אויטאָ־דע־פע]. און מיט צען טעג שפּעטער האָט מען זיי צוגעלאָזט איבערגעבעטן צו ווערן אין דער סאַנטאָ דאָמינגאָ־קירך. און זיי זײַנען פאַרמשפּט געוואָרן צו שמיץ און צו אָפּקומען [אין תפיסה] זייערע זינד, ווי עס איז שוין אויבן דערציילט געוואָרן). די דרענגער זײַנען געווען פאַרזען מיט שפּיצן, אויסגעהוילטקייטן און רינגען, דורכצופירן די עקזעקוציע. אָבער סימאָן מאָנטעראָ (וועלכער האָט קיין פּרט נישט דורכגעלאָזט) האָט געזאָגט, אַז וויפל שײַטערהויפנס ער האָט געזען — און ער האָט געזען אַ סך — האָט ער אין קיין איינעם פון זיי נישט באַמערקט אַזעלכע שלעכט־אײַנגעאָרדנטע דרענגער אויף אַוועקצוזעצן די צום טויט פאַרמשפּטע. אַזוי גרויס איז די אײַגנליבע, אַז אַפילו בײַ דער עקידה גלוסטן זיך קאָמעדיעס, און בײַם גרעסטן צער פאַרטראַגט מען נישט די קלענסטע אומבאַקוועמלעכקייט. ווען זיי זײַנען אַרויפגעגאַנגען, האָט מען זיי צוגעגרייט צו דערשטיקן. און די ווידוי־אָפּנעמערס האָבן, מיט דער לעצטער האָפענונג אַרויסצוקריגן אַ חרטה, זיי דערלאַנגט דעם הייליקן קריסטוס פון דער רחמנות־ברודערשאַפט, וועלכער איז מיטגעפירט געוואָרן און האָט מכבד געווען מיט דער רפואה פון זײַן ווערטפולן בלוט. מע האָט אַרויפגעוואָרפן האָלץ אויפן שײַטערהויפן און דעם לעצטן האָט מען אַרויפגעפירט דעם אומגליקלעכן טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע, וועמען מע האָט צוגעשטעלט דאָס פײַער צו דער באָרד און צום פּנים, אויף צו זען צי די שטראָף וועט אים קלאָר מאַכן און דער ווייטיק וועט אים אַנטוישן; ער האָט אָבער מיט ווער־

טער און מעשים ביזן סוף באַוויזן, אַז ער וויל נישט חרטה האָבן און [אַליין] צו־שאַרנדיק דאָס האַלץ מיט די פיס, האָט ער זיך געלאָזט פאַרברענען אַ לעבעדי־קער, נישט אַרויסווײַזנדיק קיין סימן פון חרטה. און ווען ער האָט שוין נישט גע־קענט ריידן, האָט מען אים אויס די פלאַמען געזען שאָקלען מיטן קאָפּ און מיט די הענט, ווי ער וואָלט געזאָגט ניין אויף די אַלע אַרויסרופן צו שמדן זיך. און אַזוי האָט ער נאָך בײַם לעבן אָנגעהויבן צו לײַדן פון די אייביקע פלאַמען, ווי אַ קלאָרער באַווײַז פון זײַן באַדויערנווערטיקער זינדיקייט. עס האָט געברענט דער שרעקלעכער שײַטער און פאַרוואַנדלט אין אַש און רויך די סטאַטועס, די ביינער־קאַסטנס און די נעבעכדיקע גופים פון די אַפּיקורסים. דער פלאַם איז עס געווען דער נקמה־נעמער און דער אויספירער פון דער געטלעכער גערעכטיקייט און דער אויסשמידער פון דעם זיג, וואָס דער הייליקער אמונה־טריבונאַל האָט אין יענעם טאָג אָפּגעהאַלטן לכבוד דער פּערזאָן פונעם געקרייציקטן קריסטוס און צום לויב און רום פון זײַן אייביקן פאָטער און פון זײַן הייליקסטן געזעץ. די דאָ־זיקע עקזעקוציע האָט זיך פאַרענדיקט זיבן אַ זייגער אויף דער נאַכט".

מיר האַלטן פאַר איבעריק מוסיף צו זײַן עפּעס צו דער דאָזיקער אויטאָרי־זירטער אינקוויזיציע־כראָניק, ווײַל וואָס קאָן נאָך זײַן שרעקלעכערס ווי זיי אַליין?

דער אומגעווייטלעכער פאַל טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע און די מעקסיקאַ־נער גרויסע פאַרשווערונג פון 1649, אין וועלכער די צאָל „בעלי־תשובה" האָט געגרייכט צו אַכציק און די „איבערגעענטפערטע דער ציווילער מאַכט" צו פערצן; פּונקט ווי דער קרבן פון מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ און די פּערוואַנער גרויסע פאַר־שווערונג פון 1639, זײַנען, נישט קוקנדיק אויף אַלע אָנשטרענגונגען זיי צו פאַר־שווײַגן, באַקאַנט געוואָרן אין אַמעריקע אַזוי גוט ווי אין אייראָפּע. נאַטירלעך, האָבן זיך מער פון אַלעמען געפילט געטראָפן פון זיי די ייִדישע קהילות, באַזונדערס די אַמסטערדאַמער, וואָס איז טיילווײַז באַשטאַנען פון אַנוסים, אַנטלאָפענע פון די אינק־וויזיציע־נעגל. צוליב דעם פעלן פון גענויע דאַטעס און דער קנאַפּקייט פון קאָנ־קרעטע ידיעות, זײַנען די דאָזיקעביידע טראַגישע געשעענישן פאַרמישט געוואָרן סײַ פונעם פשוטן עולם, סײַ פון די דיכטערס. דערפון נעמט זיך, וואָס דער אַמסטער־דאַמער פּאָעט מיגעל דע באַריאָס אָדער דניאל לעווי דע באַריאָס האָט, בײַם באַ־וויינען דעם טוקומאַנער קדוש פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, אים פאַר־מישט מיטן מעקסיקאַנער טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע. צוליב דעם וועלן מיר זײַנע פערזן ציטירן ווען מיר וועלן דערמאָנען די געשטאַלט פון מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ. דאָ וועלן מיר אויף זייער אָרט ציטירן אַ פאָלקס־לעגענדע וועגן טרע־ביניאָ דע סאָברעמאָנטע, איבערגעמאַכט אין פערזן דורך אַ דיכטער פונעם פאַר־גאַנגענעם יאָרהונדערט, הגם זי אונטערשיידט זיך אין אייניקע פּרטים פון דער היסטאָרישער כראָניק. זי פאַרמאָגט פון דעסט וועגן די מעלה פון טאָלעראַנץ בנוגע דעם ייִדן, וואָס פעלט לחלוטין אין דער כראָניק, פאַרפאַסט פון גלחים אָדער וועלטלעכע שרײַבערס.

אַלטע פאַרמעטן דערציילן,
אַז ווען דער מוחרמדיקער ייִד
איז צו דער עקידה געגאַנגען,
האָט זײַן לעסטערונג אַן אימה אָנגעוואָרפן
און אַז דאָס אויסגעוויילטע אייזל
אויף זײַן גוף צו פירן,
אויסגעגליטשט האָט זיך צו מאָל
און צו דער ערד געפאַלן,
און אויס מורא ער זאָל צום שײַטער
חלילה אַ לעבעדיקער נישט דערגיין,
באַפוילן האָט מען עס זאָל אַרויף
אַ נעגער און אים צובינדן,
און ער האָט אים אין זײַנע אָרעמס אַרײַנגעקוועטשט,
אַ לאַנג שטיק וועג פון יענער שטרעקע.
דאָס פאָלק וואָס האָט געזען
אַזעלכע פחדימדיקע מעשׂים,
און נישט פאַרשטאַנען זייער באַשייד
האָט פאַר זיך געטראַכט:
„אָט דער חוטא טראָגט דעם שטן
אין זײַן גוף אַזוי פאַרשטעקט
אַז אויך דאָס פאַרטראָגט אים נישט
כדי דעם אייבערשטן נישט באַליידיקן"...
אַזוי מיט שטילע טריט זײַנען
מער פון הונדערט מוחרמים
צו דער עקידה אָנגעקומען
אַלע שטאָלץ און ווידווידיק.
דער ערשטער איז דער ייִד געווען
פון צווישן אַלע יענע
דער ערשטער לעבעדיק פאַרברענטער
פאַר זײַנע גרויסע גאָט־פאַרשוועכונגען.
און עס ווערט דערציילט, אַז ווען ער האָט זיך
אַ געבונדענער צום מאַסט דערזען
און ווען די רויטע פלאַמען פונעם פײַער
האָבן אים שוין געהאַט אַרומגעכאַפּט
צו די תּלינים האָט ער געשריגן
מיט אַ כעסדיקן האַרטן קול:
„קיין שפּענער נישט געזשאַלעוועט, אויסווורפן,
ווײַל עס איז דאָך פאַר מײַן פּראַצע".

שוין אַוועק צוויי הונדערט יאָר
און עס שטייט נאָך גאַנץ און פעסט
יענער שלאָס, ווו דער
שלימזלדיקער זינדיקער האָט געוווינט.
געהייסן האָט ער טאָמאַס טרעביניאָ,
געשטאָרבן איז ער נישט יונג נישט אַלט
געווען אַ פעסטער אין כאַראַקטער
און אַ באַשיידענער בכלל.
זײַן נאָמען נישט פאַרווישט איז
פונעם פאָלקס זכרון,
ווײַל דער אומגליק
סײַ פון קריסט און סײַ פון ייִד
מאַכט פלאַטערן און וויינען
אַלע גוטע הערצער.

# דער טוקומאַנער מאַרטירער פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ

1639 — 1592

## 1. דער מעדיקער דיעגאָ נוניעז דע סילוואַ און זײַנע צוויי זין

אין דער געשיכטע־ליטעראַטור איז נישט אומבאַקאַנט — הגם עס ווערט נישט תמיד אַקצענטירט — אַז אין דער קאָלאָניאַלער תקופה פון לאַטײַן־אַמעריקע, בעיקר אין 17טן י״ה, איז דער טערמין „פּאָרטוגעזער״ געווען אַ סינאָנים פון ייִד. די דאָזיקע מיינונג איז געווען אַזוי אײַנגעוואָרצלט, אַז אַפילו אויף יעדן באַאַמטן און גלח פון פּאָרטוגעזישן אָפּשטאַם האָט מען געקוקט מיט חשד און אומצוטרוי. אָבער נישט געקוקט אויף די חשדים וואָס שײַך אמונה, זײַנען די פּאָרטוגעזער, וואָס האָבן זיך געווידמעט צו „מעכאַנישע״ באַרופן — ד״ה צו מלאכה, אָדער צו מעדיצין — בעיקר, צו דער לעצטער, אויפגענומען געוואָרן מיט סימפּאַטיע אין די שפּאַנישע קאָלאָניעס און מע האָט זיי אַפילו פּאַרטיידיקט קעגן די גירוש־עדיקטן פון דער קעניגלעכער מאַכט, אָבער מע האָט זיי שוין נישט געקאָנט באַשיצן פון די נעגל פון דער אינקוויזיציע.

בײַם סוף פון 16טן י״ה איז די הײַנט בליִענדיקע שטאָט טוקומאַן געווען אַ העק, באַוווינט דורך עטלעכע און דרײַסיק באַדן־באַזיצערס מיט זייערע פאַמיליעס און 1.100 אינדיאַנערס, שקלאַפן פון זייערע פעאָדאַלע גיטער. אין דעם דאָזיקן העק, צו פוסנס פון אַקאָנקיכאַ, וועלכער איז אייגנטלעך באַשטאַנען בלויז פון אַ סקווער, אַרומגערינגלט מיט הײַזער פון ליים מיט דעם באַרימטן גערעכטיקייטזײַל אין דער מיט, איז אָנגעקומען צוזאַמען מיט זײַנע גרינדערס דער פּאָרטוגעזער מעדיקער דיעגאָ נוניעז דע סילוואַ. גאַר גיך האָט נוניעז דע סילוואַ באַקומען גרויס אָנזען סײַ בײַ די אײַנוווינערס פון דער שטאָט טוקומאַן, סײַ בײַ די אײַנוווינערס פון דער רחבותדיקער פּראָווינץ מיטן זעלביקן נאָמען. און הגם ער האָט נישט אָנגעזאַמלט קיין פאַרמעגן און איז נישט דערגאַנגען צו קיין הויכער סאָציאַלער פּאָזיציע, האָט ער באַקומען די האַנט פון דאָניאַ אַלפאָנסאַ מאַלדאָנאַדאָ, די טאָכטער פון איינעם פון די אָנגעזעענסטע אָרטיקע פעאָדאַלן.

בײַ איבערגעלאָדענער אַרבעט אין זײַן פּראָפעסיע און בײַ אָפטע רײַזעס וואָס

זײַנען געווען מיט איר פאַרבונדן, איז געפלאָסן דאָס לעבן פון פּאָרטוגעזישן מע־דיקער ביז צום מאָמענט ווען בײַם טוקומאַנער פאַרשטייער פון דער אינקוויזיציע זײַנען אַנטשטאַנען שאַרפע חשדים בנוגע דער „ריינקייט" פון זײַן בלוט און פון זײַן אמונה. וואָרעם מע דאַרף וויסן, אַז שוין אין יענער ווײַטער עפּאָכע זײַנען אין די ברייטע האַלב־מדבר־דיקע שטחים פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט געווען פאַרשטייערס פון גרויזאַמען טריבונאַל אויף יעדן אָרט, וואָס איז געווען באַוווינט דורך ווײַסע מענטשן און מישלינגען. בלויז דער אינדיאַנער — וועגן וועלכן מע האָט געצווייפלט, צי ער איז בכלל אַ בר־דעת — איז נישט געווען אונטערגע־וואָרפן זייער רוט. אין דעם פאַל, מיט וועלכן מיר פאַרנעמען זיך דאָ, זײַנען דעם אינקוויזיציע־קאָמיסאַרס חשדים נישט געווען אָן אַ גרונט, מחמת דעם פּאָרטוגע־זישן מעדיקערס אייגענער זון, וועלכער האָט געהאַט דעם זעלביקן נאָמען וואָס דער פאָטער, האָט דערקלערט — בעתביידע זײַנען שוין געווען אַרעסטירט — אַז דער פאָטער האָט אים אויפגעקלערט און „געלערנט די לערע פון משה, און צו דעם צוועק האָט ער אים דערציילט מעשהלעך און געשיכטעס מיט דער כוונה, אַז ער זאָל נישט גלייבן אין דער לערע פון יעזוס קריסטוס".

דיעגאָ נוניעז דע סילוואַ און זײַן עלטערער זון זײַנען אַרעסטירט געוואָרן אין אָנהייב פון יאָר 1601. די אײַנוווינערס פון טוקומאַן זײַנען פון דעסט וועגן באַ־היט געוואָרן פון די אומאָנגענעמלעכקייטן וואָס אַזאַ געשעעניש פלעגט געווײנט־לעך ברענגען מיט זיך, און דאָס אַ דאַנק אַ פאַקט, וואָס די אינקוויזיציע האָט נישט חושד געווען: דער מעדיקער האָט נישט געהאַט קיין פאַרמעגן, וואָס מע זאָל קע־נען סעקוועסטרירן און נישט קיין חובות אָפּצונעמען, וועגן וועלכע מע זאָל דאַרפן מעלדן דעם „הייליקן טריבונאַל". די דאָזיקע פּײַנלעכע געשעעניש אין דער משפחה האָט איבערגעלאָזט אַ נישט־אָפּווישלעכן שפּור אין דער נשמה פון פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, דער ייִנגערער זון פון פּאָרטוגעזישן מעדיקער. דאָס אַכט־יאָריק קינד, וואָס דער פאָטער האָט עס נאָך נישט געהאַט מדריך געווען אין דער ייִדישער אמונה און וואָס האָט מיט דעם גאַנצן פײַער פון זײַן פילבאַרער נשמה זיך געהאַלטן בײַ די געבאָטן און צערעמאָניעס פון דער קאַטוילישער קירך, האָט זיך מיט אַ מאָל דערזען אַרײַנגעוואָרפן אין אַ פאַרצווייפלטן אינערלעכן קריזיס. חוץ דעם, האָבן זײַנע מיטשילער אין דעם קאָנווענט פון הייליקן פראַנציסקאָ אָנ־געהויבן אים צו באַטראַכטן ווי אַ פאַרשטויסענעם, און זײַנע שפּיל־חברים אויפן סקוועער פון אָט דעם פאַרוואָרפענעם העק — ווי אַ געמיינע בריאה. דאָס האָט גורם געווען בײַ אים אַ צוריקגעצויגנקייט זינט דעם גאָר פריִען עלטער און געשאַפן אין אים אַ גיריקייט צו דערגיין ענינים פון מיסטיש־רעליגיעזן שטייגער. אָבער אוי־סער דער גײַסטיקער אומרויִקייט, וואָס פלעגט אים אַרײַנטרייבן אין אַ פיבער־צושטאַנד, בעת ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף עפּעס אַ רעליגיעזן רעטעניש, אָדער ווען ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער שטייט פאַר אַזאַ רעטעניש, האָט קיין שום ענדערונג נישט געווירקט אויף דער מענטאַליטעט פון דעם געפילפולן און איינזאַמען קינד.

## 2. די קינדהייט פון פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ

אין דער צײַט וואָס זײַן פאָטער איז פאַרבליבן אַרעסטירט אין די געהיימע תפיסות פון דער לימער אינקוויזיציע, האָט פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ פאַרגעזעצט מיט אַ וואָס אַ מאָל שטאַרקערער גיריקייט זײַנע שול־לימודים און דאָס לייענען פרומע ספרים. אָבער נאָך פיר יאָר, דעם 13טן מאַרץ 1605, איז צו שטאַנד געקומען דער אויטאָ־דע־פע, אין וועלכן דיעגאָ נוניעז דע סילוואַ — אַרעסטירט צום ערשטן מאָל דורך דער אינקוויזיציע — איז דורך איר צוגעלאָזט געוואָרן צו אַן „איבערבעטונג" מיט דער קירך־געמיינשאַפט און פאַרמשפּט געוואָרן צו זעקס יאָר תפיסה, ווי אַ תשובה אויף זײַנע זינד. נאָכן אָפּזיצן, איז אים — דורך אַ באַזונדערן חסד, — די שטראָף דעפּאָרטירט צו ווערן פון די „אינדיעס" פאַרביטן געוואָרן — מחמת דעם גרויסן דוחק אין מעדיקער — אויף דער פליכט צו וווינען און צו היילן אין דעם פּאָרט קאַליאַאָ, בשכנות פון דער הויפּטשטאָט פון פּערואַנער וויצע־קעניגרײַך לימאַ. כדי צו באַגלייטן זײַן פאָטער און פאָרצוזעצן זײַנע שטודיעס אין דער „קעניגלעכער און פּויפּסטלעכער אוניווערסיטעט פון הייליקן מאַרקאָס", איז פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ געקומען קיין פּערו. ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַכצן יאָר. דאָ, אונטער דער אָנרעגונג פון דעם מענטש, וואָס האָט צוגעזאָגט דעם הייליקן טריבונאַל נישט אַרײַנצופאַלן מער אין די טעותים פון דעם „פאַרדאַמטן געזעץ פון משה" און דורך אייגענער נייגונג, איז ער איבערגעגאַנגען צו דער ייִדישער רעליגיע, אַרומנעמענדיק זי מיט דער התלהבות פון אַ וועזן, וואָס איז באַפרײַט געוואָרן פון אומדערטרעגלעכע בענדער, און מיט דעם מוט פון אַ הייליקן, וועלכער איז יעדע רגע גרייט צו גיין אויף קידוש־השם פאַר זײַן גלויבן.

בעת דעם ערשטן יאָר וווינען אין קאַליאַאָ, אין 1611, האָט ער זיך געהאַלטן בײַ די קאַטוילישע פאָרשריפטן. אָבער זײַן אינטערעס צו רעליגיעזע פראַגעס איז געווען נאָך גרעסער ווי פריִער. אַ זון פון אַ ייִד, און קריסט לויט זײַן איבערצײַגונג, הגם מיט ספקות בנוגע טייל מיסטעריעס פון דער קאַטוילישער אמונה, האָט ער באַשלאָסן זיך צו דערוויסן, אויף וואָס פאַר אַן אופן עס האָט זיי געלייזט דער באַרימטער בישאָף און קאַטוילישער שרײַבער פון ייִדישן אָפּשטאַם, פּאַבלאָ דע סאַנטאַ מאַריאַ, אָדער שלמה הלוי (1351—1435), אין זײַן באַרימט געוואָרענעם אַנטי־ייִדישן ווערק סקרוטיניוס־סקריפּטוראַרוס. און באמת, די לאָגיק האָט אים נישט געקאָנט דיקטירן קיין מער פּאָסיקערן באַשלוס. אָבער די פּשוטע לאָגיק און דאָס עלעמענטאַרסטע פּראַקטישע געפיל זײַנען שוין געווען צעקריגט אין דער נשמה פון מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ מיט זײַן פּסיכישער פּרעדיספּאָזיציע. אַזוי אַז דאָס רעליגיעז־פּאָלעמישע ווערק פון דעם געוועזענעם בורגאָסער מתמיד, וואָס באַשטייט פון אַ דיאַלאָג צווישן אַ ייִד שאול און אַ קריסט פּאַול — וועלכער האָט לויט דעם מחבר געזיגט אין דעם טעאָלאָגיש דיספּוט — האָט דעם יונגן מאַן גראָד צוגעצויגן צום ייִדנטום. מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ אַליין זאָגט וועגן דעם מיט

אַן אויפריכטיקייט, אין וועלכער אַפילו די אינקוויזיציע האָט נישט געצווייפלט, אַז „נאָכן לייענען אין סקרוטיניום (סקריפּטוראַרום) אייניקע פּראַגעס, וואָס שאול האָט פאָרמולירט פאַרן געזעץ פון משה און פּאַול האָט געענטפערט פאַרן געזעץ פון יעזוס קריסטוס, און אַזוי ווי עס האָבן אים נישט צופרידנגעשטעלט די לייזונגען פון פּאַולן, האָט דער אָנגעקלאָגטער געפרעגט זײַן פאָטער, ווי אַזוי, נישט געקוקט וואָס דער ערשטער פון די צען געבאָטן זאָגט, מע זאָל נישט פאַרהערלעכן קיין בילדער נאָר בלויז גאָט אַליין, פאַרהערלעכן די קריסטן הייליקע בילדער? און אַז זײַן פאָטער האָט געזאָגט דעם אָנגעקלאָגטן, אַז דערין זעט ער אַז דאָס געזעץ פון יעזוס קריסטוס איז אַנדערש פון דעם געזעץ פון משה, וואָס איז געגעבן געוואָרן דורך גאָט און אַרויסגעזאָגט געוואָרן דורך זײַן אייגן מויל אויפן באַרג סיני. דאַן האָט דער אָנגעקלאָגטער געבעטן זײַן פאָטער, ער זאָל אים לערנען די ביבל און לייענען אין איר, און ער האָט אים געלערנט דאָס דערמאָנטע געזעץ פון משה און געזאָגט, אַז ער זאָל עס היטן, און אַז מחמת מורא פאַרן טויט האָט ער געזאָגט [בשעת זײַן אַרעסט דורך דער אינקוויזיציע], אַז ער וויל זײַן אַ קריסט און מע האָט אים מוחל געווען. און אַז פון דעמאָלט־אָן האָט דער אָנגעקלאָגטער זיך אָפּגעזונדערט פון דעם געזעץ פון יעזוס קריסטוס און עס געהאַלטן פאַר שלעכט, און איז איבערגעגאַנגען צום געזעץ פון משה, וועלכן ער האָט געהאַלטן פאַר גוט, כדי דערלייזט צו ווערן דורך דעם, וויסנדיק און פאַרשטייענדיק, אַז עס איז קעגן דעם געזעץ פון יעזוס קריסטוס. און ער איז זינט דאַן נישט אָפּגעטראָטן פון דעם דערמאָנטן געזעץ פון משה, און כאָטש ער האָט געהערט די מעסע, זיך מתוודה געווען און גענומען די הייליקע אָוונט־סעודה, — האָט ער עס אַלץ געטאָן כדי זיך צו פאַרשטעלן און נישט מחמת פאַרשטיין, אַז דאָס איז נייטיק פאַר דער דערלייזונג פון זײַן נשמה. און ווען ער האָט מתוודה געווען זײַנע זינד, האָט ער אין זײַן מחשבה זיך מתוודה געווען פאַר גאָט און נישט פאַר דעם גלח, און ער האָט בלויז געזאָגט יענע זינד, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן דעם געזעץ פון משה און נישט קעגן דעם געזעץ פון יעזוס קריסטוס, וואָרעם ער האָט נישט געהאַלטן פאַר נייטיק דעם ווידוי, נישט די האָסטיע וואָס איז געהייליקט געוואָרן אין דער מעסע פאַרן אמתן גאָט, אַזוי ווי די קריסטן האַלטן זי, און ער האָט אויך נישט געהאַלטן פאַר נייטיק די מעסע״.

## 3. מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ באַזעצט זיך אין טשילע

בעת זײַן פאָטער האָט געלעבט, האָט מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ — ווי ער האָט עס מודה געווען פאַר דער אינקוויזיציע — אָפּגעהיט בסוד די ייִדישע מנהגים, פאָרזעצנדיק זײַנע שטודיעס אין „סאַן מאַרקאָס״, דער פּרעסטיזשפולער קאָלאָניאַלער אוניווערסיטעט, וואָס האָט אים צוגעטיילט דעם אַקאַדעמישן טיטל. גלײַכצײַטיק האָט ער פּראַקטיצירט די היילקונסט אונטער דער געניטער לייטונג פון

דעם אַלטן מעדיקער און געוועזענעם אַרעסטאַנט פון דער אינקוויזיציע. אָבער דער דאָזיקער איז געשטאָרבן אין 1616, עטלעכע יאָר נאָך זײַן באַפרײַונג דורך דער אינקוויזיציע. מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ האָט דעריבער פאַרלאָזט זײַן פאָטערס אַרויפגעצוווּנגענעם וווינאָרט, פון וועלכן עס זײַנען אים פאַרבליבן טרויעריקע דערינערונגען. ער האָט זיך באַזעצט אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע, ווו ער האָט אין גיכן זיך פאַרבונדן מיט דער סעוויליאַנערין איזאַבעל אָטאַניעז. אין דער הויפּט־שטאָט פון דעם מליצהדיק אָנגערופענעם טשילענער קעניגרײַך האָט דער מורא־דיקער דוחק אין דאָקטוירים דערפירט, אַז עס זאָלן פּראַקטיצירן מעדיצין מענטשן אָן טיטלען און אָן פעיִקייטן. כדי אַ סוף צו מאַכן צו אָט דעם מיסברויך, האָט דער שטאָטראַט אויף זײַן פאַרזאַמלונג דעם 5טן יולי 1618, „באַהאַנדלט דעם גרויסן דוחק וואָס עס איז געווען אין אַ מעדיקער, וועלכער זאָל היילן אין דער שטאָט, און ווי וויכטיק עס וואָלט געווען זיך צו באַמיִען, אַז פון דער שטאָט פון די קעניגן [ד"ה, לימאַ] זאָל מען אַהער ברענגען איינעם וואָס זאָל טויגן; און כדי אים צו באַוועגן אַהער צו קומען, האָט מען באַאויפטראָגט דעם הויפּט־פּאַרוואַלטער פון דער שטאָט, אַז ער זאָל אונטערהאַנדלען מיט די שטאָטלײַט וועגן דעם שכירות וואָס יעדער איינער וואָלט געקאָנט פאַרזיכערן". אָבער קיין שום מעדיקער איז נישט געקומען פון פּערו. דעריבער האָט דער שטאָטראַט אויסגעניצט דעם פאַקט וואָס עס האָט זיך באַזעצט אין טשילע דער עקזאַמינירטער כירורג, דער ליצענציאַט פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, און ער האָט אים באַשטימט אויף דעם דאָזיקן אַמט. דער באַטרעפנדיקער דאָקומענט לייענט זיך אַזוי:

אין דער חשובער און זייער לאָיאַלער שטאָט סאַנטיאַגאָ דע טשילע, אין 20 טעג פון חודש דעצעמבער פון יאָר טויזנט זעקס הונדערט נײַנצן, האָט די יורידישע און ציווילע פאַרוואַלטונג פון דער שטאָט זיך פאַרזאַמלט אויף דעם שטענדיקן פּלאַץ, און געפינענדיק זיך צוזאַמען, איז דערשינען דער ליצענציאַט פראַנציסקאָ מאַלדאָ־נאַדאָ דע סילוואַ און פּרעזענטירט דעם פאָלגנדיקן טיטל:

## כירורג־טיטל פון ליצענציאַט סילוואַ

דאָן לאָפּע דע אוליאָאַ אי לעמאָס, פון ראַט פון זײַן מאַיעסטעט, גובערנאַטאָר און גענעראַל־קאַפּיטאַן פון קעניגרײַך טשילע, פּרעזידענט פון דעם דאָזיקן קעניג־לעכן געריכט, וואָס געפינט זיך אין דער שטאָט סאַנטיאַגאָ.

היות דער פּלאַץ פון כירורג אין קעניגלעכן שפּיטאָל אין דער שטאָט סאַנ־טיאַגאָ איז ליידיק מחמת דעם טויט פון כואַן גאַרסיאַ דע סאַלאַזאַר, וועלכער האָט אים געהאַט פאַרנומען, און מע דאַרף באַשטימען אויף דעם אָרט אַ פּערזאָן מיט טויגלעכקייט צו היילן די קראַנקע וואָס קומען אַהין, און היות דער ליצענציאַט פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ איז אַ געלערנטע פּערזאָן אויפן געביט פון מעדיצין און כירורגיע און איך האָב וועגן אים ידיעות, אַז ער וועט אויספירן דעם דאָזיקן אַמט ווי עס באַדאַרף צו זײַן, האָב איך באַשלאָסן אים צו באַשטימען [אויף דעם אַמט] און צו דעם צוועק צו געבן און איך גיב אים די דאָזיקע [שריפט] דורך וועלכער, אין נאָמען פון זײַן מאַיעסטעט און אויפן סמך פון זײַנע קעניגלעכע פולמאַכטן, וואָס איך האָב דערצו, איך באַשטים אײַך, דעם דערמאָנטן פראַנציסקאָ

מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, אַלס כירורג פון דעם דערמאָנטן קעניגלעכן שפּיטאָל פון דער דערמאָנטער שטאָט סאַנטיאַגאָ, כדי איר זאָלט ווי אַזעלכער באַזוכן און קורירן די קראַנקע וואָס געפינען זיך אין אים און וואָס וועלן להבא דאָרט זײַן, מיט דער גאַנצער פּינקטלעכקייט און זאָרגפעלטיקייט, אויפנעמענדיק אין אים די קראַנקע לויט אײַער קריטעריע דורך דעם פאַרוואַלטער, וואָס געפינט זיך אָדער וועט זיך געפינען אין אים, און איר זאָלט זיי געבן אײַערע רעצעפּטן צום אַפּטייקער, וואָס אונטער זײַן אויפזיכט איז אָדער וועט זײַן די אַפּטייק פון דעם דאָזיקן שפּיטאָל, און איר זאָלט באַנוצן און פּראַקטיצירן דעם דערמאָנטן באַרוף אין אַלע פאַלן און זאַכן וואָס זײַנען פאַרבונדן און אײַנגעשלאָסן אין אים, לויט דעם אופן און שטייגער, ווי עס האָבן אים באַנוצט, גענוצט און געדאַרפט באַנוצן די אַנדערע כירורגן, וואָס זײַנען געווען אין דערמאָנטן שפּיטאָל, אײַערע פאָרגייערס, און דער עלטסטער ברודער און די אַנדערע ברידער פון דעם אָרדן און פרומען כואַן דע דיאָס, וואָס פאַרוואַלטן און רעגירן דאָס דערמאָנטע שפּיטאָל, זאָלן באַנוצן צוזאַמען מיט אײַך דעם דערמאָנטן באַרוף, און נישט מיט קיין שום אַנדערער פערזאָן.

און איך באַפעל, אַז דער שטאָטראָט, דאָס געריכט און די אָנפירערשאַפט פון דער דערמאָנטער שטאָט, דער אײַנוווינער און די אַנדערע פערזאָנען אירע זאָלן אײַך האַלטן און אײַך באַטראַכטן פאַר אַ כירורג פון דעם דערמאָנטן קעניגלעכן שפּיטאָל, און זאָל אײַך צושטעלן און אַכטונג געבן אַז מע זאָל אײַך צוטיילן אַלע כיבודים, אָנערקענונג, אַכטונג, פאָרצוגן און פרײַהייטן, פּריווילעגיעס און אימוניטעט, וועלכע קומען אײַך און פון וועלכע איר דאַרפט געניסן צוליב דעם דערמאָנטן באַרוף, און עס דאַרף אײַך אָפּגעהיט ווערן דאָס אַלצדינג פולשטענדיק, אונטער אַ שטראָף פון צוויי הונדערט גאָלד־פעזעס, אַ העלפט פאַר דער קאַמער פון זײַן מאַיעסטעט, און אַ העלפט פאַר מלחמה־הוצאות. און פאַר דער טרחה, וואָס דער דערמאָנטער באַרוף וועט בײַ אײַך פאָדערן, זאָלט איר האָבן און באַקומען די זעלבע שכירות און נוצן, וואָס עס האָט געהאַט און באַקומען דער דערמאָנטער פאָרגייער אײַערער פון דעם זעלביקן קוואַל און פון דעם זעלביקן אָרט וועט אײַך באַצאָלט ווערן דורך דער פערזאָן, וואָס האָט די אויפגאַבע דאָס אויסצוצאָלן, דורך קוואַרטלען, אַזוי ווי עס איז ביז איצט געצאָלט געוואָרן. און מיט אַ קאָפּיע פון דעם טיטל, וואָס מע וועט בײַם ערשטן מאָל פאָרלאַנגען, און מיט אײַער שכירות־צעטל אָדער דער פערזאָן וואָס וועט האָבן פון אײַך אַ באַפולמעכטיקונג, וועט אויסגעצאָלט ווערן די שכירות פאַר אײַער אַמט.

אַרויסגעגעבן אין דער שטאָט קאָנסעפּסיאָן, איין און צוואַנציק טעג אין חודש אויגוסט פון טויזנט זעקס הונדערט נײַנצן. — דאָן לאָפּע דע אוליאָאַ. — אויפן באַפעל פון זײַן הויכקייט — פעדראָ אוגאַרטע דע לאַ הערמאָסאַ.

## די שבועה

און האָבנדיק געזען די דאָזיקע טיטלען, האָבן זיי באַפוילן, אַז דער דערמאָנטער ליצענציאַט פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ זאָל דערשײַנען און אָפּגעבן די שבועה, וואָס ער דאַרף און איז מחויב. און נאָכן דערשײַנען האָט ער געשווירן פאַר גאָט און בײַם קרייץ ווי עס געהערט צו זײַן, צו פּראַקטיצירן דעם דערמאָנטן באַרוף, ווי ער דאַרף און איז מחויב און ווי זײַן הויכקייט באַפעלט.

אַזוי אַרום דאַרף ער, אַלזאָ, נישט נעמען מער שכירות ווי הונדערט און פופציק פּעטאַקאָנעס, ווי עס איז אָנגעוויזן לויט דעם לעצטן טיטל, וואָס דאָס האָט אָנגענומען און געחתמעט דער ליצענציאַט פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ.

## 4. מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ ווערט פֿאַרמסרט דורך זײַנע שוועסטערס

אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע האָט מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, שוין אָן דער צוימענדיקער ווירקונג פון זײַן פאָטער, נישט בלויז געהאַלטן די ייִדישע מנהגים, אויף ווי ווײַט ס'איז נאָר מעגלעך געווען אונטער דער אינקוויזיציע־מאַכט, נאָר ער האָט אויך מקיים געווען דאָס געבאָט וואָס געפינט זיך אין קאַפּיטל 17 פון בראשית: „דאָס וועט זײַן מײַן בונד, וועלכן איר זאָלט האַלטן צווישן מיר און אײַך און דײַנע זאָמען נאָך דיר: עס זאָל געמלט ווערן בײַ אײַך יעדער זכר". דאָס מל־זײַן זיך, וואָס מאַלדאָנאַדאָ האָט דורכגעפירט איבער זיך אַליין, בעת אַ צײַטווײַליקער אָפּוועזנהייט פון זײַן פרוי, האָט אים אויסגעשטעלט אויף די שרעקלעכסטע קאָנסעקווענצן, אויב ער וואָלט אַנטדעקט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע בעת דער „פּערזענלעכער רעוויזיע", וואָס זי פלעגט דורכפירן איבער די יודאַיזירנדיקע אַרעסטירטע. פון דעסט וועגן האָט דאָס אים נישט אָפּגעשראָקן, און עס איז אים נישט געווען צו־גרויס קיין שום קרבן אויפן מזבח פון זײַן אמונה. אָבער מאַלדאָנאַדאָס נשמה האָט זיך געפילט טיף באַטריבט צוליב דער „בלינדקייט" פון זײַנע צוויי שוועסטערס. ער האָט זיך דעריבער באַמיט, מיט דעם אימפעט וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַן גאַנצער אויפפירונג, זיי צו באַקערן צו דעם „געטאַדלטן געזעץ פון משהן". אָט דער, זייער זעלטענער פאַל אין די אַנאַלן פון דער אינקוויזיציע, האָט גורם געווען זײַן טראַגישן סוף. ביידע שוועסטערס האָבן אין דעם זעלביקן טאָג, דעם 8טן יולי 1626, אים אַרויסגעגעבן צו דער אינקוויזיציע. די עלטערע שוועסטער, איזאַבעל, אַ פאַרזעסענע פּערציקיאָריקע פרײַלין, וועלכער דער ברודער האָט אויסגעהאַלטן, האָט קעגן אים עדות געזאָגט פאַר דעם קאָמיסאַר פון דער אינקוויזיציע אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע, „אַז ווען זי איז געווען מיט אַכט חדשים צוריק אין די באַדפּלעצער, זעקס מײַל פון דער דערמאָנטער שטאָט סאַנטיאַגאָ, מיט דעם אָנגעקלאָגטן — איר ברודער — אַליין, האָט איר דער אָנגעקלאָגטער געזאָגט, אַז פון איר הענגט־אָפּ זײַן לעבן אָדער טויט. און ווען די עדותטע האָט געפרעגט דעם אָנגעקלאָגטן, אין וואָס עס גייט אים און מיט וואָס זי קאָן דינען דער זאַך וואָס האַלט אים אַזוי באַזאָרגט, האָט איר דער אָנגעקלאָגטער געזאָגט, אַז ער זאָגט איר אויס, אַז ער איז אַ ייִד און היט־אָפּ דאָס געזעץ פון משה; און ווען די עדותטע האָט געענטפערט, אַז ווי אַזוי, זײַענדיק איר ברודער, קאָן ער זאָגן אַזאַ מין שלעכטע זאַך, וואָרעם זי ווייסט דאָך, אַז די אינקוויזיציע פאַרברענט ייִדן און נעמט זיי צו דאָס פאַרמעגן; און אַז דאָס פאַרפירט אים דער שטן, צו איר צו רעדן אַזעלכע רייד, וואָרעם דאָס געזעץ, וואָס עס היטן אָפּ די קריסטן איז אַ רעכטפאַרטיק געזעץ, אַ גוטס און אַ גנעדיקס; האָט דער אָנגעקלאָגטער געענטפערט, אַז די וואָס זאָגן, אַז זיי זײַנען קריסטן, וועלן גיין אין גיהנום אַרײַן, און אַז עס איז נישטאָ מער ווי איין גאָט וועמען זיי האָבן צו פאַרדאַנקען זייער עקסיסטענץ און וועמען זיי זײַנען מחויב צו פאַרהער־

לעכן, וואָרעם צו פאַרהערלעכן בילדער איז געצנדינסט און אַז גאָט האָט פאַר־צײַטנס געהייסן, מען זאָל נישט פאַרהערלעכן קיין בילדער פון האָלץ, וואָרעם דאָס איז געצנדינסט, און דאָס זאָגן אַז די הייליקע בתולה האָט געבוירן אונדזער האַר, איז אַ ליגן, וואָרעם זי איז נישט געווען מער ווי אַ פרוי, וואָס איז געווען פאַרהייראַט מיט אַן אַלטן און זי איז אַוועק און מעוברת געוואָרן און זי איז נישט געווען קיין בתולה; און דאָס אַלץ האָט דער אָנגעקלאָגטער, איר ברודער, גע־זאָגט דער עדותטע, כדי זי זאָל אָננעמען זײַן מיינונג און דעה; און נאָך דעם צוריקקומען פון די באָד־פּלעצער אין שטאָט אַרײַן, ווו די דערמאָנטע דאָניאַ איזאַבעל האָט זיך באַזעצט מיט דעם אָנגעקלאָגטן, איר ברודער, האָט ער איר געזאָגט, פאַר וואָס זי איז נישט אין זײַן דירה, אויף וואָס די עדותטע האָט גאָר־נישט געענטפערט, און אין איינעם אַ טאָג האָט זי איבערגעלאָזט אַ פּאַפּיר אין דער דירה פון דעם אָנגעקלאָגטן, אין וועלכן די דערמאָנטע דאָניאַ איזאַבעל האָט אים געזאָגט, אַז מחמת ליבע צו גאָט זאָל ער פאַרלאָזן יענע שלעכטע מחשבות און אַז זי קאָן בשום אופן נישט גלייבן אין דעם, וואָס ער האָט איר געזאָגט; און אַז נאָך דעם ווי דער אָנגעקלאָגטער האָט געהאַט געלייענט דאָס פּאַפּיר, האָט ער איר, זײַן שוועסטער, געגעבן אין איינעם אַ טאָג אַן אַנדערס און איר געזאָגט, אַז זי זאָל זען, וואָס ער האָט איר דאָרט געזאָגט און זי זאָל אים געבן אַ תשובה אין משך פון דרײַ טעג, און אַז די עדותטע האָט גענומען דאָס דערמאָנטע פּאַפּיר, כדי נישט מצער צו זײַן איר דערמאָנטן ברודער, וועלכער האָט זי אויסגעהאַלטן און איר געגעבן אַלצדינג, וואָס זי האָט באַדאַרפט, און נישט לייענענדיק עס פאַרברענט; און אַז נאָך האָט ער איר געזאָגט, דער דערמאָנטער ברודער אירער, אַז ער פלעגט זיך מתוודה זײַן אין דעם יעזויִטן־אָרדען, און אַז עס איז שוין פאַרבײַ אַ יאָר, וואָס ער האָט זיך נישט מתוודה געווען, מחמת ער וויל נישט זאָגן זײַנע זינד פאַר אַ מענטש ווי ער, נאָר פאַר גאָט; און אַז די שבתים דאַרף מען אָפּהיטן ווי אַ יום־טוב; און וואָס מיינט זי איז דען געווען קריסטוס אויב נישט אַ פּרעסער און אַ זויפער און געלעבט מיט פרויען; און אַז דאָס אַלץ אויבן דער־מאָנטע האָט די עדותטע דערציילט דער אַנדערער שוועסטער אירער, וועלכע איז אויך דעם אָנגעקלאָגטנס שוועסטער, מיטן נאָמען פעליפּאַ מאַלדאָנאַדאָ, וואָס האָט שטאַרק געליטן און געוויינט הערנדיק אַזעלכע זאַכן פון איר ברודער; און אַז די עדותטע האָט דאָס צוויסן געטאָן צו איר גלה, וועלכער האָט איר באַפוילן, אַז זי זאָל דאָס דערציילן דעם קאָמיסאַר פון דער אינקוויזיציע".

דאָניאַ פעליפּאַ מאַלדאָנאַדאָ, „אַן אומפאַרהייראַטע און געקליידט אין די בגדים פון אַ פרומע אָנהענגערין פון יעזויִטן־אָרדען, זעקס און דרײַסיק יאָר אַלט, האָט צוגעגעבן צו דער מסירה פון איר עלטערער שוועסטער איזאַבעל, אַז זי האָט געזען פאַסטן דעם דערמאָנטן אָנגעקלאָגטן, איר ברודער, צוויי מאָל אין די פליישיקע טעג, און אַז ער האָט נישט געגעסן קיין פלייש, און ער האָט געזאָגט, אַז ער איז קראַנק און די עדותטע האָט פאַרדעכטיקט, מחמת איר ברו־דער האָט איר געזאָגט, אַז דער דערמאָנטער תענית האָט געדאַרפט זײַן אַ ייִדישער,

און זי האָט אויך חושד געווען מחמת דער דערמאָנטער ברודער אירער האָט עטלעכע שבתים אָנגעטון אַ ריין העמד".

הגם עס איז אמת, אַז די אינקוויזיציע האָט אַרויפגעלייגט אַ חוב צו מסרן די פאַרברעכנס קעגן דער אמונה, אומאָפּהענגיק פון גראַד קרובהשאַפט פון די אָנגעקלאָגטע, און זי האָט באַשטראָפט די וואָס האָבן אַזוי נישט געהאַנדלט, איז אָבער אויך נישט ווייניקער אמת, אַז עס האָבן כמעט קיין מאָל נישט פּאַסירט אַזעלכע מסירות. אַפילו אַ ניַיקריסט, וואָס איז געווען אַזוי געטריַי צו זיַין קעניג און צו זיַין רעליגיע — וועלכע איז צוליב דעם אויך געוואָרן זיַינע — ווי דער דעראָבערער פון דעם ניַיעם קעניגריַיך פון לעאָן, דאָן לויס דע קאַרבאַכאַל אי דע לאַ קועוואַ איז נישט געווען פעיִק צו באַגיין אַזאַ נידעריקע טאַט און פון אַזעלכע טראַגישע קאָנסעקווענצן ווי דער דאָזיקער, וואָס עס האָבן געהאַט דעם טרויעריקן מוט אויסצופירן די שוועסטערס פון מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ. דאָך, נישט געקוקט אויף דער ערנסטקייט פון דער מסירה, זיַינען פאַרביַי צווישן דער דאַטע פון דער מסירה און דעם אַרעסט פון מאַלדאָנאַדאָן מער ווי אַכט חדשים. אַ ציַיט, וואָס איז אין יענע יאָרן נייטיק געווען, כדי דער קאָמיסאַר פון דער אינקוויזיציע אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע, זאָל מודיע זיַין צו זיַינע עלטסטע אין לימאַ וועגן דעם געשעענעם און ער זאָל באַקומען די באַפולמעכטיקונג צו האַנדלען אַזוי ווי עס האָט זיך געפירט אין אַזאַ פאַל. אָן אַזאַ באַפולמעכטיקונג האָבן די קאָמיסאַרן נישט געהאַט קיין רעכט אונטערצונעמען וועלכע עס איז זאַך אין ענינים פון אמונה. באַקומענדיק אַזאַ באַפולמעכטיקונג, האָט דער טשי־לענער רעפּרעזענטאַנט פון דעם שרעקלעכן טריבונאַל זיך גענומען צו דעם ענין. קודם־כל כדי „דורכפירן דעם באַפעל פון די זייער ליכטיקע אַפּאָסטאָלישע אינק־וויזיטאָרן פון דער שטאָט פון די קעניגין", האָט ער פאַראָרדנט דעם 29סטן אַפּריל 1627 דעם פעלדמיַיסטער דאָן פראַנציסקאָ דע אַווענדאַניאָ, אַז אין באַ־גלייטונג פון כואַן מינאָיאַס, דעם פאַרטרעטער פונעם רעצעפּטאָר פון די אינק־וויזיציע־גיטער און זיַין נאָטאַריוס, זאָל ער אַרעסטירן אין דער שטאָט קאָנסעפּ־סיאָן דעם ליצענציאַט פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ. דערנאָך האָט ער איבערגענומען אויף זיך דאָס אָפּהיטן דעם אָנגעקלאָגטן אויף דער טשילענער טעריטאָריע און דאָס איבערשיקן אים אין די געהיימע תפיסות פון לימאַ.

אין דער ציַיט צווישן דער מסירה פון זיַינע שוועסטערס און זיַין אַרעסט, האָט מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, וועלכער האָט זיך געהאַט אַריבערגעצויגן קיין קאָנסעפּ־סיאָן, זיך נישט צעשיידט מיט די ביכער, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און נישט קאַרגנדיק קיין מי באַוויזן איַינצושאַפן. ער האָט זיך ווי געריכט אָדער פאָרגעפילט אַז גאָר בקרוב וועט ער שוין קענען זיך אָפּגעבן מיט לייענען זיי. דאָס לייענען האָט אים ווידער אַריַינגעטריבן אין אַ פיבער ווי אין יענעם יאָר, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל געהאַלטן אין זיַינע הענט דעם סקרוטיניוס סקריפּ־טואַרום. דאָס דאָזיקע בוך אין לאַטיַין, אַנדערע ביכער אויף ביבלישע טעמעס און טיילן פון די הייליקע שריפטן זיַינען ביַי אים סעקוועסטרירט געוואָרן דורך

דער אינקוויזיציע. זיי האָבן געהאַט דעם זעלבן גורל ווי די שפּאַנישע אויסגאַבן פון פּראַי לויס דע לעאָן, כואַן דע אָראַזקאָ און... לאָפּע דע וועגאַ: זיי זײַנען פאַרניכטעט געוואָרן דורך דער נאָכלעסיקייט פון די באַאַמטע, וואָס האָבן אויף זיי באַדאַרפט אייביק אַכטונג געבן, היות עס זײַנען נישט געווען קיין בעלנים זיי צו קויפן.

## 5. מאַלדאָנאַדאָ גיט אָפּ אַ שבועה אין דער אינקוויזיציע בהסכם מיטן יידישן דין

דעם 23סטן יולי 1627 איז אין אוידיענצן־זאַל פון דעם טריבונאַל פון דער אינקוויזיציע אין דער פּערואַנער וויצע־קעניגרײַך פאָרגעקומען דער ערשטער פּאַרהער פון דעם ווונדערלעכן ייִד, וואָס אז געבוירן געוואָרן אין קאָלאָניאַלן אַרגענטינע. שוין באַלד בײַ דער דאָזיקער געלעגנהייט האָבן זיך די אינקוויזיטאָרן געגעבן חשבון, אַז זיי האָבן פאַר זיך נישט קיין געוויינלעכן פאַל. באַלד צום אָנהייב האָט ער אַרויסגעוויזן זײַן כאַראַקטער, אָפּזאָגנדיק זיך אָפּצוגעבן די געוויינלעכע שבועה, אין הסכם מיט דעם קאַטוילישן ריטואַל און דערקלערנדיק: „אויב איך דאַרף שווערן, וועל איך שווערן פאַר דעם לעבעדיקן גאָט, וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד און דאָס איז דער גאָט פון ישראל". הגם אַזאַ דרייסטקייט האָט דערשטוינט די אינקוויזיטאָרן — וועלכע זײַנען געוווינט געווען די אָנגע־קלאָגטע זאָלן ציטערן פאַר זייערער אַ מינע — האָבן זיי מסכים געווען צו דער דאָזיקער אומדערהערטער פאָדערונג, כדי אַרויסצובאַקומען אַ פולע דערקלערונג וועגן די זינד פון אַ יודאַיזירנדיקן פון אַזאַ מדרגה.

די אינקוויזיציע־פּראָטאָקאָלן, וואָס זײַנען געוויינלעך זייער גענוי, דערמאָ־נען קוים די שבועה, וואָס מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ האָט געגעבן לויט דעם ייִדישן ריטואַל, אונטער דער הערשאַפט פון דער אינקוויזיציע אין איר אייגענעם אוי־דיענצן־זאַל. אָבער דעם פאַקט גופא לייקענען זיי נישט אָפּ, צוגעבנדיק אַז דער אָנגעקלאָגטער, „וועלכן מע האָט געפרעגט, פאַר וואָס ער וויל נישט אָפּגעבן די שבועה, וואָס עס גיבן אַלע קריסטן און דאַרפן תמיד געבן, ווען דער ריכטער באַפעלט עס, האָט געזאָגט, אַז חוץ צוליב דער סיבה, וועלכע ער האָט שוין געזאָגט, אַז ער איז אַ ייִד און היט־אָפּ דאָס געזעץ פון משה, שווערט ער נישט לויט דער שבועה, וואָס עס פלעגן געבן די קריסטן, ווײַל דאָס געזעץ פון משה באַפעלט, מע זאָל ניט שווערן צו קיין שום געטער און אַז דער גאָט, וועלכן די קריסטן פאַרהייליקן, איז יעזוס קריסטוס, וועלכן דער אָנגעקלאָגטער אָנער־קענט נישט פאַר קיין גאָט, און עס אָנערקענען אים נישט פאַר אַזעלכע די, וואָס היטן־אָפּ דאָס געזעץ פון משה, אַזוי ווי ער. און ער האָט פאַר דעם גאָט, וועלכן די ייִדן פאַרהערלעכן, געשווירן צו זאָגן דעם אמת, אַזוי ווי ער האָט צוגעזאָגט; און ער האָט אָנגעגעבן זײַן גענעאַלאָגיע אין אַ סדר; און ווען ער איז געפרעגט

געוואָרן מכוח זײַן יחוס, האָט ער געזאָגט, אַז ער איז אַ ייִד און היט־אָפּ דאָס געזעץ פון משה, ווי עס האָט אָפּגעהיטן זײַן פאָטער און זיידע, און אַז זײַן פאָטער, נאָך דעם ווי ער איז אַרויס פרײַ, באַקומענדיק אַ פאַרגעבונג פון דעם הייליקן טריבונאַל, האָט אים געזאָגט אין קאַליאַאָ בעת דער אָנגעקלאָגטער האָט געוואָלט אַוועק קיין טוקומאַן, און נאָך מיט אַ סך טעג פריִער, אַז ער איז אַ ייִד און היט־אָפּ דאָס געזעץ פון משה, און אַז דער אָנגעקלאָגטער זאָל עס אויך אָפּהיטן און זאָל עס לייענען אין דער ביבל און אין די נביאים, און אַז דערין זאָל ער זען דעם אמת; און אַז מצד זײַן פאָטער זײַנען אַלע געווען פון שטאַם און פון דעם דור פון ייִדן, און אַז זײַן פאָטער האָט אים געהאַט געזאָגט, אַז זײַן זיידע און אַלע זײַנע קרובים זײַנען געווען ייִדן און זיי זײַנען געשטאָרבן טרײַ צום געזעץ פון משה; אַז פון זײַן מאַמעס צד, דאָניאַ אַלדאָנסאַ מאַלדאָנאַדאָ, און אַלע אַנדערע קרובים אירע, איז ער אַ קריסט מקדמונים; און אַז מען האָט אים געטויפט אין סאַן מיגעל דע טוקומאַן, און דער פראַי פערנאַנדאָ דע טרעכאָ, בישאָף פון יענעם בישאָפטום, האָט אים קאָנפירמירט אין קאָרדאָבאַ און אין טוקומאַן, און דער טויפפאָטער פון זײַן קאָנפירמאַציע איז געווען באַלטאַזאַר גאַליעגאָס".

בײַ דעם צווייטן פאַרהער, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 27סטן יולי, האָט מאַלדאָנאַדאָ דערקלערט, אַז „ער האָט אָפּגעהיטן שבת לויט תורת משה, מחמת ער האַלט, אַז מע טאָר נישט אויף איר עובר זײַן, פונקט ווי אויף די אַנדערע געבאָטן אין איר". כדי צו באַקרעפטיקן זײַן שטאַנדפונקט, האָט ער רעציטירט פון זכרון אין לאַטײַן דאָס צוואַנציקסטע קאַפּיטל פון שמות:

און גאָט האָט גערעדט אַלע די דאָזיקע ווערטער, אַזוי צו זאָגן: איך בין יהוה דײַן גאָט, וואָס האָט דיך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים, פון דעם הויז פון קנעכט־שאַפט. זאָלסט נישט האָבן קיין אַנדערע געטער פאַר מײַן פּנים. זאָלסט דיר נישט מאַכן אַ געשניץ אָדער אַ וועלכן ס'איז געשטאַלט פון וואָס אין הימל אויבן, אָדער אויף דער ערד אונטן, אָדער וואָס אין וואַסער אונטער דער ערד. זאָלסט זיך נישט בוקן צו זיי, און זאָלסט זיי נישט דינען: וואָרעם איך יהוה דײַן גאָט בין אַ צאָרנ־דיקער גאָט, וואָס רעכנט זיך אָפּ פאַר די זינד פון די פאָטערס מיט די קינדער, מיטן דריטן און מיטן פערטן דור פון די וואָס האָבן מיך פײַנט, און טו חסד מיטן טויזנטסטן גליד פון די וואָס האָבן מיך ליב, און פון די וואָס היטן מײַנע געבאָט.

געדענק דעם טאָג פון שבת, אים צו האַלטן הייליק.

האַלט דעם כבוד פון דײַן פאָטער און דײַן מוטער, כדי דײַנע טעג זאָלן זיך לענגערן אויף דער ערד וואָס יהוה דײַן גאָט גיט דיר.

זאָלסט נישט זאָגן אויף דײַן חבר פאַלשע עדות.

זאָלסט נישט גלוסטן דײַן חברס הויז; זאָלסט נישט גלוסטן דײַן חברס ווײַב, אָדער זײַן קנעכט, אָדער זײַן דינסט, אָדער זײַן אָקס, אָדער זײַן אייזל, אָדער וואָס נאָר עס איז דײַן חברס.

און דאָס גאַנצע פאָלק האָט בײַגעווױנט די דונערן און די פלאַמען און דעם קול פון שופר, און דעם רויכיקן באַרג; און ווי ווײַט דאָס פאָלק האָט עס געזען, אַזוי האָבן זיי געציטערט, און זײַנען געשטאַנען פון דער ווײַטן. און זיי האָבן געזאָגט צו משהן: רייד צו אונדז און מיר וועלן הערן, און זאָל נישט ריידן צו אונדז גאָט; מיר וועלן, חלילה, שטאַרבן.

האָט משה געזאָגט צום פאָלק: איר זאָלט נישט מורא האָבן, וואָרעם כדי אײַך צו פּרוּוון איז גאָט געקומען, און כדי זײַן מורא זאָל זײַן פאַר אײַער פּנים, אַז איר זאָלט נישט זינדיקן. איז דאָס פאָלק געשטאַנען פון דער ווײַטן, און משה האָט גענענט צו דעם נעפל וואָס דאָרטן איז געווען גאָט.

און גאָט האָט געזאָגט צו משהן: אַזוי זאָלסטו זאָגן צו די קינדער פון ישראל: איר האָט געזען אַז פון הימל האָב איך גערעדט צו אײַך. איר זאָלט נישט מאַכן לעבן מיר געטער פון זילבער, און געטער פון גאָלד זאָלט איר אויך נישט מאַכן. אַ מזבח פון ערד זאָלסטו מיר מאַכן און שלאַכטן אויף אים דײַנע בראַנדאָפּפער און דײַנע פרידנאָפּפער דײַנע שאָף און דײַנע רינדער; אין יעטוועדער אָרט ווו איך וועל מאַכן דערמאָנען מײַן נאָמען, וועל איך קומען צו דיר, און וועל דיר בענטשן. און אויב אַ מזבח פון שטיינער וועסטו מיר מאַכן, זאָלסטו זיי נישט בויען געהאַקטע, וואָרעם דײַן האַקאײַזן האָסטו אויפגעהויבן דערויף, און האָסט עס פאַרשוועכט. און זאָלסט נישט אַרויפגיין מיט טרעפּ אויף מײַן מזבח, כדי דײַן נאַקעטקייט זאָל נישט אַנטפּלעקט ווערן אויף אים.

מאַלדאָנאַדאָ האָט בײַם זעלבן פאַרהער צוגעגעבן, „אַז ער האָט שטענדיק געזאָגט דעם מזמור וואָס גאָט האָט געזאָגט משהן, אין 30סטן קאַפּיטל פון דברים און וועלכער הייבט זיך אָן פאַרנעמט איר הימלען און איך וועל רעדן, און ער האָט אַלץ אויפגעשריבן מיט זײַן אייגענער האַנט און עס געזאָגט פון זכרון אויפן פאַרהער". אין דער אמתן האַנדלט עס זיך אין 32סטן קאַפּיטל פון דברים, וואָס הייבט זיך אָן אַזוי:

פאַרנעמט איר הימלען, און איך וועל רעדן,
און זאָל הערן די ערד די רייד פון מײַן מויל,
זאָל טריפן ווי רעגן מײַן לערנונג,
זאָל רינען ווי טוי מײַן וואָרט:
ווי אַ גוסרעגן אויף גראָז
און ווי שפּרײַרעגן אויף קרײַטעכץ.
וואָרעם דעם נאָמען פון יהוה וועל איך רופן;
גיט גרויסקייט צו אונדזער גאָט.
דער פעלדז — זײַן ווערק איז גאַנץ,
ווײַל אַלע זײַנע וועגן זײַנען רעכט;
אַ גאָט פון געטרײַשאַפט, און אָן אומרעכט,
גערעכט און רעכטפאַרטיק איז ער.

מאַלדאָנאַדאָ האָט אויך אין דער אָנוועזנהייט פון די אינקוויזיטאָרן אויפגע־שריבן דאָס קאַפּיטל תהילים וואָס זאָגט:

פאַר וואָס גאָט שטייסטו פון דער ווײַטן,
פאַרהוילסטו זיך אין צײַטן פון נויט?
מיט גאווה פון רשע יאָגט מען דעם אָרעמאַן;
זאָלן זיי געכאַפּט ווערן אין די פּלענער וואָס זיי האָבן אויסגעקלערט!
וואָרעם דער רשע פּראָלט אין דער תאווה פון זײַן זעל,

און דער גייציקער רימט זיך: ער שפּאָט פון גאָט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שטיי אויף יהוה, גאָט, הייב אויף דיין האַנט,
זאָלסט נישט פאַרגעסן די געדריקטע.
פאַר וואָס לעסטערט דער רשע גאָט,
זאָגט אין זיין האַרצן: דו מאָנסט נישט?
דו האָסט געזען; וואָרעם דו קוקסט צו לייד און קומער,
כדי זיי צו פאַרגלעטן מיט דיין האַנט.
אויף דיר פאַרלאָזט זיך דער אומגליקלעכער,
דעם עלנטן ביסטו געווען אַ העלפער.
צעברעך דעם אָרעם פון דעם רשע,
און ביים שלעכטן זאָלסטו זוכן זיין בייז
ביז וועסט מער נישט געפינען.
גאָט איז אַ מלך אייביק און שטענדיק,
די פעלקער גייען אונטער פון זיין לאַנד.
דאָס קרעכצן פון די פאַרליטענע האָסטו צוגעהערט גאָט;
פעסטיקסט זייער האַרץ, נייגסט צו דיין אויער;
צו טון רעכט דעם יתום און דעם געדריקטן;
אַז קיין מענטש פון דער ערד זאָל מער נישט שרעקן.

אויף דעם זעלבן פאַרהער האָט מען אין זאַל פון דער לימער אינקוויזיציע דערהערט די תפילה, וואָס אַ פרומער ייִד זאָגט יעדן טאָג: שמונה־עשרה.

די תפילה — ווי באַוווּסט — פאַרענדיקט זיך מיט אַ זייער שאַרפער קללה קעגן מוסרים, וואָס רבנים האָבן מער ווי איין מאָל געפּרוּווט צו מילדערן, הגם זיי האָבן דאָס נישט באַוויזן צו טון. שמונה־עשרה איז געווען זייער פאַרהייליקט ביי די אנוסים, וועלכע, בלייבנדיק טריי צו זייער אמונה אין די שווערסטע באַדינגונגען, זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף גרויסע סכנות, בעיקר מצד פאַררעטער און מוסרים. דעריבער האָבן זיי מיט אַ ספּעציעלער כוונה געזאָגט די ווערטער:

און צו די מוסרים זאָל קיין האָפענונג נישט זיין, און די וואָס טוען שלעכטס, זאָלן תיכף פאַרלוירן גיין, און זיי זאָלן אַלע גיך פאַרשניטן ווערן, און די באַנדיטן זאָלסטו גיך אויסרייסן און צעברעכן און פאַרניכטן און פאַרלענדן און דערנידעריקן און אונטערטעניק מאַכן במהרה בימינו.

אויף דעם דריטן פאַרהער, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 13טן סעפּטעמבער 1627, האָט ער צוגעגעבן צו דעם וואָס ער האָט פריִער מודה געווען, אַז „זיין פאָטער האָט אים געלערנט, אַז יעזוס קריסטוס, דער גאָט פון די קריסטן, האָט געפּרעדיקט כישוף, דורך וועלכן ער האָט אָפּגענאַרט טייל עמי הארצים; און ער האָט געלייענט פון אַ קליין ביכעלע, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך, ווו עס זיינען געווען פאַרצייכנט די ייִדישע ימים טובים".

דעם 15טן אָקטאָבער 1627 האָט דער פּראָקוראָר צוגעשטעלט די באַשול־דיקונג קעגן מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ. זי איז באַשטאַנען פון 55 קאַפּיטלען, 23 מער ווי אין פּראָצעס פון טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע, וועלכער האָט אין גאַנצן געלייקנט. אין אָט דעם פּאַקט שטעקט דער מהות פון דער אינקוויזיציע, וועלכע איז געווען איבערצײַגט אין איר רעכט און האָט געהאַלטן פאַר איר חוב אויסצו־ראָטן אַלע די, וואָס האָבן זיך נישט נוהג געווען אין הסכם מיט אירע שטאַנד־פּונקטן, אַלץ איינס צי זיי האָבן זיך מודה געווען אין זייערע פאַרברעכנס אָדער נישט. בײַם אינקוויזיציע־טריבונאַל, צום אונטערשייד פון אַנדערע טריבונאַלן פון יענער תקופה, האָט דאָס אָפּענע מודה זײַן זיך קיינעם נישט אָפּגעראַטעוועט און בײַ קיינעם נישט געמילדערט די שולד. דאַקעגן אויב אַן אָנגעקלאָגטער, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן צום ערשטן מאָל — אַזוי איז געווען מאַלדאָנאַדאָס פאַל — האָט אויסגעדריקט חרטה אויף זײַנע פאַרברעכנס און צוגעזאָגט מער זיי נישט צו באַגיין, איז ער אַלס באַזונדערן חסד צו אים — וועלכער איז שוין נישט איבערגעחזרט געוואָרן אַ צווייט מאָל — „איבערגעבעטן געוואָרן", לויט דעם אויסדרוק פון די אינקוויזיטאָרן, מיט דער קירכע־געמיינשאַפט. דאָס דאָזיקע פאַרשטעלטע לשון האָט באַטײַט אַ לאַנגע תפיסה־שטראָף, וועלכע איז געווײנלעך געווען באַגלייט מיט דעם שרעקלעכן פּסק צו באַנוצן די דערנידערנדיקע הלבשה, דעם סאַנבעניט, וואָס איז שטרענג אָפּגעהיטן געוואָרן אין די קירכעס פון די באַטרעפנדיקע ישובים און האָט אַרויפגעלייגט אַ שאַנדפלעק אויף די אָפּ־שטאַמיקע פון דעם אינקוויזיציע־קרבן. די אינקוויזיטאָרן זײַנען געווען גענייגט צוצוטיילן דעם דערמאָנטן חסד צו מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, אָבער ער האָט אים אַנטשיידן אָפּגעוואָרפן. און נישט נאָר דאָס אַליין, נאָכן לייענען די באַשולדיקונג, האָט ער ווידער נישט געוואָלט שווערן בײַם קרייץ, „נאָר פאַר דעם גאָט פון ישראל און פאַר אים, האָט ער דערקלערט, וועט ער זאָגן דעם אמת; און ווידער לייענענדיק פאַר אים יעדעס קאַפּיטל, האָט ער אַלע אָנערקענט, און ער האָט מוסיף געווען עטלעכע תפילות, וואָס ער האָט געהאַט פאַרפאַסט אין תפיסה, אין לאַטײַנישן פּערז, און אַ שיר לכבוד זײַן תורה; און ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט געפאַסט אין דער דערמאָנטער תפיסה יעדן טאָג, חוץ שבת, און אַז גאָר באַזונדערס האָט ער געפאַסט דעם תענית פון תשובה, וואָס פאַלט אויס צען טעג אין סעפּטעמבער, פיר טעג בעת וועלכע ער האָט נישט געגעסן און נישט געטרונקען, און אַז הגם לויט דעם געבאָט פון זײַן תורה איז דער תענית נישט געווען מער ווי איין טאָג, האָט דער אָנגעקלאָגטער, מחמת פרומקייט און כדי גאָט זאָל אים מוחל זײַן די עבירות, געפאַסט פיר טעג און ער האָט אָפּגעהיטן אַלע צערעמאָניעס פון דער דערמאָנטער תורה. מע האָט אים געגעבן אַן אָפּשריפט פון דער באַשולדיקונג, און מע האָט באַשטימט אַלס פאַרטיידיקער איינעם פון די אַדוואָקאַטן בײַ דער דאָזיקער אינקוויזיציע".

פאַר אַ טאָלעראַנטן מענטשן איז ווייטיקלעך צו קאָנסטאַטירן, אַז אַזאַ וווּנדער־לעכע פּערזענלעכקייט ווי מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, פּונקט אַזוי ווי טרעביניאָ דע

סאַברעמאַנטע האָט נישט געפונען קיין פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע אין די הערצער פון זײַנע ריכטערס. גײַסטלעכע פון אַ הויכן ראַנג, דאָס הייסט געביל־דעטע און ציוויליזירטע מענטשן. דער פאַנאַטיזם פון יענער תּקופה (בלויז פון יענער?) האָט נישט דערלאָזט קיין אײַנזעעניש צום לעגיטימסטן שטאַנדפּונקט און צום טיפסטן געפיל פון זײַנע קעגנערס. עס איז אָבער נישט מעגלעך צו לייקענען, אַז אויך דער פאַנאַטיזם, רעפּרעזענטירט דורך דער אינקוויזיציע, האָט אַנטשפּראָכן אַ טיפע איבערצײַגונג. די אינקוויזיציע האָט באמת געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען אין דער רעליגיעזער ספערע, אַפילו ווען זיי האָבן געפירט צו אַ שרעקלעכער און אָפּשטויסנדיקער היפּאָקרעזיע — כדי צו קענען אַרויפצווינגען איר שטאַנדפּונקט אין אמונה־זאַכן. אין דעם אויסנאַמלעכן פאַל פון מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ זײַנען די דאָזיקע אָנשטרענגונגען געווען אומזיסט, נישט געקוקט דערויף, וואָס עס זײַנען פאָרגעקומען פּופּצן טעאָלאָגיש־מיסטישע וויכּוחים צווישן דעם אָנגעקלאָגטן און די קוואַליפיצירטע פון דער לימער אינקוויזיציע, דאָס הייסט גײַסטלעכע מיט אַ ספּעציעלער טעאָלאָגישער צוגרייטונג, בנוגע דעם טער־מין פון משיחס קומען און וועגן דעם משיחישן כאַראַקטער, דעם אמתן אָדער דעם כלומרשטן, פון יעזוס קריסטוס. מע קען אויך זען אַ מוסטער פון טיפּישער היפּאָקרעזיע פון דער אינקוויזיציע אין דעם פאַקט, וואָס די דאָזיקע וויכּוחים זײַנען געפירט געוואָרן אויך נאָך מאַלדאָנאַדאָס פאַראורטיילונג, פון וועלכער ער האָט נישט געוווּסט, און די איינציקע מילדערונג וואָס ער האָט געקענט באַקומען — אין פאַל ער זאָל אָננעמען דעם קריטעריום פון זײַנע קעגנער — איז באַ־שטאַנען אין דעם, ער זאָל דערשטיקט ווערן אָנשטאָט פאַרברענט צו ווערן לעבעדיקערהייט, כלומרשט לויטן באַפעל פון דער ציווילער מאַכט, וואָס האָט אויך אין דאָזיקן פאַל אויסגעפירט דעם ווילן פון דער אינקוויזיציע.

## 6. די טעאָלאָגישע וויכּוחים צווישן מאַלדאָנאַדאָ און די קוואַליפיצירערס

די וויכּוחים צווישן מאַלדאָנאַדאָ און די „געלערנטע" פון דער אינקוויזיציע האָבן געהאַט ווי אַן אויסגאַנג־פּונקט דאָס נײַנטע קאַפּיטל פון דניאל:

און ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, און האָט מיט מיר גערעדט, און האָט געזאָגט: דניאל, איך בין אַ צוגג אַרויסגעקומען דיר צו קליגן אין פאַרשטאַנדיקייט. בײַם אָנהייב פון דײַן בקשה איז אַרויס אַ וואָרט, און איך בין געקומען עס צו זאָגן, וואָרעם דו ביסט באַליבט; דאַרום באַטראַכט דאָס וואָרט, און פאַרשטיי די זעונג. זיבעציק [יאָר] וואָכן זײַנען נגזר געוואָרן אויף דײַן פאָלק און אויף דײַן הייליקער שטאָט, כדי צו פאַרלענדן דעם פאַרברעך, און פאַרטיליקן דעם חטא, און מכפּר זײַן אויף די זינד און ברענגען אייביקע גערעכטיקייט, און באַזיגלען די זעונג און די נביאות, און זאַלבן די קדשי־קדשים. און זאָלסט וויסן און פאַרשטיין, אַז פון דעם אַרויסגאַנג פון דעם וואָרט, ווידער אויפצובויען ירושלים, ביז דעם געזאַלבטן פירשט, זײַנען זיבן וואָכן, און צוויי און זעכציק וואָכן וועט זי ווידער

זײַן אויפֿגעבויט, מיט מערק און גראָבנס, אָבער אין געדריקטע צײַטן. און נאָך די צוויי און זעכציק וואָכן, וועט פֿאַרשניטן ווערן אַ געזאַלבטער און פֿון אים וועט נישט בלײַבן: און די שטאָט און דאָס הייליקטום וועט צעשטערן דאָס פֿאָלק פֿון אַ פֿירשט וואָס וועט קומען; און זײַן סוף וועט זײַן מיט פֿלייצונגען; און ביז צום סוף פֿון דער מלחמה זײַנען גגזר געוואָרן פֿאַרוויסטונגען. און ער וועט מאַכן אַ שטאַרקן בונד מיט פֿיל פֿאַר איין וואָך; און אַ האַלבע וואָך וועט ער פֿאַרשטערן שלאַכטאָפּפֿער און שפּײַזאָפּפֿער; און אויף דעם פֿליגל פֿון אומווערדיקייטן וועט קומען דער פֿאַרוויסטער, אַזש ביז אַ פֿאַרלענדונג און אַ גזר וועט אויסגעגאָסן ווערן אויף דעם פֿאַרוויסטער.

כדי צו ענטפֿערן אויף די אַרגומענטן פֿון די „געלערנטע", האָט מאַלדאָנאַדאָ געבעטן אַ ביבל, וועלכע איז אים געוואָרן צוגעשטעלט. פּונקט ווי בײַ זײַן וויכוח מיט די מיטגלידער פֿון דער אינקוויזיציע, האָט אים בלויז אינטערעסירט דער אמת, אַזוי ווי ער האָט אים באַנומען, און נישט די קאָנסעקווענצן, וואָס עס האָט פֿאַר אים געקענט האָבן דער שטאַנדפּונקט, בײַ וועלכן ער האָט זיך געהאַלטן. ער האָט געזאָגט אַז פֿון דניאלן גופא איז געדרונגען אַז די צײַט פֿון משיחס קומען איז געווען פֿאַרהוילן — אויך פֿאַר דעם נביא — ביז דער צײַט „פֿון דערפֿילונג". ער האָט פֿאַר דעם דאָזיקן צוועק ציטירט אין גאַנצן דאָס קאַפּיטל י"ב פֿון דניאל:

און אין יענער צײַט וועט אויפֿשטיין מיכאל, דער גרויסער שר, וואָס שטייט פֿאַר די קינדער פֿון דײַן פֿאָלק, און עס וועט זײַן אַ צײַט פֿון נויט וואָס איז נישט געווען פֿון זינט עס איז דאָ אַן אומה ביז יענער צײַט. און אין יענער צײַט וועט דײַן פֿאָלק ניצול ווערן, איטלעכער וואָס איז פֿאַרשריבן אין דעם בוך. און פֿיל פֿון די וואָס שלאָפֿן אין דעם שטויב פֿון דער ערד, וועלן זיך אויפֿכאַפּן, טייל צו אייביקן לעבן, און טייל צו שאַנדן, צו אייביקן עקל. און די פֿאַרשטאַנדיקע וועלן גלאַנצן אַזוי ווי דער גלאַנץ פֿון הימל, און די וואָס האָבן געבראַכט פֿיל צו גערעכטיקייט, אַזוי ווי די שטערן אויף אייביק און שטענדיק.

און דו, דניאל, באַהאַלט די ווערטער, און פֿאַרחתמע דאָס בוך ביז דער צײַט פֿון קץ; פֿיל וועלן אַרומוואַנדערן הין און הער, און די קנעכטשאַפֿט וועט זיך מערן.

און איך, דניאל, האָב געזען, ערשט צוויי אַנדערע זײַנען געשטאַנען, איינער בײַם ברעג טײַך פֿון דער זײַט, און איינער בײַם ברעג טײַך פֿון יענער זײַט. און איינער האָט געזאָגט צו דעם מאַן אָנגעקליידט אין לײַנען, וואָס איז געווען איבער די וואַסערן פֿון טײַך: ווי לאַנג ביז דעם וווּנדערלעכן קץ? און איך האָב געהערט דעם מאַן אָנגעקליידט אין לײַנען, וואָס איבער די וואַסערן פֿון טײַך, ווי ער האָט אויפֿגעהויבן זײַן רעכטע האַנט און זײַן לינקע צום הימל, און האָט געשוווירן בײַ דעם וואָס לעבט אייביק, אַז דאָס איז ביז אַ צײַט, צײַטן, און אַ האַלב; און ווען מע ענדיקט צעפּיצלען די מאַכט פֿון דעם הייליקן פֿאָלק, וועט זיך ענדיקן דאָס אַלץ.

און איך האָב געהערט, אָבער איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען; האָב איך געזאָגט: מײַן האַר, וואָס וועט זײַן דער סוף פֿון דעם? האָט ער געזאָגט: גיי, דניאל, וואָרעם באַהאַלטן און פֿאַרחתמעט זײַנען די ווערטער ביז דער צײַט פֿון קץ. פֿיל וועלן געקלערט און געריינִיקט און געלײַטערט ווערן, אָבער די שלעכטע וועלן טאָן שלעכטס, און אַלע שלעכטע וועלן נישט פֿאַרשטיין; אָבער די פֿאַרשטאַנדיקע וועלן פֿאַרשטיין. און פֿון דער צײַט וואָס דער שטענדיקער קרבן וועט אָפּגעטאָן ווערן, און מע וועט אויפֿשטעלן די אומווערדיקייט וואָס צעגרוילט, וועט זײַן טויזנט צוויי הונדערט און נײַנציק טעג. וווויל צו דעם וואָס האַרט און וועט דערגרייכן ביז טויזנט דרײַ הונ־

דערט און פינף און דרײַסיק טעג. און דו גיי ביז צום קץ; און וועסט קומען צו דײַן רו, און וועסט אויפשטיין צו דײַן גורל אין סוף פון די טעג.

די קוואַליפיצירערס האָבן אויסגעטײַטשט אויף אַן אַנדערן אופן ווי מאַלדאָ־נאַדאָ דעם סילוואַ דעם 9טן פסוק פון קאַפּ׳ 12 פון דניאל און אונטערגעשטראָכן דעם מיסטישן זין פון די פסוקים עלף און צוועלף, וועלכע האָבן זיך, לויט זיי, באַצויגן צו דער צײַט פון יעזוס קריסטוסעס קומען. אָבער זייער אָפּאָנענט האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט זייערע אַרגומענטן. כדי אים בכן דעפיניטיוו צו איבער־צײַגן אין דער גערעכטיקייט פון די קריסטלעכע אַרגומענטן, האָבן זיי אים פאַר־שאַפט דאָס באַרימטע ווערק פון פראַי אַלאָנסאָ מאַלדאָנאַדאָ די אוניווערסאַלע כראָ־ניק פון אַלע פעלקער און צײַטן. אָבער אויך דאָס דאָזיקע ווערק האָט אים נישט איבערצײַגט, אַז יעזוס קריסטוס איז נתגלה געוואָרן פאַר דער וועלט אין דעם טערמין וואָס איז אָנגעוויזן דורך די קריסטלעכע שריפטן. פאַרקערט, ער האָט געהאַט דעם מוט צו באַהויפּטן, אַז די כראָניק איז פּונקט אַזוי טעותדיק ווי די אַרגומענטן פון די „געלערנטע״. די לעצטע — באַהערשנדיק דעם צאָרן, וואָס אַזעלכע ווערטער האָבן בײַ זיי אַרויסגערופן — זיינען אויף ווײַטער פאַר־בליבן מיט נאָך מער עקשנות און פעסטקייט, ווי בײַ אַנדערע געלעגנהייטן, בײַ די אויסרעכענונגען פון פראַי אַלאָנסאָ מאַלדאָנאַדאָ. לויט די קוואַליפיצירערס איז געווען אומצווייפלהאַפט:

אַז זינט בריאת העולם ביז נח איז אַרײַן אין דער תיבה, זײַנען פאַרגאַנגען 1656 יאָר און פון דער דאָזיקער צײַט ביז אַברהמס קומען קיין מצרים 366 יאָר מיט 5 חדשים. פון אַברהמס אַרײַנקומען קיין מצרים ביז משהס אַרויסגיין פון דאָרט — 430 יאָר. פון משהס אַרויסגיין פון מצרים ביז צום אויפשטעלן דאָס בית־המקדש — 479 יאָר מיט אַ חודש. פון אויפשטעלן דאָס בית־המקדש ביז צום משכן, וואָס יהויקים האָט אויפגעשטעלט — 411 יאָר אָן אַ חודש. פון דעמאָלט פאַרגייען די זיבע־ציק יאָר פון גלות און עס קומט פאַר די שרפה אַ יאָר נאָך דער 46סטער אָלימפּיאַדע.

פון דער צײַט אָן ביז דעם געבורט פון קריסטוס איז 452 יאָר און 9 חדשים. סומירנדיק דאָס אַלץ, קומט אויס 3.955 יאָר און 2 חדשים. דער דאָזיקער חשבון צעפאַלט זיך אויף 2 טיילן: איין טייל פון בריאת העולם ביז פרילינג פון ערשטן יאָר פון דער 59סטער אָלימפּיאַדע, ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט דער גלות בבל און די מאָנאַרכיע פון די כשדים און באַטרעפט 3.412 יאָר מיט 5 חדשים, און דאָס דאָזיקע איז געדרונגען פון דער הייליקער שריפט; דער אַנדערער טייל איז זינט דעמאָלט ביז קריסטוסעס געבורט, וואָס באַטרעפט 452 יאָר מיט 9 חדשים און ווערט אַראָפּגענומען לויטן חשבון פון די אָלימפּיאַדעס, פון דעם פרילינג פון ערשטן יאָר פון דער 59סטער אָלימפּיאַדע ביז ווינטער פון יאָר 4 פון דער 194סטער אָלימפּיאַדע.

נישט געקוקט אויף דער מאַטעמאַטישער גענויקייט פון דאָזיקן חשבון בנוגע אַ רעליגיעז פּראָבלעם און אומגעהייערער באַטײַטונג פאַר דער מענטשהייט, האָט דער פאַרעקשנטער ייִד געהאַט די דרייסטקייט עס אָפּצוואַרפן. דער וויכוח איז דעריבער איבערגעריסן געוואָרן אויף אַ צײַט. ער איז באַנײַט געוואָרן אויף מאַלדאָנאַדאָס בקשה, כדי צו דעבאַטירן דעם צווייפל בנוגע יעזוס קריסטוס,

וועלכן זײַנע אָפּאָנענטן האָבן געהאַלטן פאַרן פאָרויסגעזאָגטן אין די זיבעציק „העבדאָמאַדאָס" (וואָכן) פון דניאל, ער ווידער האָט געהאַלטן, אַז זיי באַציִען זיך צום מלך המשיח זרובבל, וועלכער ווערט דערמאָנט סײַ דורך עזראַן, סײַ דורך מתתיהון. אָבער אויך אין דעם דאָזיקן פּרט, נאָך אַ הייסער און לאַנגער דיסקוסיע, זײַנען ביידע שטרײַטנדיקע צדדים פאַרבליבן פאַרעקשנט בײַ זייערע שטאַנדפּונקטן און יעדן איינעם האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט געזיגט אין דעם טעאָלאָגישן געפעכט. און פּאַקטיש, היות ביידע צדדים האָבן זיך געפונען — צוליב מאַלדאָנאַדאָס גרייטקייט זיך מקריב צו זײַן — אין גלײַכע באַדינגונגען, איז נישט מעגלעך געווען, אַז אַרגומענטן פון ראַציאָנעלן כאַראַקטער זאָלן זיך לאָזן באַזיגן אין אַ וויכוח אויף אַ רעליגיעזן באָדן. דאָך, דער אויסטערלישער וויכוח אין די געהיימע תפיסות פון דער אינקוויזיציע אין לימאַ האָט זיך נישט פאַרענדיקט דאָרט.

בײַ דעם פאַרהער, דעם 4טן מאַרץ 1634, נאָך דעם ווי דער אָנגעקלאָגטער האָט דורכגעמאַכט אַ לאַנגע קראַנקייט, דורך וועלכער ער האָט שוין געהאַלטן בײַם שטאַרבן, מחמת אַ תענית פון אַכצן טעג, בעת וועלכן ער האָט ס'רוב אין גאַנצן נישט געגעסן, און ווען יאָ, איז דאָס עסן געווען אַ מאַיִס־ברײַ פון מעל מיט וואַסער, וואָס דורך דעם איז ער אָפּגעשוואַכט געוואָרן אויף אַזוי ווײַט, אַז ער האָט זיך נישט געקענט איבערקערן אין בעט, און עס איז פון אים געבליבן בלויז ביינער און הויט און דאָס נאָך אַ זייער צעוווּנדיקטער; און נאָך דעם ווי ער איז נאָך אַ לאַנגער צײַט צו זיך געקומען, האָט ער דרינגלעך געפאָדערט מע זאָל ברענגען די קוואַלי־פיצירערס, כדי זיי זאָלן אים אויפקלערן די קאַפּיטלעך פון דער ביבל און די ספקות וואָס ער האָט אָנגעצייכנט אין די העפטן, וואָס ער האָט געגעבן אין אַ גרויסער צאָל; און נאָך דעם ווי מע האָט גערופן די דערמאָנטע קוואַליפיצירערס דעם 26סטן יוני פון דערמאָנטן יאָר און זיי האָבן אָפּגעהאַלטן מיט דעם אָנגע־קלאָגטן דעם 12טן וויכוח, וועלכער האָט געדויערט דרײַ שעה, איז ער געבליבן בײַ דער פריִערדיקער עקשנות.

נאָך דעם אויבן דערמאָנטן האָט דער אָנגעקלאָגטער צונויפגעזאַמלט אַ גרויסע צאָל בלעטער פון מאַיִס־שטענגלעך, וואָס ער האָט געבעטן מע זאָל אים געבן אָנ־שטאָט דער ברויט־פּאָרציע, און ער האָט פון זיי געמאַכט אַ שטריק, מיט דער הילף פון וועלכער ער איז אַרויס פון דעם פענצטער, וואָס האָט זיך געפונען נאָענט צום דאַך פון זײַן תפיסה־קאַמער, און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו די שכנישע תפיסה־קאַמערן, וואָס געפינען זיך אין גבול פון דעם ערשטן מויער און ער איז אַרײַן אין צוויי פון זיי און איבערגערעדט די וואָס זײַנען דאָרט געפאַנגען, אַז זיי זאָלן נאָכ־פאָלגן זײַן תורה, און נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אײַנפאַרשטאַנען, איז באַקומען געוואָרן אינפאָרמאַציע וועגן דעם פאַל, און עס האָבן אָפּגעגעבן וועגן דעם אַ דער־קלערונג פיר עדות, תפיסהניקעס, וואָס האָבן זיך געפונען צו צוויי אין אַ קאַמער און דער אָנגעקלאָגטער איז גענומען געוואָרן אויף אַ פאַרהער, און ער האָט דאָס מודה געווען אויפן אָרט, און [ער האָט געזאָגט] אַז דער אייפער צו זײַן תורה האָט אים דערצו באַוויגן, און ער האָט געזאָגט, אַז צוויי פון די דערמאָנטע תפיסהניקעס האָט ער אָנגערעדט זיי זאָלן נאָכפאָלגן זײַן לערע און ער האָט זיי געגעבן בריוו, כדי ווען זיי וועלן אַרויס פון דער אינקוויזיציע, זאָלן זיי זיי אַוועקטראָגן צו דער סינאַגאָגע אין רוים, און דאָרט וועט מען זיי דורך זיי טאָן אַ סך גוטס.

נאָך דער דאָזיקער העראָישער טאַט פון מאַלדאָנאַדאָן פאַר זײַן אמונה, האָבן אויף אַ לאַנגער צײַט אויפגעהערט טעאָלאָגישע וויכוחים אין די געהיימע תפיסה־קאַמערן פון דער לימער אינקוויזיציע. זיי זײַנען ווידער באַנײַט געוואָרן אין נאָוועמבער 1638, בעת דער טראַגישער סוף פון דעם אומגעוויינלעכן פאַרמשפּטן איז שוין געווען נאָענט און די אינקוויזיציע איז געשטאַנען פאַר דער ריזיקע, אַז ער קען שטאַרבן אָן תשובה מחמת זײַן ייִדישער עקשנות.

צוליב דעם וואָס די צײַט האָט געדרענגט, ווײַל די צאָל געפאַנגענע פאַר דעם אויטאָ דע פע איז געווען גרויס, זײַנען די צוויי לעצטע וויכוחים דורכגעפירט געוואָרן איינער נאָכן אַנדערן. בײַ דעם פערצנטן, וואָס האָט געדויערט דרײַ מיט אַ האַלבער שעה, איז ער געבליבן האַרטנעקיקער, וואָרעם אויפהייבנדיק זיך פון בענקל, האָט ער אַרויסגענומען פון קעשענע צוויי ביכער, געשריבן מיט זײַן האַנט אין קוואַרטאָ, און בלעטער פון אַ סך שטיקלעך פּאַפּיר, וועלכע ער האָט צונויפבאַהעפט. מע האָט נישט געוווסט פון וואַנען ער האָט זיי גענומען און צוזאַמענגעקלעפּט מיט אַזאַ געשיקטקייט און אַזוי פײַן, אַז זיי האָבן אויסגעזען ווי גאַנצע בלעטער, און ער האָט אויף זיי געשריבן מיט טינט, וואָס ער האָט געמאַכט פון קוילן, און איין בוך האָט געהאַלטן הונדערט מיט דרײַ בלעטער און דאָס אַנדערע העכער הונדערט, געחתמעט מיט אַ חתימה, וואָס האָט זיך געלייענט: „עלי דער ייִד, אומווירדיק פאַר גאָט פון ישראל, לויטן אַנדערן נאָמען סילוואַ". דער 15טער וויכוח האָט זיך געענדיקט שאַרף און מיט טיפן צאָרן מצד די קוואַליפיצירערס, ווײַל מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ האָט דערקלערט, אַז אַלע אַרגומענטן מכוח דעם משיחישן כאַראַקטער פון יעזוס קריסטוס און אַלע אויסרעכענונגען וואָס באַשטעטיקן עס, האָבן נישט קיין שום ווערט, בעת עס ווערט נישט דערפילט דער הויפּטצוועק פון דעם מענטשנזונס קומען: דער ווידער־אויפבוי פון בית־המקדש אין ירושלים, דאָס פאַרשווינדן פון דער רשעות אין דער וועלט און די גאולה פון ייִדישן פאָלק.

## 7. דער העלדישער טויט פון ד״ר מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ אָדער עלי דער ייִד

צוועלף יאָר איז פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ אָפּגעלעגן אין די תפיסה־קעלערן פון דער אינקוויזיציע. שרעקלעך, אוממענטשלעך זײַנען געווען זײַנע פיזישע לײַדן, אָבער קיין שום זאַך האָט נישט געקענט ברעכן זײַן נשמה, וואָס איז געווען איבערגעגעבן בלויז איין זאַך: דער ייִדישער אמונה. ווען עס איז לסוף, דעם 29סטן יאַנואַר 1639, פאָרגעקומען דער אויטאָ דע פע און מע האָט פאַר אים געמונען לייענען זײַן פּסק־דין, איז זײַן אויסזען געווען זייער טרויעריק, און אַ גאָר באַזונדערן שטריך האָבן צוגעגעבן זײַנע ביכער, וואָס ער האָט געשריבן אין תפיסה אין פאַרטיידיקונג פון זײַנע רעליגיעזע איבערצײַ־

גונגען, און וועלכע ער האָט לויט אַ באַפעל פון דער אינקוויזיציע געטראָגן צוגעבונדן צום האַלדז, כדי די פלאַמען זאָלן זיי פאַרשלינגען צוזאַמען מיט זײַן אויסגעמאַטערטן גוף. זײַן געמיט אין יענעם אויסערגעוויינלעכן מאָמענט פון זײַן לעבן ווערט דורך איינעם פון די אָנוועזנדיקע עדות בײַ דער געשעעניש איבערגעגעבן אין אַ דאָקומענט מיט פאָלגנדיקע אויסדריקן:

און עס איז כדאי זיך אָפּצושטעלן דערויף, אַז ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט דאָס לייענען די אַקטן פון די איבערגעענטפערטע צו דער ציווילער מאַכט, האָט זיך אויפגעהויבן אַזאַ שטאַרקער ווינט, וואָס לויט עס זאָגן די אַלטע תושבים פון דער דאָזיקער שטאָט, איז שוין לאַנגע יאָרן אַזעלכער נישט געווען. ער האָט אַראָפּגעריסן מיט דער גאַנצער קראַפט די פלאַנדעקע וואָס האָט באַשאָטנט די עסטראַדע אויף דעם זעלביקן פּלאַץ און אָרט, ווו עס האָט זיך געפונען דער פאַרמשפּטער, וועלכער האָט קוקנדיק צום הימל געזאָגט: דאָס האָט אַזוי גוזר געווען דער גאָט פון ישראל, כדי מיך צו זען פנים לפנים פונעם הימל.

נאָכן פאַרענדיקן לייענען דעם פּסק־דין דרײַ נאָכמיטיק, האָבן די אינקוויזיטאָרן איבערגעענטפערט מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ צו דער ציווילער מאַכט. דער דאָזיקער בלוטיקער שפּאַס האָט זיך אָפּגעשפּילט בײַ די טירן פון „קלויסטער פאַר שוצלאָזע", ווו עס האָבן געוואַרט די זקני העיר, וועלכע האָבן באַדאַרפט אויספירן די ראָלע, וועלכע איז פאַר זיי געווען באַשטימט פון פאָרויס. פאַרשטייט זיך אַז אויך דאָס מאָל האָט די אינקוויזיציע נישט דורכגעלאָזט צו געבן אַ מוסטער פון איר גרויזאַמער היפּאָקרעזיע: זי האָט געבעטן, אַז דער פאַרברעכער זאָל באַהאַנדלט ווערן מיט „חסד און רחמים". אָבער אין הסכם מיט דער אמתער כוונה פון דער אינקוויזיציע האָבן די זקני־העיר באַלד פאַראָרדנט, אַז מע זאָל אים איבערגעבן צו די פלאַמען.

בעת דעם טראַגישן מאַרש פון הויפּט־פּלאַץ, ווו עס איז פאָרגעקומען דער אויטאָ דע פע, דורך דער פּאַלאַץ־גאַס, דורך דער בריק וואָס קרייצט דורך דעם טײַך רימאַק און די גאַס סאַן לאַסאַראָ, ביזן אָרט מיטן נאָמען פּעדרעגאַל, ווו ס'איז געווען צוגעגרייט דער קעמאַדעראָ[1] האָבן גלחים, באַקאַנטע מיט זייער כוח הדיבור, באַגלייט מאַלדאָנאַדאָן און פאַר אים געפּרעדיקט די שיינקייט פון קריסטנטום, כדי צו דערפילן די בקשות, מיט וועלכע די אינקוויזיציע האָט היפּאָקריטיש זיך געווענדט צו דער שטאָט־מאַכט. היות מאַלדאָנאַדאָ האָט נישט גענומען אין אַכט די רחמנות־פּראָפּאַגאַנדע, איז אים נישט צוגעטיילט געוואָרן דער אינקוויזיטאָרישער „חסד". זײַן גוף און זײַנע ביכער זײַנען פאַרשלונגען געוואָרן דורך די פלאַמען און זײַן אַש איז צעשפּרייט געוואָרן אויף אַלע פיר זײַטן, כדי עס זאָל נישט בלײַבן קיין זכר פון אַזאַ הערעטיקער און פון אַזעלכע מיני ביכער.

[1] דאָס פאַרברענפּלאַץ.

די ידיעה וועגן דעם מאָנסטעריעזן לימער אינקוויזיציע־פּראָצעס פון 1639, אין וועלכן מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ איז פאַרמשפּט געוואָרן, איז דערגאַנגען קיין אייראָפּע, נישט געקוקט אויף דער כלומרשט הערמעטישער פאַרשלאָסנקייט פון די שפּאַנישע קאָלאָניעס פאַר דער אויסערלעכער וועלט. דער איינדרוק, וואָס דער פּראָצעס האָט אַרויסגערופן אין די ייִדישע קהילות, איז זיך גרינג פאָר־צושטעלן. אָבער באַזונדערס באַטריבט האָבן זיך געפילט די קהילות פון שפּאַניש־פּאָרטוגעזישן אָפּשטאַם, וועלכע זיינען געווען אַזוי ענג פאַרבונדן מיט די קרבנות פון דער אינקוויזיציע. אָבער גאָר גיך האָבן די דאָזיקע קהילות געהאַט נאָך אַ מאָטיוו פאַר אַ טיפן צער: דער מאָנסטעריעזער מעקסיקאַנער אינקוויזיציע־פּראָצעס פון 1649, אין וועלכן עס איז פאַרמשפּט געוואָרן טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָבּרע־מאָנטע. צוליב דער קורצער צייַט אין וועלכער ביידע פּראָצעסן זיינען פאָר־געקומען און מחמת דעם מאַנגל אין גענויע ידיעות, האָבן זיך ביידע טראַגישע געשעענישן צונויפגעמישט אין די מוחות פון דעם פּשוטן פאָלק און פון די פּאָעטן. דערפון נעמט זיך וואָס דער ייִדישער פּאָעט פון אַמסטערדאַם מיגעל דע באַריאָס, אַליין אַ מאַראַן, וואָס איז אַנטלאָפן פון די אינקוויזיציע־נעגל, באַווייַנענדיק אין אַ שיר דעם טויט פון דעם פּערואַנישן מאַרטירער מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, פאַרמישט אים מיט דעם מעקסיקאַנישן טרעביניאָ דע סאָבּרעמאָנטע.

הגם באַריאָסעס פּעדער איז נישט בכוח אויסצודריקן די געפילן, וואָס האָבן באַטריבט די ייִדישע הערצער, וועלן מיר ציטירן די פּערזן וועלכע ער האָט אָנגעשריבן אין דער דריטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט, ווייַל זיי זיינען די איינציקע פּאָעטישע אָפּשפּיגלונג פון מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַס טויט, כאָטש עס רעדט זיך אין זיי — ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן — וועגן אַן אַנדערן מאַרטירער פון דער ייִדישער אמונה:

פּערצן יאָר אין שווערער תפיסה,
ווייַל גאָטס ריינעם אמת ער פאַרטיידיקט,
עס שלעפּט טרעביניאָ שווערע קייטן,
ווייַל די תורה הייליקע איז זיין באַשערטע.
ווי אַ צווייטער איוב, אַ פאַלשע חוה טראָגט איבער
מיט גרויס עקשנות די צרות האַרבע,
ווייַל דאָס ליכט וואָס שנעל צום הימל פירט אים
אויף שליאַכן פינצטערע איז אים אַ ווייזער.
נישט עס שרעקט אים דאָס פייַער וווּהין מען שלייַדערט
דאָס געהילץ, וואָס יצחק טראָגט מיט אייפער
צו פאָלגן די תורה קדושה פון גרויסן פאָטער.
ווי אליהו פון די אינדיעס ער גרייכט צום הימל
אויף דעם וואָגן וואָס גיריק פירט אים
און לאָזט איבער בלויז זיין שטויב אויף דעם באָדן.

אויך אַן אַנדערער שרײַבער פון מאַראַנישן אָפּשטאַם און אַן אַנטרונענער פון דער אינקוויזיציע, דער באַרימטער ד״ר יצחק קאַרדאָסאָ רעדט אין זײַן ווערק Las Excelencias de los Hebreos וואָס איז דערשינען אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1679, מיט גרויס באַוווּנדערונג וועגן קדוש מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ. ער באַטראַכט אים — זײַן אינפאָרמאַציע איז אַ ריכטיקע — ווי אַ גרויסן מטיף פון דער יידישער אמונה.

# מאַנועל באַטיסטאַ פּערעז, אַ מאַראַנער־רב פון 17טן יאָרהונדערט

(1639 — 1593)

סײַ די פּערואַנער אינקוויזיציע, סײַ די מעקסיקאַנער, האָט גערופן איר גרעסטן אויפטו אויפן געביט פון אַנטדעקן געהיימע ייִדן גרויסע פאַרשווערונג (Complicidad grande). מיט באַדויערן מוז אָנגעוויזן ווערן, אַז די אינקוויזיטאָרן האָבן אין ביידע פאַלן געקאָנט דורכפירן זייער שוידערלעכע אַרבעט אַ דאַנק דער אומפאַרזיכטיקייט פון אייניקע מאַראַנען. אין פּערואַנער פאַל האָט דער מאַראַן וואָס האָט צוליב זײַן פּלאַפּלערײַ גורם געווען די גרעסטע קאַטאַסטראָפע אין דער געשיכטע פון די געהיימע ייִדן אין פּערואַנער וויצע־קעניגטום, און אויך אַרויסגעגעבן זייער רב, געהייסן אַנטאָניאָ קאַרדעראַ. קאַרדעראַ איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע דעם 2טן אַפּריל 1635. דער אַרעסט איז דורכגעפירט געוואָרן שטרענג בסוד און ס׳איז אַפילו נישט סעקוועסטרירט געוואָרן דאָס פאַרמעגן פון אַרעסטאַנט — ווי די געזעצן פון דער אינקוויזיציע האָבן דאָס געפאָדערט — כדי די געהיימע ייִדן זאָלן נישט פאַרשטיין, אַז עס לויערט אויף זיי אַ געפאַר און באַצײַטנס נישט אָננעמען קיין מיטלען ווי זיך צו פאַרטיידיקן.

אַנטאָניאָ קאַרדעראַ האָט געמוזט אויסגעבן אַלץ וואָס ער האָט געוווסט וועגן ייִדן, ווען ער האָט זיך געפונען אין די פּײַניקונגס־קעלערן פון דער לימער אינקוויזיציע. די געמסרטע דורך אים, ווען זיי זײַנען אַרײַנגעשלײַדערט געוואָרן אין די פּחדימדיקע קעלערן, האָבן אויך אַזוי געהאַנדלט, ווײַל זיי האָבן נישט געקענט אַריבערטראָגן די שוידערלעכע עינויים. טאַקע זיי האָבן באַשטעטיקט קאַרדעראַס דענונציעס קעגן פּערואַנער מאַראַנען־רב, וועלכער האָט געהאַט דעם קריסטלעכן נאָמען באַוטיסטאַ פּערעז — זײַן ייִדישער נאָמען איז אומדיז נישט באַקאַנט — און ער איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע דעם 11טן אויגוסט 1635.

מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז, וועלכער איז געווען איינער פון די רײַכסטע סוחרים און מינען־באַזיצער, ווערט אין די אינקוויזיציע־דאָקומענטן אָנגערופן

Capitan grande — „גרויס קאַפּיטאַן", דאָס הייסט, הויפּטפירער, רב פון די פּערוואַנער מאַראַנען פון דער ערשטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט. אויף וואָס די אינקוויזיציע־דאָקומענטן — אַ זייער ערנסטער מקור — באַזירן זיך, איז מיר נישט באַוווּסט, מחמת די שׂרפה וואָס האָט אין יאָר 1943 פאַרוואַנדלט אין אַש דעם בנין און דעם פאַרמעג פון דער לימער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק, האָט אויך פאַרוואַנדלט אין אַש די אַקטן פון דער „גרויסער פאַרשווערונג", וועמענס הויפּט עס איז געווען מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז.

פּערעז איז געבוירן געוואָרן אין סעווילְיע, אין יאָר 1593. סעווילְיע אַליין איז געווען אַ מאַראַנען־צענטער און האָט זיך אויך געפונען זייער נאָענט פון פּאָרטוגעזישן קיניגרייך, ווו די געהיימע ייִדן זײַנען געווען אַ סך מער צוגעבונדן צו דער אמונה ווי זייערע שפּאַנישע ברידער. פּערעז האָט געשטאַמט פון מוטערס צד פון פּאָרטוגעזער און פון פאָטערס צד פון שפּאַניער — אַ זייער אָפטע דער־שײַנונג אין מאַראַנען־משפּחות, ספּעציעל אין דער עפּאָכע ווען שפּאַניע און פּאָרטוגאַל זײַנען רעגירט געוואָרן דורך איין מאָנאַרך (1580—1651). אויך דער אַרגענטינער קדוש מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ און דער מעקסיקאַנער קאָנקוויסדאַ־טאָר לויִס דע קאַרבאַכאַל זײַנען געווען פאַרהייראַט מיט סעווילְיער פרויען. ווען מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז איז אַלט געוואָרן 6 יאָר, האָבן אים זײַנע עלטערן אַריבערגעפירט קיין פּאָרטוגאַל; ווען ער איז אונטערגעוואַקסן איז ער אַליין אַוועקגעפאָרן אין די אינדיעס (אין שפּאַניש־אַמעריקע). דאָ איז ער שוין אין יאָר 1622 געווען אַ באַקאַנטע פּערזענלעכקייט און ער האָט אָנגעהאַלטן נאָענטע באַ־ציִונגען מיט די שפּיצן פון דער קירכלעכער און ציווילער מאַכט.

הגם די שפּאַנישע געזעצן האָבן שטרענג פאַרבאָטן אַז אויסלענדער זאָלן זיך באַזעצן אין די אינדיעס, זײַנען די פּאָרטוגעזער דאָרט שטאַרק געווען פאַרטראָטן, סײַ פאַר דער צײַטווײַליקער פאַראייניקונג פון ביידע קיניגרײַכן, סײַ נאָך איר. פון דער דאָזיקער לאַגע האָט פינאַנציעל פּראָפיטירט די שפּאַנישע רעגירונג ווען זי האָט זיך שטאַרק גענייטיקט אין געלט. זי האָט דעמאָלט לעגאַליזירט די אומ־לעגאַלע אימיגראַנטן, נאַטירלעך, פאַר היפּשע אַפּותיקעס. די דאָזיקע אָפּעראַציע האָט געטראָגן דעם יורידישן דעק־נאָמען „קאָמפּאָזיציע" composición דאָס הייסט, די אומלעגאַלע אימיגראַנטן האָבן זיך „גוטגעשטעלט", „גערעכטפאַרטיקט" פאַר דער מאַכט. אַזוי ווי מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז, וועמען מע האָט געהאַלטן פאַר אַ פּאָרטוגעזער, האָט זיך אין יאָר 1622 נישט געוואָלט „קאָמפּאָנירן", ווײַל ער איז דאָס נישט געווען, האָט מען אים אַרעסטירט. פאַר דעם זייער רײַכן און פאַנטאַסטיש אויסבערענגערישן סוחר און מינען־באַזיצער — זײַן קאַרעטע איז פאַרקויפט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע פאַר 30.400 ראַיאַלן — איז דאָס נישט געווען קיין פראַגע פון געלט, נאָר פון זײַן פּערזענלעכער זיכערקייט און די זיכערקייט פון זײַנע נאָענטע. ווײַל מע דאַרף וויסן, אַז אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע פון שפּאַניש־אַמעריקע איז יעדער פּאָרטוגעזער געווען שטאַרק פאַרדעכ־טיקט אין אָפּהיטן ייִדישקייט, און די אינקוויזיציע האָט פון אים נישט אַראָפּ־

גענומען איר בלוטדאָרשטיק אויג. צוליב דעם טאָקע האָט פּערעז אָנגעווענדט אַלע מיטלען און אויסגעגעבן גרויסע סומעס געלט כדי צו דערווייַזן אַז ער איז אַ שפּאַניער. ער האָט דאָס אויך דערוויזן נאָך אַ לאַנגער אויספאָרשונג אין אַמע־ריקע און אין שפּאַניע.

דעם ענין פון דער „קאָמפּאָזיציע" האָט פּערעז באַוויזן צו דערלייִדיקן דע־פיניטיוו דעם 31סטן דעצעמבער 1625, מיט 2 יאָר שפּעטער האָט ער חתונה געהאַט — ווי דאָס איז שוין געווען אַ מנהג בייַ די מאַראַנען — מיט דער סע־וויליער אייַנוווינערין גיאָמאַר ענריקעז. דאָס פּאָרל האָט געהאַט אייניקע קינדער, וועלכע זייַנען אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין גרעסטן לוקסוס און מיט וועלכע ס'האָבן געלערנט די בעסטע לערערס. דאָס האָט אַזוי לאַנג אָנגעהאַלטן ביז מאַ־נועל באַוטיסטאַ פּערעז איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע, וועלכע האָט קאָנפיסקירט זייַן גאַנץ פאַרמעגן.

פּערעז איז געווען אַ מענטש פון ברייטער קולטור און ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט גייַסטיקע פּראָבלעמען. אין די זייער מאָגערע ידיעות וועגן אים, וועלכע פיגורירן אין די אינקוויזיציע־דאָקומענטן, זאָגט זיך אַז „ער האָט געהאַט אַ סך גייַסטיקע ביכער און ער האָט באַהאַנדלט מיט טעאָלאָגן, וואָס האָבן אָפּגעשטאַמט פון פּאָרטוגעזער פאַרשיידענע רעליגיעזע מאַטעריעס". פּערעז איז אויך געווען אַ מעצענאַט מיט אַ ברייטער האַנט. דאָס זאָגן אונדז אויך די אינקוויזיציע־דאָקומענטן, פּונקט ווי זיי אינפאָרמירן מיט האַס, אַז דער לימער אוניווערסיטעט האָט פאַר זייַן כבוד־וועגן אייַנגעאָרדנט ליטעראַרישע צוזאַמענ־קומען אויף וועלכע מען האָט אים געגעבן די ערשטע פּלעצער און מען האָט אים באַהאַנדלט מיט „חניפה און לויב".

כאָטש פּערעז — ווי ס'איז פריִער דערמאָנט געוואָרן — האָט באַוויזן אַז ער שטאַמט פון סעוויליע (שפּאַניע), האָבן דאָך אים אַלע באַטראַכט פאַר אַ פּאָרטו־געזער, מחמת ער האָט זיך באַנוצט כמעט אויסשליסלעך מיט דער פּאָרטוגעזישער שפּראַך און ער האָט נאָר געהאַט פּאָרטוגעזישע פרייַנד. דעריבער דערשייַנט ער אויך ווי אַ פּאָרטוגעזער אין אַ פאָלקס־לעגענדע וואָס איז אַנטשטאַנען נאָך דעם ווי ער איז אַרייַנגעפאַלן אין די אינקוויזיטאָרישע הענט. מיר וועלן דאָ איבערגעבן די דערמאָנטע לעגענדע אין דער אייגנאַרטיקער שפּראַך פון ריקאַרדאָ פּאַלמאַ און אין דער איבערזעצונג פון חיים בראַקאַזש:

קעגנאיבער דעם קלויסטערל פון דער ווונדער־בתולה געפינט זיך אַ הויז פון אַן אייגנאַרטיקער אַרכיטעקטור, אַ הויז אַ יחיד במינו, וואָס איז נישט ענלעך צו קיין שום אַנדערע פון די לימער הייַזער. נישט געקוקט אויף דער רחבות פון זייַן הויף, איז דאָס הויז פייַכט און גיט אַרויס אַ פייַכטן דאַמף. עס האָט אין זיך עפּעס פון אַ קלויסטער, פון אַ פעאָדאַלן שלאָס און פון אַ ראַטהויז.

אַז דאָס הויז האָט געהערט צו אַ קאָנקוויסדאַטאָר, אַ חבר פון פּיסאַראָ, באַ־ווייַזט דער פאַקט, וואָס די טרעפּ זייַנען אייַנגעשטעלט בייַ דער גאַס, מחמת דאָס איז געווען איינע פון די פּריווילעגיעס, וואָס האָבן געהערט צו די קאָנקוויסדאַטאָרן. הייַנט זייַנען שוין נישט בנמצא קיין צען הייַזער, וואָס זאָלן נאָך האָבן די פראָנט־טרעפּ.

דער אויסלענדער, וואָס גייט דורך „די גאַס פֿונעם נס" מוז זיך נישט ווילנדיק אָפּשטעלן בײַ דער הויז־טיר און אַרײַנוואַרפֿן אַ פֿאַרשנדיקן בליק. און דאָס מערקווערדיקסטע איז, וואָס מיט אונדז לימער טרעפֿט פּונקט דאָס זעלבע. עס איז אַ הויז, וואָס רעדט צו דער פֿאַנטאַזיע. אַפֿילו דער הייליקער פּאָטער פֿון רוים איז נישט בכוח צו מאַכן גלייבן אַ לימער, אַז דאָס דאָזיקע הויז איז נישט געווען קיין אָביעקט פֿון מיסטעריעזע לעגענדעס.

און דערצו איז דאָס מיסטעריעזע הויז געווען באַקאַנט זינט דרײַ אָדער פֿיר דורות מיט אַזאַ נאָמען, וואָס רייצט די פֿאַנטאַזיע. אונדזערע זיידעס און אונדזערע טאַטעס האָבן עס גערופֿן דאָס הויז פֿון פּילאַטוס, און אַזוי רופֿן עס אונדזערע קינדער. פֿאַר וואָס? איז דען פּאָנטיוס פּילטוס געווען אַ פּערוּאַנער תושב?

אין מײַנע הענט און אונטער מײַנע ברילנגלעזער האָב איך געהאַלטן די אייגנטום־שײַנען, וועלכע דער יִדישער באַלעבאָס, מיך באַדויערנדיק אפֿשר פֿאַר מײַן מאַניע צו גריבלען זיך אין אַלטע שמות, איז געווען אַזוי פֿרײַנדלעך מיר צו דערלויבן דורכצוקוקן: און פֿון זיי דרינגט נישט אַרויס, אַז דער פּרעטאָר פֿון ירושלים זאָל האָבן געהאַט עפּעס אַ חלק אין אויפֿשטעלן דעם בנין, וואָס זײַן שטח האַלט פֿערציק קאַסטילישע איילן [וואַראַס] אין דער ברייט און אַכט און זעכציק אין דער לענג.

און דאָך הייסט עס דאָס הויז פֿון פּילאַטוס, פֿאַר וואָס?

דעם אויסלענדערס נײַגעריקייט קען איך צופֿרידנשטעלן בלויז דורך דערציילן דאָס זעלביקע, וואָס עס דערציילן בײַ אונדז די אַלטיטשקע באָבעס און ווײַטער גאָר נישט. וואָס שײַך דעם לימער לייענער, וועט ער האָבן אומזיסט אויפֿגעשטעלט מויל און אויערן, אויב ער ריכט זיך, אַז איך גיי אים דאָ זאָגן וועגן הויז פֿון פּילאַטוס עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער ווייסט נאָך נישט.

דאָס הויז איז געבויט געוואָרן אין 1590, דאָס הייסט, אַ האַלבן יאָרהונדערט נאָך דער גרינדונג פֿון לימאַ, ווען די יעזויִטן זײַנען שוין געהאַט געוואָרן פֿעסטע תושבים אין אָט דעם לאַנד, אין וועלכן מע איז אַהער געקומען צום גרייטן. דעם פּלאַן האָט אָנגעצייכנט דער פּאָטער רויִז דעל פּאָרטיליאָ, דער עלטסטער איבער די יעזויִטן, מחמת עס האָט אים פֿאַרבונדן אַ גרויסע פֿרײַנדשאַפֿט מיט איינעם אַ רײַכן שפּאַנישן סוחר מיטן נאָמען עסקיוועל, דער אייגנטימער פֿון דעם פּלאַץ.

מיט געהילץ און ציגל, וואָס זײַנען איבערגעבליבן פֿון סאַן פֿראַנציסקאָ־בנין און וועלכע עסקיוועל האָט אָפּגעקויפֿט פֿאַר אַ שיבוש האָט דער זעלבער אַרכיטעקט, וואָס האָט אויסגעבויט די גרויסע שול פֿון הייליקן פּאַולוס, זיך אונטערגענומען אויפֿצושטעלן דאָס מיסטעריעזע הויז, אַ פֿעסטן בנין, אויסהאַלטעוודיק אויף ערדציטערנישן, וואָס עס האָט נישט ווייניק געהאַט אויסצושטיין, נישט לײַדנדיק קיין שום שאָדן.

דורך אַ ברייטער גאַלעריע, אַ קעלער אָדער אונטערערדישן געוועלב, פֿון זעקס קוואַדרעס די לענג, איז דער בנין פֿאַראייניקט מיט דעם קלויסטער פֿון הייליקן פּעטרוס, וועלכן עס האָבן באַוווינט די יעזויִטן.

דאָס דאָזיקע אונטערערדישע געוועלב, וואָס קען מיט אַ דערלויבעניש פֿון איצטיקע הויז־אייגנטימער באַזוכט ווערן דורך יעדן נײַגעריקן, וועלכער צווייפֿלט אין מײַנע פֿאַרזיכערונגען, וועט נאָך אַ מאָל זײַן אַ קוואַל פֿון אויסגעצייכנטן שטאָף פֿאַר די צוקונפֿטיקע שרײַבערס פֿון קרימינאַל־ראָמאַנען. אין קעלער קענען זיי גאַנץ בריווח לאָזן אין גאַנג קאָנטראַבאַנדיסטן, קאָנספּיראַטאָרן, געלטפֿעלשערס, אין קייטן געשמידטע ריטערס, טיראַניזירטע יונגפֿרויען און דאָס גאַנצע ראָמאַנטישע קלאַפּערגעצײַג. איך בין אײַך מבטיח, אַז דעם הויז פֿון פּילאַטוס איז נאָך באַשערט אין דער צוקונפֿט צו ליפֿערן שטאָף פֿאַר אַ גאָר גרויסער פֿאַבריקאַציע!

נאָך וואָס האָט מען געמאַכט דאָס דאָזיקע אונטערערדישע געוועלב? נישט איך וויים עס, נישט עס אינטערעסירט מיך צו וויסן.

ביז 1635 האָט דאָס הויז געדינט ווי אַן אַכסניה און בערזע פאַר די פּאָרטוגעזישע מינען־לײַט און סוחרים. אין דעם בנין האָט עסקיוועל אַרײַנגעלייגט זיבן און דרײַסיק טויזנט פּעזעס, און די אַרענדעס האָבן אים אַרײַנגעבראַכט אַ גרעסערן פּראָצענט ווי עס וואָלט געטראָגן דער אַרײַנגעלייגטער קאַפּיטאַל.

און חוץ דעם, היות דער מאַרקפּלאַץ האָט זיך געפונען אויף סאַן פראַנציסקאָ, איז אויך געווען אַ צײַט, ווען דער הויף פון פּילאַטוס איז געווען באַזעצט מיט פּאַרקויפערס פון פרוכטן.

דאָס הויז איז איבערגעגאַנגען בירושה צו דאָניאַ מאַריאַ דע עסקיוועל אי כאַראַוואַ, די פרוי פון אַ שפּאַנישן גענעראַל, און נאָך איר טויט האָט די אינקוויזיציע, וועלכער עס איז פאַר צינזן געקומען אַ חוב פון אַכט הונדערט פּעזעס און אַנדערע קרעדיטאָרן געמאַכט אַ קאָנקורס. דרײַ יאָר האָט געדויערט דאָס דורכפירן די פאַרמאַליטעטן און אין 1694 האָט מען פאַראָרדנט אַ ליציטאַציע אויף דער נחלה, כדי צו דעקן די חובות, וואָס זײַנען געשטיגן צו 12 טויזנט פּעזעס.

דאָן דיעגאָ דע עסקיוועל אי כאַראַוואַ, אַ געבוירענער פון קוזקאָ, קאַוואַליר פון סאַנטיאַגאָ־אָרדן, וועלכער האָט אין 1687 באַקומען דעם טיטל מאַרקיז פון סאַן לאָרענסאָ דע וואַליעומבראָסיאָ, האָט נישט געוואָלט לײַדן, אַז זײַן עלטער־מומעס הויז זאָל איבערגיין צו אַ פרעמדער משפּחה, האָט ער נאָכן אָפּצאָלן די קרעדיטאָרן געגעבן די יורשים אַכט און צוואַנציק טויזנט פּעזעס.

איך האָב פאַרגעסן צו באַמערקן, אַז אין דער צײַט פון וויצעקעניג אַמאַט, אין שײַכות מיט דעם גירוש פון די יעזויטן האָט מען געזאָגט, אַז פון קעלער פון דעם הויז האָט מען אַרויסגענומען אַן אוצר. איך באַשטעטיק נישט, איך פאַרצייכן נאָר דעם קלאַנג. אָבער נאָך דעם אַלעם, פאַר וואָס הייסט עס פּאַרט דאָס הויז פון פּילאַטוס? זײַ מיך נישט חושד, חשובער לייענער, אַז איך בין אַראָפּ פון וועג. האָב געדולד, מיר וועלן באַלד צוקומען.

דאָס פאָלק דערציילט, אַז אין אויגוסט 1635, ווען דאָס הויז איז געווען אין אַרענדע בײַ פּאָרטוגעזישע מינען־לײַט און סוחרים, איז דאָרט איין מאָל אין אַ פרײַטיק שפּעט בײַ נאַכט פאַרבײַגעגאַנגען איינער אַ יונגער מאַן, אַ פּוסטעפּאַסניק, וואָס האָט געהאַט מער אין קאָפּ ווי אין פלעשל. דער וועכטער האָט מסתמא געהאַט פאַרגעסן צו פאַרריגלען דעם ריגל, וואָרעם די הינטערטיר איז געשטאַנען האַלב אָפן. דער שיכורער האָט געזען ליכט אין דער הויך, ער האָט געהערט עפּעס אַ געוויש, אַ טומל פון מענטשן, און ריכטנדיק זיך צו טרעפן דאָרט עפּעס אַ הוליאַנקע, האָט ער זיך דערוועגט אַרויפצוגיין איבער די שטיינערנע שטיגן, וועלכע זײַנען, דרך־אַגב באַמערקט, אויך איינע פון די מערקווערדיקייטן, וואָס דער בנין פאַרמאָגט. דער אומגעבעטער גאַסט האָט זיך געלאָזט גיין דורך די קאָרידאָרן, ביז ער איז צוגעקומען צו אַ פענצטער, בײַ וועלכן ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט אונטערן לאָדן און אַזוי אַרום געקענט פון דאָרט באַקוועם באַטראַכטן אַ גרויסן רײַך באַצירטן זאַל, די ווענט טאַפּיצירט מיט שוואַרצן שטאָף.

אונטער אַ באַלדאַכין האָט ער געזען זיצן איינעם פון די רײַכסטע מענטשן אין שטאָט, דער פּאָרטוגעזער דאָן מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז און אַן ערך הונדערט פון זײַנע לאַנדסלײַט אויף בענק, אויסהערנדיק מיט ערפאַרכטיק שטילשווײַגן אַ דרשה, וואָס פּערעז האָט פאַר זיי געהאַלטן און דעם זינען אירן האָט דער שפּיאָן נישט געקענט קלאָר כאַפּן. קעגנאיבער דעם באַלדאַכין, אַרומגעשטעלט מיט וואַקסענע ליכט, האָט זיך געפונען אַ שיינער קרוציפיקס אין נאַטירלעכער גרויס.

ווען פּערעז האָט געענדיקט ריידן, האָבן אַלע אַרומיקע, חוץ אים אַליין זיך אויפגעהויבן לויט אַ שטרענגן סדר פון אָרט, צוגעגאַנגען צום יעזוס און אים דער־לאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ. פּערעז, פּונקט ווי פּילאַטוס, האָט מיט זײַן פּאַסיווער האַל־טונג דערלאָזט די דאָזיקע חוזק־שטראָף.

דער שפּיאָן האָט נישט געוואָלט זען מער פאַרשוועכונגען, איז ער נעלם גע־וואָרן ווי ער האָט געקענט און איז אַוועק מיט אַ מסירה צו דער אינקוויזיציע, וועלכע האָט מיט עטלעכע שעה שפּעטער פאַרוואָרפן איר נעץ אויף העכער אַ מאה פּאָטור־געזישע ייִדן.

דעם ייִד מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז האָבן די לימער קאַטאָליקן געגעבן דעם צונאָמען פּילאַטוס און דאָס הויז איז געבליבן געטויפט מיט דעם נאָמען „דאָס הויז פון פּילאַטוס".

אָט דאָס איז די לעגענדע, וואָס דאָס פאָלק דערציילט.

אין דער ביבליאָטעק פון לימאַ געפינט זיך [ליידער געפינט עס זיך נישט מער] דער כתב־יד פון פּראָצעס פון די פּאָרטוגעזער און פון אים ווײַזט זיך בלויז אַרויס, אַז אויף דער „גאַס פון נס" האָט זיך געפונען די ייִדישע שול, און דער רב אָדער דער גרויס־קאַפּיטאַן (ווי עס זאָגט דער פּראָקוראָר פון דער אינקוויזיציע) איז געווען מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז. דער פּראָקוראָר רעדט וועגן פאַרשוועכונג פון הייליקע בילדער, אָבער קיין שום פּרט דאָרט שטימט נישט מיט דער פאָלקס־מעשהלע.

דער משפּט האָט געדויערט דרײַ יאָר. ווער עס וויל וויסן פּרטים, זאָל זוכן אין מײַנע אַנאַלן פון דער אינקוויזיציע אין לימאַ.

פּערעז און צען פון זײַנע גלויבנסברידער זײַנען פאַרברענט געוואָרן אין אויטאָ־דע־פע אין 1639, און אויף נאָך פופציק איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ תשובה. דאָס זײַנען אַלץ געווען מענטשן פון רײַכן שטאַנד. משמעות, אַז אַן אָרעמער פּאָרטוגעזער איז נישט געווען דערלויבט צו זײַן אַ ייִד, אָדער אַז די אינקוויזיציע האָט זיך בכלל נישט אומגעקוקט אויף קרוע־בלוּעניקעס.

מער ווייס איך נישט מכּוח פּילאַטוסן, נישט וועגן זײַן הויז.

ווי מיר האָבן געזען, צווייפלט ריקאַרדאָ פּאַלמאַ אין דעם אמת פון דעם פאָלקס־מעשהלע, וואָס ער אַליין האָט אַזוי פײַן אויפגעשריבן. אויך אַנדערע מחברים האַלטן אַז עס איז ווײַט פון עקזאַקטקייט. זיי ווײַזן־אָן אַז אין שפּאַניע, אין דער שטאָט קאָרדאָוואַ, איז אויך פאַראַן אַ הויז וואָס מע באַצייכנט עס מיט פּילאַטוסעס נאָמען, און די גרויסע ענלעכקייט פון דעם הויז צום לימער האָט געקענט געבן די אָנרעגונג אַזוי עס אָנצורופן.

מיר האַלטן נישט פאַר פּאַסיק צו באַהאַנדלען דאָ גענוי די פראַגע, הגם אויך מיר צווייפלען אין דער עקזאַקטקייט פון דער לעגענדע וועגן געהיימען ייִד פּערעז. אונדז דאַכט זיך אַז זי איז אַן אויסוווּקס פון דער פאַנאַטיש־פרומער אומגעבונג וואָס איז געווען איבערפולט מיט די אַבסורדאַל אַנטיסעמיטישע פאָראורטיילן, און וועלכע עס האָבן פּעריאָדיש אויפגעטרייסלט די אינקוויזיטאָרישע אויפדעקונגען פון געהיימע ייִדן, מכּוח וועלכע ס׳זענען אַרומגעגאַנגען די אומגלייבלעכסטע קלאַנגען.

אָבער נישט בלויז די לעגענדע איז אַרומגעגאַנגען אין לימאַ וועגן מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז. דער אָנבאָט וואָס ער האָט געמאַכט דעם וויצעקעניג, גראַף דע טשינטשאָן (1629—1639), אויסצוהאַלטן אין גאַנצן דעם לימער אַרסענאַל און אויך

אים צו באַוואַכן, האָט נאָך זײַן אַרעסט דורך דער אינקוויזיציע אויך געגעבן שטאָף פאַר משונהדיקע לעגענדעס. לויט איינער פון זיי, האָט פערעז זיך אַרויסגעוויזן אַזוי ברייטהאַרציק, ווײַל ער האָט געוואָלט אַרײַנבאַקומען אין זײַנע הענט דעם קאָנטראָל איבער דעם גאַנצן וואָפן, כדי לײַכטער איבערצוגעבן דאָס פערוואַנער וויצעקעניג צו די שונאים פון שפּאַניע, פּראָטעסטאַנטישע האָלענדער, וועלכע האָבן דעמאָלט געהערשט איבער אַ טייל פון בראַזיל.

באמת, מאַנועל באַוטיסטאַ פערעז איז אַ פּערזאָן וועגן וועלכן מען האָט גע־קענט לײַכט שפּינען לעגענדעס. אָבער חוץ זײַן ברייטער קולטור, זײַן לוקסוסדיקן אַרט לעבן און זײַן סודותדיקער אויפפירונג, האָט נאָך פאַרגרעסערט די מיסטעריע אַרום אים דער פאַקט וואָס ער האָט געלייקנט אין אַלע באַשולדיקונגען פון דער אינקוויזיציע, כאָטש ס'האָבן קעגן אים עדות געזאָגט 30 מאַראַנען. אַפילו מיט די שווידערלעכסטע עינויים האָבן די „הייליקע פאָטערלעך" נישט געקענט אַרויסרײַסן בײַ אים קיין איין וואָרט וועגן זײַנע אייגענע חטאים אָדער וועגן די חטאים פון זײַנע נאָענטע. דאָס איז אַ באַווײַז פון אַזאַ גרויסער פיזישער און פּסיכישער קראַפט, וואָס מע טרעפט זייער זעלטן אין די אַנאַלן פון דער אינקוויזיציע, מחמת איין זאַך איז דאַוועגען אין געהיים און אַן אַנדערע דאָס איבערטראָגן דעם אוממענטשלעכן ווייטיק פון די אויסגעלענקטע גלידער און פון דעם צעריסענעם פלייש.

אָבער מאַנועל באַוטיסטאַט פערעז האָט נישט באַוויזן צו פאַרהיטן אַז פון זײַן ברייט־פאַרצווייגטער האַנדלס־קאָרעספּאָנדענץ זאָל די אינקוויזיציע נישט האָבן קיין נוצן. פון דער דערמאָנטער קאָרעספּאָנדענץ טאַקע איז דער „הייליקער טרי־בונאַל" טאַקע דערגאַנגען ווער עס זײַנען געווען זײַנע פאַרטרעטערס אין די פאַר־שיידענע געגנטן פון פערואַנער וויצעקעניגרײַך, אַ דאַנק איר, און צוליב דעם ווײַל עס איז באַשטעטיקט געוואָרן דער חשד אַז זיי זײַנען געהיימע ייִדן, האָט די אינקווי־זיציע פון קאַרטאַכענאַ (קאָלאָמביע) געקענט דורכפירן דעם גרויסן אויטאָ־דע־פע פון יאָר 1638.

אינטערעסאַנט, אָבער אויך קאָמפּראָמעטירנדיק איז די קאָרעספּאָנדענץ — ביז הײַנט אין די אַרכיוון — פון מאַנועל באַוטיסטאַ פערעז. כאָטש ער האָט געמוזט זײַן זייער פאָרזיכטיק בײַם שרײַבן, און הגם ער האָט זייער אָפט דערמאָנט דעם „אַלמעכטיקן", דעם „גאָט אין הימל" און אַזוי ווײַטער, האָט ער קיין איין מאָל נישט אָנגערופן יעזוסן אָדער אַנדערע קריסטלעכע הייליקע, ווי ס'איז דעמאָלט געווען דער מינהג בײַם שרײַבן בריוו.

מאַנועל באַוטיסטאַ פערעז, וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער אינק־וויזיציע צום ערשטן מאָל, האָט — בהסכם מיט אירע געזעצן — געקענט לײַכט ראַטעווען זײַן לעבן ווען ער וואָלט וועלן נעמען אויף זיך די ראָלע פון אַ זינדיקן, וואָס האָט חרטה אויף זײַנע זינד און איז גרייט תשובה צו טאָן לויט די אָנווײַזונ־גען פון דער אינקוויזיציע און לויט איר שטייגער. ער אָבער האָט אויסגעקליבן דעם געפערלעכן וועג פון אומבויגזאַמען שטאָלץ — אַ זאַך, וואָס דער שווידער־לעכער טריבונאַל האָט באַשטראָפט מיט דער גרעסטער אַכזריות.

דער האַס און אויך די בלינדע פּאַראַכטונג פֿון די אינקוויזיטאָרן אינעם פֿאַל מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז, וועלכער האָט אַפֿילו אויפֿן שייטערהויפֿן פֿון יאָר 1639 זיך אָפּגעזאָגט אונטערצווואַרפֿן זייערע מכלומרשטע ווונטשן פֿון חסד און רחמים פֿאַר אים, האָט זיי דיקטירט די ווײַטערע באַמערקונגען וועגן די לעצטע מאָמענטן פֿון זײַן לעבן.

ער איז איבערגעענטפֿערט געוואָרן דער ציווילער מאַכט און יוסטיץ מיט קאָנפֿיסקירן זײַן פֿאַרמעגן ווי אַ נעגירער. ער האָט געגעבן באַוויַזן פֿון זײַן פֿאַרדאָרבענעם גײַסט און פֿון זײַן אַ באַהאַלטענער ייִד מיטן אַסקולום פּאַקיס[1] וואָס ער האָט דערלאַנגט זײַן שוואָגער סעבאַסטיאַן דואַרטע, וועלכער איז איבערגעענטפֿערט געוואָרן דער ציווילער מאַכט אויפֿן עשאַפֿאָט, און מיט כּעס אין זײַנע אויגן קעגן יענע מיטגלידער פֿון זײַן הויז און משפּחה, וועלכע האָבן זיך מודה געווען און זײַנען דאָרטן געשטאַנען אין סאַנבעניטן. ער האָט אויסגעהערט דעם אורטייל זייער ערנסט און מאַיעסטעטיש. ער איז געשטאָרבן ווי אַ זינדיקער, זיך ווענדנדיק צום הענקער אַז ער זאָל טאָן זײַן אַרבעט.

---

[1] קוש פֿון פֿרידן. קיין צופֿרידנשטעלנדיקע אויפֿקלערונג דערפֿאַר האָב איך נישט. ס׳זאָל אפֿשר זײַן אַ רמז אויף דער מיתת־נשיקה?

# אַ ליוואָרנער ייִד, דער מורה־דרך פֿון די מעקסיקאַנער מאַראַנען

## 1. יידן כפי זייער „נאַציע און רעליגיע" צווישן די מעקסיקאַנער אַנוסים

הגם אין געוויסע אינקוויזיציע־פּראָצעסן זײַנען דערמאָנט געוואָרן ייִדן פֿון לענדער, וואָס האָבן זיי טאָלערירט צווישן זיך, איז ביז איצט נישט באַקאַנט געווען קיין פּראָצעס פֿון קיינעם פֿון זיי. ס'איז איבעריק זיך ברייטער אָפּצושטעלן אויפֿן פֿאַקט, אַז ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן ספרדישע ייִדן, וועלכע האָבן פּערפֿעקט געקענט שפּאַניש אָדער פּאָרטוגעזיש און האָבן זיך גוט אָריענטירט אין די אָרטיקע מנהגים. אָבער עס איז אוממעגלעך צו זאָגן צי זיי האָבן געהערט צו יענע ייִדן, וועלכע זײַנען אַוועק פֿון שפּאַניע צוליבן גירוש (1492), אָדער דאָס זײַנען געווען אנוסים, וואָס זענען שפּעטער אַנטלאָפֿן. ווי עס זאָל נישט זײַן, איז די לאַגע פֿון ביידע גרופּן, אין אַ לאַנד וואָס שפּאַניע האָט באַהערשט, געווען זייער אַ געפֿער־לעכע. אָבער ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען אויפֿן ערשטן בליק, איז גרעסער געווען די סכנה פֿאַר אָפֿענע ייִדן, ד"ה אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך קיין מאָל נישט געשמדט, ווי פֿאַר די וואָס זענען געוואָרן מאַראַנען און זענען פֿאַרבליבן אין שפּאַניע, אָדער אין אירע קאָלאָניעס. די דאָזיקע, אויב די אינקוויזיציע האָט זיי אַרעסטירט צום ערשטן מאָל, האָבן זיי „לײַכט" געקענט ראַטעווען זייער נאַקעט לעבן, ווען זיי האָבן אונטערטעניק זיך מודה געווען אין זייערע פֿאַרברעכנס און הכנעהדיק געבעטן מחילה בײַ זייערע ריכטער; דאַקעגן די אָפֿענע ייִדן, בהסכם מיטן גירוש־עדיקט, ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט קיין שפּאַניע, זענען געווען חייב מיתה.

עס איז, נאַטירלעך, זייער שווער צו פֿאַרשטיין די האַנדלונג פֿון ייִדן, וועלכע האָבן גוט געוווּסט וועגן די געפֿאַרן, וואָס לויערן אויף זיי, און דאָך האָבן זיי בײַ זיך געפּועלט צו באַזעצן זיך אויף שפּאַנישער טעריטאָריע. צי דאָס איז געווען געוואַגטקייט צי זעלבסטמאָרד, קען איך נישט זאָגן. אָבער מסתמא האָבן זיי באַ־וויגן דאָס צו טאָן עקאָנאָמישע אינטערעסן, די נייטיקייט צו אַנטרינען פֿון דער אינקוויזיציע־סכנה אין די אַלט־באַווינטע פּלעצער און אַפֿשר אויך די מאָדנע אײַנרעדעניש, אַז „מיך וועט עס נישט טרעפֿן"... ווײַל איך וועל באַווײַזן אויסצו־

באַהאַלטן זיך פון דער אינקוויזיציע״... און די אינקוויזיציע האָט דאָך בלויז אין גרעסערע צײַט־אָפּשניטן באַוויזן צו זײַן אַקטיוו.

די ערשטע ידיעה, וואָס איז מיר ביז איצט באַקאַנט, וועגן אַן אָפּענעם ייִד וואָס האָט געוווינט אין מעקסיקע שטאָמט, ווי אַ סך אַנדערע פּרטים וועגן מאַראַ־נען־לעבן, פון פּראָצעס פון לויִס דע קאַרבאַכאַל — דעם ערשטן ייִדישן דיכטער און טעאָלאָג אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. קאַרבאַכאַל רעדט וועגן אים — אין זײַן טאָגבוך — מיט אַ סך ליבע, ער באַוווּנדערט זײַן געשיקטקייט בײַם אויסמײַדן קריסטלעכע אָפיציעלע צערעמאָניעס און זײַן אומבויגזאַמען באַשלוס צו פאַרלאָזן מעקסיקע, ווען ער וועט נאָר באַוויזן צו דערגיין צו אַ קליין פאַרמעגן. אינעם פּראָצעס פון שלמה מאַטשאָראַ (כואַן דע לעאָן), וועלכן איך וועל דאָ ברייט באַ־האַנדלען, ווערן דערמאָנט אייניקע מעקסיקאַנער אנוסים, וועלכע האָבן אַ צײַט געוווינט אין פּיזאַ, פערארא און ליוואָרנאָ און וועלכע האָבן געהאַט נאָענטע באַ־ציִונגען מיט דאָרטיקע ייִדישע משפּחות. און וואָס נאָך וויכטיקער: אייניקע מעקסי־קאַנער מאַראַנען־משפּחות האָבן געהאַט קרובים אין איטאַליע. אַזוי, למשל, האָט דער רײַכסטער מאַראַן פון מעקסיקע, סימאָן וואַעז סעוויליאַ, געהאַט אַ טאָכטער אין איטאַליע און זײַן אײדעם, פּעדראָ פערנאַנדעז דע קאַסטראָ, איז פאַרמשפּט געוואָרן אינעם זעלבן אינקוויזיציע־פּראָצעס וואָס ער. פערנאַנדעז דע קאַסטראָ האָט געשטאַמט פון דער אַלט־שפּאַנישער שטאָט וואַליאַדאָליד און ער האָט זיך מודה געווען פאַר דער אינקוויזיציע פון ניי־שפּאַניע, אַז ער האָט דורכגעפירט ייִדישע צערעמאָניעס, סײַ אין פערארא, „ווו ער האָט דאָס געטאָן עפנטלעך, סײַ אין דער דאָזיקער שטאָט״, דאָס הייסט, מעקסיקע. ער האָט זיך אויך מודה געווען אין עפּעס אַזעלכעס וואָס די אינקוויזיטאָרן האָבן געהאַלטן פאַר נאָך אַ גרעסער פאַרברעכן: אַז ער האָט פּרובירט אַנטלויפן פון זייער תּפיסה.

## 2. דער קאָנטראַבאַנד צווישן אַקאַפּולקאָ און מאַנילאַ

דאָס וויצעקעניגרייך פון ניי־שפּאַניע, וועמענס הויפּטשטאָט עס איז געווען מעקסיקע, האָט חוץ דער געלעגנהייט צו מאַכן אַ פאַרמעגן אויף איר אייגנטלעכער טעריטאָריע, אויך דערמעגלעכט מענטשן מיט אונטערנעמונגס־גײַסט, אָדער סתּם אַוואַנטוריסטן, צו באַרײַכערן זיך אויף די פיליפּינען־אינדזלען, אָדער דאָרטן אַנטרונען צו ווערן, ווען עס האָט זיי געדראָעט אַ סכּנה.

כפי עס זאָגט דער מעקסיקאַנער היסטאָריקער אַלפאָנסאָ טאָראָ, איז „פּונקט ווי קיין אַמעריקע זײַנען געקומען די וואָס האָבן זיך געפילט פאַרצווייפלט אין שפּאַניע, אַזוי האָבן זיך אין די פיליפּינען־אינדזלען אַריבערגעטראָגן די דורכגע־פאַלענע, די באַלאַסטעטע מיט חולאתן און די פאַרברעכער פון אַמעריקע: סוחרים, וועלכע האָבן געמאַכט באַנקראָט, אַוואַנטוריסטן, וואָס האָבן פאַרלייגט ליגנערישע אָדער פאַנטאַסטישע אונטערנעמונגען, פּראָפעסיאָנעלע קאָרטן־שפּילער, אומדיס־

ציפּליניִרטע און אומגעהאָרכזאַמע מיליטערלייט, גנבים, גזלנים און פּיראַטן, וואָס זײַנען פֿאַרמשפּט געוואָרן דעפּאָרטירט צו ווערן אָדער צו תּפֿיסה־שטראָפֿן און צו זײַן וועסלער, אָן קיין שום לוין אין די גאַלערעס, וואָס דער קייסער האָט געהאַט אין טערנאַטע".

מען דאַרף צו זיי צוגעבן די יעניקע, וועלכע זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון דער אינקוויזיציע־סכּנה און האָבן זיך געקענט נישט אַרויסגנבֿענען קיין אייראָפּע. חוץ דעם, ווען די דערמאָנטע זײַנען געווען סוחרים, אויב זיי זײַנען דורכגעפֿאַלן, האָבן זיי גוט געקענט זיך פֿאַרטיידיקן מיט דער טענה, אַז זיי זײַנען געפֿאָרן צוליב מסחר, ווײַל צווישן אַקאַפּולקאָ און מאַנילאַ איז אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווער האַנדלס־אויסטויש — אַ לעגאַלער און אומלעגאַלער — מיט פּראָדוקטן פֿון גאַנצן אָריענט. טאַקע אַ שוואָגער פֿון פֿאָעט לוּיס דע קאַרבאַכאַל, וועלכער איז פֿריִער דערמאָנט געוואָרן, כאָרכע דע אַלמעידאַ, האָט אונטערגענומען אַ רײַזע אין די פֿיליפּינען, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די אינקוויזיציע יאָגט זיך נאָך אים. אַפֿילו אין דער טרוקענער שפּראַך פֿון די אינקוויזיטאָרישע פּראָטאָקאָלן קען מען באַקומען אַן אָפּשפּיגלונג פֿון די פֿאַנטאַסטישע איבערלעבונגען פֿון כאָרכע דע אַלמעידאַ און זײַנע רײַזע־חברים אין די אָריענטאַלישע ראַיאָנען פֿול מיט פּיראַטן און פֿאַר־פּעסטעטע מיט טראָפּיקאַלישע קראַנקייטן. דער פֿאָטער פֿון שלמה מאַטשאָראָ (כּואַן דע לעאָן), הגם ער האָט זיך נישט געלאָזט קיין מאַנילאַ, איז אומגעקומען אין די שטורעמדיקע וואַסערן פֿון מעקסיקאַנער גאָלף, איידער ער האָט נאָך באַוויזן אָפּצולאָדן די סחורות, וואָס ער האָט מיט זיך געפֿירט אין פּאָרט פֿון וועראַקרוז. טאַקע צוליב דעם איז דאָ פֿאַרוואָגלט געוואָרן זײַן זון און האָט געהאַט אויסצושטיין די אַלע פּורעניות, וועלכע איך וועל בקיצור איבערגעבן.

## 3. דער פֿאַראורזאַכער פֿון גרעסטן קאַטאַקליזם אין דער געשיכטע פֿון די אַמעריקאַנער אנוסים

דער אינקוויזיציע־אַדוואָקאַט, וואָס האָט געשילדערט דעם ערשטן אויטאָ־דאַ־פֿע פֿון דער „גרויסער פֿאַרשווערונג", דאָס הייסט, פֿון גרעסטן אינקוויזיטאָרישן אויפֿטו אין מעקסיקע און אויך אין גאַנץ אַמעריקע, שרײַבט־צו, קודם־כּל, דעם באַשאַפֿער אַליין און, שפּעטער, די אינקוויזיטאָרן די אויפֿדעקונג פֿון „דאַמף פֿון אָט די ניבזהדיקע פֿאַרשווינען" אין דער געבענייער רגע ווען זיי האָבן שוין געהאַלטן בײַם „פֿאַרטושן דעם קרישטאָל־ריינעם שפּיגל פֿון דער מעקסיקאַנער פֿרומקייט און פֿון דער פֿרומקייט פֿון די אַלע פּראָווינצן, מחמת עס האָבן דאָ געלעבט די אויסגעז־לאַסענע און נידערטרעכטיקע ייִדן צווישן אַ סך קאַטוילישע משפּחות. אָבער גאָט, וועמענס דרכים זײַנען ווונדערלעכע, האָט צו אַזעלכע זאַכן נישט צוגעלאָזט. און דורך דעם וואָס ער האָט זיי אויפֿגעדעקט, זײַנען פֿאַרמיטן געוואָרן די שווערע פֿאַרלוסטן, וואָס האָבן שוין געהאַלטן בײַם פֿאַראורזאַכט ווערן, אויב אַזעלכע שונ־

אים פון גלויבן וואָלטן דאָ פאַרבליבן". דער זעלבער פאַרשוין שרײַבט ווײַטער, אַז „די מעכטיקע האַנט, וואָס האָט אין די דאָזיקע פּראָווינצן געוואַכט איבערן שם פון אונדזער רעטער און אויסלייזער יעזוס קריסטוס, די דאָזיקע אומשאַצבאַרע, גאָלדענע קרוין, מיט וועלכער ס'האָט זיך אָנגעקליידט די קריסטלעכע רעליגיע, ווער האָט זי דאָס צו פאַרדאַנקען? וועמענס מוט ווערט זי צוגעשריבן? וועמענס אָנשטרענגונגען האָבן דאָס געמאַכט? אויב נישט דער גרעסטער וואַכזאַמקייט און דעם שטענדיקן און אומדערמידלעכן אײַפער פון טריבונאַל פון דער הייליקער אינקוויזיציע אין די אָ קיניגרײַכן".

דער אינקוויזיציע־אַדוואָקאַט וואָס האָט, לויט געוויסע היסטאָריקערס — און פיל גלייבן דאָס — פאַרטיידיקט, אָדער באַדאַרפט פאַרטיידיקן אירע קרבנות, איז, ווען ער דערציילט די פּריער דערמאָנטע זאַכן, פשוט אַ באַוווסטזיניקער שווינדלער, ווײַל פון די פּראָצעסן פון דער מעקסיקאַנער „גרויסער פאַרשווע־רונג" דרינגט אַרויס קלאָר און דײַטלעך, אַז גאַספּאַר דע ראָבלעס האָט עס איני־פאָרמירט די אינקוויזיטאָרן וועגן דעם, אַז אין מעקסיקע געפינען זיך געהיימע ייִדן און אַ גרויסער טייל פון זיי אַליין — ווען זיי זײַנען אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן אין די אינקוויזיציע־קעלערן, האָבן זיך אַזוי דערשראָקן, באַנאַרישט און דעזאָריענ־טירט, אַז זיי האָבן אויסגעגעבן זייערע אייגענע „פאַרברעכנס" און די, וועלכע זײַנען באַגאַנגען אַנדערע באַהאַלטענע ייִדן.

דער מסור גאַספּאַר דע ראָבלעס איז געווען אַ גליד פון דער פאַרצווײַגטער, פרומער און שוידערלעך פאַרפאָלגטער פאַמיליע ענריקעז. צו דער משפחה האָט אויך געהערט די זקנה בלאַנקאַ ענריקעז — די מדריכה פון די פאַרבאָרגענע מעקסיקאַנער ייִדן ביזן אָנקומען פון כּואַן דע לעאָן (שלמה מאַטשאָראָ).

ראָבלעס איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1609 אין פּאָרטוגעזישן ישוב סאַן וויסענטע דע לאַ וועראַ. ווען ער האָט פאַרמסרט אַלע זײַנע קרובים איז ער אַלט געווען 32 יאָר. ער איז נאָך געווען אַ בחור, ס'האָט אים דערקוטשעט אַ שווערע קרענק און ער האָט נישט געטאָן קיין שום אַרבעט. ער האָט זיך אויך שטאַרק צעקריגט מיט זײַן פעטער פראַנציסקאָ האָמע (וויסענטע ענריקעז), וועמען ער האָט געדראָעט, אַז ער וועט אים פאַרמסרן פאַר דער אינקוויזיציע. די אָ שוידער־לעכע דראָונג האָט ראָבלעס אויסגעפירט.

אויף דער ערשטער אוידיענץ וואָס די אינקוויזיטאָרן האָבן פאַר אים באַ־וויליקט, דעם 6טן מערץ 1641, האָט גאַספּאַר דע ראָבלעס זיי דערציילט אָט וואָס: „ווען ער איז אַלט געוואָרן צווישן 14 און 15 יאָר און ער האָט נאָך געוווינט אין זײַן געבוירן־אָרט סאַן כּואַן דע לאַ ווערא, האָט אים זײַן פעטער וויסענטע ענרי־קעז, וואָס הײַנט רופט ער זיך פראַנציסקאָ האָמע און — ווי ער פאַרשטייט — געפינט ער זיך הײַנט אין וועראַקרוז אָדער קאַמפּעטשע[1] און איז אַ סוחר", און

[1] די ערשטע איז די וויכטיקסטע מעקסיקאַנישע פּאָרטשטאָט און די צווייטע, איז די הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ מיטן זעלביקן נאָמען.

זײַנס אַ ברודער, וועלכער הייסט גאַספּאַר מענדעז, אײַנגערעדט, אַז ער זאָל מיט זיי מיטפאָרן קיין אַנגאָלאַ, כדי צו קויפן נעגערס; און אַזוי איז טאַקע געשען: „ער האָט זיך מיט זיי אײַנגעשיפט אין דער שטאָט ליזאַבאָן, פון וואַנען זיי זײַנען געפאָרן אין דעם דערמאָנטן קיניגרײַך אַנגאָלאַ, און בעת דער ים־רײַזע, וואָס עס דאַכט זיך אים אויס, האָבן זיי אים בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן איבערגערעדט, אַז ער זאָל אויפהערן גלייבן אין דער תורה פון אונדזער האַר יעזוס קריסטוס און זאָל אָננעמען דאָס וואָס ס'זאָגט די תורת משה. דאָס האָבן זיי גאָר שטאַרק אײַנגערעדט ווען זיי זײַנען אָנגעקומען קיין לאָאַנדאַ, אין אַנגאָלאַ, ווו זיי האָבן געוווינט צוזאַמען. זיי האָבן אים געזאָגט און איבערגעצײַגט, אַז ער זאָל אויפהערן צו גלייבן אין דער רעליגיע פון אונדזער האַר יעזוס קריסטוס, ווײַל זי איז נישט קיין גוטע און נישט קיין פּאַסיקע אויף דערלייזט צו ווערן און ער זאָל אַריבער צום גלויבן אין תורת משה, ווײַל נאָר זי איז די ריכטיקע, און נישט קיין שום אַנדערע, און ער זאָל אויפהערן צו זאָגן און פאַרגעסן די קריסטלעכע תפילות וואָס ער האָט געקענט לויטן קאַטעכיזם און זאָגן די וואָס זיי וועלן אים אויסלערנען. און ער, אַזוי ווי דאָס זײַנען געווען זײַנע פעטערס, האָט ער געהאַט צוטרוי צו זייערע רייד און ער האָט פון דעמאָלט אָן פון גאַנצן האַרצן און ווילן געגלייבט, אַז די גוטע און נייטיקע פאַר זײַן דערלייזונג איז תורת משה און נישט די פון יעזוס קריסטוס אונדזער האַר, פון וועלכער ער האָט זיך דערווײַטערט און זי פאַרלאָזט פון דעמאָלט אָן".

צו דער פריִערדיקער מסירה האָט ראָבלעס ווײַטער צוגעגעבן:

און במשך דער צײַט וואָס זיי האָבן געוווינט אין אַנגאָלאַ, וואָס דאָס האָט באַדאַרפט צו זײַן 6 אָדער 8 חדשים, האָבן די דערמאָנטע פעטערס זײַנע אים אויסגעלערנט דרײַ תפילות פון דער דערמאָנטער תורת משה, כדי ער זאָל זיי שטענדיק זאָגן, אָבער בשום אופן קען ער זיך זיי נישט דערמאָנען, ווײַל ער האָט זיי נאָר געזאָגט דעמאָלט; און שפּעטער, זײַנען זיי אים אַרויס פון קאָפּ. ס'דאַכט זיך אים אָבער, אַז עס זײַנען געווען לויבגעזאַנגען פאַר גאָט, אָן דעם ס'זאָל אין זיי דערמאָנט ווערן יעזוס קריסטוס אונדזער האַר, זײַן הייליקסטער מוטער אָדער אַן אַנדער הייליקער.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דערמאָנטער לערע האָט ער געזען ווי די דערמאָנטע פעטערס זײַנע, וויסענטע ענריקעז און גאַספּאַר מענדעז, פאַסטן פאַרשיידענע תעניתים ווי אָפּהיטער פון דער דערמאָנטער תורה, און ער אַליין האָט זיי אויך געפאַסט צוזאַמען מיט זיי; און ער דערמאָנט זיך ספּעציעל צוויי פון זיי, וואָס זיי האָבן געפאַסט אין דער דערמאָנטער שטאָט [מעקסיקע], נאָך דעם ווען זיי זײַנען צוריקגעקומען פון אַנגאָלאַ מיט נעגערס און האָבן געוווינט אויף דער גאַס וואָס פירט צום ברונעם אויפן ראָג סאַנטאָ דאָמינגאָ; און אַ טאָג פריִער איידער זיי האָבן דאָס געטאָן, האָבן זיי אים געזאָגט אַז דעם אַנדערן טאָג דאַרף מען פאַסטן, און זיי האָבן טאַקע געפאַסט; און האָבנדיק געגעסן וועטשערע די פריִערדיקע נאַכט, האָבן זיי דעם גאַנצן אַנדערן טאָג גאָר נישט טועם געווען ביז אָוונט, ווען ס'האָט זיך באַוויזן אַ שטערן; דאָס האָבן זיי געטאָן כדי אָפּצוהיטן תורת משה, און דעמאָלט האָבן זײַנע פעטערס, פאַרזיכערנדיק זיך אַז קיינער זאָל זיי נישט זען, געגעסן גרינסן און נישט קיין שום פלייש; זיי האָבן אים אויך געזאָגט אַז ער זאָל זאָגן די תפילות וואָס זיי האָבן אים

> אויסגעלעדנט, כדי ער זאָל אַזוי אַרום אָפּהיטן תורת משה; אַז זיי וועלן זיי אויך זאָגן, אָבער באַזונדער, און ער האָט טאַקע זיי געזאָגט.
>
> און ער האָט אויך געפאַסט אַנדערע תעניתים צוזאַמען מיט די דערמאָנטע פּעטערס זײַנע, און אין דער זעלבער פאָרעם, אָבער ער געדענקט נישט צי אין דער דאָזיקער שטאָט, צי אין ווערזאַקרוווז [פּאָרט], איידער זיי זײַנען אַראָפּגעקומען קיין מעקסיקע. און בעת די דערמאָנטע תעניתים האָבן זיי נישט דורכגעפירט קיין אַנדערע צערעמאָניעס אָדער ריטואַל, און ער געדענקט אויך [נישט] אַז זיי זאָלן אַזעלכעס אים האָבן אויסגעלערנט, חוץ דעם וואָס די דערמאָנטע פּעטערס זײַנע האָבן אים אָפּן געזאָגט און ער זיי בײַ אַ סך און פאַרשיידענע געלעגנהייטן, אַז זיי זײַנען אָפּ־היטערס פון תורת משה. און כדי די דאָזיקע תורה אָפּצוהיטן און אויספאָלגן האָבן זיי זיך אָנגעטאָן ריינע וועש שבת און אויך דעם דאָזיקן טאָג, באַטראַכט ווי אַ יום־טוב אין וועלכן זיי האָבן נישט געאַרבעט. דאָס אַלץ האָבן זיי אים אויסגעלערנט, דערנאָך ווי זיי האָבן אים פאַרדאָרבן און אים אָפּגערעדט פון גלייבן אין אונדזער האַר יעזוס קריסטוס.

דעם 11טן אַפּריל 1641 האָט דער מסור ווידער געבעטן אַן אוידיענץ בײַ די אינקוויזיטאָרן און זיי אויסגעזאָגט אַז דער טייל פון דער משפחה זײַנער וואָס איז פאַרבליבן אין סאַן וויסענטע לעבט דאָרטן ווי יידן, „מחמת דעם וואָס זייערע תעני־תים זײַנען אַנדערע ווי די קאַטוילישע; זיי זײַנען נישט טועם אַ גאַנצן טאָג ביזן אָוונט ווען עס דערווײַזט זיך אַ שטערן, און דעמאָלט עסן זיי מאכלים פון גרינס, און זיי קאָכן זיי אין נײַע טעפּ, אָדער אין אַזעלכע, וואָס מע האָט נישט געקאָכט קיין פליש, און אין טעג ווען זיי עסן יאָ פליש, וואַשן זיי עס מיט הייס וואַסער, כדי עס זאָל זיך גוט אויסרייניקן פון בלוט, און זיי שנײַדן אויס די דריזן און דאָס פעטס און אויך דאָס גאַנצע פעטס וואָס ס׳פליש האָט אין דער אינעווייניקסטער זײַט. זיי זאָגן אַז דאָס איז חלב. און איייניקע מאָל האָט ער געזען ווי זיי האָבן אָנגעפילט לעמפּלעך מיט אייל און זיי אַוועקגעשטעלט אַזוי אַז מע זאָל זיי נישט קענען אָנרירן נאָך דעם ווי זיי וועלן זיך אָנצינדן און זיי האָבן אין זיי נישט געבלאָזן די גאַנצע נאַכט; און זיי האָבן געברענט ביז טאָג און דער אייל איז פאַרבליבן דער זעלבער ווי ער איז געווען — אַזוי אַלנפאַלס האָבן זיי געזאָגט".

זעט זיך אויס, אַז בעת זײַן צווייטער אוידיענץ איז דער מסור געווען מער זיכער אין זיך און ער האָט זיך שוין אויך געהאַט מער אײַנגעלעבט אין זײַן עקלדיקער ראָלע, ווײַל ער האָט בעת איר פאַרלויף אויסגעבעסערט דאָס וואָס ער האָט אויף דער ערשטער געזאָגט מכוח דעם עלטער ווען זײַנע פעטערס האָבן אים באַקערט צו תורת משה: 13 יאָר, ד״ה ווען ער איז געווען אין עלטער פון בר־מצווה, און נישט 14 אָדער 15 יאָר, ווי ער האָט פריִער געהאַט אָנגעגעבן. ער האָט אויך איבערגעגעבן דעם טעקסט פון דער תפילה וואָס זײַנע פעטערס האָבן אים אויסגעלערנט, הגם ער האָט פריִער געהאַט געזאָגט, אַז ער געדענקט זי נישט מער. אָבער כדי זיך רעכטצופאַרטיקן פאַר דער אינקוויזיציע און בײַ איר נושא־חן צו זײַן, איז נישט גענוגנדיק געווען אויסצוזאָגן די אייגענע „זינד", מע האָט אויך געמוזט איבערגעבן אַלע פּרטים וועגן די „זינד" פון אַנדערע. גאַספּאַר דע ראָבלעס איז דאָס איצט געווען גרייט צו טאָן אָן קיין שום פאַרבאַ־

האַלט, ווײַל נאָר אַזוי אַרום האָבן די אינקוויזיטאָרן אָנערקענט, אַז ער האָט „באַפרײַט זײַן געוויסן". און באמת: ער האָט פאַר זיי געמסרט אַלע אַנוסים, וועל־כע זײַנען אים געווען באַקאַנט. צווישן די געמסרטע האָט ער אָנגערופן אויפן ערשטן אָרט די פרוי בלאַנקאַ דע ריוועראַ מיט אירע פינף טעכטער. זיי, ווידער, ווען מע האָט זיי אַרײַנגעשלײַדערט אין די אינקוויזיציע־קעלערן — האָבן צווישן די פיל אַנוסים וואָס זיי האָבן אויסגעגעבן, אָנגעוויזן צום אַלעם ערשטן אויף כואַן פאַטשעקאָ דע לעאָן, ניט געקוקט אויף זײַן יונגן עלטער, דער געבילדסטער ייִד פון נײַ־שפּאַנישן וויצעקעניגרײַך פון יענער עפּאָכע.

## 4. דער יונגער מאַטשאָראָ (לעאָן) און די זקנה בלאַנקאַ ענריקעז — צוויי מדריכים פון די מעקסיקאַנער יידן

בהסכם מיט די ידיעות וואָס מיר פאַרמאָגן, האָט דער יונגער איטאַליענישער ייִד כואַן דע לעאָן, וועמענס לעבנסוועג מיר האָבן בדעה דאָ איבערצוגעבן, נישט געהערט צו יענעם מין אָטאַנטוריסטן, וואָס זײַנען געווען גרייט אויסצושטעלן זיך אויף די פיזישע און מאָראַלישע סכנות וועלכע האָבן אין יענער צײַט געלויערט אויף די רײַזנדיקע אין די פיליפינען. דעריבער איז אָנצונעמען, אַז ער האָט די אינקוויזיטאָרן געזאָגט דעם אמת ווען ער האָט זיי דערקלערט, אַז צו די 20 יאָר, אין יולי 1639, איז ער געקומען קיין מעקסיקע כדי אויסצוזוכן זײַן פאָטער דוד מאַטשאָראָ, וועלכער האָט געטראָגן דעם קריסטלעכן נאָמען אַנטאָניאָ פאַרפאַן דע נאַרוואַעז. אָבער ווי מיר ווייסן שוין, איז דוד מאַטשאָראָ אומגעקומען בעת זײַן נסיעה, אַזוי אַרום איז זײַן 20־יאָריקער זון שלמה געבליבן אָן אַ פּרוטה און פול־שטענדיק אַליין. סימפּאַטאַמאַטיש איז אָבער דער פאַקט, אַז זײַן פאַריתומטקייט האָט געדויערט זייער קורץ. במשך די 15 טעג, וואָס ער איז געווען אין מעקסיקע, האָט ער געפונען פרײַנד, פּראָטעקטאָרן און תלמידים. ווײַל וויסן דאַרף מען, אַז שלמה מאַטשאָראָ — וועמענס קריסטלעכער נאָמען איז געווען כואַן פאַטשעקאָ דע לעאָן — איז מיט דער זעלביקער שנעלקייט ווי ער האָט אויפגעהערט צו זײַן פאַראייניזאַמט, געוואָרן באַטראַכט ווי דער גײַסטיקער מדריך פון די מעקסיקאַ־נער באַהאַלטענע ייִדן. דאָס איז נישט מײַנס קיין אויסגעטראַכטע מעשה און אויך נישט קיין בייזוויליקע באַשולדיקונג פון דער אינקוויזיציע, נאָר אַ פאַקט, וועלכן עס האָבן אויפגעדעקט צאָלרײַכע עדות פון זײַן פּראָצעס. די זעלבע עדות האָבן אויך אויסגעזאָגט, אַז די זקנה בלאַנקאַ ענריקעז, וועלכע איז פאַר מאַטשאָראָס אָנקומען קיין מעקסיקע, געווען די רעליגיעזע אויטאָריטעט פון די געהיימע ייִדן, האָט נאָך דעם איבערגעגעבן די פונקציע דעם יונגן ליוואָרנער ייִד. עס איז ביז גאָר אינטערעסאַנט צו דערציילן, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דער אָפּריכטונג פון יום־כיפּור פון יאָר 1639, אַ פּאָר חדשים נאָכן אָנקומען פון שלמה מאַטשאָראָ קיין מעקסיקע. דאָניאַ בלאַנקאַ האָט געהאַלטן, אַז צוליב דעם וואָס דער „גרויסער

טאָג״ (דיאַ גראַנדע) איז אויסגעפאַלן שבת, דאַרף מען אָפּריכטן דעם תענית פרײַטיק; אָבער שלמה מאַטשאָראָ האָט באַוויזן, אַז דאָס איז נישט ריכטיק; אַז מע דאַרף פאַסטן דעמאָלט, ווען יום־כיפור פאַלט־אויס. דאָך האָט די מאַראַנישע עדה דאָס מאָל זיך געשפאָלטן. און זיי, וואָס האָבן אַזוי פיל ריזיקירט בכדי טרײַ אָפּצוהיטן די ייִדישע דינים, האָבן יום־כיפור געפאַסט אין צוויי באַזונדערע טעג. אָבער פון דעמאָלט אָן איז מאַטשאָראָ געוואָרן דער אַלגעמיין־אָנערקענטער מדריך פון די מעקסיקאַנער געהיימע ייִדן. דאָס איז צו דרינגען פון זײַן אייגענעם פּראָצעס און פון די פּראָצעסן פון אַנדערע אַנוסים, וואָס זייערע דאָקומענטן געפינען זיך אין מײַן באַזיץ. צו קיין קאָנפליקט מיט דאָניאַ בלאַנקאַ איז נישט דערגאַנגען; זי האָט גיך אָנערקענט די גרעסערע בקיאות פון איר יונגן קאָנקורענט. לעאָן (מאַטשאָראָ) פון זײַן זײַט, רעדט — אין זײַנע געהיימע שמועסן מיט פראַנציסקאָ באָטעליאָ — מיט דער גרעסטער באַוווּנדערונג וועגן דער סעוויליער זקנה. ער דריקט זיך אויס וועגן איר: „זי איז געווען אַ בראַווע פרוי און האָט אָפּגעהיט די דינים ווי עס דאַרף צו זײַן״. ער גיט ווײַטער צו, אַז טראָץ די שווידערלעכסטע פײַניקונגען אין דער סעווילי‌ער אינקוויזיציע האָט זי וועגן קיין שום אַנוס נישט אויסגעזאָגט גאָר נישט. דאָך האָט זי זיך געראַטעוועט אַליין פון טויט און אויך געראַטעוועט אַנדערע פּראָצעסירטע, הגם אויף אירע אָרעמס און פיס זײַנען פאַרבליבן טיפע צייכנס פון די אַכזריותדיקע אינקוויזיציע־טאָרטורן.

דאָניאַ בלאַנקאַ, די מאַטריאַרכין פון שבט ענריקעז, וועמענס „עלטערן און אורעלטערן זײַנען אַלע פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט בעת זייער לעבן, אָדער ס׳זײַנען פאַרברענט געוואָרן זייערע סטאַטועס נאָך זייער טויט, אָדער זײַנען געוואָרן פאַראורטײלט צו תפיסה־שטראָפן און אַרעסטירט געוואָרן דורך די אינקוויזיציעס אין שפּאַניע, פּאָרטוגאַל און די קאָלאָניעס״, פאַרדינט אָן שום ספק אַז איר ביאָגראַפיע זאָל פאַרשריבן ווערן. איצט אָבער קענען מיר בלויז זאָגן דאָס וואָס ווערט וועגן דעם איבערגעגעבן אין שײַכות מיטן פּראָצעס פון שלמה מאַטשאָראָ: „אַז אַלע יאָר, דרײַ טעג פאַר פּאַסכאַ פון תחית־המתים, האָט זי פאַרטיילט צווישן איר פאַרצווײַגטער משפחה דאָס נישט געזײַערטע ברויט, וואָס זי האָט אויסגעקנעטן, כדי צו פּראַווען דעם פסח פון שעפעלע״. זי האָט אויך צווישן די איריקע אויפגעהאַלטן און באַקרעפטיקט דעם גלויבן אינעם באַלדיקן קומען פון משיח. דעם 1טן יאַנואַר 1642, ווען די דאָזיקע העלדישע מוטער פון פאָלק ישראל אין שפּאַניש־אַמעריקע האָט אויסגעהויכט איר נשמה, איז זי צוגעגרייט געוואָרן צו איר אייביקן וועג בהסכם מיטן ייִדישן דין; אָבער באַגראָבן איז זי געוואָרן — קיין אַנדער אויסוועג איז נישט געווען — אויף אַ קירכלעכן צווינטער; כדי אויף צו פאַרזיכערן זיך אַז די אינקוויזיטאָרן האָבן נישט באַפוילן זי אויסצוגראָבן בכדי פעסטצושטעלן צי זי איז נישט באַערדיקט געוואָרן לויטן ייִדישן ריטואַל, האָבן אירע קינדער געשיקט זייערס אַ באַקאַנטן קרוב, אָבער ער, „אַ דערשראָקענער און ציטערדיקער איז באַלד צוריקגעקומען און געמאָלדן, אַז אַלץ איז רויק״.

## 5. משיחישע שטימונגען צווישן די מעקסיקאַנער מאַראַנען

דער גירוש פון שפּאַניע (אין 1492) און דער צוואַנג־שמד אין פּאָרטוגאַל (1497) האָבן צעשטערט דעם פּסיכישן גלײַכגעוויכט און די מאַטעריעלע עקסיס־טענץ פון די ייִדן, ווײַל עס האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזן, ווי מאַכטלאָז זיי זײַנען בײַשט קוקנדיק אויף זייערע בלומרשטע אײַנפלוסן און מאַטעריעלע גיטער. די דאָזיקע נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע, די גרעסטע ביז יענער צײַט, האָט דערפירט דערצו, אַז דער ייִדישער מיסטיציזם זאָל אַראָפּנידערן פון די הימלשע הויכקייטן אויף אונ־דזער זינדיקער ערד און זאָל באַווירקט ווערן דורך די טאָג־טעגלעכע זאָרגן און נויטן. ס'האָט געמוזט אַזוי געשען, ווײַל קיין פּאַקטישע לייזונג פֿאַר דער ייִדישער לאַגע אין יענער עפּאָכע איז נישט געווען. דעריבער איז אַרויפגעשווומען אַן אי־רעאַלע אידעע.

אין אַזאַ געדריקטער גײַסטיקער און מאַטעריעלער לאַגע, און בײַ אַזאַ פּאָלק ווי דאָס ייִדישע, איז נאַטירלעך געווען, אַז ס'זאָל אַנטשטיין אַ ברייט פעלד פֿאַר משיחישע וויזיעס און אַז די דאָזיקע וויזיעס זאָלן דערפירן צו קבלה־חשבונות. אָבער ווי דאָס אַלץ איז דערגאַנגען צו די מאַראַנען פון מעקסיקע, — דאָס איז אַ פראַגע אויף וועלכער מיר קענען ענטפערן אַ דאַנק די יאָרן לאַנגע פאָרשונגען, וועלכע האָבן באַוויזן, אַז זיי זײַנען קיין מאָל נישט געווען אָפּגעריסן פון די איי־ראָפּעיִשע קהילות. טאַקע שלמה מאַטשאָראָ, וועלכער האָט געשטאַמט פון לי־וואָרנאָ, די ירושלים פון איטאַליע, און איז באַטראַכט געוואָרן דורך דער אינקווי־ציע ווי אַ שליח פון די אייראָפּעיִשע קהילות אויף צו פאַרשטאַרקן ייִדישקייט בײַ די מאַראַנען, איז אַ באַווײַז דערפֿאַר.

דאָס אַלץ איז, ווי נישט איז פאַרשטענדלעך. אָבער פֿאַר וואָס די מעקסיקאַ־נער געהיימע ייִדן האָבן געגלייבט, אַז משיח וועט קומען אין יאָר 1642 — פּונקט 150 יאָר נאָכן גירוש־ספרד און אַז ער וועט געבוירן ווערן פון אַ מעקסיקאַנער אשה, — דאָס איז מיר נישט באַוווסט, און כ'האָב אויך ערגעץ נישט געפונען קיין אָנדײַט אויף דעם. באַווירקט טאַקע פון די דערמאָנטע האָפענונגען און אַן אָנגעהעריקע צום שבט לוי, האָט די מוטיקע דאָניאַ אַנאַ ענריקעז, די טאָכטער פון דאָניאַ בלאַנקאַ, געגלייבט אַז איר זון, גאַספּאַר וואַעז, איז באַשטימט דורך דער השגחה צו זײַן דער דערלייזער פון ייִדישן פאָלק.

צוליב דער מוטיקער האַלטונג פון דאָניאַ אַנאַ ענריקעז ווייסן מיר ווייניק דעטאַלן וועגן דעם ענין; אָבער עפּעס האָט זי דאָך געזאָגט די אינקוויזיטאָרן, כדי אויסצומײַדן די שווידערלעכע פּײַניקונגען, און אַנדערע זאַכן האָבן דערציילט די עדות:

אַז אַ פּאָר טעג פֿאַרן געבוירן איר זון גאַספּאַר, האָט איר אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אַ געהיימע ייִדישקע און בײַ דער געלעגנהייט האָט זי איר געוויזן די שיינע זאַכן וואָס זי האָט פֿאַר דער קימפּעט. די באַזוכערין האָט זיך דאַן אויסגעדריקט, אַז דער גאַנצער פּראַכט „וועט פּײַן אָנגעווענדט ווערן פֿאַרן משיח פון די פּאָר־

טוגעזער, פון וואָס די דערמאָנטע דאָניאַ כּואַנאַ האָט זיך צעלאַכט און איז געווען שטאַרק צופרידן". חוץ דעם, ווען זי איז געווען מעוברת מיט גאַספּאַרן איז זי ניין מאָל געגאַנגען בעטן צו אַ בילד פון משה רבנו, וואָס איז געהאַנגען ביי אַ געוויסער ייִדישקע און זי האָט אויך געגעבן אויפצוניייען פיר אָדער פינף העמד־לעך „פאַרן יורש וואָס האָט געהאַלטן אין געבוירן ווערן, וועלכער איז געווען דער משיח און ווען מע וועט דערציִען בהסכם מיט דעם, דאָס הייסט, בהסכם מיטן ייִדישן אופן".

אַן אַנדערער עדות זאָגט, אַז מע האָט געטראַכט גאַספּאַרן חתונה צו מאַכן אויף אַ ספּעציעלן ייִדישן אופן און זיין מוטער האָט מען געשעצט, ווייל פון איר שויס האָט געדאַרפט געבוירן ווערן דער משיח.

אַ פרישער עדות זאָגט, אַז אין אַ געוויסן אָוונט פון יאָר 1641, בעת אַ שמועס אין הויז פון סימאָן וואַעז סעווילִיאַ, האָט אַ געוויסע פערזאָן אים געפרעגט וואָס ער האָט אויפגעטאָן יענעם נאָכמיטאָג? וואָעז האָט אים געענטפערט „אַז ער איז געווען באַשעפטיקט, ווייל אַן אַדלמאַן איז געקומען פאַרמשכונען ביי אים אַ ברוסט־באַפּוצונג און אַ מוילהאַלטער מיט זילבערנע גלעקלעך, וואָס מע באַ־נוצט אויך צו באַפּוצן פערד בעת פייערלעכקייטן. אויף וואָס די דערמאָנטע פער־זאָן האָט געזאָגט, אַז די זאַכן זיינען נייטיק פאַר דער גרויסער פרייד וואָס זיי וועלן האָבן, מחמת די תורה וואָס ווערט אָפּגעהיט וועט בקרוב ווערן איינע, און זי איז דאָך תורת משה די איינציק אמתע; און די וואָס זיינען איר געווען טריי וועלן זיך דעמאָלט אָנטאָן אין פאַרביקע מלבושים. און זיי האָבן זיך שטאַרק דער־פרייט דערמיט". ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט ווערט געזאָגט, אַז די ייִדן וועלן אין משיחס צייטן טראָגן מיט גאָלד־באַצירטע [dorado] מלבושים.

וועגן דעם „משיח" אַליין איז נאָר דאָ צו זאָגן, אַז אין יאָר 1642, ווען ער איז אַלט געווען 18 יאָר איז ער אַרעסטירט געוואָרן; אַז ער איז געווען אַ דרייסטער יונגערמאַן און אַ פרומער ייִד; אַז ער האָט געוווּסט וועגן דער ראָלע וואָס ער דאַרף שפּילן אַלס אַ „דערלייזער" פון ייִדישן פאָלק — אַ זאַך וואָס עס האָבן אויך געוווּסט אַנדערע אַנוסים און האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט רעספּעקט; און ווי אַ לוי, פון פאָטערס צד און מסתמא אויך ווי אַ קינפטיקער משיח האָט מען אים געמוזט, און ער האָט דאָס געפאָדערט — אויך פון פרויען — מע זאָל אים אָפּ־גיסן די הענט, ביים וואַשן.

ס'איז קיין ווונדער נישט, אַז ווען שלמה מאַטשאָראָ איז אָנגעקומען קיין מעקסיקע, האָבן דעם „משיחס" עלטערן — זיכער אויף דער אָנווייזונג פון זיין באָבען — אים אויסגעקליבן ווי זייער לערער און מורה־דרך.

## 6. סימאָן וואַעז סעווילליאַ, דער הויפּט פון די מעקסיקאַנער מאַראַנען

ווי עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, האָט כואַן דע לעאָן, אַ פּאָר טעג נאָך זײַן אָנקומען קיין מעקסיקע, געשלאָסן פרײַנדשאַפט מיט די בלאַנקאָס דע ריוועראַ — יונגע פּרויען, וועלכע האָבן זיך מפרנס געווען „מיט דער נאָדל". שפּעטער האָט ער זיך אַרײַנגעצויגן אינעם רחבותדיקן הויף פון סימאָן וואַעז סעווילליאַ, וואָס איז געווען דער גרעסטער סוחר צווישן די מעקסיקאַנער מאַראַנען פון זײַן צײַט. וועגן וואַעז סעווילליאַס הויז זאָגט דער אינקוויזיציע־אַדוואָקאַט, וואָס האָט געשילדערט „די גרויסע פאַרשווערונג", אַז אין דעם דאָזיקן הויז „האָבן זיך אײַנגעקוואַרטירט אַלע יודאַיזירערס, וועלכע זײַנען געקומען פון שפּאַניע, פּערו, פון די פיליפּינען און פון די פאַרשיידנסטע טיילן פון דעם דאָזיקן קיניגרײַך". ווען שלמה מאַטשאָראָ האָט זיך דאָרט אַרײַנגעצויגן, האָט זײַן שפּײַכלער אָנגעהויבן „צו זידן מיט רחבות" — ווי עס האָט געזאָגט די באַלעבאָסטע פון הויף — און איר זון איז געוואָרן זײַן איבערגעגעבענער און שטענדיקער חבר.

אין דער אַ פּאָר מאָל דערמאָנטער שילדערונג פון אויטאָ־דע־פע זאָגט זיך, אַז די מעקסיקאַנער אַנוסים, פון דער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט, האָבן באַטראַכט ווי זייער „עלטסטן און קאָפּ" דעם מאַראַן סימאָן וואַעז סעווילליאַ. עס ווערט אויך באַהויפּטעט, אַז אים זײַנען באַקאַנט געווען „די גרעסטע סודות מכוח דעם וואָס עס איז געטאָן געוואָרן און וואָס מע האָט געטראַכט צו טאָן כדי צו פאַרשטאַרקן ייִדישקייט אין די מקומות". אָבער ווען ער איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע, האָט ער זיך געפּרוווט אַרויסדרייען מיטן תירוץ, אַז „אויב ער האָט געפאַסט, האָט ער מיט דעם נישט געמיינט אָפּצוהיטן ייִדישקייט". מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז נישט געווען גלאַט אַזוי אַ תירוץ נאָר עס האָט אַנטהאַלטן אַ שטיק אמת, מחמת וואַעז סעווילליאַ איז נישט געווען דער גײַסטיקער מדריך פון די אַנוסים, נאָר זייער עצה־געבער, שתדלן און פּראָטעקטאָר, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין ענינים פון טאָג־טעגלעכן לעבן. עפּעס אַזוינס ווי מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז, דער „גרויס־קאַפּיטאַן" פון די לימער אַנוסים פון יענער עפּאָכע.

וועגן סימאָן וואַעז סעווילליאַ ווייסן מיר בלויז, אַז ער האָט געפירט גרויסע מסחרים; אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט זיי האָט ער געהאַט קאָנפליקטן מיט דער מאַכט און אַז ער האָט זיך אויפגעפירט ווי אַ גרויסער שררה. דער פּאַטער באַקאַנעגראַ, וואָס האָט באַשריבן דעם אויטאָ־דע־פע אויף וועלכן ער איז פאַרמשפּט געוואָרן, זאָגט, „אַז ער האָט זיך אַליין אויפגעפירט מאַיעסטעטיש און מיט פּאָמפּע און ער האָט דאָס אויך געפאָדערט פון די אַנדערע יודאַיזירערס. זיי פלעגן אָנקומען אין זײַן הויז מיט רעקאָמענדאַציעס פון ליוואָרנאָ, פּיזאַ, שפּאַניע און אַנדערע ערטער און זיך ווענדן צו אים ווי צו זייער הויפּט, און ער פלעגט זיי אײַנאָרדענען און פונאַנדערשיקן מיט סחורה איבערן גאַנצן לאַנד".

טאַקע כּוֹאַן דע לעאָן, נאָך דעם ווי ער האָט פאַרבראַכט אין זײַן הויז צוויי יאָר, איז דורך אים אינסטאַלירט געוואָרן מיט אַ געשעפט אין דער שטאָט קערעטאַראָ.

## 7. שלמה מאַטשאַראָ אין די נעגל פון דער אינקוויזיציע

דעם 22סטן מײַ 1642 האָבן די אינקוויזיטאָרן אַרויסגעגעבן דעם אַרעסט־באַפעל קעגן מאַטשאַראָן, וועלכער האָט זיך אין יענעם מאָמענט שוין געפונען אין קערעטאַראָ. די אויפגאַבע אים צו אַרעסטירן און פערזענלעך צו ברענגען קיין מעקסיקע איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם פריוווילליקן דינער פון „הייליקן דינסט" — פאַמיליאַר — דיעגאָ דע אַלמאָנאַסיר סאַלאַזאַר. דער אַרעסט־באַפעל איז געווען אַדרעסירט צום קאָמיסאַר פון דער הייליקער אינקוויזיציע אין קע־רעטאַראָ און צום הויפּט פון דער אָרטיקער קיניגלעכער מאַכט, דאָן כּוֹאַן דע לאַ סערנאַ האַראָ אי וועגאַ. עס איז סימפּטאָמאַטיש וואָס אינעם אַרעסט־באַפעל ווערט מאַטשאַראָ באַצייכנט ווי אַ „פּאָרטוגעזער", הגם די אינקוויזיטאָרן האָבן פון די באַריכטן אין זייערע אַרכיוון גוט געוווסט, אַז ער איז דאָס נישט געווען. אַזוי אַרום באַשטעטיקט זיך נאָך אַ מאָל מײַן טעזע, אַז אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע האָט דאָס וואָרט „פּאָרטוגעזער" געמיינט ייִד.

דעם קאָמיסאַר פון דער הייליקער אינקוויזיציע אין קערעטאַראָ, וואָס איז גלײַכצײַטיק געווען דער הויפּט פון אָרטיקן פראַנציסקאַנער אָרדן, האָבן די אינ־קוויזיטאָרן באַפוילן, אַז ווי נאָר כּוֹאַן דע לעאָן וועט פאַרהאַלטן ווערן, „זאָל ער אים אײַנזעצן אין אַ פעסט און זיכער אָרט פון זײַן מאָנאַסטיר אין דעם דאָזיקן פלאַץ, און ער זאָל אַלץ טאָן, כּדי ער זאָל זיך מיט קיינעם נישט קענען פאַר־שטענדיקן, און צוליב דעם זאָל ער פערזענלעך בײַזײַן ווען מע וועט אים געבן מיטיק און וועטשערע; און שטענדיק ווען מע וועט עפענען די טיר פון דער תּפיסה אין וועלכער ער וועט אים אײַנזעצן. און איר זאָלט בײַ אים קאָנפיסקירן אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט, בהסכּם מיט דעם וואָס מיר פאָדערן פון אײַך אין אַרעסט־באַפעל; און קודם־כּל זאָלט איר בײַ אים צונעמען די שליסלען פון זײַן הויז און געשעפט און אויך די ביכער, אויב ער וועט האָבן אַזעלכע".

די דרײַ באַאויפטראָגטע צו אַרעסטירן מאַטשאַראָן האָבן דורכגעפירט דעם באַפעל פון די אינקוויזיטאָרן דעם 30סטן מײַ 1642 און האָבן טאַקע — אַזוי ווי מע האָט זיי פאַראָרדנט — אײַנגעזעצט דעם אַרעסטאַנט אין איינער פון די צע־לעס פון קאָנווענט פון הייליקן פראַנציסקוס. ביני לביני איז אַלץ וואָס מאַטשאַראָ האָט פאַרמאָגט סעקוועסטרירט געוואָרן דורך די אינקוויזיציע־דינערס. ווען די דאָזיקע אַרבעט איז פאַרענדיקט געוואָרן און ס'איז געמאַכט געוואָרן אַ גענויער רעגיסטער פון אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט, איז דער געוועזענער געפאַנגענער אין אַלזשיר, ווידער אַ געפאַנגענער און אַ געשמידטער אין קייטן, אָפּגעפירט גע־

וואָרן אין דער שטאָט מעקסיקע, ווו ער איז אָנגעקומען דעם 7טן יוני. נאָך דעם ווי דער פּאָרטיער האָט אים שטרענג בודק געווען, האָט דער דאָזיקער אינקוויזיציע־דינער בײַ אים געפֿונען, אַ חוץ וועש, הייליקע צײַלקרעלן אויף צו זאָגן תּפֿילות — אויף אַזוי פֿיל האָט אַ מאַראַן געמוזט זײַן פֿאָרזיכטיק — און צוואַנציק פּעזעס.

שוין בעת דעם ערשטן פֿאַרהער, דעם 2טן יולי, האָט כּואַן דע לעאָן געבעטן מחילה בײַ די אינקוויזיטאָרן „פֿאַר די זינד וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן גאָט". ער האָט אָנגעגעבן ווי די סיבה פֿון זײַן שלעכטער אויפֿפֿירונג דאָס, וואָס „זייענדיק קוים אַ צוויי־יאָריק קינד האָבן זײַנע עלטערן אים געבראַכט קיין ליוואָרנאָ, די מלוכה פֿון גרויספֿירשט פֿון פֿלאָרענץ, ווו זיי האָבן אים אויפֿגעהאָדעוועט, און דאָרט זײַנען זיי געווען שכנים און האָבן אָפּגעהיט תּורת משה, וואָס זיי האָבן אים אָנגעהויבן לערנען ווען ער איז אַלט געוואָרן פֿיר יאָר; זיי האָבן אים אויך געשיקט אין דער ייִדישער שול, כּדי ער זאָל זיך דאָרט אויסלערנען די העברעיִשע שפּראַך און די תּפֿילות פֿון דער דערמאָנטער תּורה. אין ליוואָרנאָ זײַנען געווען דרײַ אַזעלכע שולן פֿון לערער־רביים, וועלכע האָבן געלערנט — איינער האָט געהייסן אַברהם, דער אַנדערער יעקב און דעם נאָמען פֿון דריטן דערמאָנט ער זיך נישט".

אויף אַ נאַיִוון אופֿן און זייער פֿלינק האָט ער געוואָלט דערגרייכן די אינקוויזיטאָרישע „באַרעמהאַרציקייט", מיט דעם וואָס ער האָט זיי געזאָגט אַז ער האָט געפֿילט אַן אינסטינקטיוון ווידערווילן צו גיין אין דער ייִדישער שול. אָבער חוץ אַלעם האָט ער זיך דאָך „אויסגעלערנט די העברעיִשע אותיות ווען ער איז אַלט געווען צווישן זעקס און זיבן יאָר און האָט זיי געקענט לייענען, און איז געגאַנגען אין שול צוזאַמען מיט די אַנדערע קינדער פֿון דער ייִדישער נאַציע; ער פֿלעגט אויך גיין אין די סינאַגאָגעס צוזאַמען מיט די אַנדערע ייִדן און זיך אויך אָנטאָן דעם זעלבן מלבוש וואָס די אַנדערע, וועלכע מע רופֿט טלית, וואָס איז עפּעס אַזוינס ווי אַ ליילעך וואָס די ייִדן — סײַ די עלטערע סײַ די קינדער — טוען עס אָן ווען זיי גייען אַרײַן אין דער סינאַגאָגע, כּדי צו הערן די תּפֿילה[2] — וועלכע באַדײַט דאָס זעלבע ווי די מעסע בײַ די קאַטאָליקן. דער ווידוי־אָפּגעבער האָט אין יענער צײַט געגלייבט און געהאַלטן תּורת משה פֿאַר אַן אמתדיקער תּורה און פֿאַר אַזעלכע וואָס זאָל אים דערלייזן — און אַז עס איז נישטאָ פֿאַראַן קיין אַנדערע. און קומענדיק צום עלטער פֿון צען אָדער צוועלף יאָר — ווען ער האָט שוין געהאַט פֿאַרשטאַנד, איז בײַ אים אַנטשטאַנען אַ נייגונג צו הערן די קריסטלעכע לערע און זיך אויסצולערנען זי; אָבער ער האָט זיך בלויז געלערנט שרײַבן און לייענען קריסטלעך, אָן דעם וויסן פֿון זײַנע עלטערן; אָבער ווען זיי פֿלעגן זיך וועגן דעם דערוויסן, פֿלעגן זיי אים באַשטראָפֿן".

מיט אַן אײַז־קאַלטער שטומקייט האָבן די אינקוויזיטאָרן אויסגעהערט די

[2] ביידע מאָל אין העברעיִש מיט שפּאַנישע אותיות.

רייד פון שלמה מאַטשאָראַ און אים באַפוילן, אַז ער זאָל איבערגעבן זײַן ביאָגראַ־פיע. ער האָט זיי דעמאָלט דערקלערט, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין אַנטע־קעראַ (אַנדאַלוזיע) און ווען ער איז אַלט געוואָרן צוויי יאָר — דאָס האָבן אויך באַשטעטיקט די עדות פון זײַן פּראָצעס — האָבן זײַנע עלטערן אים געבראַכט קיין ליוואָרנאָ, דעמאָלט אַ שטאָט מיט אַ ברוויזנדיק ייִדיש לעבן.

בהסכם מיט זײַנע דערקלערונגען אין דעם ערשטן טייל פון פּראָצעס, האָט ער אין ליוואָרנאָ באַקומען אַ גוטע ייִדישע דערציִונג און ער האָט זיך אויך אויס־געלערנט איטאַליעניש. ווען ער איז געוואָרן בר־מצווה, האָבן זײַנע עלטערן „אים אַוועקגעשיקט מיט אַ פעטער וואָס האָט געהייסן אַברהם־ישראל, אויף אַ שיף, וועלכע האָט געפירט סחורות פון זײַן פאָטער אין אַ פּלאַץ פון דער טערקישער מדינה וואָס האָט געהייסן איזמיר און אין אַנדערע ערטער, כּדי אויפן וועג זאָל ער אים פערפּעקציאָנירן אינעם לימוד פון תורת משה".

מאַטשאָראַ האָט ווײַטער דערציילט די אינקוויזיטאָרן, „אַז בשעת דער נסיעה האָבן אים די טערקן גענומען אין געפאַנגענשאַפט און אים אַוועקגעפירט אויף דעם אינדזל כיאָ, ווו ער איז געווען אַלס געפאַנגענער אין אַלזשיר פיר יאָר", ד"ה, ביז ער איז אַלט געוואָרן 17 יאָר. ער זאָגט זיי אויך, אַז צוזאַמען מיט די אַלזשירער ייִדן האָט ער אָפּגעהיט דעם ייִדישן דת און געדאַוונט אין דער אָרטי־קער שיל. ווען ער האָט זיך באַוויזן צו באַפרײַען פון געפאַנגענשאַפט און צוריק־קומען קיין ליוואָרנאָ, איז זײַן פאָטער נישט געווען אין דער היים. הגם זײַן מוטער, דאָניאַ לונאַ מאַטשאָראַ, האָט אים נישט געוואָלט אויסזאָגן ווו ער געפינט זיך, ווײַל זי האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אים נאָכפאָרן, האָט ער זיך דאָך דער־וווּסט אַז ער האַלט זיך אויף אין שפּאַניע; איז ער טאַקע געפאָרן אים זוכן. אָבער דוד מאַטשאָראַ, אָדער אַנטאָניאָ פאַרפאַן דע נאַרוואַעז, איז שוין געהאַט אַוועק פון סעווויליע; דאָך האָט ער אים געלאָזט זאָגן אַז ער זאָל אים נאָכפאָרן אין די שפּאַ־נישע קאָלאָניעס. ער האָט טאַקע דאָס געטאָן אין מײַ אָדער אין יוני 1639 אין דעם פלאָט פון דאָן מאַרטין דע אָרבעאַ.

עס איז אויסער יעדן צווייפל, אַז דאָס וואָס כואַן דע לעאָן האָט געזאָגט די אינקוויזיטאָרן וועגן זײַן נייגונג צו דער קאַטוילישער רעליגיע ווען ער איז אַלט געווען צווישן 10 ביז 12 יאָר, שטימט נישט מיט דעם וואָס ער האָט זיי געזאָגט וועגן זײַן אויפפירונג אין אַלזשיר; נאָך ווייניקער שטימט דאָס מיט זײַן גיכן — 15 טעג נאָך זײַן אָנקומען קיין מעקסיקע — פאַרבינדן זיך מיט דער פאַמיליע בלאַנקאָ דע ריוועראַ, ווו ס'פלעגן זיך צוזאַמענקומען די מערסטע געהיימע ייִדן. אָבער אין דעם ערשטן עטאַפּ פון זײַן פּראָצעס האָט כואַן דע לעאָן די אילוזיע, אַז די אינקוויזיטאָרן ווייסן ווייניק וועגן אים; ער קען אויך נישט זייערע ראַפי־נירטע מעטאָדן אַרויסצובאַקומען דאָס וואָס עס אינטערעסירט זיי. אַרויסגייענדיק פון דער דערמאָנטער הנחה, דערציילט ער זיי אויף דעם צווייטן פאַרהער, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 4טן יולי, נאָך אַ מאָל וועגן זיין אײַנגעבוירענער נייגונג

צום קריסטנטום. ער גיט צו צו דעם וואָס ער האָט געזאָגט אויף דעם ערשטן פאַרהער, אַז אין דער שול פון דער ליוואָרנער סינאַגאָגע האָט ער זיך אויסגע־לערנט „תפילות און קאַפּיטלעך תהילים; אָבער כאָטש ער האָט זיי געהערט זאָגן האָט ער זיי קיין מאָל נישט פאַרשטאַנען און אויך נישט די שפּראַך אין וועלכער זיי זײַנען געזאָגט געוואָרן; ער האָט בלויז באַוויזן אויסצולערנען זיך דעם אַלף־בית פון דער העברעישער שפּראַך". ווײַטער דעקט ער אויף אַ וויכטיקן אײנצל־הייט: אַז ווען ער איז געבוירן געוואָרן, און דאָס איז געשען אין שפּאַניע, האָט מען אים געשמדט; און ווען זײַנע עלטערן האָבן זיך באַזעצט אין ליוואָרנאָ, האָט מען איבער אים דורכגעפירט די ברית־מילה. אָבער צוליב זייערע געזעצן האָבן זיך די אינקוויזיטאָרן נישט באַנוגנט בלויז מיט זײַן דערקלערונג; זיי האָבן — דעם 25סטן יולי — באַפוילן דעם ד"ר ראַדריגאָ מוניאָז, וואָס איז געווען מעדיקער און „פּריוויליקער דינער פון הייליקן דינסט", און די כירורגן דאָמינגאָ דע סאַו־סעדאָ און דיעגאָ סאַנטשעז, אַז זיי זאָלן אים רעווידירן, צי ער איז טאַקע געמלט.

נאָכן אָפּגעבן די שבועה אַז זיי וועלן טרײַ און לאָיאַל אויספירן זייער מיסיע און זיי וועלן קיינעם קיין מאָל נישט אויסזאָגן גאָר נישט וועגן איר, איז דער מעדיקער מיט די כירורגן אַרײַנגעפירט געוואָרן אין דער קאַמער וווּ עס איז גע־זעסן שלמה מאַטשאָראָ און נאָך דער געהעריקער רעוויזיע האָבן זיי דערקלערט, „אַז זיי האָבן באַטראַכט דעם דערמאָנטן כואַן דע לעאָן מיט פאָרזיכט און פלײַס, און בהסכם מיט זייער וויסן און דערפאַרונג איז ער נישט געמלט, נישט באַשניטן און האָט אויך נישט קיין צייכן און נישט קיין צייכן פון אַ וווּנד וואָס זאָל דאָס באַווײַזן, ווײַל אויב ער וואָלט געווען געהאַט אַזאַ וווּנד, וואָלט אוממעגלעך גע־ווען אַז עס זאָל נישט איבערבלײַבן עפּעס אַ צייכן פון דער ברית־מילה. און דאָס איז וואָס זיי פילן אין גאָט און אין זייער געוויסן און אונטער די שבועה וואָס זיי האָבן באַלייגט". אָבער טשיקאַווע איז, אַז אַן אַנדערער אינקוויזיטאָרישער עקיפּ פון מעדיצינער, וועלכער איז דאָס מאָל באַשטאַנען פון פיר פאַכלײַט, פון וועלכן יעדער איינער באַזונדער האָט געמוזט צושטעלן זײַן באַריכט, האָט דערקלערט, „אַז לויט זײַן וויסן און דערפאַרונג" איז כואַן דע לעאָן יאָ געמלט.

אין דער סטאַדיע פון פּראָצעס, האָבן די אינקוויזיטאָרן דערלויבט מאַטשאָ־ראָן זיך אויסצוקלײַבן אַן אַדוואָקאַט. די ווייניק באַקאַנטע מיט די אינקוויזיציע־פּראָצעדורן — אָפּגערעדט שוין פון אירע הײַנטצײַטיקע פאַרטיידיקערס — קע־נען גלייבן אַז עס האָט זיך באמת געהאַנדלט וועגן אַן אַדוואָקאַט. דאַרף דאָ גע־זאָגט ווערן, אַז דאָס איז בלויז געווען אַ פאָרמאַליטעט, און דער כלומרשטער אַדוואָקאַט — אַ רײַנראַסיקער קריסט — איז בלויז געווען אַן אַרויסהעלפער פון די אינקוויזיטאָרן.

## 8. איז שלמה מאַטשאָראָ געווען אַ שליח פון די אייראָפּעישע יידן צו די אַמעריקאַנער מאַראַנען?

אמת איז, אַז אַזאַ געדאַנק איז מיר געקומען אין דמיון אַרײַן, ווען איך האָב געהאַלטן אין דעשיפרירן דעם פּראָצעס פון שלמה מאַטשאָראָ; דאָך האָט מיר שטאַרק געוווּנדערט, וואָס אויך אַן אינקוויזיטאָר און דווקא דער בלוטיקסטער, האָט אין באַשולדיקונג־אַקט אויסגעדריקט די זעלביקע מיינונג. ער האָט געזאָגט שוין אין ערשטן אַרטיקל פון באַשולדיקונג־אַקט, אַז מאַטשאָראָ איז אַ „באַרימטער רב"; און אין 3טן אַרטיקל האָט ער דערקלערט, אַז אויף דער ביטע פון די עלטערן פון גאַספּאַר וואָעז האָט ער זיך געווידמעט זײַן אויסבילדונג; און אַז זיי האָבן געוווּסט „אַז דער דערמאָנטער כואַן דע לעאָן האָט זיך אַריבערגעקליבן אין די מקומות ווי אַ מורה־דרך, אַ רב, פון די וועלכע האָבן אָפּגעהיט תורת משה און אויך כדי צו דאָגמאַטיזירן די יעניקע, וואָס וואָלטן זי געוואָלט אָפּהיטן". אינעם 42סטן אַרטיקל האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז שלמה מאַטשאָראָ (כואַן דע לעאָן) „איז אַ רב, אַ דאָגמאַטיסט און אַזעלכער וואָס איז געקומען אין די קיניגרײַכן ווי אַ שליח פון די ייִדן פון ליוואָרנאָ און פון אַנדערע מקומות, וועלכע ער האָט באַזוכט, כדי צו לערנען מיט די יעניקע וואָס ווינען דאָ און אויך פּראָפּאַגאַנדירן די פאַרדאַמטע תורת משה".

נאַטירלעך וואָלט מיר דאָס געשמעקט, אַפילו ווען דאָס באַשטעטיקט אַ בלוטדאָרשטיקער אינקוויזיטאָר. אָבער געשיכטע קען זיך נישט באַזירן בלויז אויף השערות און די פאַקטן זאָגן אונדז נישט אַז אין 17טן יאָרהונדערט האָבן עקסיסטירט ייִדישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זאָלן האָבן געשיקט זייערע מדריכים אין פאַרשיידענע לענדער. איז דאָך אין 16טן יאָרהונדערט דורכגעפאַלן דער פּרווו צו אָרגאַניזירן אַ בויקאָט אויפן שפּאַנישן מסחר צוליבן פעלן פון סאָלידאַריטעט. ווי קען מען דעריבער טראַכטן וועגן מדריכים פאַר גײַסטיקע צוועקן?

אָבער געזאָגט דאַרף ווערן, אַז שלמה מאַטשאָראָ איז באמת געווען דער רב — ער פלעגט זיך אַפילו יום־כיפור אָנטאָן קליידער פון אַ רב — פון דער מאַראַנישער עדה אין מעקסיקע אין דער מיט פון 17טן יאָרהונדערט. די דאָזיקע קהילה קדושה איז ווײַט נישט געווען אַזוי אומבאַדײַטנדיק, ווי ס'ווילט זיך פיל זאָגן, ווען מען נעמט אין אַכט אַז 200 מיטגלידער אירע זײַנען פאַרמשפּט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע.

## 9. דער ערשטער באַשולדיקונג־אַקט

צו דער פּראָצעדור פון דער אינקוויזיציע האָט געהערט דאָס צושטעלן ביז דרײַ באַשולדיקונג־אַקטן — אויב דער קרבן האָט נישט פריִער מודה געווען זײַנע זינד.

דער ערשטער באַשולדיקונג־אַקט אין פּראָצעס קעגן כואַן דע לעאָן האָט אַנטהאַלטן 104 אַרטיקלען, חוץ אַן אַרײַנפיר און פּרטימדיקע אויספירן צום סוף. אויף אַזאַ לאַנגער קייט פון יידישע „פאַרברעכנס" האָב איך זיך ביז איצט נישט אָנגעטראָפן אין מײַנע פאָרשונגען. איך וועל די וויכטיקסטע פון זיי דעריבער אויסרעכענען, נאַטירלעך, חוץ די וואָס זײַנען שוין דערמאָנט געוואָרן אין פריִער־דיקן קאַפּיטל.

אינעם 7טן אַרטיקל פון באַשולדיקונג־אַקט זאָגט דער פּראָקוראָר, אַז ערב יום־כיפור פון יאָר 1639, האָט כואַן דע לעאָן „באַזוכט אַלע הײַזער און וווינונגען פון די יעניקע וועלכע זײַנען אין דער שטאָט געווען טרײַ תורת משה און אין זיי אַלע דורכגעפירט די זעלביקע צערעמאָניע פון ליכטצינדן". דאָס איז נאָר טייל־ווײַז אמת.

אין דעם 20סטן אַרטיקל ווערט מאַטשאַראָ באַשולדיקט, אַז „ווי אַ רב פון תורת משה און ווי אַזעלכער וואָס ווייסט אַזוי פיל וועגן אירע ריטוסן און צערעמאָניעס, האָט ער אויסגעלערנט געוויסע פערזאָנען, אַז לויט דער דאָזיקער תורה זײַנען פאַראַן דרײַ וואָכן, וועלכע ווערן באַטראַכט ווי אומגליקלעכע און אַז די וואָס זײַנען איר טרײַ פאַסטן אין אָנהייב און בײַם סוף פון די דערמאָנטע דרײַ וואָכן".

אינעם 22סטן קאַפּיטל ווערט מאַטשאַראָ אָנגעקלאָגט, אַז ער האָט געזאָגט, אַז „ס'איז פאַראַן אַ פּסח וואָס פאַלט־אויס פאַר דער הייליקער וואָך פון די קריסטן און וואָס רופט זיך דער פּסח פון שעפּעלע, וועלכער ווערט אָפּגעהיט כּפי דער דערמאָנטער תורה און וועלכן מע עסט ברויט אָן הייוון, פיש און גרינסן".

אין 23סטן קאַפּיטל זאָגט זיך, אַז ער האָט געלערנט מיט די געהיימע ייִדן, אַז „פאַרן זאָגן די תפילות פון דער דערמאָנטער תורה דאַרפן זיי זיך וואַשן די הענט, און די מענער דאַרפן זיך אָנטאָן היט אָדער היטלעך אויף די קעפּ און די פרויען הויבן אָדער טיכלעך".

אין דעם 25סטן קאַפּיטל ווערט מאַטשאַראָ באַשולדיקט, אַז ער האָט די ייִדן געזאָגט, אַז „ווען זיי וועלן זיך אָפּשערן די נעגל, דאַרף מען זיי פאַרברענען, און ווען מע פאַסט נאָך אַ טויטן ייִד עסט מען צום ערשטן מאָלצײַט אַ זופּ פון אײַנ־געווייקט ברויט, מיט וואַסער און זאַלץ".

דער אינקוויזיציע־פּראָקוראָר מאַגיאַזקאַ באַשולדיקט מאַטשאַראָן אין 26סטן אַרטיקל, אין דעם, אַז ער האָט געלערנט אַז „ווען עס שטאַרבן די וועלכע זײַנען טרײַ תורת משה — אויב ס'איז נאָר מעגלעך דאָס צו טאָן — דאַרף מען וואַשן זייערע קערפּערס, אויסשערן די האָר פון אומעטום און אַרײַנלייגן אין מויל גאָל־דענע אָדער זילבערנע מטבעות אָדער אַנדערע זאַכן. און מע דאַרף די טויטע אָנטאָן תכריכים פון נײַעם לײַוונט און די רעשטלעך פון לײַוונט דאַרף מען אַרײַנ־לייגן אין קבר צוזאַמען מיטן מת, כדי אין דרויסן זאָל גאָר נישט איבערבלײַבן, און אויב מע קען נאָר און עס איז מעגלעך, דאַרף מען זיי באַגראָבן אין אַ קרקע בתולה".

אינעם 27סטן אַרטיקל באַהויפּטעט דער פּראָקוראָר, אַז „ווען עס פלעגט זיך

שאַפן עפּעס אַ ספק מכח דעם אופן ווי מען דאַרף אָפּהיטן אָדער דורכפירן די ייִדישע ריטוסן אָדער צערעמאָניעס, פלעגן אַ סך פערזאָנען זיי באַהאַנדלען און איבעררײדן מיטן דערמאָנטן כּואַן דע לעאָן, ווי מיט אַ מאַן וואָס קען אַזוי גוט תורת משה און וועלכער איז אַ רב און אַ דאָגמאַטיזירער פון יענע, וועלכע זענען איר טריי."

דער פּראָקוראָר זעצט פאָר זײַנע באַשולדיקונגען אין 28סטן קאַפּיטל, זאָגנדיק אַז „דער דערמאָנטער כּואַן דע לעאָן האָט אויך אויפגעקלערט געוויסע פערזאָנען, אַז תורת משה פאַרבאָט דאָס עסן פלייש און בלוט פון חזיר און פיש אָן שופן, און אַז די שבתים דאַרפן געפּראַוועט ווערן ווי יום־טובים, און מע טאָר נישט אַרבעטן אין זיי פון פרײַטיק פיר נאָכמיטיק, און די מענער טאָרן נישט טראָגן קיין געווער; און די פרויען, בעת זייערע מאָנאַטלעכע קראַנקייטן, דאַרפן פאַנאַנדעררוקן די בעטן און נישט שלאָפן מיט זייערע מענער."

אינעם 28סטן קאַפּיטל ווערט כּואַן דע לעאָן באַשולדיקט, אַז ער האָט דערציילט די מעקסיקאַנער אנוסים, אַז ייִדן, דאָס מיינט די, וועלכע לעבן אין לענדער ווו זיי קענען אָפן אָפּהיטן זייערע דינים, „גייען אין שול אַרײַן כּדי צו זאָגן תהילים און אַנדערע תפילות פון דער דערמאָנטער תורה ערב דעם גרויסן טאָג און ערב אַנדערע פײַערלעכע טעג, און אַז די גאַנצע נאַכט און דעם גאַנצן טאָג פאַרבלײַבן זיי אין שול, ווו זיי צינדן אָן אַ סך ליכט, און די צווייטע נאַכט גייען זיי אַהיים און עסן פיש, גרינסן און אַנדערע זאַכן. דאָס אַלץ האָט אויך מקיים געווען דער דערמאָנטער כּואַן דע לעאָן, צוזאַמען מיט די ייִדן, וועלכע האָבן געוווינט אין די לענדער און ישובים ווו אים איז אויסגעקומען צו זײַן; דאָרטן האָט ער עפנטלעך אָפּגעהיט תורת משה און איז געגאַנגען אין דער הלבשה וואָס עס טראָגן געווײנטלעך די ייִדן, וועלכע לעבן פרײַ בהסכם מיט זייער תורה. און ער האָט אָפּגעהיט די פּסחן און אַנדערע פײַערלעכע טעג, גייענדיק אין שול, ברענגענדיק קרבנות און זיך אַליין ברענגענדיק ווי אַ קרבן, מיט די אַלע ריטוסן און צערעמאָניעס פון דער אַלטער תורה".

אין דעם 33סטן קאַפּיטל באַשולדיקט דער פּראָקוראָר מאַטשאַראָ, אַז ער איז זייער שטאָלץ מיט זײַן ייִדישקייט, און „אַז ער האַלט זיך פאַר דעם גרעסטן קענער פון דער תורה, און אַז ער האָט זיך גרויסגעהאַלטן מיט דעם וואָס ער איז אַ ייִד, כּדי עס זאָלן האָבן אַ גרעסערן גלויבן צו דעם וואָס ער האָט פון איר געלערנט די, וועלכע האָבן אָפּגעהיט תורת משה און ס'זאָלן זיך לײַכטער באַקערן צו איר יענע וואָס ער האָט אויף ס'נײַ דאָגמאַטיזירט, מחמת ער, ווי אַ פאַררעטערישער ייִד און גרויסער רב האָט גוט געוווּסט ווי נייטיק עס איז פאַר אַ מדריך אַז מען זאָל וויסן, אַז עס איז געבילדעט דער וואָס לערנט אַנדערע".

אינעם 49סטן קאַפּיטל ווערט כּואַן דע לעאָן באַשולדיקט, אַז ער האָט געזאָגט צו זײַן שילער גאַספּאַר וואַעז, ווען ער האָט אים אויפגעקלערט די באַדײַטונג פון שבת, אַז זײַן פאָטער, דוד מאַטשאַראָ, אַ זייער רײַכער און אויך פרומער ייִד „אויב מע האָט אים געבראַכט בריוו, וועגן וואָס פאַר אַ געשעפט דאָס זאָל נישט זײַן

און וואָס פֿאַר אַ וויכטיקייט זיי זאָלן נישט האָבן, האָט ער זיי נישט געעפֿנט נישט פֿרײַטיק צו נאַכט און נישט שבת דעם גאַנצן טאָג".

אין דעם 51סטן קאַפּיטל ווערט ער באַשולדיקט, אַז ער האָט אויסגעלערנט דעם דערמאָנטן גאַספּאַר וואַעז, אַז „ווען מען פֿאַסט די תעניתים פֿון דער דערמאָנטער תורת־משה, דאַרפֿן די וואָס פֿאַסטן זײַן ריין".

אין די קאַפּיטלען 52, 53 און 54 שטרײַכט דער פּראָקוראָר ספּעציעל אונטער די וויכטיקע ראָלע וואָס כואַן דע לעאָן האָט געשפּילט בײַם דורכפֿירן דעם ערב יום־כיפּור מינהג פֿון בעטן זיך מחילה פֿאַר די קרענקונגען אָדער באַליידיקונגען וואָס מען איז באַגאַנגען. אין דעם קאַפּיטל 59 זאָגט דער פּראָקוראָר, אַז כואַן דע לעאָן האָט זיך ספּעציעל באַמיט, אַז גאַספּאַר וואַעז זאָל זיך אויסלערנען פֿון אויסנווייניק דעם העברעיִשן טעקסט פֿון שמע ישראל. אָבער דאָס אייניקל פֿון דאָניאַ בלאַנקאַ ענריקעז זאָגט אין זײַן פּראָצעס, אַז ער האָט בלויז באַוויזן זיך אײַנצוהאַמערן די ערשטע פֿיר ווערטער פֿון שמע ישראל, וועלכע ער ציטירט פֿול מיט גרײַזן. מאַניאָזקאַ פֿאָדערט־אויף די אינקוויזיטאָרן, אַז זיי זאָלן צווינגען מאַטשאָראַן, אַז ער זאָל אויסזאָגן אַלע העברעיִשע תפֿילות וואָס ער קען, כּדי „געגוי צו וויסן אַלץ וואָס אין זיי ווערט געזאָגט און צי זיי אַנטהאַלטן נישט קיין לעסטערונגען קעגן אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה און קעגן אונדזער האַר יעזוס קריסטוס; און לגבי דעם דאָזיקן כואַן דע לעאָן דאַרפֿן אָנגעווענדט ווערן די שטרענגסטע מיטלען כּדי ער זאָל זיי אויסזאָגן און רעקאָנסטרויִרן און וועלכע פֿערזאָנען ער האָט זיי אויסגעלערנט און אויפֿגעקלערט ווי אַ רבֿ און דאָגמאַטיזירער פֿון דער דערמאָנטער תורת־משה". אָבער די אינקוויזיציע וועט זיך דאָס קיין מאָל נישט דערוויסן, הגם זי האָט מאַטשאָראַן געפּייניקט אויפֿן שוידערלעכסטן אופֿן — ווי דאָס האָט געפֿאָדערט דער פּראָקוראָר מאַניאָזקאַ, וועלכער איז בײַגעווען די טאָרטורן שוין אין דער ראָלע פֿון אַ ריכטער און נישט ווי אַ פּראָקוראָר.

אין די קאַפּיטלעך 63 און 64 באַשולדיקט מאַטשאָראַן דער פּראָקוראָר מאַניאָזקאַ, אַז צוזאַמען מיט אַנדערע אנוסים האָט ער נאָכן דרײַ־טאָגיקן תענית פֿון דער „קיניגן אסתּר" זיך באַטייליקט אין שפּילערײַען, וואָס ייִדן האָבן אַ געוווינהייט צו שפּילן אין די קריסטלעכע טרויעריקע טעג.

אינעם 60סטן קאַפּיטל זאָגט דער פּראָקוראָר — הגם ער ווייסט גוט, אַז לעאָן איז געבוירן געוואָרן אין שפּאַניע — אַז „ווי אַ פּאָרטוגעזער און אַן אָפּשטאַמיקער פֿון פּאָרטוגעזער האָט ער באַהאַנדלט אַ סך עניִים קעגן דער קאַטוילישער קרוין און קעגן דעם קיניג אונדזער האַר, און אויך וועגן אָפּצורײַסן דאָס דאָזיקע קיניגרײַך — ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אין פּאָרטוגאַל — און אויסהרגענען די קאַסטיליאַנער און פֿאַרניכטן דעם הייליקן דינסט פֿון דער אינקוויזיציע, און אויך פֿאַרברענען זייערע הײַזער און אָנטאָן די ערגסטע צרות די דינער פֿון דער אינקוויזיציע".

בלויז די אין בלוט אײַנגעטונקענע פֿעדער פֿון אינקוויזיטאָר מאַניאָזקאַ, דער ברוטאַלסטער פֿון אַלע דינערס פֿון „הייליקן דינסט" אין אַמעריקע, האָט געקענט אָנ־

שרײַבן אַזעלכע ווילדע אַבסורדן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום אָנשפּאַר אין דער רעאַליטעט, און בלויז מיט דער כוונה צו פאַרערגערן די לאַגע פון באַשול־דיקטן. אַפילו זײַנע אייגענע קלאָגן האָבן אין דעם פאַל נישט געלייגט קיין אַכט אויף זײַן באַשולדיקונג.

אינעם 81סטן קאַפּיטל רעדט מאַניאַזקאַ וועגן מאַטשאַראַן ווי וועגן זייער אַן אָפּגעהיטענעם ייִד און ער באַשולדיקט אים, אַז ער האָט אַפילו אין זײַן צימער געטראָגן אַ צודעק אויף זײַן קאָפּ. אינעם 83סטן קאַפּיטל חזרט ער איבער, אַז כּהן דע לעאָן איז געווען באַטראַכט „צווישן אַלע די וואָס האָבן אָפּגעהיט תּורת־משה ווי אַ לערער, מדריך און רבֿ; און ווען עמיצער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער דער־מאָנטער תּורה האָט מען אים איבערגעשיקט צו כּהן דע לעאָן, כּדי ער זאָל אים דערנענטערן און אויפקלערן איר אינהאַלט". דער 91סטער קאַפּיטל פון באַשול־דיקונגס־אַקט גיט אַן אויפקלערונג וועגן די ביינעמען פון די שפּאַנישע ייִדן, וואָס וועט זיכער איבערראַשן פיל גאַיִווע „טעאָרעטיקער" אויף דעם געביט. עס זאָגט זיך אין אים:

> אַז ווען דער דערמאָנטער כּהן דע לעאָן און זײַנע דערמאָנטע עלטערן זײַנען אַוועק פון שפּאַניע און זיך באַזעצט אין ליוואָרנאָ, כּדי צו לעבן פרײַ און אָפן ווי ייִדן, האָבן זיי צוליב שנאה צו אונדזער האַר יעזוס קריסטוס און אויס פאַראַכטונג צום הייליקן טויף־אַקט, געביטן די נעמען פון הייליקע וואָס מע האָט זיי אויף אים געגעבן און דער דערמאָנטער כּהן דע לעאָן האָט זיך אָנגעהויבן רופן שלמה מאַ־טשאַראַ, זײַן פאָטער דוד מאַטשאַראַ, הגם זײַן נאָמען איז געווען אַנטאָניאָ דע נאַר־וואַעז אי פאַרפאַן, און זײַן מוטער לונאַ מאַטשאַראַ, כאָטש זי האָט געהייסן בעאַטריז אָדער מאַריִאַ.

מיט וואָס פאַר אַ שנאה עס זשיפּעט מאַניאַזקאַ — מע דאַרף געדענקען, אַז ער איז געווען איינער פון די העכסטע פירשטן פון דער קירך — קעגן מאַטשאַראַן, וועמענס אָנקלאָגער ער איז געווען פון אָנפאַנג און צום סוף איז ער געוואָרן זײַן ריכטער, באַווײַזט דאָס קאַפּיטל 94. אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל באַשולדיקט ער אים — וואָס פאַר אַ ווילדקייט! — אין דעם פאַרברעכן אַז מען האָט אים מל געווען ווען ער איז אַלט געווען צוויי יאָר, ווײַל דאָס האָבן איבערגעגעבן עדות. כּדי אומ־צוברענגען זײַן קרבן האָט אים נישט אויסגעמאַכט אָפּצולייקענען דאָס וואָס די ערשטע גרופּע אינקוויזיציע־דאָקטוירים האָט דערקלערט: אַז כּהן דע לעאָן איז נישט געווען געמלט.

אינעם 104טן קאַפּיטל זאָגט ד"ר מאַניאַזקאַ, אַז כּהן דע לעאָן „גיט נישט אויס און פאַרבאַהאַלט די מיטבאַטייליקטע אין זײַנע פאַרברעכנס; די יעניקע מיט וועלכע ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג און ער האָט געהאַט פרײַנדשאַפט אין פלאָ־רענציע, ליוואָרנאָ, איטאַליע, שפּאַניע, טערקײַ און בערבערן־לאַנד און גאָר ספּע־ציעל אין סעווילע, קאַדיז, פּאָרט און שטאָט וועראַקרוז, פּועבלאַ, די דאָזיקע שטאָט מעקסיקע און דאָס שטעטל קערעטאַראָ; דעריבער — זאָגט מאַניאַזקאַ — איז ער נישט ראוי צו געניסן פון דער באַרעמהאַרציקייט, וועלכע דער דאָזיקער הייליקער דינסט האָט אַ טבע אָנצווענדן צו די אמתע און גוטע בעלי־תּשובֿהס".

דער דאָזיקער לאַנגער באַשולדיקונגס־אַקט פֿאַרענדיקט זיך מיט קאָנקלוזיעס, וואָס דרינגען אַרויס פֿון זײַן תּוכן און מיט די אָ ווערטער: „און מען דאַרף האָבן דעם פֿאַרדאַכט און גלייבן, אַז דער דערמאָנטער כּואַן דע לעאָן האָט געטאָן, געזאָגט און דורכגעפֿירט אַ סך אַנדערע פֿאַרברעכנס, ערגערע אָדער ווינציקער שווערע און אויסערגעוויינטלעכע, און ער האָט זיי געזען טאָן, זאָגן און דורכפֿירן אַנדערע פּערזאָנען אין די אַלע דערמאָנטע ערטער, און ספּעציעל אין דער דאָזיקער שטאָט [מעקסיקע], אַ זאַך וואָס ער באַהאַלט און פֿאַרדעקט בייזוויליק. און איך דערקלער, אַז איך וועל אים אין זיי באַשולדיקן דעמאָלט און בײַ יעדער געלעגנהייט ווען איך וועל זיך וועגן זיי דערוויסן".

ווי כ'האָב שוין אָנגעוויזן, איז דער דאָזיקער באַשולדיקונגס־אַקט דער לענגסטער פֿון וועלכן עס איז אַנדערן וואָס כ'האָב ווען עס איז געזען אין אַן אַמעריקאַנער אינקוויזיציע־פּראָצעס. אין די פּראָצעסן פֿון אַזעלכע באַרימטע אַנוסים ווי טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע און פֿראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ איז דער באַשולדיקונגס־אַקט פֿון ערשטן באַשטאַנען אין 32 אַרטיקלען און דער פֿון צווייטן פֿון 55. פֿון דעם קען מען זען ווי וויכטיק ס'איז געווען — אויף יעדן פֿאַל, פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון די אינקוויזיטאָרן — דער פּראָצעס פֿון כּואַן דע לעאָן.

## 10. יום־כּיפּור כּפּי מאַטשאָראָס ענטפֿערס אויפֿן באַשולדיקונגס־אַקט

זײַן ענטפֿער אויף די פֿאַרשידענע אַרטיקלען פֿון באַשולדיקונגס־אַקט הייבט אָן כּואַן דע לעאָן מיט אַ דערקלערונג, וועלכע ער האָט, זעט זיך אויס, ניט גענוג דורכגעטראַכט, ווײַל ער ווערט זי שפּעטער אָפּלייקענען: אַז ער איז ניט געבוירן און געטויפֿט געוואָרן אין אַנטעקעראַ (שפּאַניע). ער פּרוווט אויך צו באַווײַזן די אינקוויזיטאָרן — אַ באַװײַזע האַנדלונג פֿון אַ קלוגן מענטש — אַז זינט ער האָט פֿאַרלאָזן ליוואָרנאָ איז ער געוואָרן אַן ערלעכער קאַטאָליק.

ער וואַרפֿט אויך אָפּ די באַהויפּטונג פֿונעם פּראָקוראָר, אַז ער איז געווען „אַ רב און אַ לערער פֿון דער דערמאָנטער תּורה, און אַז ער האָט וועגן איר מער געוווּסט ווי דאָס וואָס עס האָבן אים אויסגעלערנט זײַנע עלטערן און לערערס פֿון דער שול אין ליוואָרנאָ, און אַז ער איז געקומען קיין מעקסיקע זי עמעצן צו לערנען". ער לייקנט אויך כּמעט אַלץ וואָס ער וועט שפּעטער — ווען ער וועט זיך דערוויסן וואָס די אַנדערע באַשולדיקטע האָבן קעגן אים געזאָגט — אַליין מודה זײַן אַז ער האָט דורכגעפֿירט אין מעקסיקע. אָבער שוין איצט אָנערקענט ער, אַז ער „האָט אויסגעלערנט די פֿרוי איזאַבעל דע ריוועראַ די העברעיִשע ווערטער, וואָס ער האָט געהערט אין דער ליוואָרנער שול. [זיי זײַנען פֿאַרשריבן אַזוי:
Semah a Donay Hizrael eloeno, baruc sem malhuto leolam baze,
און אַנדערע וואָס ער געדענקט ניט און וואָס זייער באַדייט קען ער ניט"

נאַטירלעך, זאָגט ער אַ ליגן, ווײַל דעם העברעיִשן טעקסט פון שמע ישראל — אָדער כאָטש דעם שפּאַנישן — האָבן געקענט כמעט אַלע אַנוסים, ווי מע קען עס גרינג זען פון דעם בוך און פון די פאַרשיידענע אַרבעטן, וואָס כ'האָב פּאַרעפנט־לעכט אין שפּאַניש. מאַטשאַראַ אַליין וועט שפּעטער באַשטעטיקן אַז ער האָט אויס־געלערנט גאַספּאַר וואַעזן דעם העברעיִשן טעקסט פון שמע ישראל — דעם שפּאַ־נישן האָט גאַספּאַר שוין געקענט פון פריִער.

ווען יום־כיפור הייבט מאַטשאַראַ אָן צו דערציילן ווען ער ענטפערט אויפן 7טן קאַפּיטל פון באַשולדיקונגס־אַקט. ער זאָגט דעמאָלט, אַז ער האָט נישט אָנגע־צונדן ערב יום־כיפור קיין ליכט אין די הײַזער פון די אַנוסים, נאָר ער האָט אין דער וווינונג פון דער פרוי בלאַנקאַ דע ריווערא געזען „אין אַ חדר מיוחד דרײַ אָנ־געצונדענע ליכט פון חלב, וועלכע זײַנע געשטאַנען אויף אַ ריינעם לײַוונט".

מאַטשאַראַ זאָגט ליגנס ווען ער דערקלערט, אַז די ליכט זײַנען געווען פון חלב און ער זאָגט אויך נישט דעם אמת ווען ער פּרוּווט צו דערקלערן, אַז ער האָט נישט געוווּסט צוליב וואָס מען האָט זיי אָנגעצונדן. אַ פּאָר טעג שפּעטער — ווען ער דערוויסט זיך אַז די אַנדערע אַרעסטירטע האָבן אַלץ אויסגעגעבן, איז ער זיך מודה אַז ער האָט אָנגעצונדן ליכט אין די הײַזער פון די געהיימע יידן און ער זאָגט, אַז עס האָבן זיי אויך אָנגעצונדן מאַריאַ דע ריווערא, קלאַראַ דע ריווערא און קאַטאַלינאַ דע ריווערא; ער איז זיך אויך מודה, אַז אין דעם חדר ווו ס'זענען געשטאַנען די אָנגעצונדענע ליכט האָט ער געזאָגט תפילות צוזאַמען מיט די אַנוסים אַנטאָניאַ לאָפּעז דע אָרדוניאַ, פּעדראָ פערנאַנדעז, גאַספּאַר וואַעז און די פרויען פון דער משפחה ריווערא. ער גיט אָבער נישט איבער וואָס פּאַר אַ תפילות דאָס זײַנען געווען; ער זאָגט בלויז, אַז דאָס האָבן געדאַרפט זײַן „אייניקע תפילות אָדער קאַפּיטלען תהילים". ער גיט דאָך צו דעם דעטאַל: אַז יום־כיפור פון יאָר 1639 האָבן די בלאַנקאָס דע ריווערא נישט אָנגעצונדן קיין ליכט, „כדי אַ שקלאַפין, וואָס זיי האָבן געהאַט, זאָל דאָס נישט באַמערקן". ווײַטער זאָגט ער אַ זאַך, וועלכע באַ־ווײַזט וואָס פּאַר אַן עקסטרעמע פרומקייט ער האָט געוואָלט אַרײַנפירן, אָדער ער האָט אַרײַנגעפירט צווישן די מעקסיקאַנער אַנוסים. ער טוט עס ווען ער לייקנט דאָס וואָס עס האָט געזאָגט פּעדראָ טינאָקאָ: אַז יום־כיפור 1640 איז ער אַרײַן אין זײַן צימער און האָט אים אויפגעפאָדערט אַז ער זאָל אָוועקלייגן זײַנע ביכער וועגן יוריספּרודענץ, וואָס ער האָט שטודירט ווי אַ סטודענט פון אָרטיקן אוניווערסי־טעט. מאַטשאַראַ פּרוּווט עס אָפּלייקענען מיטן אַרגומענט, אַז דאָס איז אַ פאַלשע באַשולדיקונג, ווײַל בעת די גאָטספּאַרכטיקע טעג גיבן זיך יידן דווקא אָפּ מיט שטודיום; ער זאָגט אָבער נישט אַז מיטן שטודיום פון הייליקע ספרים און נישט מיט קריסטלעכע געזעץ־טעקסטן — און דאָס בײַט, נאַטירלעך, דעם גאַנצן ענין.

וואָס אָנבאַלאַנגט דאָס אָנצינדן ליכט ערב יום־כיפור זאָגט ער שפּעטער, אַז „דורכלופּטנדיק זײַן זיכרון" — ווי די אינקוויזיטאָרן האָבן דאָס בײַ אים גע־פאָדערט — האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אין יאָר 1639 „האָט סימאָן פערנאַנדעז דע טאָרעס געקויפט צוויי ליכט, זיי אָנגעצונדן און אַוועקגעשטעלט אויף אַ שרײַב־

טיש אין אַ חדר פונעם הויז פון סימאָן וואַעז לעווויליאַ, וועלכער איז דעמאָלט גע־זעסן אין דער קעניגלעכער תפיסה צוליב זײַנע געשעפטלעכע עסקים".

אָבער דאָך, וואָס פאַר אַ תפילות זײַנען דאָס געווען וואָס די מעקסיקאַנער געהיימע ייִדן האָבן געזאָגט יום־כיפּור 1640 און שלמה מאַטשאַראַ האָט זיי גע־וואָלט אויסבאַהאַלטן פאַר די אינקוויזיטאָרן?

די תפילה וואָס איז געזאָגט געוואָרן בײַם אָנצינדן ליכט וועט אונדז איבער־געבן דאָניאַ כואַנאַ ענריקעז, די פרוי פון סימאָן וואַעז סעווויליאַ און די טאָכטער פון בלאַנקאַ ענריקעז. זי איז נישט אין גאַנצן ענלעך צו די הײַנטיקע, זי האָט אָבער אַ סך פון איר אַראָמאַט:

אָ, גרויסער גאָט פון ישראל!
וואָס גיסט געזונט דײַנע קינדער;
גיב געזונט מיר,
מײַן מאַן און קינדער.

בלאַנקאַ ענריקעז האָט אויך געזאָגט, אַז "די דערמאָנטע און אַנדערע ווערטער וואָס זי האָט געהערט [פון כואַן דע לעאָנס מויל] האָט מען באַדאַרפט איבערחזרן זיבן אָדער אַכט מאָל".

וואָס שייך דער אַנדערער תפילה וואָס עס האָבן געזאָגט יום־כיפּור די מעקסי־קאַנער אנוסים, וועלן מיר זיך וועגן איר דערוויסן פון די דערקלערונגען פון דאָניאַ קאַטאַלינאַ דע ריווערא. אָבער זי גיט בלויז איבער אין שפּאַניש די ערשטע ווער־טער: Pequé, pequé, Señor... "על חטא שחטאנו". אָבער צי זיי האָבן זיך באַנוצט מיטן קאַנאָניזירטן טעקסט, אָדער אַ טייל פון זיי האָט געזאָגט די ווערטער וואָס ס'האָט ספּעציעל פאַרפאַסט דער דיכטער לויִס דע קאַרבאַכאַל (1567—1596) — אָדער ווי ער האָט פאַרייִדישט, זיך אַ נאָמען געגעבן, יוסף לומבראָסאָ — דאָס איז מיר נישט באַוווסט. פון דעם, וואָס עס גיט אויס פאַר דער אינקוויזיציע דאָניאַ מאַריאַ דע ריווערא, איז צו דרינגען, אַז אַ טייל געהיימע ייִדן האָט מיט ציטער, וויטיק און באַוווּנדערונג געזאָגט די ווערטער פון קדוש קאַרבאַכאַל:

כ'האָב געזינדיקט, האַר; אָבער נישט ווײַל כ'האָב געזינדיקט, האָב איך דײַן ליבע און דײַן חסד שוין פאַרגעסן; מיך שרעקט מײַן שטראָף זאָל ווי מײַן זינד זײַן גרויס און פון דײַן גוטסקייט וואַרט איך די מחילה; עס באַפאַלט אַ פּחד מיך פאַר דײַן וואַרטן איך זאָל פאַר מײַן אומדאַנקבאַרקייט זײַן פאַרפאָלגט, און עס מאַכט מײַן חטא נאָך גרעסער דאָס וואָס דו ביסט אַזוי שטאַרק ווערט צו זײַן געליבט; ווען נישט דו, וואָס וואָלט פון מיר געוואָרן. און מיך, פון זיך, ווער, אויב נישט דו, וועט מיר באַפרײַען. ווען דײַן האַנט וואָלט מיר דײַן חסד נישט געגעבן, און ווען נישט איך, מײַן גאָט, זאָל דיך נישט ליבן, און ווען נישט דו, האַר, וואָלסט מיך דולדן, און צו דיר, אָן דיר, מײַן גאָט. ווער וואָלט מיך געפירט?

שלמה מאַטשאַראַ האָט אויך אויסגעזאָגט אַז אין יאָר 1639, ערב יום־כיפּור איז ער געגאַנגען מיט זײַן תלמיד גאַספּאַר וואַעז צו זײַן באָבען בלאַנקע ענריקעז, איז גאַספּאַר האָט איר געגעבן אַ קוש אין האַנט און זי האָט אים געבענטשט. מאַטשאַראַ

האָט ווײַטער דערקלערט, אַז דאָניאַ בלאַנקאַ האָט אים געזאָגט אַ סך מאָל, אַז „הגם זי איז קיין מאָל נישט געווען אין ליוואָרנאָ און האָט אויך קיין מאָל נישט געזען ווי עס פירן זיך אויף [אָפּענע] ייִדן, האָט זי דאָך אַלץ זייער גוט געוווּסט און אויך גוט געקענט אַלע ייִדישע מינהגים, ווײַל ס'האָט זי דאָס אויסגעלערנט איר מוטער און פּערזאָנען, וועלכע האָבן אַלץ גוט געקענט".

ענטפערנדיק ווײַטער אויפן באַשולדיקונגס־אַקט, גיט מאַטשאָראָ צו נײַע אייב־צלהייטן וועגן דעם ליכט־בענטשן. ער זאָגט, אַז אין דאָניאַ בלאַנקאַס חדר האָבן זיי געזען — גאַספּאַר וואַעז און ער — „זיבן אָדער אַכט וואַקסענע ליכט, וואָס זענען געשטאַנען אָנגעצונדן אויף אַ קרעדענס". גאַספּאַר האָט דעמאָלט געבעטן אַ ברכה בײַ זײַן באָבען „שטייענדיק מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ אויף וועלכן זי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט און האָט געזאָגט, אַז „די ברכה מיט וועלכער גאָט האָט געבענטשט יעקבן און ישראלן, זאָל חל זײַן אויף אים און אויף זײַנע קינדער". ווײַטער דערקלערט ער, אַז צוזאַמען מיט אַנדערע יונגע אנוסים פּלעגט ער ערב יום־כיפּור זיך גיין באָדן אין „דער באָד פון די יאַפּאַנער" און אַ טייל פון יום־כיפּור־טאָג פּלעגן זיי פאַרברענגען אין דער „אַלאַמעדאַ" — אַ באַקאַנטן שפּאַציר־פּלאַץ אין דער שטאָט מעקסיקע דעמאָלט און הײַנט.

## 11. די בייזוויליקייט פון דער אינקוויזיציע־פּראָצעדור

אָנגייענדיק מיט זייער אומרחמנותדיקער אויספאָרשונגס־פּראָצעדור האָבן די אינקוויזיטאָרן, דעם 1טן דעצעמבער, געמאָלדן מאַטשאָראָן אַז דער פּראָקוראָר — די דאָזיקע ראָלע האָט איצט איבערגענומען דער אינקוויזיטאָר גאַוויאָלאַ — ציט אים צו ווי אַן עדות קעגן זײַן מוטער, פּאָטער, ברידער, פּעטערס און פּלימעניקעס. אָבער אויך בײַ דער געלעגנהייט הערן זיי נישט אויף צו מאַטערן אים מיט פראַגן. זיי פאָדערן פון אים, אַז ער זאָל זיי אויפדעקן מער סודות וועגן ייִדן. כּדאַן דע לעאָן רופט אָן נעמען פון נאָך ייִדן; אָבער נאָר פון אַזעלכע וואָס זײַנען שוין סײַ ווי אַרעסטירט, אַזוי אַרום ברענגען זיי נישט קיין שאָדן. ער דעקט־אויף ייִדישע „פאַרברעכנס" — וועגן דעם האָבן די אינקוויזיטאָרן גוט געוווּסט — ווען זיי אַליין זײַנען זיי שוין דערגאַנגען. אָבער אויף דער אוידיענץ פון 25סטן יוני 1643 בײַט ער זײַן טאַקטיק:

ער זאָגט אַז דער איבערשטער ווייס און אויך ווייסט עס די הייליקע יונגפרוי, פּונקט ווי דער הייליקער יוחנן המטביל, אַז ער וויל אַנטפּלעקן זײַן געוויסן; און אויב ער האָט עס ביז איצט נישט געטאָן איז דאָס געווען צוליב דעם ווײַל ער האָט שרעקלעך מורא געהאַט, אַז מע וועט נישט אָנווענדן לגבי אים די באַרעמהאַרציקייט וואָס מען ווענדט אָן אין אַט אַ דעם הייליקן דינסט, מחמת צוליב די עצות וואָס עס האָט אים געגעבן דאָניאַ בעאַטריז מאַטשאַראַ אָדער לונאַ [זײַן מוטער], האָט ער שטענדיק געלעבט אין גרויס שרעק. זי האָט אים געזאָגט, אַז אויב ער וועט פאַרן קיין שפּאַניע און ער וועט חלילה אַרעסטירט ווערן דורכן הייליקן דינסט, איז אויב

ער וועט זאָגן דעם אמת, איז ער אַ פאַרלוירענער. האָט ער טאַקע, צוליב די דאָזיקע עצות פון זײַן מוטער פאַרשוויגן און אויסבאַהאַלטן דעם אמת אין זײַן ענין. אמת איז בלויז דאָס וואָס ער וועט איצט זאָגן: אַז ער איז נישט געבוירן געוואָרן אין שפּאַניע נאָר אין איטאַליע.

מען דאַרף אויפקלערן, אַז פּונקט ווי אין אַלע תפיסות פון דער וועלט האָבן אויך די אַרעסטאַנטן פון די אינקוויזיציע־טורמעס זיך באַמיט צו פאַרשטענדיקן צווישן זיך און זיך געבן קעגנזײַטיק עצות. דאָס האָט אויך זיכער פּאַסירט מיט מאַטשאָראַן: עמעצער האָט אים מסתמא געראָטן אַז ער זאָל זאָגן, אַז ער איז אַ „ייִד לויט זײַן נאַציע און רעליגיע", ד"ה אַן אויסלענדער, און נישט קיין מאַראַן, ד"ה נישט קיין שפּאַנישער, אָדער פּאָרטוגעזישער אונטערטאַן, וועלכער האָט גע־מוזט זיין אומבאַדינגט געשמדט. ער האָט אָבער געמאַכט אַ טראַגישן טעות, ווײַל ווי איך האָב שוין אויפגעקלערט זײַנען לויט דעם גירוש־עדיקט געווען חייב מיתה יענע ייִדן (אָפּענע) וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט קיין שפּאַניע.

אַז דאָס איז טאַקע נישט געווען מער ווי אַ טריק — וואָס אַן אמת, אַ פאַלשער, כדי זיך אַרויסצורײַסן פון אינקוויזיטאָרישן קלעם, באַווײַזט די ווײַטערדיקע דערקלערונג פון שלמה מאַטשאָראָ, דעם פרומען ייִד, וועלכער האָט אַפילו אין דער אינקוויזיטאָרישער תפיסה אָפּגעהיט כשרות:

> און זײַענדיק באַהערשט פונעם באַגער צו לעבן און שטאַרבן אינערהאַלב פון יעזוס קריסטוסעס תורה, וועלכע ער אַנערקענט ווי אַ גוטע און אמתדיקע פאַר זײַן דערלייזונג, בעט ער און ער באַגערט אַרײַנגענומען צו ווערן אין דעם שויס פון אונ־דזער הייליקער רוימיש־קאַטוילישער קירך און ער זאָל צוליב דעם זוכה זײַן דעם הייליקן שמד, וועלכן ער פאַרלאַנגט אונטערטעניק.

די אינקוויזיטאָרן האָבן פּינקטלעך פאַרשריבן אַלץ וואָס כואַן דע לעאָן האָט געזאָגט און זיי האָבן מיט דער זעלביקער לאַנגזאַמקייט ווי פריִער פאָרגעזעצט די אויספאָרשונגען. זייער מיין איז געווען אַזוי אַרום אונטערצומינעווען דעם פיזישן און גײַסטיקן אויסדויער פון אַרעסטאַנט. לאָמיר דאָ דערמאָנען אייניקע דאַטעס: שלמה מאַטשאָראָ איז אַרעסטירט געוואָרן דעם 30סטן מײַ 1642. די 104 אַרטיק־לען פון דעם באַשולדיקונג־אַקט זײַנען אים פאָרגעלייענט געוואָרן דעם 27סטן אויגוסט פון דעם זעלביקן יאָר. די אוידיענץ אויף וועלכער ער האָט געענטפערט אויף דער באַשולדיקונג איז פאָרגעקומען דעם 9טן דעצעמבער. מאַטשאָראָ האָט אָפּגערופן זײַנע פריִערדיקע דערקלערונגען דעם 25סטן יוני 1643. פון דער דאַטע ביז דער ערשטער „פאַרעפנטלעכונג פון די עדות" — ד"ה, ווען מע האָט אים בצימצומדיק און אַנאָנים איבערגעגעבן וואָס ס'איז קעגן אים געזאָגט געוואָרן —, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 7טן יולי 1644, איז פאַרלאָפן עפּעס מער ווי אַ יאָר. פון איצט אָן און ווײַטער וועט די פּראָצעדור דורכגעפירט אַ סך, אַ סך לאַנגזאַמער.

## 12. מאַטשאַראָס ענטפער אויף דער „פאַרעפנטלעכונג פון די עדות"

הגם אין דער ערשטער „פאַרעפנטלעכונג" האָבן בכיוונדיק נישט פיגורירט קיין גאָר וויכטיקע ענינים, איז דאָך ווערט איבערצוגעבן דאָס וואָס מאַטשאַראָ האָט געלערנט דעם בחור גאַספּאַר וואַעז:

אַז כדי צו זאָגן די ייִדישע תפילות דאַרף מען זיך וואַשן די הענט. די מענער דאַרפן זיך אָנטאָן אויפן קאָפּ הוטן אָדער היטלעך און די ווײַבער הויבן אָדער טיכלעך. אַז אין די טעג פון תענית פון גרויסן טאָג דאַרפן זיי בעטן מחילה איינער בײַם אַנדערן, און אויב זיי זײַנען געווען צעקריגט דאַרפן זיי זיך איבערבעטן און באַפרײַנדן. און טאַטעס און מאַמעס דאַרפן בענטשן זייערע קינדער. און ווען זיי שערן זיך אָפּ די נעגל זאָלן זיי פאַרברענען זיי אין פײַער. און ווען מען פאַסט נאָך אַ טויטן ייִד, עסט מען צום ערשטן בעת דער וועטשערע אַ זופּ פון ברויט אײַנגעטונקען אין וואַסער מיט זאַלץ. און ווען עס שטאַרבט אַ ייִד — אויב ס'איז נאָר דאָ אַ מעגלעכקייט דאָס צו טאָן — וואַשט מען אים דעם קערפּער, מע רייניקט אים אָפּ פון אַלע האָר, מע לייגט אים אין מויל אַרײַן מטבעות אָדער אַנדערע זאַכן פון גאָלד אָדער זילבער און מע טוט אים אָן תכריכים פון נײַעם לײַוונט. און דאָס וואָס בלײַבט איבער פון די תכריכים לייגט מען אַרײַן אין אָרון, כדי פון דרויסן זאָל גאָר נישט איבערבלײַבן, און זיי באַערדיקן די טויטע — ווען זיי קענען דאָס נאָר — אין אַ קרקע בתולה.

עס איז ווערט אונטערצושטרײַכן, אַז די בלאַנקאַס דע ריוועראָ באַשרײַבן די הכנות וואָס דאַרפן געמאַכט ווערן ווען ס'שטאַרבט אַ ייִד, וואָס מאַטשאַראָ האָט זיי אויסגעלערנט, אַנדערש ווי ער אַליין. זיי דערקלערן, אַז ער האָט זיי געזאָגט, אַז „אין אַ געוויסן לאַנד האָט ער נישט געזען קיין אַנדערע צערעמאָניע ווי דאָס וואַשן די קערפּערס פון די פאַרשטאָרבענע ייִדן, זיי באַערדיקן אויפן פעלד אין נײַע קברים, יעדן איינעם באַזונדער, כדי איין קערפּער זאָל זיך נישט אויסמישן מיט אַן אַנדערן און זיי אָנטאָן נײַע לײַוונטענע תכריכים — ווען זיי זײַנען געווען רײַך, און תכריכים פון אַלטן לײַוונט, ווען זיי זײַנען געווען אָרעם". זיי האָבן אויך דערקלערט אַז מאַטשאַראָ האָט זיי געזאָגט, אַז „זײַן פאָטער האָט געהאַט אין פעלד אַ קבר מיט אַ שטיין — ענלעך צו דעם ווי ס'איז באַערדיקט געוואָרן אונדזער האַר יעזוס קריסטוס".

פון דער ערשטער „פאַרעפנטלעכונג פון די עדות" דערוויסן מיר זיך, אַז אַ געוויסער אַנוס האָט געהאַט דעם טייל תהילים, וואָס ווערט באַצייכנט ווי שירי תחנונים, אין שפּאַניש: Psalmos de penitencia דאָס איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן אין אַנדערע פּראָצעסן. בכן, מיינט עס צו זאָגן, אַז אייניקע געהיימע ייִדן האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף די שווידערלעכסטע סכנות כדי צו זאָגן זייערע תפילות אָדער אַ געוויסן טייל פון זיי בהסכם מיט ייִדישע טעקסטן און נישט מיט די קריסטלעכע (לאַטײַנישע) טעקסטן. עס האָט זיך נישט געהאַנדלט אין דער שפּראַך, נאָר אין די קריסטלעכע „פאַרפולקאָמונגען" פון תהילים.

די קאַפּיטלעך תהילים פון 2 ביז 41 — וואָס ריידן מיט ווייטיק וועגן די לײַדן

פון דעם אמת גלויביקן, האָבן ספּעציעל אַנטשפּראָכן דעם גײַסט־צושטאַנד פון די אַנוסים. איך קען נישט פאַרזיכערן צי דער אַנוס וואָס ווערט ציטירט אין דער ערשטער „פאַרעפנטלעכונג פון די עדות" מיינט די קאַפּיטלעך תהילים, וואָס כ'וועל באַלד ציטירן; אָבער כ'האָב דעם אײַנדרוק אַז יאָ, מחמת די תפילות, וואָס עס האָבן פאַראַפּראַזירט אין סוף 16טן יאָרהונדערט די טרײַע אַנוסים מאַנועל דע מאָ־ראַלעס און לויס דע קאַרבאַכאַל האָבן זיך אויפגעהיט אויך נאָך דעם ווי מאָראַלעס האָט פאַרלאָזן מעקסיקע און קאַרבאַכאַל האָט אויסגעהויכט זײַן נשמה אויפן אינ־קוויזיטאָרישן מזבח. אָט איז זייער אינהאַלט:

צו דיר, האַר, האָב איך אויפגעהויבן מײַנע שוואַכע הענט
און כ'האָב מיך דערזען אָן טוגנטן, ווי מאַגערע ערד;
אַלע מײַנע מחשבות זײַנען געווען אומזיסט,
זיי האָבן זיך תמיד געקריגט צווישן זיך.
קער נישט אָפּ דײַן פּנים פון די מענטשן,
וואָרעם אויב ביסט נישט מוחל דעם וואָס איז זיך טועה,
וועט ער אַרײַנפאַלן אין אַזאַ מין פּאַסטקע,
אַז שפּעטער וועט אים עמעץ דאַרפן אַרויסנעמען.

האַר, דורך דײַן וווּנדערלעכן חסד,
וואָס דו ווײַזט מיר דײַנע וועגן און דײַנע דרכים, —
שיק נישט אָן אויף מיר דעם גרויזאַמען טויט,
רוף מיך נישט אין מיט פון מײַנע טעג;
מײַן שוואַך וועזן איז אַזוי שפּעדיק,
שטאַרבעלעכע זײַנען מײַנע פריידן;
פאַרמשפּט מיך נישט אויף אייביקע שאָדנס,
וואָרעם דאָס וועט זײַן מײַן פּײַן אויף לאַנגע יאָרן.

האַר, פאַרלאָז מיך נישט אין דעם־אָ קריטישן מצב,
וואַרף מיך נישט אַוועק, טרייסט מײַנע;
ווער וועט דיך זוכן, אַז דו וועסט מיך פאַרלאָזן?
אויף טריט און שריט זוך איך מײַן גוטס
אָבער איך בין אָן כוחות און געפאַלן;
העלף מיר, האַר, איך האָב נישט קיין רו,
לאָז נישט פאַרוועלקן מײַן לעבן און מײַן נשמה.

כ'בין שוין געווען אַזוי טויב און אָן געדאַנקען,
אַזוי פאַרשלאָסן אין זיך, אָן צו עפענען דאָס מויל,
אַז מ'וואָלט מיך בלי ספק געווען געקאָנט אָננעמען
פאַר אַ שטומען, מיט וועמען מ'קאָן נישט ריידן.

באַגראָבן אין חלום פון פאַרגעסנקייט
איז מיר שוין געבליבן ווייניק און ווען צו לעבן,
וואָרעם כ׳האָב געוואַרט, האַר, אויף דיין ליטזעליקייט,
ערשט דאַן האָסטו דערהערט די שפלות פון מיינע זיפצן.

גאָט האָט דערהערט מיין הכנעהדיק געבעט,
ער האָט גוט פאַרנומען מיין תפילה,
ער וויל שוין ניט מער כ׳זאָל שטאַרבן, נאָר לעבן,
פון גרויס ליבשאַפט צו מיר ווערט ער דערבאַרעמדיקער.
אָפּטריניקע, גייט אַוועק פון מיינע אויגן,
שעמט זיך, איר, דערשלאָגענע און געפאַלענע;
נאָך מער זאָל זיך שעמען און אַנטלויפן
דער וואָס בעט נישט גאָט ער זאָל אים העלפן.[3]

מיר דערוויסן זיך אויך פון דער ערשטער „פאַרעפנטלעכונג פון די עדות״, אַז שלמה מאַטשאָראָ האָט „אין די פרימאָרגנס געדאַוונט פון אַ קליין ביכעלע, וועמענס פאָרעם און אַלף־בית איז געווען דער זעלבער ווי דער וואָס ער [דער עדות] האָט געזען אין די ביכעלעך אין וועלכע ס׳האָבן געדאַוונט די יידן אין דער סינאַגאָגע״. די זעלבע פערזאָן זאָגט עדות, אַז מאַטשאָראָ האָט אויסגעלערנט זיין תלמיד גאַספּאַר וואָס „אייניקע תפילות פון תורת משה, זאָגנדיק זיי אים אין העברעיש און שפּאַניש״.

וועגן אופן פון פראַווען דעם „פסח פון שעפּסעלע״ דערציילט די אינקוויזי־טאָרן דער זעלבער עדות, אַז מאַטשאָראָ האָט געזאָגט אַז „מע דאַרף דאָס שעפּ־סעלע בראָטן אַ גאַנצס און עס עסן שטייענדיק. מע טאָר דערין נישט צעשעדיקן קיין שום ביינדל. עס דאַרפן זיך צוליב דעם צוזאַמענקומען אייניקע פערזאָן וואָס זיינען טריי תורת משה״. פון קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט איז אינטערע־סאַנט, אַז מאַטשאָראָ הייסט פראַווען פסח אויף דעם זעלביקן אופן ווי לויט דע קאַרבאַכאַל, ד״ה, על־פּי די דינים פון דער תורה. די רבנישע פירושים צום תנ״ך זיינען דאָ מסתמא געווען אומבאַקאַנט.

אַן אַנדערער עדות גיט איבער די אינקוויזיטאָרן וועגן אַן אַנדערע צערע־מאָניע וואָס מאַטשאָראָ זאָל האָבן אויסגעלערנט די געהיימע יידן: אַז זיי זאָלן באַשפּייען די העמדער. באמת, אַזאַ צערעמאָניע איז מיר אומבאַקאַנט און כ׳האָב מיך וועגן איר אויך נישט געקענט גאָר נישט דערוויסן. דאַקעגן דאַכט זיך מיר, אַז ס׳איז לייכט צו גלייבן, אַז מאַטשאָראָ האָט געשאָלטן דעם קאַטוילישן גלויבן. נאַטירלעך איז דאָס נישט געווען פיין פון זיין זייט; אָבער נאָך ערגער זיינען די קללות און באַליידיקונגען פון דער יידישער אמונה מצד די אינקוויזיטאָרן —

[3] מיין פריינד קעהאָס קליגער האָט געמאַכט די איבערזעצונג פון שפּאַנישן טעקסט.

אָבער דאָס דאַכט זיך אויס די היינטצייטיקע פאַרטיידיקערס פון „הייליקן טרי־בונאַל" ווי אַ נאָרמאַלע זאַך.

בכדי צו פאַרענדיקן מיט דער ערשטער „פאַרעפנטלעכונג פון די עדות", וועל איך נאָר צוגעבן, אַז מע האָט אינפאָרמירט די אינקוויזיטאָרן, אַז בהסכם מיט דעם וואָס כואַן דע לעאָן האָט געזאָגט „דאַרף מען בעת מע שעכט די הינער האַלטן זייער קאָפּ אין דער האַנט און אַריינשטעכן אַ גוט אָנגעשאַרפט מעסער דריי מאָל אין דער ערד כדי דאָס עוף זאָל נישט ליידן, און זאָגן דריי מאָל: „גע־לויבט זאָל זיין דער וואָס האָט דיך באַשאַפן כדי מיך צו באַשפּייזן און מיך פאַר דער ערד", און מע דאַרף ווענדן דעם בליק צו מזרח".

כואַן דע לעאָן האָט אָנגעהויבן ענטפערן אויף דער „פאַרעפנטלעכונג" דעם 7טן יולי 1644. ער האָט מודה געווען אַז פרייטיק־צו־נאַכטס פלעגט ער אָנצינדן „אַ פלעמל אין אַ טיפער שיסל" און אים „באַדעקן מיט אַ ליידיקער טוך, כדי די שקלאַפינס זאָלן זיך נישט געבן חשבון". ער האָט אויך דערקלערט, אַז ווען די אַנוסים האָבן אים געפרעגט וועגן „די יסודות פון תורת משה, האָט ער זיי גע־ענטפערט און געגעבן צו פאַרשטיין; און אַז דעם טאָג פון גרויסן תענית האָט מען אין זיין היימלאַנד גערופן דער טאָג פון כיפור, וואָס אין העברעיִש — ווי אים דאַכט זיך אויס — מיינט עס טאָג פון פאַרגעבונג. און אויב מע האָט אים גע־פרעגט וואָס עס באַדייט דער טאָג פון גרויסן תענית און וואָס באַדייט דער תענית פון דער מלכה אסתר, וועלכן מע רופט אין זיין היימלאַנד פורים און דעם תענית פון די דריי וואָכן, וועלכער הייסט Thesabea [אַזוי אין אָריגינאַל], האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט קיין אַנונג נישט וואָס זיי באַדייטן".

ער האָט צוגעגעבן, „אַז בלויז אין די דריי [אומגליקלעכע] וואָכן עסט מען לינדזן מיט אייער אויף אַ טישטעך און אויפן דיל, מיט פשוט ברויט מיט הייוון און מען טוט זיך אָן פילטערנע שיך אָדער מע גייט באָרוועס; און מע גייט אַזוי אַרום יענעם גאַנצן טאָג אין דער שיל, און יום־כיפור פראַוועט מען איידער ס'זעצט זיך די זון ביז ס'דערשיינט דער שטערן דעם אַנדערן טאָג; און אין די אַנדערע ווען ס'ווערט נאַכט ביז ס'באַווייזט זיך דער שטערן פון נאָענטסטן טאָג".

אויף דער אוידיענץ פון 13טן יולי 1644 האָט ער ווידער באַשטעטיקט זיין דערקלערונג פון 25סטן יוני 1643, אַז ער איז אַ ייִד כפי זיין „נאַציע און רעלי־גיע", דאָס הייסט, אַז ער איז נישט געבוירן געוואָרן אין שפּאַניע ווי ער אַליין האָט דאָס מודה געווען און עס האָבן דאָס באַשטעטיקט די עדות. ער האָט אויס־געטייטשט זיינע פריִערדיקע דערקלערונגען דערמיט, אַז אַזוי האָבן אים גע־ראָטן צו טאָן זיין מוטער, דאָניאַ בלאַנקאַ ענריקעז און אַנדערע פערזאָנען. ער האָט אָבער אויך געזאָגט, אַז נאָכן אַרעסט פון די בלאַנקאָס דע ריוועראַ האָט אים פראַנציסקאָ לאָפּעז דיִאַז איבערגעצייגט, אַז אויב די אינקוויזיציע וועט אים אַרעסטירן, „וועט פאַר אים גענוג זיין צו זאָגן אַז ער איז אַ געבוירענער ייִד פון יענע געגנטן און אַ געמלטער; און אַז ער האָט פאַרלאָזן זיין מוטער און ברידער

און איז געקומען אין די דאָזיקע קיניגרײַכן כדי אויסצווזוכן זײַן פּאַטער — די אינקוויזיטאָרן וועלן אים דעמאָלט נישט טאָן קיין בייז״.

ער האָט ווײַטער געזאָגט, דערף „טײַוול האָט אים פאַרבלענדט כדי ער זאָל זאָגן, אַז ער איז געשמדט און קאָנפירמירט, ווײַל ער האָט געגלייבט אַז ער וועט אַזוי אַרום ווערן באַפרײַט״. אין אַן ענלעכער פאָרעם האָט זיך מאַטשאַראַ אויס־געדריקט — לויט ווי דער אינקוויזיציע־שפּיאָן האָט דאָס איבערגעגעבן — אין זײַנע געהיימע שמועסן מיט פראַנציסקאָ באַטעליאָ. ער האָט בײַ יענער געלעגנ־הייט געזאָגט:

לויט דעם געזעץ און דער גערעכטיקייט קומט אים נישט אַרויפצוואַרפן אַ סאַנבעניט, ווײַל ער איז אַ ייִד כפי זײַן נאַציע און איז טרײַ דעם וואָס עס האָבן אים אָנגעוויזן זײַנע עלטערן און ער האָט זיך נאָך ווי אַ קינד אויסגעלערנט צווישן די ייִדן פון זײַן היימלאַנד. בהסכם מיט די געזעצן קומט אים גאָר נישט צו אַרעסטירן, מחמת דעם ווײַל ער איז אַ ייִד און היט אָפּ זײַן תורה פּונקט ווי אַנדערע זייערע; אַז ער לעבט בהסכם מיט זײַנע געזעצן ווי דער מאַר, דער טערק, דער לוטעראַנער און דער אַפּיקורס בהסכם מיט זײַנע — און אַזעלכע זײַנען פאַראַן אַ סך אין שפּאַ־ניע און די אינקוויזיציע האָט אויף זיי קיין שליטה נישט.

אָבער שלמה מאַטשאַראַ האָט געלעבט אין אַ גרויסן טעות, אורטיילנדיק אויף אַזאַ אופן וועגן דער לאַגע אין שפּאַניע. און הגם ס׳איז קיין פראַגע נישט אַז ער איז געווען גערעכט און ער האָט דאָס גוט געוווסט פון זײַן אייגענער דער־פאַרונג אין פאַרשיידענע קריסטלעכע און מוסולמענישע לענדער, איז אָבער אויפן פּירענעיִשן האַלבאינדזל די לאַגע געווען גאָר אַנדערש נאָכן אײַנשטעלן די אינקוויזיציע. אַזוי אַרום האָבן כּוֹאַן דע לעאָנס ווערטער בלויז אַנטשפּראָכן זײַן טיפן באַגער נאָך טאָלעראַנץ, אָבער זיי זײַנען געווען אין פולשטענדיקער סתירה צו דער לאַגע אין וועלכער ער האָט זיך געפונען. חוץ דעם, האָט ער, זעט אויס, נישט געוווסט, אַז אויב אים וואָלט געלונגען צו באַווײַזן אַז ער איז אַ ייִד „כפי זײַן נאַציע״ וואָלט זײַן לאַגע געוואָרן נאָך געפערלעכער.

אָנגייענדיק מיט זײַנע ענטפערס אויף דער „פאַרעפנטלעכונג פון די עדות״, האָט מאַטשאַראַ קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט אַז ער האָט געבראַכט פון איטאַליע אַ העברעיִש בוך. ער גיט איבער די אינקוויזיטאָרן, אַז אין זײַנע ציילקרעלן (Rosario) האָט ער נישט געזאָגט די קריסטלעכע תפילות נאָר די ייִדישע. ער זאָגט אויך, אויף דער אוידיענץ פון 16טן יולי 1644, אַזאַ מאָדנע זאַך: „פּעדראָ דע קאַסטראָ — אַן אַנדערער באַשולדיקטער — איז געווען אין פעראַראַ צווישן די ייִדן, ווײַל די אָרטיקע ייִדן האָבן זייער פײַנט די פּאָרטוגעזישע יודאַיִזירערס, וועלכע גייען און קומען פון שפּאַניע און זיי דענונצירן זיי פאַרן בישאָף מחמת דעם ווײַל זיי קענען נישט דאַוונען אין לשון קודש״. וואָס דאָס וויל זאָגן איז מיר נישט קלאָר, הגם ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז די ייִדן פון פעראַראַ זאָלן נישט האָבן געהאַט קיין סימפּאַטיע צו די מאַראַנען, וועלכע זײַנען געפאָרן קיין שפּאַניע און פון דאָרטן צוריקגעקומען; אָבער ביז צו דענונצירן זיי פאַר דער קירכלעכער מאַכט איז אַ גרויסער מהלך. אפשר האָט מאַטשאַראַ אַליין נישט ליב געהאַט די

דערמאָנטע מאַראַנען, ווײַל ער זאָגט, אַז „די ייִדן וועלכע שמײַסן קריסטוס־פיגורן און באַגייען אַנדערע פאַרברעכנס פון דעם מין טוען עס דאָ און זיי לעבן ווי קאַ־טאָליקן, מחמת זיי זײַנען די ערגסטע, און ווען זיי גייען ווינען אין די לענדער זײַנען זיי די צום מײַסטן אומגעצוימטע און די אַנדערע ייִדן האַלטן פון זיי ווייניק".

ווי אַזוי אויפצוקלערן זײַנע, אפשר אומבאַטראַכטע ווערטער, ווייס איך נישט, דעריבער וועל איך זיי נישט פרוּוון צו אינטערפרעטירן נאָר לאָזן זיי ווי זיי זײַנען.

פאָרזעצנדיק זײַנע ענטפערס אויף דער ערשטער „פאַרעפנטלעכונג", האָט מאַטשאָראָ אויסגעזאָגט, אַז ווען ס'איז געשטאָרבן דאָניאַ כעראָנימאַ עספעראַנסאַ האָט ער געפאַסט איר לזכרון „אויף דער ביטע פון דאָניאַ איזאַבעל דע עספינאָסאַ; און ווען ס'איז געשטאָרבן אַנטאָניאָ ראָדריגעז אַריאַס האָבן דאָס געטאָן אַלע טעכטער זײַנע". ער האָט אויך געזאָגט, אַז „דעם ענין מיטן שעפּעלע פאַרשטייט ער אין גאַנצן נישט, און אַז דער פסח וואָס ווערט געפײַערט אין דעם לאַנד פון וועלכן ער שטאַמט איז פון דאַר ברויט, וועלכער ווערט גערופן Pessa וואָס מיינט ברויט און פאַלט־אויס אָפט מאָל אין דער זעלביקער צײַט ווי די פאַסכאַ פון ווידעראויפלעבונג; און דער אַנדערער פסח, דער פון די שאַלאַשן, ווערט גע־רופן Sucod און מען פראַוועט אים פינף טעג נאָכן תענית פון כיפור פון חודש סעפטעמבער".

ער האָט געלייקנט, אַז כפי דעם ייִדישן דין דאַרף מען בײַ די טויטע אויס־שערן אַלע האָר. ער האָט אויך געזאָגט, אָפּוואַרפנדיק אייניקע באַהויפטונגען פון די עדות, אַז „אין לאַנד פון וועלכן ער שטאַמט שעכט די הינער, שעפסן, קי און אַנדערע בהמות אַ גײַסטלעכער, וועלכער האַלט זיי צו מיט דער האַנט און שעכט זיי מיט אַ מעסער אָן אַ פגם און אָן אַ שפּיץ. ער פּרוּווט אים אויס מיטן נאָגל הין און צוריק און פאַרשיט מיט זאַמד דאָס בלוט פון די הינער. און ווען זיי קוילען אַ קאַלב, אַ קו אָדער אַן אַנדערע בהמה עפענען זיי דעם ברוסטקאַסטן און זעען בײַ זיי די לעבער, לונג און דאָס האַרץ; און אויב זיי זײַנען Kaser — וואָס מיינט ריין — עסן זיי דאָס, און אויב ס'איז Treph — וואָס באַדײַט שמוציק, עסן עס דעמאָלט די מענטשן פון קאַטוילישן פאָלק, און דער דאָזיקער צייכן ווייס ער נישט ווו ער געפינט זיך, דאָס ווייסן די רבנים".

ווײַטער האָט ער באַהויפּטעט, אַז די העברעיִשע תפילה, וואָס גאַספּאַר וואַעז האָט געזאָגט אַז ער האָט זי אים אויסגעלערנט און אין דער אמתן האָט זי אים אויסגעלערנט זײַן באָבע — לויט ווי ס'דאַכט זיך אים אויס — לייענט זיך אַזוי: Semac, baruc quebot און ווערט פאָרגעזעצט malhut, leolam vaet, dea-ftahet Adonai selo echat, behot lefta ut sol naftehar, uhol mebeayu a debarim, aele hacer hanuhim besabetha hayom hal lebaneha de dibertaum bam besiteha, de beteha, beteha, badereh, usumeha o cumeha, usatam leoda ayadeha beayn letotafot, beneneja usatam almijus beteha o bisareja.

ער מאַכט דעם אָנשטעל, אַז אַזוי ווי ער פאַרשטייט נישט דעם אינהאַלט פון

דער תפילה קען ער זי נישט איבערזעצן אין שפּאַניש; ער גיט צו „אַז די דאָזיקע תפילה האָט ער געזאָגט אין העברעיִש און גאַספּאַר וואָעז אין שפּאַניש בשעת די תעניתים וואָס זיי האָבן אָפּגעריכט".

ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן, זײַנען די העברעיִשע טראַנסקריפּציעס אין די אינקוויזיציע־אַקטן שטאַרק פֿאַרגרײַזטע. און אַזוי ווי שלמה מאַטשאָראָ האָט געזאָגט, אַז ער פֿאַרשטייט נישט זייער אינהאַלט און מסתמא האָט ער בײַם ציטירן זיי אויסגעמיטן די שטעלן ווו ס׳ווערט דערמאָנט דער כביכול, דעריבער וועל איך זיך נישט פֿאַרנעמען מיטן פֿאַרריכטן דעם טעקסט וואָס כ׳האָב ציטירט, נאָר גלײַך אויפֿקלערן אַז ס׳האַנדלט זיך אין דער אַזוי גוט באַקאַנטער תפילה שמע ישראל, וואָס קיין ייִד האָט זי נאָך נישט פֿאַרגעסן ביז הײַנט צו טאָג.

אין ווײַטערן גאַנג פֿון זײַנע ענטפֿערס נעגירט מאַטשאָראָ אַ חטא, וואָס ער איז — לויט ווי מיר וועלן עס זען פֿון זײַנע שמועסן מיט פֿראַנציסקאָ באָטעליאָ, — יאָ באַגאַנגען: אַז ער האָט געלעסטערט די קאַטוילישע רעליגיע; ער האָט דערצו נאָך געזאָגט, אַז ייִדן כּפֿי „זייער נאַציע און אמונה" האַנדלען קיין מאָל נישט אַזוי. „עס זײַנען לעסטערער די יעניקע וועלכע קערן זיך אום פֿון קריסטנטום צום ייִדנטום; די ייִדישע תפילות באַשעפֿטיקן זיך נישט מיט ריידן שלעכטס אויף אונדזער האַר יעזוס קריסטוס".

מיט דעם וועל איך פֿאַרענדיקן שלמה מאַטשאָראָס ענטפֿערס אויף דער ערשטער „פֿאַרעפֿנטלעכונג פֿון די עדות". עס איז איבעריק צו זאָגן אַז אין זיי איז פֿאַראַן אַ שלל פֿון זייער אינטערעסאַנטן קולטור־היסטאָרישן מאַטעריאַל. עס איז טאַקע וויכטיק צוצוגעבן, אַז די פּראָצעדורן און זײַן פּראָצעס האָבן זיך געצויגן אומגעהײַער לאַנג: צוויי מיט אַ האַלב חדשים האָט פֿאַרנומען דאָס אויסהערן אים און זײַן ענטפֿער אויף די עדות (16טער יולי 1644) און פֿיר יאָר מיט דרײַ חדשים האָט מאַטשאָראָ געמוזט וואַרטן (ביזן 26סטן אָקטאָבער 1648) ביז ס׳איז פֿאַרגעקומען די צווייטע „פֿאַרעפֿנטלעכונג". ווי דער דאָזיקער גאָטפֿאַרכטיקער ייִד האָט זיך געפֿילט אין די אינקוויזיציע־קעלערן איז זיך לײַכט פֿאָרצושטעלן. זײַן לעכצן נאָך פֿרײַהייט האָט ער אויסגעדריקט מיט אַלע פֿיבערן פֿון זײַן נשמה און מיט אַלע ניואַנסן פֿון זײַן קול. זײַן באַגער צו דערזען די ליכטיקע שײַן און אומצוקערן זיך קיין איטאַליע איז געווען שטאַרקער ווי בײַ אַנדערע אַרעסטירטע, מחמת מיט מעקסיקע האָט אים נישט פֿאַרבונדן קיין אַנדערע זאַך ווי פּײַן און לײַדן. שוין אין אָנפֿאַנג יולי 1642, ווען ס׳זײַנען ערשט געהאַט אַדורך די ערשטע פּאָר וואָכן נאָך זײַן אַרעסט, האָט ער זיך אָנגעשטרענגט צו דערגרייכן די פֿרײַהייט; אָבער נישט אויפֿן חשבון פֿון אַ פֿאַרראַט לגבי זײַן ייִדישקייט. און זי איז געווען אוממעגלעך, ווײַל די אינקוויזיטאָרן האָבן געהאַט אַ ידיעה וואָס פֿאַר אַ פּערזענלעכקייט ער איז.

דאָס פֿאַרציִען די פּראָצעסן לאַנג, ווי כ׳האָב שוין אָנגעוויזן, איז געווען איינער פֿון די מעטאָדן וואָס די אינקוויזיציע האָט אָנגעווענדט לגבי אומבייגזאַמע אַרעסטאַנטן. עס איז זיי נאַטירלעך גאָר נישט אָנגעגאַנגען דאָס וואָס דער אַרעסטאַנט

מאַטשאָראַ איז צעפּרעסן געוואָרן דורך נאָסטאַלגיע. אָבער נאָך כמעט פיר יאָר האַלטן אים האָבן זיי באַשלאָסן צו מאַכן אַ נײַעם שריט אין זײַן פּראָצעס: זיי האָבן זיך געווענדט צום העכסטן אינקוויזיציע־ראָט אין מאַדריד, אַז ער זאָל אויפקלערן צי כּואַן דע לעאָן פיגורירט באמת אין די טויפביכער פון דער שפּאַ־נישער שטאָט אַנטעקעראַ אָדער סעווילע; אָבער דאָס איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן. האָבן זיי דעריבער דורכגעפירט די צווייטע „פאַרעפנטלעכונג פון די עדות". בײַ דער געלעגנהייט האָט זיך מאַטשאָראַ איבערצײַגט אין אַ זאַך פאַר וועלכער ער האָט אַנגסטלעך געציטערט: אַז זײַנע בין־השמשותדיקע שמועסן מיט באָטעליאָן זײַנען טאָג־אײַן טאָג־אויס פאַרשריבן געוואָרן דורך די אינקוויזיטאָרן. זײַנע האַרצלאָזע ריכטערס האָבן אַזוי גענוי געקענט זייער אינהאַלט, אַז פון פאַרצווייפלונג האָט מאַטשאָראַ אויסגערופן: „דאָס האָט אַ שד זיך פאַרקליידט אין קערפּער פון לעאָנען, כּדי צו זאָגן די־אַ זאַכן, וועלכע זײַנען אים אַפילו אין געדאַנק נישט אײַנגעפאַלן". ווען די אינקוויזיטאָרן האָבן אים איבערגעלייענט זײַנע דראָונגען קעגן די טורמע־היטערס, האָט ער געענטפערט, „אַז אַ דונער פון הימל זאָל אים צעמזיקן אויב ער האָט אַזעלכע ווערטער אַרויסגערעדט". ווען זיי האָבן אים איבערגעחזרט די לעסטערונגען פון דער קאַטוילישער אמונה, האָט ער זיי געענטפערט, אַז דער עדות, דאָס הייסט: דער שפּיאָן, האָט עס אויסגע־טראַכט, אַ זאַך וואָס מע קען לײַכט זען — האָט ער צוגעגעבן — פון דעם וואָס ער האָט געזאָגט אַז בעת זײַנע תּפילות אין תּפיסה־קאַמער האָט ער געקניט. אָבער, אין דער אמתן האָט דער שפּיאָן נישט גערעדט וועגן קניִען, נאָר וועגן אַן ענלעכער צערעמאָניע ווי קניִען. מאַטשאָראַ האָט אויך געלייקנט, אַז ער זאָל האָבן חוזק געמאַכט פון די הייליקע בילדער, „ווײַל לויטן ייִדישן דין דאַרף מען נישט ריידן לשון־הרע אויף די הייליקע בילדער; דאָס איז אַ זינד. און בכלל לאָזן זיך ייִדן נישט אַרײַנצניִען אין דיספּוטן מכּוח רעליגיעזע פּראָבלעמען. זיי באַמיִען זיך בלויז אָפּצוהיטן תּורת משה, די געזעצן, די פאַרשריפטן און וואַרטן אויף משיחן". ער האָט ספּעציעל אונטערגעשטראָכן — כּדי צו פאַרמינערן דעם באַ־דײַט פון די מסירהס — אַז ער האָט נישט געקענט זאָגן אַז אַמסטערדאַם איז אַן ענגלישע שטאָט, ווײַל ער ווייסט, אַז זי איז עס נישט. צום סוף האָט ער נאָך אָנגעוויזן, אַז דער שפּיאָן זאָגט ליגן, ווײַל בײַ ייִדן ווערט „בלויז געוואַשן דער קערפּער פון טויטן, און ס׳ווערט נישט געטאָן דאָס אַלץ וואָס ער זאָגט".

דעם 11טן דעצעמבער 1648 איז פאָרגעקומען די דריטע „פאַרעפנטלעכונג פון די עדות", דאָס הייסט, די אינקוויזיטאָרן האָבן אים איבערגעגעבן אַ קיצור פון די נײַע דענונציעס וואָס זיי האָבן קעגן אים באַקומען. צווישן זיי געפינט זיך אַ זייער אינטערעסאַנטע באַשרײַבונג, ווי אַזוי שלמה מאַטשאָראַ האָט געדינט גאָט אין די אינקוויזיציע־קאַזעמאַטן, נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער האָט פאַר־זיכערט זײַנע פאַרפאָלגערס, אַז ער וויל ווערן אַ גוטער און פרומער קריסט:

אין אַז אַלע טעג האָט דער דערמאָנטער כּואַן דע לעאָן געדאַוונט פיר מאָל, און דאָס האָט ער געטאָן אַ זייגער פינף פאַרטאָג, צען אַ זייגער, דרײַ אַ זייגער און זיבן

> אַ זייגער אַוונט. ער האָט זיך דעמאָלט אַוועקגעשטעלט אויף אַ געוויס אָרט, צוזאַמענגענומען די פיס, פֿאַרדעקט דעם קאָפּ און אײַנגעוויקלט דעם קערפּער און די הענט מיטן מאַנטל, און אַזוי איז ער יעדעס מאָל אָפּגעשטאַנען אַ פערטל שעה פיל ווײַניקער, באַוועגנדיק מיט די פיס אייניקע מאָל פאָרויס און אַנדערע מאָל הינטערווײַלעכטס, און אייניקע מאָל שטעלנדיק זיך אויף די שפּיצפינגער און אויסציִענדיק דעם קערפּער אין דער הייך; און אַ פּערזאָן, וועלכן ער האָט דערמאָנט בײַ זײַן נאָמען [דער מסור] האָט דעם פֿאַרדאַכט, אַז ווען דער דערמאָנטער כואַן דע לעאָן האָט געפאַסט, פלעגט ער זיך אָנטאָן ריינע וועש, אָבער ער האָט אים נישט געזען באָדן זיך, ער האָט אים יאָ געזען וואַשן זיך די הענט זייער אָפט. און דער דערמאָנטער כואַן דע לעאָן האָט דערציילט איינעם פון די אַרעסטאַנטן — וועלכן ער האָט דערמאָנט בײַ זײַן נאָמען, — אַז דאָרטן אין זײַן היימלאַנד איז צווישן די אָנגעהעריקע צו דער [ייִדישער] נאַציע געווען אַ מנהג צו גיין שטענדיק אין אַ מאַנטל און צו טראָגן אַ הוט אויפן קאָפּ. און אַזוי האָט זיך טאַקע אויפגעפירט דער דערמאָנטער כואַן דע לעאָן אין דער תפיסה, וו ער האָט שטענדיק געהאַט אויף זיך זײַן מאַנטל און היטל.

אַן אַנדער מסור האָט אינפאָרמירט די אינקוויזיטאָרן, „אַז אַזוי ווי די ייִדן אַנטבלוטיקן יעדן סאָרט פליייש וואָס זיי עסן און נוצן בלויז אויס די פֿאָדערשטע פערטלען, און זיי עסן נישט די הינטערשטע צוליב דער דריז, און אויב זיי עסן זיי איז עס נאָר דערפֿאַר ווײַל זיי קענען זיך פון דעם נישט אַרויסדרייען און דעמאָלט שנײַדן זיי אויס די דריז, דרינגט די דערמאָנטע פּערזאָן, אַז דער דאָזיקער כואַן דע לעאָן, ווי אַ ייִד וואָס היט אָפּ די דערמאָנטע צערעמאָניע, האָט געבעטן אַז מע זאָל אים געבן זײַן חלק פליייש פון פֿאָדערשטן פערטל".

דער זעלבער מסור האָט אויך געזאָגט, אַז כואַן דע לעאָן האָט אים דערציילט, אַז „גאָט האַלט אין זײַן האַנט אַ פיש וואָס פֿאַרדעקט אים אין גאַנצן און ער פֿאַרהאַלט אים אויפן טאָג ווען משיח וועט קומען מיט די נײַן און אַ האַלב שבטים וואָס פעלן, כדי דעמאָלט אים צו עסן". דער מסור האָט נאָך צוגעגעבן, אַז לעאָן האָט אויפגעקלערט זײַנע טורמע־חברים ווי אַזוי „מע לייענט די תורה, וועלכע געפינט זיך אויף פּערגאַמינען".

אין זײַן ענטפער אויף דער דריטער „פֿאַרעפנטלעכונג פון די עדות" האָט כואַן דע לעאָן דערקלערט, אַז ער האָט שוין אַלץ וואָס ער האָט געוווּסט אויסגעזאָגט, דעריבער קען ער קיין שום נײַע זאַכן נישט דערציילן. אָבער כדי ער זאָל זיי יאָ אויסזאָגן, איז ער דעם 17טן דעצעמבער 1648 געפּײַניקט געוואָרן אויפן שווידערלעכסטן אופן אין די טאָרטור־קאַמערן פון דער אינקוויזיציע. דער לײַוואָרנער ייִד האָט איבערגעטראָגן אַלע פּורעניותן און קיין שום זאַך נישט געזאָגט, חוץ אויסרופן פון ווייטיק. אַזוי אַרום האָט ער מקיים געווען דעם צוזאָג וואָס ער האָט געגעבן זײַן חבר פראַנציסקאָ באָטעליאָ, אַז זייערע שמועסן אין די בין־השמשות־שעהן וועט ער קיין מאָל נישט אויסגעבן פאַר די אינקוויזיטאָרן, ווען אַפילו זיי זאָלן אים צעפּיצלען. עס איז אַ סאַטיספאַקציע אַז עס איז אַזוי געשען, ווײַל אין דער טאָרטורן־קאַמער פלעגן זיך בייגן אַפילו די מענער וואָס האָבן אַרויסגעוויזן העלדישקייט אויף דער פרײַ.

## 13. אַ טשיקאַווער דאָקומענט פאַרפאַסט דורך גיליען דע לאַמפּאַרט

בהסכם מיט לאָגישע כללים, איז זיך זייער שווער אויפצוקלערן די אינטימע סיבות וואָס האָבן באַוויגן גיליען דע לאַמפּאַרטן אָנצוהייבן אַ קאַמף פאַר דער מעקסיקאַנער אומאָפּהענגיקייט שוין אין דער ערשטער טייל פון 17טן יאָרהונדערט. נאָך אַ שווערערע זאַך איז צו דערגיין, פון וואַנען ס'האָבן זיך צו אים גענומען די פאָרגעשריטענע — פאַר זײַן עפּאָכע — אידעען, וועלכע ער האָט אויסגעדריקט אין זײַנע שריפטן. אָבער די פאַקטן אַליין זײַנען זיכערע, ווײַל אין מעקסיקאַנער נאַציאָנאַלן אַרכיוו געפינען זיך די אַקטן פון זײַן פּראָצעס און דאָרטן ווערן איבערגעגעבן די פּרטים פון זײַנע קאָנספּיראַטיווע פּראָיעקטן.

לויט דעם פּראָצעס, וואָס די אינקוויזיציע האָט קעגן אים דורכגעפירט, איז גיליען דע לאַמפּאַרט געבוירן געוואָרן אין יאָר 1616, אין אירלאַנד. צי ער האָט יאָ אָדער נישט פאַרענדיקט די בעסטע ענגלישע און שפּאַנישע אוניווערסיטעטן איז נישט וויכטיק; עס איז אָבער אָן יעדן צווייפל — ס'באַשטעטיקט דאָס די אינקוויזיציע אַליין — אַז ער איז געווען אַ מאַן פון אַ ברייטער קולטור און פון אַ סך וויסן. נאָך אַ לאַנגן אויפהאַלט אין שפּאַניע, וועלכע פלעגט ברייטהאַרציק אויפנעמען אירלענדער, מחמת זייער שטרענגן קאַטאָליציזם און האַס צו די ענגלענדער, האָט ער זיך אַריבערגעטראָגן קיין מעקסיקע. דאָ איז אים אײַנגעפאַלן דער געדאַנק „דורכצופירן אַזאַ געוואַגטן פּלאַן ווי דערקלערן די אומאָפּהענגיקייט פון קיניגרײַך און זיך צו פּראָקלאַמירן — ווי ער האָט דאָס געזאָגט — אַלס קיניג פון אַמעריקע און אימפּעראַטאָר פון די „מעקסיקאַנער". אין אָקטאָבער 1642 זײַנען זײַנע פּלענער דענונצירט געוואָרן פאַר דער אינקוויזיציע און דער אירלענדער איז אַרײַנגעשלײַדערט געוואָרן אין אירע קאַזעמאַטן. אין זיי טאַקע האָט ער זיך באַקענט מיט שלמה מאַטשאָראָן, פאַר וועלכן ער האָט אָנגעשריבן אַ טשיקאַוון טעאָלאָגישן פּשטל, וואָס יענער האָט פאָרגעבראַכט פאַר די אינקוויזיטאָרן בעת דער אוידיענץ פון 19טן אָקטאָבער 1649. בהסכם מיט לאַמפּאַרטס טעאָלאָגישע אויספירן, האָט ער ווידער אָפּגעלייקנט אַז ער איז אַן אָפענער ייִד און דערקלערט אַז ער האָט ווי אַ קינד דורכגעמאַכט די שמד־צערעמאָניע אין שפּאַניע. אלא עס איז אויף דעם נישטאָ קיין באַשטעטיקונג, זאָגט „דער געלערנטער און געבילדעטער" גיליען דע לאַמפּאַרט, אַז דאָס איז נישט נייטיק, ווײַל אַזאַ פאַקט קען באַשטעטיקן דער פאַראינטערעסירטער אַליין.

איך ווייס נישט פון וואָס מער צו שטוינען, צי פון דער נאַיִווקייט פון שלמה מאַטשאָראָ צי פון גיליען דע לאַמפּאַרט. ווי האָבן דאָס קלוגע מענטשן, אַזעלכע וואָס האָבן געקענט די אינקוויזיציע־מעטאָדן פון זייער אייגענער דערפאַרונג, געגלייבט אַז אַ יורידיש פּשטל פון איינעם פון זיי וועט גענומען ווערן אין אַכט דורך דער אינקוויזיציע? ווי ס'זאָל נישט זײַן, איז עס אַ טשיקאַווער דעטאַל. דעריבער האָב איך מיך אויף אים אָפּגעשטעלט. וויכטיק איז אָבער אויפצוקלערן

די סיבות, פאַר וואָס מאַטשאַראָ האָט אָפּגעגעבן היפּוכדיקע דערקלערונגען — אַ זאַך וואָס די אינקוויזיטאָרן האָבן האַרב באַשטראָפט. די פּראָבלעם איז אַ פּשוטע: ער האָט אָנגעווענדט אַלע מעגלעכע מיטלען כדי וואָס גיכער אַרויס־צודרייען זיך פון די פאַרהאַסטע אינקוויזיציע־נעסטן און דערגרייכן די אויס־געבענקטע פרײַהייט.

שלמה מאַטשאַראָ האָט זיכער נישט געזאָגט קיין ליגן ווען ער האָט דער־קלערט, אַז זײַן מוטער און פרײַנד האָבן אים געעצהט, אַז אויב ער וועט אַרעס־טירט ווערן דורך דער אינקוויזיציע זאָל ער מודה זײַן אַז ער איז געבוירן גע־וואָרן אין שפּאַניע און ווי אַ קלייך קינד געבראַכט געוואָרן קיין איטאַליע. אַזאַ דערקלערונג איז זיכער געווען די לאָגישסטע און די מער צוגעפּאַסטע אין פאַל פון אַן אַרעסט. אָבער, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, הגם ער האָט באַלד בײַם אָנפאַנג אַזוי דערקלערט, האָט ער דאָך נאָך אָנדערטהאַלבן יאָר זיצן — זיכער אונטערן אײַנפלוס פון עמעצן — באַשלאָסן צו זאָגן אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין איטאַליע. ער האָט נאַטירלעך דאָס געזאָגט, ווײַל ער האָט געמיינט אַז אַזוי אַרום וועט אים געלינגען צו דערנענטערן די שעה פון באַפרײַונג. אָבער ווען ער האָט זיך איבערגעצײַגט אַז ער האָט אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט, האָט ער אויף ס'נײַ דערקלערט אַז זײַן געבוירנאָרט איז געווען שפּאַניע — מיט דעם איז זײַן לאַגע געוואָרן קלאָרער. אָבער כדי צו דערגרייכן דעם אינקוויזיטאָרישן חסד האָט ער ממשותדיק געדאַרפט באַווײַזן, אַז ער איז גרייט פולשטענדיק „צו אַנטלאָסטן זײַן געוויסן". דאָס האָט ער געטראַכט צו באַווײַזן מיט דעם וואָס ער האָט זיי אויס־געזאָגט, אַז ער האָט אין זײַן תפיסה־קאַמער דורכגעפירט אייניקע תעניתים. אָבער מיט דעם האָט ער גאָר נישט דערגרייכט. חוץ דעם האָט די אינקוויזיציע וועגן דעם גוט געוווּסט.

## 14. דער פסק־דין קעגן שלמה מאַטשאַראָ

אַכט יאָר און אַ חודש נאָך דעם אַרעסט פון שלמה מאַטשאַראָ, דעם 8טן יולי 1650, האָבן די אינקוויזיטאָרן זיך דעצידירט אַרויסצוטראָגן דעם פסק־דין קעגן אים. דעם דאָזיקן דאָקומענט הייבן זיי אָן מיט אַ דעטאַלירטן אַרײַנפיר, וועלכן ס'האָט זיי צוגעשטעלט דער פּראָקוראָר און וואָס זיי האָבן פאַרשטענדלעך אָנ־גענומען.

נאָך דעם ווי זיי הייבן־אַרויס זייערע רחמנות־געפילן, ווענדן זיי אָן זייער גאַנצע יעזויִטישע קאַזויִסטיק, כדי צו פונדאַמענטירן זייער אורטייל, וואָס באַ־שטייט אין דעם, אַז שלמה מאַטשאַראָ ווערט פאַרמשפט אויף אייביקער תפיסה — וואָס מיינט אַז ער קען אויך לעבן אויסער איר, אָבער אונטער אויפזיכט, און אויף דער פליכט אייביק צו טראָגן איבער זײַנע קליידער דעם אינקוויזיטאָרישן שאַנד־בגד. זיי פאַרמשפּטן אים אויך „אַז מע זאָל אים אַרומפירן רײַטנדיק אויף

אַ משא־פֿערד אויף וועלכן ער זאָל זיצן אַ נאַקעטער פֿון די לענדן ביז אַרויף, אָנגעטאָן אין זײַן בעל־תשובה־בגד, און ער זאָל אַרומגעפֿירט ווערן איבער די עפֿנטלעכע און געוויינטלעכע גאַסן פֿון דער דאָזיקער שטאָט [מעקסיקע] און דורך דעם קול פֿון אויסרופֿער זאָל געמאָלדן ווערן זײַן שטראָף און מע זאָל אים דערלאַנגען 300 שמיץ; און מיר דעפּאָרטירן אים אויף די שפּאַנישע גאַלערעס פֿון זײַן מאַיעסטעט, אויף וועלכע ער זאָל דינען ווי אַ בחינמדיקער גאַלערניק בײַ די וועסלעס אין פֿאַרלויף פֿון 8 יאָר; און ווען ער וועט אַריבערגעפֿירט ווערן אויף די גאַלערעס, זאָל מען פֿון אים האַרט פֿאַרן וואַסער אַראָפּנעמען דעם שאַנד־בגד; און ווען ער וועט אָפּקומען זײַן שטראָף, זאָל ער אין פֿאַרלויף פֿון אַ חודש צײַט זיך צושטעלן צום טריבונאַל פֿון הייליקן דינסט פֿון דער אינקוויזיציע אין סעווילע, ווײַל מיר האָבן אים דעפּאָרטירט און דעפּאָרטירן אים פֿון די דאָזיקע מערבֿ־אינדיעס [דאָס הייסט, פֿון אַמעריקע] אויף שטענדיק און אויף אייביק און פֿון סעווילע און מאַדריד — זיצאָרט פֿון קיניגלעכן הויף — כּדי מע זאָל אים קענען און פֿאַרשרײַבן זײַנע פּערזאָנאַליען און מע זאָל אים באַשטימען אַן אָרט און פּלאַץ ווו ער זאָל אָפּקומען דעם רעשט פֿון זײַן תּפֿיסה־שטראָף און שאַנד־בגד; און אַלע זונטיקן און יום־טובֿ־טעג דאַרף ער אויסהערן די הויפּט־מעסע און פּרעדיקט — אויב אַזעלכע וועלן געהאַלטן ווערן — אין דער קאַטעדראַלע, און די שבתים דאַרף ער זיך באַטייליקן אין די פּראָצעסיעס צו דער קירך וואָס וועט אים אָנגעוויזן ווערן, ווו ער זאָל קניִענדיק און זייער פֿרום זאָגן פֿינף מאָל דעם פּאַסטער נאָסטער און אויך אַווע מאַריִאַ און סאַלווע רעגינאַ; און ער זאָל זיך מתוודה זײַן און באַקומען דעם הייליקן סאַקראַמענט פֿון אַלטאַר אַלע דרײַ פּאַסכאַס פֿון יעדן יאָר אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבן; און כּדי צו קענען אַרויסטרעטן קעגן אים, אויב ער וועט דאָס אַלץ נישט דורכפֿירן, זאָל געשיקט ווערן אַ באַריכט פֿון דעם דאָזיקן פּסק־דין זײַנעם און באַשטראָפֿונג, מיט זײַנע פּערזאָנאַליען און עלטער, צו זײַן דורכלויכט דעם הויכווירדיקן האַר אינקוויזיטאָר און די האַרן פֿונעם ראַט פֿון זײַן מאַיעסטעט אין דער אַלגעמיינער און הייליקער אינקוויזיציע און צו די אינקוויזיציע־טריבונאַלן פֿון סעווילע, לימאַ און קאַרטאַכענאַ אין די דערמאָנטע מערבֿ־אינדיעס. און מיר דערקלערן דעם דאָזיקן כּוואַן דע לעאָן פֿאַר אַזעלכן ווען ס׳איז פֿאַרווערט און מיר פֿאַרווערן אים צו סטאַרען זיך און צו באַקומען האָנאָראַרן, ראַנגען און אַמטן, זאָל עס זײַן קירכלעכע אָדער ציווילע, וועלכע זײַנען עפֿנטלעכע און באַדײַטן ווערדע און אויך צו טראָגן אויף זיך און אויף זייער פּערזאָן גאָלד, זילבער, פּערל, איידלשטיינער, זײַד, פּעלצן און טײַערע שטאָפֿן, און צו רײַטן אויף פֿערד און טראָגן געווער, און אויך נישט צו טאָרן אויסאיבן די אַלע זאַכן וועלכע זײַנען פֿאַרבאָטן צו אַזעלכע ווי ער, בהסכּם מיט די אַלגעמיינע געזעצן און פּראַגמאַטיקעס פֿון די דאָזיקע קיניגרײַכן און די רעגולאַמינען פֿון דעם הייליקן דינסט פֿון דער אינקוויזיציע״.

נאָך אַכט יאָר זיצן אין תּפֿיסה, אַלזאָ, איז דער אָרעמער שלמה מאַטשאָרז, וועלכער האָט אַזוי אַנגסטלעך אויסגעקוקט אויף דער פֿרײַהייט, פּאַראורטיילט

געוואָרן אויף נאָך אַזוי פיל יאָרן גאַלערעס, וואָס איז אַן און פֿאַר זיך געווען אַ סך אַ שווערערע ווי דאָס פּריזערדיקע זיצן און וואָס איז נאָך פֿאַר אים ספּעציעל באַלאַסטעט געוואָרן. חוץ דעם, אויב ער וואָלט אויסגעהאַלטן זײַן שטראָף אויף די גאַלערעס, וואָלט אים נאָך דעם אויך געווען אוממעגלעך צו אַנטרינען פֿון דער אינקוויזיציע, ווײַל דערפֿאַר האָט זי שוין געזאָרגט און זי האָט זיך דאָס ספּעציעל פֿאַרזיכערט אין פּסק־דין. אָבער חוץ אַלעמען האָט ער אויך בעתן פֿאַרלייענען אים דעם אורטייל אויפֿן אויטאָ־דע־פֿע, וואָס איז פֿאָרגעקומען דעם 10טן יולי, זיך געמוזט אָפּהאַלטן מיט אַלע כּוחות צו באַווײַזן עפּעס אַן אומצופֿרידנקייט; פֿאַרקערט, ער האָט געמוזט באַווײַזן זײַנע אומברחמנותדיקע ריכטערס, אַז ער איז גרייט הכנעהדיק אונטערצוװאַרפֿן זיך זייערע באַשטימונגען. אַזוי אַרום האָט ער אויפֿן אויטאָ־דע־פֿע פֿײַערלעך „אָפּגעשוווירן, אָפּגעוואָרפֿן און פֿאַראורטיילט" יעדן אַרט אַפּיקורסות און צוגעזאָגט „אָפּצוהיטן שטענדיק די דאָזיקע הייליקע אמונה, וואָס עס האַלט, היט־אָפּ און לערנט די הייליקע קירכלעכע מוטער", ווײַל... אויב ער וואָלט אַזוי נישט געטאָן וואָלטן „איבערגעשניטן געוואָרן זײַנע בונדן" מיטן קאַטאָליציזם, וואָס מיינט — ווי מיר ווייסן שוין — טויט אין די פֿלאַמען פֿון אינקוויזיטאָרישן מזבח.

איין טאָג נאָך דעם צוזאָג, דעם 11טן יולי, איז זײַן לעבן געשניטן געוואָרן אין פֿאַסן אויף די „עפֿנטלעכע און געוויינטלעכע" גאַסן פֿון דער שטאָט מעקסי־קע, בהסכם מיטן פּסק־דין פֿון די אינקוויזיטאָרן. דעם 12טן יולי האָבן זײַנע בלוטיקע ריכטערס ווידער אים אַרויסגערופֿן צו זיך און אים געוואָרנט אַז ער זאָל אַליין טרײַ אָפּהיטן; חוץ דעם האָבן זיי אים אויפֿגעפּאַדערט, אַז ער זאָל האַלטן בסוד אַליין וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט אין דער אינקוויזיציע, ווײַל אויב נישט וועט ער באַקומען די האַרבסטע שטראָף און אויך 200 שמיץ.

אָט אָ דאָס איז געווען דער לעצטער אַקט פֿון מאַטשאַראַס דראַמע אינער־האַלב דער מעקסיקאַנער אינקוויזיציע. איצט הייבט זיך אָן זײַן טראַגעדיע אויף די גאַלערעס. וועגן דעם אָבער זאָגן גאָר נישט די אַקטן פֿון זײַן פּראָצעס. דע־ריבער וועלן מיר פּרוּוון צו פֿאַרפֿולן דעם בלויז, ציטירנדיק דעם באַרימטן שפּאַ־נישן שרײַבער גרעגאָריאָ מאַראַניאָן וועגן וועמענס פּאַטריאָטיזם און אָביעקטיוו־קייט — אין דעם פֿאַל — קיינער וועט נישט צווייפֿלען.

פּראָפ' מאַראַניאָן האַלט, אַז „דאָס לעבן פֿון אַ גאַלערניק איז אין דער אמתן אַ לעבן אין גיהנום; ס'איז נאָר דאָ איין אונטערשייד צווישן ביידע: דאָס וואָס דאָס ערשטע דויערט אַ געוויסע צײַט און דאָס צווייטע איז אייביק".

מיר וועלן דאָ ווײַטער נישט ציטירן מאַראַניאָנס גענויע באַשרײַבונג וועגן דער וועגעטאַציע פֿון די גאַלערניקעס אינעם שמוץ און אומפֿלייט פֿון זייער תּיבה, ווײַל אין אַלגעמיין איז דאָס באַקאַנט פֿון פֿאַרשיידענע ראָמאַנען. מיר וועלן בלויז צוגעבן, אַז „דאָס לעבן פֿון די גאַלערניקעס איז געווען אַזוי שווידערלעך, אַז פֿון אָנפֿאַנג האָט מען אַזאַ שטראָף בלויז געגעבן אויף אַ קורצער צײַט. איינס אָדער צוויי יאָר גאַלערעס זײַנען געווען ביכולת אונטערצוגראָבן דאָס לעבן פֿון

יעדער פּערזאָן, וואָס איז נישט געווען שטאַרק ווי אַ דעמב. 10 יאָר גאַלערעס האָט קיינער נישט אויסגעהאַלטן, דערפֿאַר האָט מען מיט היפּאָקריזיע פֿאַרביטן די אייביקע שטראָף אויף זיי אויף 10 יאָר". טאַקע צוליב דעם האָבן די אינקוויזיטאָרן, ווען מענס היפּאָקריזיע מיר האָבן אַ סך מאָל אונטערגעשטראָכן, אַרייַנגעשלײַדערט מאַטשאָראָן אין אַזאַ גיהנום אויף 8 יאָר צייַט. זייער אויסגעמאַטערטער קרבן איז דעמאָלט אַלט געווען 32 יאָר, פֿון וועלכע ער איז 8 אָפּגעזעסן אין דער געהיימער אינקוויזיציע־תּפיסה אין מעקסיקע און איין יאָר אין די פּײַכטע קאַזעמאַטן פֿון זייער איבערגאַנג־טורמע אויפֿן אינדזל סאַן כואַן דע אולואַ, האַרט בײַם פּאָרט פֿון וועראַקרוז.

אויב דאָס לעבן אויף דער גאַלערע איז געווען שוידערלעך פֿאַר מאַטשאָראָס חברים, וועלכע זײַנען צוזאַמען מיט אים געווען צוגעשמידט צו דער קייט ווען מענס לענג איז געווען די גרענעץ פֿון זייערע באַוועגונגס־מעגלעכקייטן, איז עס נאָך געווען פּײַנפֿולער פֿאַר אים, חוץ די נאַטירלעכע סיבות, דערפֿאַר ווײַל ער האָט נישט געקענט בלײַבן טרײַ די ייִדישע דינים. און הגם עס רעגט מיך אויף ווען גוט אָנגעגעסענע און צופֿרידענע פּערזאָנען ריידן וועגן דעם, צי עס איז בעסער צו וועגעטירן אין דחקות און דערנידערונג אײדער צו שטאַרבן בײַ אַזעלכע באַדינגונגען, מוז איך אָבער זאָגן, אַז אין דעם פֿאַל שלמה מאַטשאָראָ וואָלט איך נישט געוווּסט ווי צו רעאַגירן.

# דער זעלטענער פאַל מיט דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע

— 1606 (?)

## 1. איר אַדאָפּטירטער זון כאָסע סאַנטשעס

די געראַמע און לאַבירינטיש־גרויסע הײַזער פון די ווײַסע שכנים[1] פון מעקסיקע, האָבן אײַנגעקוואַרטירט פיל אינדיאַנישע דינסטן. צווישן זיי, די באַלעבאַטים, באַלעבעסלעך און געסט, פלעגן אָפט זיך אײַנשטעלן סעקסועלע באַציִונגען פון אַ געוויסן דויער, אויסער די ראַמען פון דער געהייליקטער הייראַט דורכן קלויסטער. נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס אין אַזאַ סאָרט באַציִונג האָבן די אָנגעהעריקע צו דער ווײַסער קאַסטע מיסגעברויכט מיט זייער פּריווילעגירטער לאַגע, זײַנען זיי אָבער, אין אַלגעמיין, נישט באַשטאַנען צו נעמען אויף זיך די טייל פון דער ביאָלאָגישער און סאָציאַלער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס איז זיי געקומען. אַזוי אַרום איז אויפגעקומען — פּונקט ווי אין גאַנץ שפּאַניש־אַמעריקע — אַן אייגנאַרטיקער טיפּ מעסטיס (מישלינג), וואָס איז געווען יורידיש אומבאַשטימט, האַלב־שקלאַף און האַלב־קרוב. אָט צו אַזאַ קאַטעגאָריע האָט טאַקע געהערט כאָסע סאַנטשעס, כאָסע סאַראַטע אָדער כאָסע דעל קאַסטיליאַ (ער פלעגט באַניצן די אַלע נעמען), געבוירן אין 1634, אין איינעם פון די הינטערשטע הייף פונעם גרויסן הויז פון דאָניאַ מאַריאַ דע לאַ פּאַס, די אַלמנה פונעם נאָטאַר דע לאַ סערנאַ. דער פאָטער פון סאַנטשעסן איז געווען אַ וואַנדערנדיקער סאָלדאַט פון דער העכערער, ד״ה, ווײַסער ראַסע און קאַסטע און פון „ריינעם״ בלוט. ער האָט פאַרלאָזט זײַן מאַמען פון אַ נידעריקערער ראַסע און קאַסטע, פּונקט ווי זי האָט געלאָזט אויף גאָטס באַראָט דעם פּראָדוקט פון איר „ליבלעכן האַנדל״ מיט אים. אין אַזאַ לאַגע, און ווײַל עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ קינד פון אַכט מאָנאַטן, האָט עס אויפגענומען דאָניאַ מאַריאַ דע לאַ פּאַס. ס׳האָבן זי באַווירקט אָנצונעמען אַזאַ באַשלוס סײַ אירע מענטשלעכע געפילן, ווי די פּערספּעקטיוו צו האָבן אַ שקלאַף, צוגעבונדן דורך פעסטע משפּחה־בענדער.

---

[1] שכן — אין קאָלאָניאַלן אַמעריקע, אַן אָנגעהעריקער צו דער העכערער שיכט פון דער ווײַסער קאַסטע.

אין 1643, ווען דאָניאַ מאַריִאַ דע לאַ פּאַס איז געשטאָרבן, איז דער יאָט, פון אַרום נײַן יאָר, געבליבן אונטער דער אַפּוטרופּסות פון איר טאָכטער, מאַריִאַ דע סאַראַטע, אַליין אָן קינדער, און אין יענעם מאָמענט אויסגעמאַטערט פון ווייטיק צוליבן אַרעסט פון איר מאַן, פראַנציסקאָ באָטעליאָ, דורך דער אינקוויזיציע־מאַכט. איר גאַנצע אונטערגעדריקטע מוטערלעכע ליבע האָט דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע אויסגעשפּרייט אויף דעם קרענקלעכן קינד, וועלכן זי האָט אָפּגעהיט, געוועזן זײַן וועגווײַזער און אים אונטערגעריכט אין די רעליגיעזע און אַלגעמיינע קענטעניש.

דער גורל פון דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע — ווען ס׳זאָל זיך נישט האַנדלען וועגן אויטענטישע פאַקטן, — וואָלט נאָר געקאָנט אויסגעטראַכט ווערן דורך דער פאַנטאַזיע־ליטעראַטור. זי איז געווען אַ קרוב פונעם באַרימטן כּהן מאַרטינעס דע סיליסעאָ, אַרציבישאָף פון טאָלעדאָ און דערציִער פון פיליפּ דעם צווייטן, וועמען ס׳איז געלונגען אַז דער מאָנאַרך זאָל באַשטעטיקן, אין יאָר 1547, די ראַסן־געזעצן פון יענער עפּאָכע. ווען זי איז אַלט געוואָרן דרײַסיק יאָר, ד״ה אין 1636, האָט זי חתונה געהאַט מיט פראַנציסקאָ באָטעליאָ, וועלכער איז אַ חוץ „נײַער קריסט״, געווען איינער פון די הייסטע ייִדן אין מעקסיקע. זי, אַן „אַלט־קריסטין״, אַן אַדעליקע פון אַזאַ נישט־פאַרשוועכט בלוט ווי עס האָט געקאָנט האָבן נאָר אַן אָפּשטאַמיקע פון בישאָף מאַרטינעס דע סיליסעאָ, האָט אָנגענומען דעם גלויבן פון איר מאַן מיט לײַדנשאַפט, פּונקט ווי ער. חוץ דעם, האָט זי מיט איר בײַשפּיל און איבערצײַגונג באַאײַנפלוסט דאָס קינד כאָסע, אַז עס זאָל גיין אין אירע פוס־טריט. דער איבערגאַנג פונעם ייִנגל צום ייִדישן גלויבן, שוין נאָך דעם אַרעסט פון זײַן שטיפפאָטער, האָט נישט געשטערט, אַז ער זאָל אַרומנעמען דעם אָ גלויבן מיט טיפן איפער פון זײַן נשמה; ער האָט אַפילו נאָכגעפאָלגט דאָס לייענען די אורטיילן אין די אויטאָ־דע־פעס, כּדי צו אויסלערנען די פּרטים פון ייִדישקייט. דאָס האָט ער פּראַקטיצירט אין משך פון עטלעכע יאָר, דערווײַזנדיק אַזוי אַרום פולשטענדיק זײַן טיפע צוגעבונדנקייט צום ייִדנטום.

וועלכע זײַנען, אויב אַזוי, געווען די באַליידיקונגען און ווונדן וואָס האָבן אים באַוווּגן, ווען ער איז שוין געווען אַ מאַן פון איין און צוואַנציק יאָר, אויסצוגעבן אַז מאַריִאַ דע סאַראַטע און פראַנציסקאָ באָטעליאָ היטן־אָפּ די ייִדישע דינים, ווען דער לעצטער איז שוין געהאַט אָפּגעקומען אַ שטראָף פון דער אינקוויזיציע און זײַן נײַער פּראָצעס האָט אומפאַרמײַדלעך באַדײַט דאָס ערגסטע? אויף דער אָ פראַגע איז אוממעגלעך צו געבן אַ צופרידנשטעלנדיקן ענטפער. ס׳האָבן געמוזט ווירקן אויף זײַן אויפפירונג וואָגיקע און ערנסטע מאָטיוון, ווײַל אויסער דער ליבשאַפט וואָס ער האָט געפילט צו זײַן אַדאָפּטיווער מוטער, איז זײַן קער צום קאַטאָליציזם — אָננעמענדיק אַפילו אַז ער האָט דאָס געטאָן אויפריכטיק — בשום אופן נישט מעגלעך אויפצוקלערן מיט די דערקלערונגען וואָס ער האָט אָפּגעגעבן פאַר די אינקוויזיטאָרן. ס׳איז, למשל, אַבסאָלוט אוממעגלעך, אַז ס׳האָט אים אָנגערעגט אַזוי צו האַנדלען אין אַן ענין פון אַזאַ וויכטיקייט, די באַהויפּטונג,

פון אַנאַ דע לאַ פּאַס, זײַן שוויגער און די שוועסטער פון מאַריִאַ דע סאַראַטע, אַז ווען ס'וואָלט געקומען אַן ענדע צו די ייִדן, וואָלט דאַן משיחס קומען געווען פאַר־זיכערט... אַ סך מער ערנסטקייט אַנטהאַלט דער פאַקט, אַז פראַנציסקאָ באַטעליאָ און מאַריִאַ דע סאַראַטע, טראָץ דעם וואָס זיי האָבן געוווּסט אַז אַנאַ דע לאַ סערנאַ, מאַריִאַס פּלימעניצע איז פאַרגאַנגען אין טראַגן, האָבן זיי זיך קעגנגעשטעלט איר חתונה מיט כאַסע סאַנטשעס און האָבן געוואָרנט אַנצונעמען מיטלען קעגןביידע. אין דעם עקסטרעמען קעגנשטעלן זיך צו דער חתונה פונעם פּאָרל איז זיכער געווען פון גרויס וואָג די סאָציאַלע לאַגע פון כאַסע סאַנטשעס, דער פאַרמאַגנער־טער קרבן פון ראַסיסטישער דיסקרימינאַציע, וועמענס אַלגעמיינער כאַראַקטער אין יענער עפּאָכע, האָט בלויז געקאָנט מילדערן זײַן וויטיק, אָבער נישט אָפּשאַפן אים אין גאַנצן, ווײַל ער האָט געהאַט דעראייגנט אַ געוויסע בילדונג און איז אויך באַשטימט געוואָרן דורך זײַנע אַדאָפּטיווע עלטערן אַריבערצופאָרן קיין שפּאַניע, כדי ער זאָל זיך אויסשולן אין אַלגעמיינע און ייִדישע קענטענישן. ווען די באַ־ציִונגען זײַנען צוליב דער אויבן דערמאָנטער סיבה געוואָרן אָנגעצויגן, האָבן זיך אויך אָנגעהויבן קריגערײַען מיט באַטעליאָן צוליב פאַרשיידענע היימישע ענינים, און אַ געוויסע צײַט פאַרן מסרן, האָט ער אויסגעמיטן זיך צו טרעפן מיט אים און זײַן פרוי.

עס איז שרעקלעך צו דענקען וואָס אַלץ עס קאָן געשען ווען איינער ווייסט, אַז ער האָט צו זײַן דיספּאָזיציע די מיטלען אויף אונטערצוגראָבן אָן רחמנות זײַנע שונאים, אָדער די וועלכע ער האַלט ווי אַזעלכע. אָן איבערגייענדיקע, אָבער אינטענסיווע, עמאָציאָנעלע אויפרודערונג; אַ מאָמענט פון שגעון אָדער צעמישע־ניש זײַנען דאַן ביכולת צו פאַראורזאַכן אומפאַרריכטלעכע טראַגעדיעס. און דאָס האָט אפשר געטראָפן מיט כאַסע סאַנטשעס. אָבער מיר ווייסן דאָס נישט אויף זיכער און קאָנען גאַר נישט זאָגן וועגן דעם אויף אַ זיכערן אופן. אַזוי, אַז מיר טרעטן תיכף צו צו דער טעמע, וועמעס קוועלע עס איז דער דאָקומענט וואָס אַנטהאַלט די דעקלאַראַציעס פון כאַסע סאַנטשעס וועגן אָפּהיטן די ייִדישע דינים דורך דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע און פראַנציסקאָ באַטעליאָ.

## 2. כאַסע סאַנטשעס פאָרמולירט די דענונציע

דעם 2טן מײַ 1656, האָט זיך כאַסע סאַנטשעס פּרעזענטירט פאַרן אינקוויזי־טאָר פּעדראָ דע מעדינאַ ריקאָ, דעם וויזיטאַטאָר פון דעם מעקסיקאַנער אינקווי־זיציע און האָט אַנטדעקט פאַר אים, אַז דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע האָט אים גע־זאָגט „אַז גאָט האָט צום ערשטן מאָל געהאַט געגעבן די תורה אויפגעשריבן אויף אַ ברעט, און שפּעטער האָט ער זי געגעבן, אַ געשריבענע מיט זײַן הייליקן פינ־גער, אויף אַ שטיין, און דאָס האָט ער געטאָן אַזוי, ווײַל זי האָט געדאַרפט אייביק דויערן". דער דענונצירער האָט נאָך צוגעגעבן, אַז דאָניאַ מאַריִאַ פלעגט דער־

ציילן אַז דער אַלמעכטיקער „האָט געהאַט געזאָגט אַברהמען אָדער יעקבן, אַז עס וועלן זײַן אַזוי פֿיל זײַנע אָפּשטאַמיקע, ווי די זאַמדן בײַם ים, אַטאָמען פֿון דער זון, אָדער שטערן פֿון הימל, און אַז אין דער זעלבער מאָס ווי מע שטרענגט זיך אָן צו מאַכן אַ סוף צו זיי און זיי צו פֿאַרטיליקן, פּונקט אין דער זעלביקער מאָס איז אויך אוממעגלעך, אַז זיי זאָלן זיך אויסשעפּן און ענדיקן; און אַז גאָט האָט צוגעזאָגט די ייִדן פֿיל שיינקייט און רײַכטום און דעריבער פֿאַרמאָגן זיי עס; און אַז ס'האָבן זיך געפֿונען ווייניק רײַכע אַלט־קריסטן, געבנדיק אָנצוהערן מיט דעם דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע, אַז איר מאַן, פֿראַנציסקאָ באָטעליאָ, האָט ווײַטער געגלייבט אין דעם גוטן און הייליקן וואָס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט תּורת משה, און אַז זי האָט אויך געהאַלטן און נאָכגעפֿאָלגט דאָס זעלבע".

ס'האָט נאָך ווײַטער געזאָגט סאַנטשעס, אַז אַ פּלימעניק פֿון פֿראַנציסקאָ באָטעליאָ, דער מעדיקער באַלטאַסאַר דע בורגאָס, „פֿלעגט איבערזעצן די פּערזן פֿון תּהילים אין שפּאַניש, כּדי ס'זאָל אין זיי דאַוונען און לייענען די דערמאָנטע דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע"; חוץ דעם האָט זי געוווסט אַז ער איז געווען אַ ייִד, „ווײַל דער דערמאָנטער האָט צום ווייניקסטנס צוויי מאָל — ווי עס איז אים גוט באַוווסט — געפּאַסט בהסכּם מיט תּורת משה, ווײַל ער פֿלעגט ברענגען צו טרינקען שאָקאָלאַד פֿאַר אַלע און בײַ יענע געלעגנהייטן פֿלעגט דער דערמאָנטער מעדיקער באַלטאַסאַר דע בורגאָס דאָס נישט נעמען, נאָר פֿלעגט עס אויסגיסן אָדער אַוועקגעבן דעם עדות; און די טעג ווען ער פֿלעגט פֿאַרפּאַסטן זײַנען געווען זונטיק און מיטוואָך, טוענדיק אין די טעג דאָס געזאָגטע און נישט עסנדיק דעם גאַנצן טאָג קיין שום זאַך ביז ס'איז געוואָרן נאַכט, און בײַ נאַכט פֿלעגט עס עסן סאַלאַט אָדער אַן אַנדער זאַך, וואָס האָט נישט אַנטהאַלטן קיין פֿעטס אָדער שמאַלץ. ער האָט אויך אין משך פֿון גאַנצן יאָר נישט געוואָלט טועם זײַן קיין בלוט פֿון חיות און נישט קיין פֿלייש פֿון די חיות, וואָס ער פֿלעגט אָנרופֿן אומרייַנע, ווי דאָס זײַנען זשאַבעס, קראָליקעס, און חזיר האָט ער פֿאַרזוכט נאָר איינציקע מאָל, ווײַל ער פֿלעגט זאָגן אַז דאָס מאַכט אים שלעכט, און אַזוי אַרום פֿלעגט ער האָבן אַן אויסרייד נישט צו עסן".

סאַנטשעס האָט נאָך צוגעגעבן אָט די קוריאָזע נײַעס: אַז אין זייער צימער, אין דעם אַרײַנפֿאָר־הויז פֿון דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע, האָט באַלטאַסאַר דע בורגאָס „פֿאַרמאָגט איין שטיק טוך, אויף וועלכן ס'איז געווען אויסגעמאָלן אַ הייליקער משה, און אויף אַ צווייטן טוך דער מלך דוד, און ער פֿלעגט אָנצינדן אַ גרויס ליכט און עס אַוועקשטעלן אַנטקעגן דעם געמעל פֿון הייליקן משה, און ווײַטער האָט דער דאָזיקער עדות נישט געזען וואָס ער פֿלעגט טאָן, אָבער ער איז זיך משער אַז ער פֿלעגט תּפֿילה־טאָן פֿאַר דער נשמה פֿון זײַן מוטער, ווײַל הגם אין דעם אָרט האָט זיך געפֿונען אַ בילד פֿון דעם הייליקן כיעראָנימוס, איז [דאָס ליכט] געווען געריכטעט צו דער מערבֿ־זײַט"...

באַלד נאָך דעם, אין אויגנשײַנלעכן קעגנזאַץ צו דעם וואָס ער האָט געהאַט פֿאַרזיכערט וועגן די טיכער אינעם צימער פֿון באַלטאַסאַר דע בורגאָס, האָט ער

באַהויפּטעט, אַז דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע פלעגט זאָגן „אַז דאָס פאַרגעטערן די בילדער איז אַ געצנדינסט, און אַז מ׳דאַרף דינען נאָר דעם גייסט און נישט צו קיין שום אָפּבילדער“.

אינעם ווייטערדיקן גאַנג פון זיינע דענונציעס, האָט סאַנטשעס אינפאָרמירט די אינקוויזיטאָרן, אַז מאַריאַ דע סאַראַטע, „ווען זי פלעגט אויפשטיין פונעם בעט, פלעגט זי זיך וואַשן די הענט, און אָן איבערצלמען זיך, נעמען כלומרשט אַ שנירל פּאַטשערקעס אין די הענט, זיי געהאַלטן אויף איין אָרט און קיין מאָל נישט באַוועגט; זי פלעגט זיך אָנלענען אין אַ סלופּ, און מיט פאַרלייגטע הענט פלעגט זי זאָגן קאַפּיטלעך תהילים אין שפּאַניש, דערנאָך פלעגט זי אַראָפּנידערן דעם קאָפּ און זאָגן: געלויבט זאָל זיין דער הייליקסטער האַר גאָט פון אַברהם, יצחק און יעקב, און צום סוף פון די קאַפּיטלעך תהילים — געדענקט ער — פלעגט זי זאָגן: מע וועט ברענגען אויף זיין מזבח קעלבער, ווייל דער עדות האָט דאָס געהערט מחמת ער פלעגט ספּעציעל זיך צוהערן. און טייל מאָל פלעגט זי איבער־חזרן די דערמאָנטע קאַפּיטלעך תהילים דריי מאָל און אַן אַנדער מאָל — זעקס; און עס האָט געדאַרפט הערשן אַ גרויסע שטילקייט אין איר הויז; און אויב די יונגען פלעגן טייל מאָל מאַכן אַ גערויש, פלעגט ער אַ פּאַטש־טאָן, זיי זאָלן רויק זיין, און נאָכן עסן פלעגט זי תמיד זאָגן געלויבט זאָל זיין דער האַר גאָט, נישט צוגעבנדיק קיין אַנדער זאַך; און ווען זי פלעגט זיך לייגן שלאָפן, פלעגט זי זאָגן: געלויבט זאָל זיין דער גאָט פון די חילות וועלכער האָט אונדז באַזאָרגט פאַריקע נאָכט מיט שפּייז. און זי האָט זיך נישט איבערגעצלמט מיטן צייכן פונעם קרייץ און זי האָט נישט געהאַט קיין הייליק וואַסער אין שטוב און אויך נישט קיין הייליק בילד צוקאָפּנס“.

לויט ס׳האָט געזאָגט כאַסע סאַנטשעס, האָט דאָניאַ מאַריאַ געהאַלטן, אַז „עס קומט בלויז אָפּצוהיטן די שבתים און דעם פּסח פונעם שעפּעלע, וואָס עס פאַלט־אויס דעם ערשטן טאָג פון אַפּריל, ווייל די קריסטן האָבן איבערגערוקט דעם פּסח; און דער עדות האָט דערנאָך געלייענט אין אַ בוך וואָס האָט געהערט צום מעדיקער באַלטאַסאַר דע בורגאָס, מיטן נאָמען יאָסעפוס דע בעללאָ יודאַיקאָ [2], ווו ס׳ווערט געזאָגט דאָס זעלבע“. ס׳האָט צוגעגעבן סאַנטשעס, אַז דאָניאַ מאַריאַ פלעגט דערציילן, אַז „אין אַ פאַרוואָרפענער טייל פון דעם גרויס־כינע, וואָס איז נאָך נישט דעראָבערט געוואָרן, איז פאַראַן אַ טייך, וועמענס שטיינער ס׳שלאָגן זיך אָן צווישן זיך יעדן פרימאָרגן, אויסער דעם שבת־טאָג, ווען זיי שטילן זיך איין און בלייבן רויק, און אַז אַ מאַן וועלכער האָט זיי געזען, האָט זיי צונויפגעקליבן אין אַ קעסטל, ווו זיי האָבן געטאָן דאָס זעלבע ווי אין טייך“. פון דעם האָט זי געדרונגען, אַז אין „יענער טייל פונעם גרויסן כינע האָבן זיך געפונען די אָפּשטאַמיקע פון אַברהם“.

---

[2] ער מיינט דאָ דאָס באַרימטע ווערק פון יאָזעפוס פלאַוויוס (מתתיהו בן יוסף) די יידישע מלחמות.

סאַנטשעס האָט אויך אויפגעדעקט אַז זײַן אַדאָפּטיווע מוטער פלעגט פאַסטן ספּעציעלע תעניתים צום גאָט פון ישראל, כדי צו דערגרייכן די באַפרײַונג פון איר מאַן פראַנציסקאָ באַטעליאָ פון דער אינקוויזיציע־תפיסה. אין אַזעלכע פאַלן „פלעגט דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע אויפשטייגן, בײַם אונטערגאַנג פון דער זון, צו אַ קאָרידאָר, לויט זײַן מיינונג, כדי צו מתפלל זײַן, אָבער ער האָט נישט געקאָנט דערגיין וואָס זי פלעגט זאָגן, נישט ווי אַזוי, ווײַל ער האָט עס נישט געקאָנט זען. אויך האָט געזאָגט די דערמאָנטע דאָניאַ מאַריאַ, אַז זי האָט אַ נדר־געטאָן נישט צו שלאָפן אויף קיין לײַלעכער, ביז איר מאַן וועט נישט אַרויס פון תפיסה, און אַזוי פלעגט זי טאָן".

דער מסור האָט אויך צוגעגעבן אַז אייניקע מאָל, אין תענית־טעג, פלעגט דאָניאַ מאַריאַ אַרײַנגיין אין צימער פון דעם דערמאָנטן מעדיקער באַלטאַסאַר דע בורגאָס, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די טעפּעכער מיט די געמעלן פון משהן און דודן, אויף צו שטעלן אַן אָנגעצונד ליכט, און דער עדות האָט עס גענומען און גע־שטעלט, אָבער זי פלעגט זאָגן אַז ער האָט עס געשטעלט פאַרן הייליקן כעראָני־מוס, ווײַל לויט ווי ער האָט שוין געזאָגט, האָט זיך אויך זײַן בילד געפונען אינעם הויז, אָבער זי פלעגט ס׳ליכט שטעלן ווײַט פונעם הייליקן און נאָענט צו משהן. אויך האָט די דערמאָנטע דאָניאַ מאַריאַ זיך אויסגעהיט פון עסן פון די בעלי־חיים וואָס זי פלעגט אָנרופן אומריינע, פונקט ווי דער דערמאָנטער מעדיקער באַלטאַסאַר דע בורגאָס; זי פלעגט זאָגן אַז מ׳דאַרף עסן נאָר יענע בעלי־חיים, וואָס נח האָט אַרײַנגעפירט אין דער תיבה, און אַז מ׳טאָר נישט עסן פון די פיש וואָס האָבן נישט קיין שופּן, און אַז אויך רויב־פייגל איז פאַרבאָטן צו עסן".

דער מסור האָט פאַרגעזעצט זאָגנדיק אַז פראַנציסקאָ באַטעליאָ און זײַן ווײַב האָבן אָנגעהאַלטן האַרציקע באַציִונגען מיט פאַרשיידענע ייִדן, וואָס זײַנען געהאָט באַשטראָפט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע. ער האָט איבערהויפּט דערמאָנט טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע,[3] דעם באַרימטסטן ייִד אין דער געשיכטע פון דער אינקוויזיציע אין מעקסיקע. ער האָט אויך באַהויפּטעט, אַז באַטעליאָ פלעגט זאָגן אַז „ס׳איז נישט פאַראַן קיין שאול [פּורגאַטאָריום], ווײַל די וואָס שטאַרבן גייען צו אַ פעלד, וואָס, לויט אים, הייסט עס אלישע־פעלד, און אַז דאָרט פאַרבלײַבן זיי ביז ס׳וועט קומען משיח, כדי אויפצושטייגן אין הימל אַרײַן, און ווען ער פלעגט הערן זאָגן טייל לײַט וועגן איינעם וואָס איז שוין געשטאָרבן, אַז ער פאַרלאָזט זיך אויף גאָט וואָס געפינט זיך אין הימל, פלעגט לאַכן דער דערמאָנטער פראַנציסקאָ באַטעליאָ, ווײַל ס׳איז נאָך נישט געקומען — פלעגט ער זאָגן — די צײַט ס׳זאָלן זיך עפענען די טויערן פון הימל, און אַז דערפאַר קאָנען זיי נישט גיין אין הימל אַרײַן, ווען אַפילו זיי זאָלן נישט זיין קיין קריסטן, ווײַל אַלע קריסטן זײַנען באַ־שטימט פאַרן גהינום, ווײַל זיי זײַנען געצנדינערס, מחמת זיי פאַרגעטערן די

[3] מיר פאַרעפנטלעכן דאָס אין זײַן ביאָגראַפיע.

אָפּבילדער פון יעזוסן און די הייליקע געשניצטע אין האָלץ. באַטעליאַ פלעגט אויך זאָגן, אַז ער איז בטוח אין גאָט, אַז צוליבן געצנדינסט וועט ער פאַרניכטן די וועלט דורך פײַער״.

אָנגייענדיק מיט זײַנע דענונציעס האָט סאַנטשעס אויפגעדעקט, אַז נאָך זײַן באַפרײַונג פון דער אינקוויזיציע־תּפיסה, פלעגט באַטעליאַ, תמיד אין דער באַ־גלייטונג פון זײַן געטרײַער פרוי, זיך צוריקציִען „צו אַ געוויסן אָרט אָדער פענצטער, פון וואַנען מ׳קאָן זען דעם הימל און דעם מאָרגן־שטערן, וואָס פלעגט דערשײַנען נאָך זונפאַרגאַנג און ער פלעגט זיך לייגן מיטן פּנים צו דער ערד, וואָס מיינט — זיך אָנגעשפּאַרט אויף די קני, און דעם קערפּער אויסגעצויגן מיטן קאָפּ צו דער ערד און פלעגט זאָגן אין שפּאַניש די קאַפּיטלעך תהילים, וועגן וועלכע ער האָט שוין איבערגעגעבן, ווײַל ער — האָט זיי אים געהערט זאָגן און ווײַל זײַן ווײַב פלעגט זאָגן יענע קאַפּיטלעך תהילים, וואָס ער האָט איר געהאַט אויסגעלערנט, און נאָך דעם דאָזיקן געבעט איז דער דערמאָנטער פראַנציסקאָ באַטעליאַ געגאַנגען דאַוונען און זײַן פרוי, הגם זיי פלעגן דאַוונען צוזאַמען, פלעגט זי נישט נידערן צו דער ערד אַזוי ווי דער געזאָגטער פראַנציסקאָ באַטע־ליאַ, ביז ער פלעגט ענדיקן. און דאָס פלעגן זיי טאָן אַלע די דאָזיקע טעג, אויף דער נאַכט און אין דער פרי, נאָכן אויפשטיין, האָבן זיי זיך געוואַשן די הענט, אַן דעם זיי זאָלן וועלן עפּעס עסן פריִער״.

דערנאָך האָט סאַנטשעס געזאָגט, אַז „דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע און איר מאַן האָבן באַגערט צו האָבן אַ זון וועמען אויסצולערנען די תורה, און [באַטעליאַ] פלעגט זאָגן אַז ער האָט געהאַט די האָפענונג, אַז פאַרן שטאַרבן וועט ער אַריבער אין אַן אַנדער אָרט, ווו ער וועט קענען אָפן אָפּהיטן די תורה לויט וועלכער זיי האָבן געלעבט, נישט זאָגנדיק אַוור״. ער האָט אויך צוגעשטעלט די ביז גאָר ערנסטע און גאָר זעלטענע דענונציע: אַז זיינע אַדאָפּטיווע עלטערן „האָבן באַ־האַלטן צוויי ביכער, געבונדענע אין פּאַרמעט, פון גאַנצע בויגנס און פון אַ הויך פון פינף פינגער יעדער איינער, מער ווייניקער. ר׳האָט צוגעגעבן, אַז דער שטאַר־קער באַגער צו האָבן קינדער האָט געהאַט אַלס סיבה דעם ווילן צו האָבן וועמען איבערצוגעבן די דערמאָנטע ביכער, כדי זיי זאָלן נישט פאַרלוירן גיין״. ער האָט פאַרגעזעצט זאָגנדיק, אַז באַטעליאַ „פלעגט זיך נישט איבערצלמען און נישט זאָגן קיין שום תּפילה פון די וואָס עס באַנוצן די קריסטן, נישט ווען ער פלעגט אויפשטיין און נישט ווען ער פלעגט זיך לייגן שלאָפן, און נישט ער האָט געהאַט וועלכעס ס׳איז אָפּבילד אין זײַן צימער, און אויך אויף קיין פאַל האָט ער נישט דערמאָנט דעם נאָמען פון יעזוסן, נישט פון דער הייליקער בתולה, נאָר בלויז געזאָגט, ווען עס האָט געהאַלטן דערבײַ אַ לויב דעם הייליקסטן גאָט פון ישראל, אָדער יה צבאות״.

## 3. דער האַס פון סאַנטשעס צו זיין אַדאָפּטיוון פּאָטער פראַנציסקאָ באָטעליאָ

ס'איז צו באַדויערן וואָס מיר האָבן אין אונדזער באַזיץ אַזוי ווינציק מאַטע־ריאַל וועגן דעם לעבן פון פראַנציסקאָ באָטעליאָ, איינע פון די פּערזענלעכקייטן פון צווישן די באַהאַלטענע ייִדן אין מעקסיקע אין 17טן יאָרהונדערט. דאָס איינ־ציקע וואָס מיר ווייסן וועגן זײַן ביאָגראַפיע איז, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין פריעגאָ, אַנדאַלוזיע, אַרום דעם יאָר 1593; אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע אין יאָר 1636, אינעם עלטער פון 42 יאָר; אַז מ'האָט אים אַרעסטירט, צום ערשטן מאָל, אין 1642; אַז ער איז ווידער אַרעסטירט געוואָרן אין 1656 אויף דער דענונציע פון זײַן אַדאָפּטירטן זון כאָסע סאַנטשעס; און אַז ער האָט אויסגעהויכט זײַן לעצטן אָטעמצוג אין די פלאַמען, אויף דער פאַראָרדענונג פון דער אינקוויזיציע, אין 1659.

פון די איינוועגדונגען פון באָטעליאָ קעגן אַ טייל באַהויפּטונגען פון כואַן דע לעאָן, בעת די נאַכט־שמועסן וואָס ביידע געהיימע ייִדן פלעגן פירן אין דער תפיסה, קאָן מען דײַטלעך מערקן אַז ער האָט געהאַט אַ היציקן כאַראַקטער. פאַר־שטייט זיך, אַז אַזאַ פערזאָן, אָנשטאָט צו פאַרגלעטן די מיינונג־פאַרשיידנקייטן, פלעגט ער זיי פאַרשאַרפן. נאָך זײַן ערשטן אינקוויזיציע־פּראָצעס און נאָכן האָבן באַשטראָפט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע־מאַכט, האָט ער זיך געפונען אונטער אַ פּערמאַנענטער טויט־געפאַר, ווײַל אַ צווייטער אַרעסט וואָלט אים אומפאַרמײַד־לעך דערפירט דערצו: דער דאָזיקער פאַקט איז געווען גוט באַוווסט צו זײַן מסור, כאָסע סאַנטשעס.

באָטעליאָ איז געווען אַ הייסער ייִד, אַ בראַווער און שטאָלצער צוליב זײַן אָנגעהעריקייט צו דער ייִדישער אומה. צו דער שטיינונג פון די אינקוויזיטאָרן, האָבן אַפילו די גרויזאַמסטע טאָרטורן נישט באַוויזן אונטערצומינעווען זײַן גײַסט.

אין משך פון זײַנע זיבן יאָר אַרעסט, — צום ערשטן מאָל — האָט ער זיך שטענדיק אָן עצה געגעבן צו דערפילן געוויסנהאַפטיק אַלע ייִדישע דינים. ווען ער איז באַפרײַט געוואָרן פון תפיסה איז ער ווײַטער אָנגעגאַנגען מיט זײַן טרײַ־שאַפט צו דעם ייִדישן דת, הגם ער האָט קלאָר געוווּסט, אַז ער שטעלט זיך אויס אויף אַ זיכערן טויט, און דערבײַ אויך געוווּסט אויף זיכער, אַז סאַנטשעס פילט צו אים אַ גרענעצלאָזע שנאה.

באָטעליאָ איז פאַרברענט געוואָרן אויפן אויטאָ־דע־פע דעם 8טן אָקטאָבער 1659. דער אָפיציעלער באַריכט־אָפּגעבער פון אָט דער טראַגישער געשעעניש זאָגט, „אַז ער איז געווען דער פאַרעקשנטסטער ייִד פון צווישן אַ סך וואָס זײַנען אין משך פון אַ סך יאָרהונדערטער באַשטראָפט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע. מע האָט בײַ אים נישט געקאָנט אַרויסקריגן אַז ער זאָל דערמאָנען דעם נאָמען פון יעזוסן, נישט פון דער הייליקער בתולה, זײַן מוטער; ער האָט זיך געלאָזט פאַרברענען אַ לעבעדיקער“.

## 4. סאַנטשעס וויל זיך „דערלייזן״ אינעם יידישן גלויבן

כדי אויסצומײַדן די שטראָף פון דער אינקוויזיציע, האָט סאַנטשעס אויך גע־דאַרפט זיך מודה זײַן אין די זינד וואָס ער אַליין איז באַגאַנגען: נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיקט די דענונציאַציעס קעגן זײַנע אַדאָפּטירטע עלטערן, האָט ער טאַקע אָנגעהויבן מודה צו זײַן זײַנע אייגענע „פאַרברעכנס״. ער האָט געזאָגט, אַז נאָכ־פאָלגנדיק זייער בײַשפּיל און וועלנדיק זיך „דערלייזן״ פלעגט ער זאָגן די שירי תחנונים פון תהילים, אָבער אויסלאָזנדיק דאָס וואָס די קריסטן גיבן צו: אַ לויב דעם פאָטער און זײַן זון. חוץ דעם, פונקט ווי ס׳פלעגן דאָס טאָן באָטעליאָ און זײַן ווײַב, פלעגט ער אין דער פרי, נאָכן וואַשן די הענט און איידער ער האָט נאָך עפּעס וואָס געגעסן, אַוועק אין אַ זײַט דאַווענען, פון וואַנען ער האָט געקענט זען דעם הימל, אומגעקערט צו דער זײַט ווו ס׳פאַרגייט די זון, און בײַ נאַכט אויך אַזוי און ווו מע זעט דעם ערשטן שטערן, וועמען זיי רופן שטערן ווענוס און דאַן פלעגט ער זאָגן אין דער פרי די דערמאָנטע קאַפּיטלעך תהילים, טייל מאָל קניִענ־דיק און אַנדערע מאָל אַרומגייענדיק, הגם בײַ נאַכט, אַזוי ווי ער האָט נישט גע־קענט לייענען, צוליבן פעלן פון ליכט, פלעגט ער נאָר זאָגן איין קאַפּיטל תהילים, אָבער ער האָט זיך נישט איבערגעצלמט און אים איבערגעחזרט דרײַ אָדער זעקס מאָל, לויט דער באַקוועמלעכקייט וואָס ער האָט געהאַט״.

סאַנטשעס האָט אויך מודה געווען, אַז ער האָט געפאַסט עטלעכע טעג דורך דער וואָך „ווען ס׳פלעגט אויספאַלן דער געהעריקער מאָמענט״, אָבער איבער־הויפּט „דעם 1טן אַפּריל, ווײַל זיי פלעגן זאָגן אַז דאָס איז די צײַט פון פסח פונעם שעפּעלע, וואָס גאָט האָט געהייסן אָפּהיטן; און דעם 4טן סעפּטעמבער, ווײַל זיי פלעגן זאָגן אַז דאָס איז דער טאָג ווען משה איז געשטאָרבן״. ער האָט צוגעגעבן, „אַז אין די פאַסט־טעג פלעגט ער זאָגן שירי תחנונים צוויי מאָל, דאָס מיינט: טייל מאָל אין דער פרי און טייל מאָל בײַ נאַכט, בײַ ליכט; און דאָס עסן בײַ נאַכט, אין די פאַסט־טעג, פלעגט זײַן נאָכן אָפּדאַווענען״. ער „פלעגט אויך אָפּהיטן די מצווה פון נישט עסן זאַכן מיט בלוט, ווי בלוטווורשטלעך, קראָליקעס, זשאַבעס ווי אויך נישט קיין פיש אָן שופּן און נישט קיין אַנדערע עופות אָדער פיש וואָס זיי רופן אומריינע, ער האָט נישט געזאָגט אַ וואָסער תפילה, וואָס האָט דערמאָנט אין עפּעס אַ הייליקן, אָדער אין דער הייליקער יונגפרוי״.

ווײַטער האָט ער געזאָגט אַז „ער פלעגט אַרבעטן אין די קריסטלעכע יום־טובים און זיך באַמיט אָפּצוהיטן שבת ווי אַ פעסטטאָג; און האָט אַרויסגעוויזן גרויס שנאה און צאָרן קעגן אַלע וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט די לערע פון אונדזער האַר יעזוס קריסטוס, ווינטשנדיק אַז זיי זאָלן פאַרניכטעט ווערן; און ער האָט נישט געגלייבט אַז די נשמות וואָס פאַרלאָזן די וועלט שטײַגן אַרויף אין הימל, ווען זיי זײַנען פון קריסטן, מאָרן אָדער פון אַנדערע נאַציעס; ער האָט נאָר געגלייבט, אַז די נשמות פון די יידן גייען אינעם שויס פון אַברהם, אָדער צום אלישע־פעלד, ביז ס׳וועט קומען די צײַט פון אמתן משיח, ווײַל יעזוס קריסטוס איז דאָס נישט געווען; און אין זײַנע תפילות פלעגט ער בלויז בעטן פאַר די יעניקע וואָס זײַנען

געשטאָרבן לויט משהס געבאָטן, און געבעטן גאָט ער זאָל קומען פאַר זייער כּבוד וועגן, און צעשטערן דאָס געצנדינערײַ פון די קריסטן און אַנדערע נאַציעס".

בײַם פאַרענדיקן דאָס מודה זײַן אויף די אייגענע חטאים, כּדי „פולשטענדיק צו אַנטלאָסטן זײַן געוויסן", האָט ער צוגעגעבן פרישע באַשולדיקונגען קעגן זײַנע אַדאָפּטיווע עלטערן. ער האָט דערקלערט, אַז ווען ביידע האָבן זיך געלייגט שלאָפן האָט ער געהערט (ווײַל ער פלעגט שלאָפן אינעם זעלבן צימער וואָס זיי) — ווי באָטעליאָ האָט געזאָגט, אַז „ס'איז אַ שלעכטער אויפטו ווען מען לערנט נישט די קינדער די תּורה וועלכער זיי דאַרפן בלײַבן טרײַ, ווײַל זיי גייען פאַרלוירן, ווי ס'איז געשען מיטן פאָטער פון בישאָף פון מיטשאָאַקאַן, וועלכער איז אין איצטיקן מאָמענט דאָן פראַי מאַרקאָס ראַמירעז דע פּראַדאָ; אַז ער האָט געוווּסט, אַז דער דערמאָנטער פאָטער פונעם דערמאָנטן בישאָף, צוליב נאַכלעסיקייט, אָדער מורא, האָט אים נישט מדריך געווען אין תּורת משה, דערפאַר איז ער פאַרלוירן געגאַנגען און געוואָרן אַ מאָנאַך, און דערגאַנגען צו זײַן אַ בישאָף. אויף דעם האָט געענט־פערט די דערמאָנטע דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע, זײַן פרוי, אַז ווען זי וואָלט געהאַט קינדער, ווען מען מ'וואָלט געדאַרפט לערנען, וואָלט זי דאָס געטאָן אַפילו ווען זי וואָלט געווען געצוווּנגען צו פאַרלירן טויזנטער לעבנס צוליב דעם, ווײַל פאַר־לירנדיק עס צוליב גאָט, געווינט מען גנאָד און דאָס הימלרייך".

אָנגייענדיק מיט זײַנע דענונציעס, האָט כאָסע סאַנטשעס געזאָגט, אויף דער אוידיענץ פון 12טן מאַי פון 1656, אַז דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע „פלעגט פיל מאָל ריידן שלעכטס וועגן די היילִיקע וואָס דער קלויסטער האָט קאַנאָניזירט און גוט־געזעליקט, און האָט נישט געגלייבט אַז עס קאָנען זײַן היילִיקע אין דער קריסט־לעכער תּורה. איבערהויפּט האָט זי געצווייפלט אין סאַן בעניטאָ דעם נעגער, ווײַל ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אַ נעגער זאָל זײַן אַ היילִיקער?".

מעגלעך, אַז אינעם באַגריף וועגן דער ווײַסער ראַסן־העכערקייט פון דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע, דער באַקערטער צום ייִדנטום פון „אַלט־קריסטלעכן" אָפּ־שטאַם, איז אײַנגעשלאָסן טיילווײַז דאָס רעטעניש פון דער אומרחמנותדיקער אויספירונג פון סאַנטשעס לגבי איר. ער האָט ווײַטער אינפאָרמירט די אינקוויזי־טאָרן, אַז דאָניאַ מאַריאַ האָט געזאָגט צו באַלטאַסאַר דע בורגאָס און צו כאָסעפאַ רויז, אַז „אין רוים לעבן די דאָרטיקע ייִדן עפנטלעך לויט תּורת משה, און אַז אַלע יאָרן ברענגען זיי צום פויפּסט אַ תּורה, ער זאָל זיך באַקענען מיט איר און אַז ער זאָל באַפעלן מען זאָל זי אָפּהיטן און אַז די קריסטן זאָלן נישט זאָגן אַז זיי ווייסן וועגן איר גאָרנישט. בײַ אַזעלכע געלעגנהייטן פלעגט דער פויפּסט ענטפערן: גייט מיט גאָט, ערנהאַפטע ייִדן. און אַז דער דערמאָנטער פראַנציסקאָ באָטעליאָ, נאָך דעם ווי ער איז באַפרײַט געוואָרן פון דער אינקוויזיציע־תּפיסה, געבעטנדיק צו פאַר־שטיין אַז די קריסטלעכע לערע איז נישט דויערהאַפט, האָט געזאָגט אַז עס איז זיכער, אַז ס'וועט מקוים ווערן אַ סאָרט נבֿואה, און געזאָגט האָט ער עס אין פערזן וועלכע ער געדענקט נישט, אָבער וואָס ענדיקן זיך מיט אָט די צוויי פערזן: און ס'וועט שטאַרבן אַ טויטער וואָס איז לעבעדיק, וואָס וועט זײַן אַ נײַער אופן פון שטראָף".

## 5. טיכער מיט געמעלן פון אַלטן טעסטאַמענט

אינעם פּראָצעס קעגן מאַריאַ דע סאַראַטע, צום ערשטן און לעצטן מאָל אויף אַמעריקאַנער ערד, האָבן די פּאַרשריפטן פון דער אינקוויזיציע געהאַט זייער פול־שטענדיקע אָנווענדונג. דאָס איז געשען אַ דאַנק דער אָנוועזנהייט פונעם וויזיטאַטאָר פונעם העכסטן ראַט פון דער אינקוויזיציע, דאָקטאָר פּעדראָ דע מעדינאַ ריקאָ. אַ דאַנק דעם זײַנען אויך עקזאַמינירט געוואָרן די עדות פון דער פאַרטיידיקונג. אין דער ערשטער ריי איז דאָס געווען די שוועסטער פון דאָניאַ מאַריאַ, אַנאַ דע לאַ פּאַס סיליסעאָ. ענטפערנדיק אויף דער אויפפאָדערונג אַז זי זאָל „זאָגן וויפל צוגעשניטענע טיכער עס זײַנען געווען, און אויב זיי זײַנען געווען גלײַכע און וואָס פאַר אַ אָפּבילדער ס׳איז אויף זיי געווען געמאָלן, ווו זיי האָבן זיך געפונען צו דער צײַט פון דעם אַרעסט פון איר דערמאָנטער שוועסטער דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע און פונעם דערמאָנטן פראַנציסקאָ באָטעליאָ, בעת ער איז צום צווייטן מאָל אַרעסטירט געוואָרן?”

„האָט זי געזאָגט אַז איר דאַכט זיך אַז עס זײַנען געווען דרײַ טיכער, איינער אַ קליינער און צוויי גרויסע, און אַז דער איינער, הגם פון וואָל, דאַכט איר, אַז ער האָט געהאַט אייניקע געמעלן פון זײַד מיט יאַגד־חיות, ווי קראָליקס, הירשן, לייבן און ביימער; זי געדענקט נישט אַז ער זאָל האָבן עפּעס אייגנאַרטיקס און זי מיינט אַז ער האָט מער פון צוויי מיט אַ האַלבער אייל די ברייט, אָדער מער פון פיר איילן די לענג. און אַז אַן אַנדערער פון די דאָזיקע וואָלענע טיכער איז געווען פון דער זעלבער גרייס, לויט דער הייך און לענג און האָט געהאַט אויף זיך אויסגעמאָלן עטלעכע מענער, וואָס מע האָט געזאָגט אַז זיי זײַנען דוד אָדער משה, וועלכער האָט געהאַט אַ רוט אין דער האַנט, לויט ווי עס דאַכט זיך איר. די דאָזיקע טיכער, וואָס זײַנען געקומען דער דאָזיקער עדות אַלס ירושה פון איר פאָטער, זײַנען געווען צוועלף אין צאָל; און עס זײַנען איר געקומען זעקס און אַנדערע זײַנען פאַרקויפט געוואָרן; און דרײַ זיינען פאַרבליבן אין באַזיץ פון איר דערמאָנטער שוועסטער. און מע האָט געזאָגט, אַז אַלע האָבן זיך באַצויגן צו דער געשיכטע פון דוד”.

די אינקוויזיטאָרן האָבן נישט נאָר אויסגעפרעגט די עדות, וואָס האָבן זיי געקאָנט צושטעלן אינפאָרמאַציע וועגן די טיכער אינעם הויז פון דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע, וועלכע זײַנען דענונצירט געוואָרן דורך סאַנטשעסן, נאָר זיי אַליין האָבן פּאָרזיכטיק עקזאַמינירט זייערע צייכענונגען. וואָס שײַך די עדות, האָט כאָסע סאַנטשעס געזאָגט — ווי מיר ווייסן — אַז אין דעם הויז וואָס איז אין משך פון מער ווי צוואַנציק יאָר געווען זײַן היים, האָט זיך געפונען אַ טוך „מיטן הייליקן משה” און אַ צווייטער — מיטן „מלך דוד”. ווידער האָט דאָניאַ אַנאַ דע לאַ פּאַס סיליסעאָ באַהויפּטעט, אַז אַ חוץ די יעניקע טיכער וואָס איר שוועסטער האָט איר איבער־געגעבן, זײַנען אויך געווען דרײַ טיכער, וועגן וועלכע „מע האָט געזאָגט, אַז אַלע זײַנען זיי געווען וועגן דער געשיכטע פון דוד”.

פון דער אויספאָרשונג וואָס די אינקוויזיטאָרן האָבן דורכגעפירט איבער די טיכער אין באַזיץ פון אַנאַ דע לאַ פּאַס, האָט זיך בלויז איינער אַרויסגעוויזן פאַר־

דעכטיק, צוליבן אַנטהאַלטן אַ געמעל וואָס האָט געוויזן ווי „יהודית קעפּט האָלאָ־פערנעסן". פונעם אַנאַליז פון די טיכער וואָס האָבן באַלאַנגט צו מאַריאַ דע סאַ־ראַטע און האָבן זיך געפונען אין באַזיץ פון דער אינקוויזיציע, האָט זיך אַרויסגע־שטעלט דאָס פאָלגנדיקע:

מען האָט אין זיי געפונען, לויט ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַ געשטאַלט פון אַ ייִדיש געמעל, מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ מיט שפּיצן אַרויפצו, מיט אויסגע־שטרעקטעביידע אָרעמס, דער רעכטער צו דער טייל ווו עס איז אויסגעמאָלן אַ ייִנגל אָדער בחור, וואָס געפינט זיך גאַר נאָענט צו אַ צווייטער פיגור פון אַן אַלטן מאַן, וועלכער שטרעקט אויס זײַן רעכטן אָרעם איבערן ייִנגל און דערלאַנגט ביז דער קליידונג פונעם געמעל, וואָס טראָגט, ווי ס'ווערט געזאָגט, אַ קרוין, ווי זיי וואָלטן ביידע גערעדט, אויסגעדרייט די פּנימער איינער צום צווייטן; און צו דער לינקער האַנט פון דעם געמעל ווי אַ קרוין האַלט ער געשטרעקט די דאָזיקע לינקע האַנט צו אַ צווייטער פיגור, וואָס זעט אויס ווי אַן אַלטאַר צווישןביימער, און ביידע פון זיי האַלטן ווײַרעך־כלים אין די הענט, יעדע איינע אין איר זײַט, ווי זיי וואָלטן געוויזרעכט דעם אַלטאַר; פאַראַן אַ פיגור ווי פון אַ טעלער, אָדער ברויט, אויף אַזאַ אופן, אַז דאָס דאָזיקע געמעל מיט דער קרוין איז אַנוועזנדיק פון איינער און דער צווייטער זײַט און ווי זי זאָל מיט גלײַכגילטיקייט ריכטן אירע טריט צום אַלטאַר, צו די פרויען און צום מאַן, וואָס, ווי געזאָגט, געפינט זיך אויף דער רעכטער האַנט, און האָט דעם קאָפּ צוגעדעקט מיט אַ בלוי היטל, אַרײַנגעפלאָכטן אין אים אייניקע ווײַסע טיכער אין דער טייל צום קאָפּ־צו; און די דאָזיקע געשטאַלט מיט אַ קרוין האָט, אין דער הייך פון דער לינקער קני, אויסגעמאָלן לעבן איר אַ וועלדל פון שישקעס און בלעטער און נאָענט פון דער קני איז פאַראַן אַ קליינע געשטאַלט...

פון דער דאָזיקער מטושטשער באַשרײַבונג איז נישט מעגלעך צו דערגיין קיין טאָלק, הגם די באַצייכענונג „ייִדיש געמעל" וואָס פיגורירט דאָרט דאַרף געגומען ווערן אין אַכט. און מיט נאָך מער ערנסטקייט דאַרף אויפגענומען ווערן דאָס עדות־זאָגן פון אַנאַ דע לאַ פּאַס סיליסעאָ; מע דאַרף אויך נישט אָפּוואַרפן, גלאַט אַזוי זיך, די באַהויפּטונג פון כאָסע סאַנטשעס. פון דעסט וועגן, דאָס איינציקע וואָס באַ־קומט זיך מער ווייניקער קלאָר איז, אַז אייניקע טיכער האָבן אַנטהאַלטן מאָטיוון פון אַלטן טעסטאַמענט. קען דאָס אָבער באַטראַכט ווערן אַלס פעסטער פאַרדאַכט פון ייִדישקייט? די אינקוויזיטאָרן האָבן געהאַלטן, אַז יאָ, און אויב אייניקע עדות האָבן געוואַגט צו זאָגן עפּעס אַנדערש ווי די אינקוויזיטאָרן, איז דאָס פאַר־שטענדלעך געווען, ווײַל זיי האָבן נישט געגלייבט אין דער ייִדישקייט פון די טי־כער, ווו די סצענעס פון אַלטן טעסטאַמענט האָבן פיגורירט בײַנאַנד מיט די געמעלן פון נײַעם. אָבער, ווי מיר האָבן באַמערקט, קען די פראַגע נישט געלייזט ווערן אויף אַ דעפיניטיוון אופן, ווײַל אַזעלכע טיכער ווי די דערמאָנטע קענען געפונען ווערן אויף נישט־פאַרדעכטיקטע ערטער. דערפאַר האָבן מיר דאָס באַ־האַנדלט מיטן געהעריקן רעזערוו.

## 6. אַ מאָדנע צערעמאָניע, דענונצירט דורכן פּראָקוראָר

ווען דער פּראָצעס קעגן דאַניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע איז שוין געווען שטאַרק פאָרגעשריטן — דעם 27סטן נאָוועמבער 1657 — האָט זיך פּרעזענטירט דער פּראָקוראָר און דערקלערט, אַז לויט מ׳האָט געהאַט באַשטעטיקט אין די פּראָצעסן פון דער „גרויסער פאַרשווערונג" — וואָס זײַנען פאָרגעקומען צווישן 1642 ביז 1649 — האָבן די יודאַיזירערס „ווי אַ ספּעציעלע צערעמאָניע, אויפן פּלאַץ פון מילה בײַ ייִנגלעך וואָס די תורה הייסט טאָן איבער דער ערלה — אַרויסגענומען בײַ די מיידלעך אַ ביסן פלייש פונעם שולטער, אין דער אייבערשטער טייל פונעם שולטער־ביין, און אַזוי ווי דאָס קען האָבן געשען מיט דער באַשולדיקטער און זי זאָל זײַן מאַרקירט אין דער דערמאָנטער פאָרעם, זײַענדיק די פּרווי פון פראַנ־ציסקאָ באָטעליאָ", בעט ער אַז עס זאָלן זי אונטערזוכן די מעדיקער פונעם „היי־ליקן דינסט". זײַן ביטע איז, נאַטירלעך, תיכף אָנגענומען געוואָרן, און דעם זעל־ביקן טאָג איז דאַניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע דערשינען פאַרן מעדיקער־עקיפּ פון דער אינקוויזיציע. זיי האָבן געפונען אויף איר רעכטן שולטער „צוויי צייכנס, אָפּגערוקט צוויי פינגער איינער פונעם אַנדערן; דער פון אויבן — אַ צייכן פון אַ ווונד, געמאַכט מיט אַ שאַרפן אינסטרומענט, און דער פון אונטן — אָן אַזאַ ווונד־צייכן, אויגנשײַנלעך פון אינגעווייד; און אין דער לינקער זײַט פון לינקן שולטער, אין דער הינטערשטער טייל, פיר פינגער אַראָפּצו פונעם שולטער, אויפן שול־טער־ביין, נאָך אַ צייכן, גרויס ווי אַ האַלבער רעאַל, וואָס האָט אָנגעדײַט צו זײַן פון אַ פרישטשע אָדער טומאָרל".

ווען ס׳וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַ מיינונג פון די כירורגן פון „הייליקן דינסט" אין מעקסיקע, אין דעם איינציקן פאַל, וואָלט דאָס געדאַרפט באַטראַכט ווערן מיט פיל אומצוטרוי, נישט אַזוי צוליב דעם האַס לגבי די ייִדן, מיט וועלכן זיי, ווי פרײַוויליקע דינערס פון דער אינקוויזיציעס, זײַנען געווען איבערפולט — ווי צוליב זייער איגנאָראַנץ. אָבער די מאָדנע צערעמאָניע, וואָס עס האָט דענונ־צירט דער פּראָקוראָר און וואָס איז פולשטענדיק פרעמד דעם ייִדישן גלויבן און דער ייִדישער טראַדיציע, איז דערוויזן געוואָרן בײַ אַנדערע פּראָצעסן פון דער זעלבער עפּאָכע. אַזוי אַרום דאַרף מען אָננעמען, אָן דעם מיר זאָלן זײַן ביכולת דאָס צופרידנשטעלנדיק צו דערקלערן, אַז דאָס איז פּראַקטיצירט געוואָרן דורך געוויסע געהיימע ייִדן. די קליינע צאָל זייערע קען אָבער נישט אויסשליסן די מאָדנעקייט פונעם פאַל, ווי אויך נישט זײַן רעליגיעז־היסטאָרישן אינטערעס.

## 7. נייע באַשולדיקונגען קעגן מאַריאַ דע סאַראַטע

פּונקט ווי אין אַלע אינקוויזיטאָרישע פּראָצעסן, איז אויך אין דעם פאַל דאַ־ניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע, אַפילו נאָך דעם צושטעלן דעם באַשולדיקונג־אַקט מצד דעם פּראָקוראָר — אָנגעגאַנגען דאָס אויפזוכן נײַע באַלאַסטנדיקע מאַטעריאַלן.

מיט דעם ציל האָבן די אינקוויזיטאָרן — דעם 13טן מײַ 1658 — גערופן פּעדראָ כימענעס דעלגאַדאָ, וועלכער האָט דערקלערט, אַז „ווען דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַ־טע האָט געהערט די מעסע הינטער זײַנע פּלייצעס, האָט ער אויסגעדרייט דאָס פּנים אַהין ווו ס׳האָט זיך געפונען די דערמאָנטע דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע. דע־מאָלט האָט ער געזען, ווי זי האָט זייער אָנגעשטרענגט און מיט אויפגעריסענע אויגן געקוקט אויף דעם עדות, האָבנדיק באַמערקט מיט בייזקייט אַז דער דאָזי־קער עדות האָט געהאַט געזען די אויפפירונג פון פראַנציסקאָ באַטעליאָ, וועגן וועלכער ער האָט דערציילט״, — זי איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט נישט אָנטייל גענומען אין דער מעסע־צערעמאָניע, אויפן זעלביקן אופן ווי זײַן פרוי.

עס האָט פאַרגעזעצט כימענעס דעלגאַדאָ, אַז „אַ געוויסע בעאַטריס דע הער־רעראַ האָט געזאָגט, אַז באַטעליאָ און זײַן ווײַב האָבן זיך איזדיעקעוועט איבער אַ בילד פון אַ הייליקן געקרייציקטן קריסטוס, און ס׳דאַכט זיך אים, אַז זי האָט אים געזאָגט, אַז דאָס איזדיעקעווען איז באַשטאַנען אין באַגראָבן אים, אָדער אין עפּעס ענלעכס, וואָס די דערמאָנטע בעאַטריס הערערע וועט זאָגן״.

ווי מיר זעען, פּלעגן די צבועקעס נאָכשפּיאָנירן יעדע באַוועגונג פון פראַנ־ציסקאָ באַטעליאָ און פון זײַן פרוי. יעדע האַלטונג זייערע — ווירקלעך צי אויס־געטראַכט — וואָס האָט אויסגעוויזן קעגנעריש צו דער קאַטוילישער קירך, איז תיכף געמאָלדן געוואָרן די אינקוויזיטאָרן. אַזוי ווי ס׳באַשטייט נישט קיין צווייפל אַז ס׳איז געווען אין דעם פיל איבערגעטריבנקייט, האָט נישט קיין זין צו שענקען אויפמערקזאַמקייט דעם ענין.

## 8. דער באַשולדיקונג־אַקט

די פּונקטן פון באַשולדיקונג־אַקט וועלכע קענען אונדז דאָ אינטערעסירן, זײַנען גאַנץ ווייניק, מחמת זיי חזרן איבער כמעט טעקסטועל די מסירות וואָס כאָסע סאַנטשעס האָט פאָרמולירט. ס׳איז פון דעסט וועגן ווערט אַרויסצונעמען פון צווישן די אַרגומענטן פונעם פּראָקוראָר, די יעניקע, וועלכע באַציִען זיך צו דער „אָנשטעקונג״ פון דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע מיט דער „אָפּשטויסנדיקער שלעכטס פון ייִדישקייט״ און מיט איר האַס צו דער אינקוויזיציע, ווי אַן אָנהענ־גערין פון „דער פאַרבאָרגענער תורת משה״... „דורך וואָס זי האָט שטאַרק פאַר־וווּנדעט דעם הייליקן דינסט, זי האָט באַוויזן אירע שלעכטע נייגונגען און אַרויס־געוויזן עפנטלעך איר אָפּטרינניקייט״.

דער פּראָקוראָר האָט אין קאַפּיטל 4 געזאָגט, אַז די פאַרברעכנס פון מאַריאַ דע סאַראַטע זײַנען אויסערסט ערנסטע, ווײַל זי האָט געהאַלטן אַז „גאָט וויל נישט מע זאָל באַצווינגען דעם פרײַען אויסוויל פונעם מענטשן, נאָר אַז ער זאָל נאָכ־פאָלגן דאָס געזעץ לויט זײַן ווילן, און האָט אָנגעגעבן אַלס אַרגומענט, אַז דערפאַר האָט אונדזער האַר יעזוס קריסטוס באַפוילן זײַנע תלמידים זיי זאָלן פריידיקן זײַן לערע, און דאָרט ווו מ׳וועט זיי נישט וועלן אָננעמען, זאָלן זיי אויסטאָן די שיך,

אָפּשאָקלען דעם שטויב און זיי איבערלאָזן״. דאַקעגן, דער פּראָקוראָר האָט אַרגו־מענטירט, אַז די קאַטאָליקן (הגם ער באַנוצט דעם טערמין קריסטן) האָבן נישט די „פּרײַהייט זיך צו דערװײַטערן פון איר, װײַל פון דער גלױבן־דערקלערונג בעת דעם שמד באַקומט זיך די נייטיקייט בײַ די געטױפטע קריסטן אָפּצוהיטן אומפאַרענדערלעך, דעם קולט און אין אַל דאָס אַנדערע, אַלץ װאָס האָט אַ שײַכות מיט דער קאַטױלישער רעליגיע, און פון דאַנען דרינגט אויך אַרויס, װאָס דער הײליקער דינסט פון דער אינקװיזיציע קעמפט קעגן די פאַרלעצער מיט דער פאַרדינטער שטראָף פאַר זײער אָפּטרינניקײט״.

ביידע שטעלונגען זײַנען אַזוי קלאָר אָנגעצייכנט און זײַנען פון אַזאַ טראַסצע־דענטאַלן װערט, אַז מיר האַלטן נישט אַז עס זאָל פון אונדזער צד, נייטיק זײַן אַ װעלכע ס׳איז באַמערקונג. ס׳איז אָבער יאָ נייטיק צו זאָגן, אַז בײַ פילצאָליקע געלעגנהייטן האָבן מיר אָנגעװיזן, אַז עס איז טײלװײַז טעותדיק די טעזע אַז „יעדע היסטאָרישע דערשײַנונג דאַרף אויפגעפּאַסט װערן אין אײנקלאַנג מיט איר עפּאָכע״. באַהױפּטנדיק דאָס האָבן מיר אויך אָנגעװיזן אויפן קעגנזאַץ צװישן אַזאַ היסטאָרי־ציסטישער שטעלונג — װאָס װערט געװײנלעך אונטערהאַלטן דורך קאַטױלישע מחברים — און זײער פילאָזאָפישער שטעלונג װאָס איז קעגן דעם עטישן רעלאַ־טיװיזם, און אָט זעען מיר, אַז אונדזער שטעלונג טײלט אויך דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע, װעלכע — אונטערשײדנדיק זיך פון פיל פאַרשער — האָט נישט געהאַט די מינימאַלסטע אָנונג װעגן דער פילאָזאָפיע און האָט, אױסער דעם, געלעבט אין 17טן יאָרהונדערט.

נאָכן האָבן פעסטגעשטעלט דעם דאָזיקן פאַקט, װעמענס באַדײַטונג פאַר די היסטאָרישע שטודיעס עס װײַזט אונדז אויס אומצװײפלהאַפט, קומען מיר צוריק צום באַשולדיקונגס־אַקט.

אינעם אַכטן קאַפּיטל פון דער באַשולדיקונג האָט דער פּראָקוראָר באַהױפּטעט, אַז דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע „האָט געזאָגט אַז עס האָט גרויס פאַרדינסט בײַ גאָט יעדער אײנער, װאָס פירט עמיצן צוריק אָפּצוהיטן משהס תורה״. אינעם נײַנטן קאַפּיטל האָט ער אויסגעפירט אַז „די ייִדן — מאַריִאַ דע סאַראַטע איז דורך אים געװען באַטראַכט װי אַ ייִדישקע — פלעגן אויסלאַכן און פאַראַכטן די הײליקע בילדער פונעם קאַטױליציזם״. באַציִענדיק זיך קאָנקרעט צו איר, האָט ער באַהױפּטעט, אַז „זי פלעגט זאָגן, אַז פאַרגעטערן די הײליקע בילדער מײנט געצנ־דינסט, און אַז מ׳דאַרף פאַרגעטערן גאָט נאָר אין גײַסט, און נישט קײן שום אָפּ־בילד זײַנס, און דערפאַר האָט זי נישט געהאַט קײן שום הײליק בילד אין איר װױנונג״.

דער פּראָקוראָר האָט פאַרגעזעצט אַז דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע „האָט פײַנט געהאַט בתכלית השנאה די קריסטן און די קירך־גײַסטלעכע, װי אויך קריסט־לעכע געלערנטע, גלחים, מאָנאַשקעס, און האָט געזאָגט װעגן זײ, אַז זײ גײען אַלץ מער רעטונגסלאָז אין גיהנום אַרײַן, װאָס מער זײ װידמענען זיך דער לערע צום דינסט פון אונדזער האַר יעזוס קריסטוס, די דאָזיקע פאַרברעכערין איז געװאָרן די סיבה פון דעם װאָס צוליב איר שלעכטן בײַשפּיל, רײד, טװנגען און

באַליידיקונגען, זײַנען געוויסע פּערזאָנען אַראָפּ פון דרך הישר און האָבן איר נאָכגעפאָלגט״.

אַריבערגייענדיק צו דער דירעקטער אָנדײַטונג וועגן איר אײַנפלוס אויף כאַסע סאַנטשעסן צו דער פראַגע פון איר באַקערן זיך צו ייִדישקייט, זאָגט דער פּראָ־קוראָר אַז פון איר מאַן האָט זי אָפּגעלערנט „די פּראַכטונג און גרינגשעצונג לגבי דער פּויפּסטלעכער אויטאָריטעט, און געהאַלטן פאַר פאַלש איר יוריסדיקציע״ און אַז זי און איר מאַן „האָבן נישט געהאַלטן פון די קירכלעכע טאַדלונגען, און האָבן זיי נאָך פּראַכטעט, ווײַל זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי זײַנען געגעבן געוואָרן דורך מענטשן, און אַז מ׳דאַרף מורא האָבן נאָר פאַר די קללות פון די פּריסטערס פון משהס תורה, רעדנדיק ווי אַ פאַלשע ייִדישקע, וואָס נעגירט די גײַסטיקע יוריסדיקציע וואָס זיצט אין די קירכן־הויפּט״.

דער פּראָקוראָר האָט פאַרענדקט זײַן טענה מיט גראָבע אויסדרוקן קעגן דער ייִדישער אמונה און קעגן דער באַשולדיקטער. דאָס, נאַטירלעך, אינטערעסירט אונדז נישט, הגם ס׳איז ווערט אונטערצושטרײַכן.

אין איר ענטפער אויף דער באַשולדיקונג, האָט דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע געלייקנט אַלע פאָרוואורפן וואָס זײַנען איר געמאַכט געוואָרן. זי האָט זיי צוגע־שריבן דעם משונהדיקן האַס וואָס כאַסע סאַנטשעס האָט געפילט צו איר און איר מאַן, און וועמען זי האָט, טראָץ דער באַמיִונג פון די אינקוויזיטאָרן, צו אויס־באַהאַלטן זײַן אידענטיטעט, תּיכּף דערקענט. זי האָט דאָס געטאָן אין פאָלגנדיקע ווערטער:

> אַ יונגער מאַן מיטן נאָמען כאַסע, וואָס זאָגט אַז ער הייסט כאַסע הערנאַנדעס אָדער כאַסע סאַנטשעס, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אינעם הויז פון דער מוטער פון דער דאָזיקער ווידוי־אָפּגעבעריין, און איז אַ מישלינג, אַ זון פון אַ פריילן אויך מישלינג, וועלכן ס׳האָט דערצויגן די דערמאָנטע מוטער אירע, ווײַל זײַן אייגענע איז נאָכן געבורט זײַנעם אַנטלאָפן און אים איבערגעלאָזט אַ קינד פון אַכט ביז צען חדשים, נישט האָבנדיק מער זיך געוויזן, און ווײַל ער איז געווען אַ יתום און ווײַל ער איז געבוירן אין איר הויז, האָט די ווידוי־אָפּגעבערן גענומען אויף זיך זײַן דערציִונג, און זיך באַמיט אים צו איבערצײַגן אַז ער איז אַן אַדאָפּטירטער יתום, כּדי אויסצומײַדן פאַר אים די דערנידעריקונג פון זײַן אַן אָפּשטאַמיקער פון מישלינגען.

דעם 7טן אויגוסט 1656, נאָך דער אַזוי גערופענער ערשטער פאַרעפנטלעכונג פון די עדות — אַן אינקיזיציע־פּראָצעדור אָן אויסגעבן די נעמען פון די באַשול־דיקטע, ווי אויך נישט די קאָנקרעטע אומשטענדן פון די „פאַרברעכנס״ — האָט דער ד״ר ראָדריגאָ רויִס דע סעפּעדאַ גענומען אויף זיך די פאַרטיידיקונג פון דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע. דאָס איז — באַטאָנען מיר ווידער אַ מאָל — דער ערשטער שפּאַניש־אַמעריקאַנער אינקוויזיציע־פּראָצעס, אין וועלכן ס׳האָט ווירקלעך גע־ווירקט — אָבער בהסכם מיט די רעגלאַמענטירטע באַשרענקונגען — אַ פאַרטיי־דיקער. דער אַדוואָקאַט האָט קודם־כּל געזאָגט, אַז „כּדי צו קענען אָנפירן די גײטיקע פאַרטיידיקונג פון דעם פאַל, צונויפשטעלן זײַן שריפט און אויספרעגן די עדות, דאַרף ער האָבן אין אַ געוויסער מאָס די פאַרעפנטלעכונג פון די עדות און די ענט־

פערס וואָס ס'האָט אויף דעם געגעבן די דערמאָנטע דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע, ווי אויך די אויסזעצונגען וואָס יענע האָט קעגן דעם דערמאָנטן עדות, וואָס זי שטעלט זיך פאָר אַז ער דעקלאַרירט קעגן איר, און אַז געבנדיק אים דאָס, וועט ער דערפילן זײַן פליכט".

דער וויזיטאַטאָר, ד"ר פּעדראָ דע מעדינאַ ריקאָ — און מען דאַרף דאָס אונטערשטרײַכן, ווײַל אויך דאָס איז געווען אַ נײַעס אין די אַמעריקאַנער אינקוויזיציע־פּראָצעדורן — האָט באַפוילן אַז מען זאָל דאָס געבעטענע דורכן פּאַרטיידיקער באַוויליקן. און נאָך אַ נײַע זאַך: דעם 13טן סעפּטעמבער 1656, האָט דער אַדוואָקאַט ווירקלעך פּרעזענטירט זײַן שריפט און פּאַרטיידיקונג פון דער באַשולדיקטער. אין איר נאָמען האָט ער געזאָגט, אַז „זי איז אַ געטרײַע קאַטוילישע קריסטין, אויפגעכאָוועט און דערצויגן צווישן אַזעלכע, צווישן וועלכע עס זײַנען נישט געווען קיין אָפּשטאַמיקע פון ייִדן, און ווי אַזעלכע, פאָלגט זי נאָך דאָס עוואַנגעלישע געזעץ און אַלץ וואָס אָנבאַלאַנגט געהאָרכזאַמקייט, גלויבן, פרעדיק און לערע פון אונדזער הייליקער מוטער, די רוימיש־קאַטוילישע קירך". ער האָט אויך אונטערגעשטראָכן, אַז קעגן איר האָט דעקלאַרירט איין איינציקער עדות, וואָס „מיט ווינציק מורא פאַר גאָט, בלויז כדי צו פאַרשאַפן מיר אומכבוד און באַלעסטיקונגען, און דורך זײַן בלויזער דעקלאַרירונג, נישט נאָר וואָס מע קען נישט מיך פאַראורטיילן צוליבן פאַרברעך, נאָר אויך נישט פאַרמשפּטן צו טאָרטור, ווײַל זײַן עדות־זאָגן, זײַענדיק איינציק און אָן שום באַשטעטיקונג, קאָן עס נישט זײַן קיין באַווײַז קעגן מיר און פאָלגלעך איז אַפילו נישט פאַראַן קיין באַרעכטיקונג אָנצווענדן טאָרטור"...

האָבנדיק פאַרטיידיקט די באַשולדיקטע פון דער דראָונג פון טאָרטורן, וואָס איז איבער איר געהאָנגען, האָט דער אַדוואָקאַט ווידער אַ מאָל אָנגעוויזן, אַז עס האָט קעגן איר דערקלערט איין איינציקער עדות, וואָס איז איר דם־שונא, און ער האָט פאַרגעזעצט: „צוליב דעם נעגאַטיוון פאַקט, וואַרף איך אים אָפּ, לויט עס דערלויבט דאָס געזעץ, אַפילו אין אַ פאַרברעך פון אָפּטריניקייט". חוץ דעם האָט ער באַשולדיקט סאַנטשעסן, אַז ער האָט פאַלש עדות געזאָגט, אַ זאַך וואָס ער האָט זיך אָנגעבאָטן צו באַווײַזן מיט דער דעקלאַראַציע פון מערערע פּערזאָנען. ער האָט פאַרענדיקט זײַן פאַרטיידיקונג מיט אַ ביטע אַז די באַשולדיקטע זאָל באַפרײַט ווערן. אָבער די אינקוויזיציע־פּראָצעדור איז ווײַטער אָנגעגאַנגען.

נאָך דער צווייטער „פאַרעפנטלעכונג פון די עדות" האָט דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע זיך דערוווּסט, אַז די מעדיקער האָבן אינפאָרמירט דעם אינקוויזיציע־טריבונאַל, אַז זי איז געווען „אַרומגעשניטן" אַלס צייכן פון איר אָנגעהעריקייט צו דער ישראל־עדה, אַ זאַך וואָס זי האָט קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט. און הגם זי האָט אָפּגעוואָרפן אַלע באַשולדיקונגען, האָט זי דערקלערט, אַז וואָס שייך די ניסים־דיקע שטיינער „האָט עס דערציילט אין דער שטוב פון דער דאָזיקער ווידוי־אָפּגעבערין אַ שיפס־פירער, וואָס איז געהאַט געקומען פון כינע און איז אַהין צוריקגעפאָרן, זי ווייסט נישט ווי אַזוי ער הייסט און נישט ווער ער איז געווען, און אַז ער האָט איר נישט אויסגעזען קיין פּאָרטוגעזו, נאָר אַ קאַסטיליאַנער, און אַז ר'איז

געקומען אַליין און האָט זיך אויפגעהאַלטן אין איר הויז מיט מער ווי 15—16 יאָר צוריק, און האָט געזאָגט אַז ער האָט נישט געהאַט די שטיינער, נאָר אַז מ׳האָט אים דאָס דערציילט און אַז ער האָט עס דערציילט זײַענדיק אינעם הויף פון אַרײַנפאָר־הויז פון דער ווידוי־אָפּגעבערין און זי ווייסט נישט וועמען ער האָט דאָס דערציילט און ווער עס איז געווען אַנוועזנדיק נאָר בלויז אַז ער פלעגט דאָס דערציילן צו פיל פערזאָנען"...

פון דער צווייטער „פאַרעפנטלעכונג פון עדות" האָט זי זיך אויך דערוווסט פון אַן אַנדער באַשולדיקונג, וואָס זי האָט נישט געקאָנט אָפּלייקענען, טראָץ אַלע באַמיִונגען: אַז זי האָט פאַלש עדות געזאָגט, כדי צו דערמעגלעכן אַז באַלטאַסאַר דע בורגאָס זאָל קאָנען פראַקטיצירן מעדיצין, טראָץ זיין „פאַראומריינעקט בלוט".

## 9. די געפּעלשטע צייגעניש פון „ראַסן־ריינקייט" לטובת באַלטאַסאַר דע בורגאָס

וויפל מע זאָל זיך נישט באַמיִען צו לייקענען, אַז אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע האָט מען פּראַקטיצירט ראַסן־דיסקרימינאַציע, אַפילו אינערהאַלב דער ווײַסער קאַס־טע, בלײַבט עס אָבער אַ פאַקט, וואָס מע קען נישט איגנאָרירן די׳י באַשטעטיקונג דערפאַר, מיט אַ טייל פון די דערנידערנדיקע פאָלגן, קאָנען מיר געפינען אינעם פאַל פון באַלטאַסאַר דע בורגאָס, דער פלימעניק פון דאָניאַ מאַריִאַ סאַראַטע, וועל־כער איז פון די 10 ביז 19 יאָר (1639—1648) געווען אונטער איר אויפזיכט, אָדער ווײַל זײַן מוטער איז געווען געפאַנגען אין דער נעץ פון דער אינקוויזיציע, אָדער ווײַל זײַן פאַמיליע האָט געוווינט אין די קליינע שטעטלעך פון מעקסיקע. באַלטאַ־סאַר דע בורגאָס האָט אויך די גאַנצע צײַט פון זײַנע שטודיומס דורכגעמאַכט אונ־טער דער ליבלעכער אויפזיכט פון דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע.

טראָץ דער ראַסיסטישער רעגלאַמענטאַציע פונעם אוניווערסיטעט, וואָס איז, פון דעסט וועגן אַנגעווענדט געוואָרן מיט ווינציקער קראַפט אין די מעדיציניש שטודיעס, — ווײַל זיי האָבן נישט גענאָסן פון קיין סאָציאַלן פּרעסטיזש, דעריבער האָבן זיי געהאַט ווייניק סטודענטן — האָט באַלטאַסאַר דע בורגאָס באַוויזן צו באַ־קומען זײַן מעדיצינישן דיפּלאָם. אָבער אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע איז אַזאַ דיפּלאָם נאָך נישט געווען גענוג אויף אָנצוהייבן פּראַקטיצירן די מעדיצינישע פּראָ־פעסיע. קודם־כל האָט יעדער געענדיקטער אוניווערסיטעטאַריער זיך געדאַרפט צו־שטעלן צו אַ קאָמיסיע פון הויפּט מעדיצין־אַמט, כדי ער זאָל זיך אַרויסזאָגן וועגן יעדן פאַל. טאַקע בײַם דערפילן אָט די פאָדערונג איז ער אָפּגעוואָרפן געוואָרן, ווײַל ער איז געווען אַ „נײַ־קריסט" און דערצו נאָך אַ זון פון אַ באַשטראָפטער דורך דעם „הייליקן דינסט". אין דער לאַגע, לויט עס האָט אינפאָרמירט צו די אינקווי־זיטאָרן כאָסע סאַנטשעס, „כדי צו פאַרווישן די שטערונג, האָט דער דערמאָנטער מעדיקער זיך פאַרטיידיקט אַז ער איז נישט דער זון פון דער דערמאָנטער אַנאַ גאָמעס, נאָר אַז זי האָט אים אויפגעכאָוועט, ווי אַ פאַרלאָזטן ערשט־געבוירענעם,

און דאָס שטימט נישט מיטן אמת, ווײַל ס'איז באַוויזן געוואָרן דורך זײַן טויפשײַן דאָס פֿאַרקערטע; און די דערמאָנטע דאָניאַ מאַריאַ האָט געשווירן אין דעם פֿאַל, אַז דער דערמאָנטער מעדיקער באַלטאַסאַר דע בורגאָס איז געווען אַ פֿאַרוואָרלאָז־טער זייגלינג און נישט קיין זון פֿון דער דערמאָנטער אַנאַ גאָמעס, און צוליב דעם האָט ער געביטן דעם נאָמען, און זיך גערופֿן מיטן נאָמען פֿון אַן אַנדער פֿערזאָן"...

ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, האָט דאָניאַ מאַריאַ געפּרוּווט פֿאַרלייקענען די דאָזיקע באַשולדיקונג קעגן איר, וואָס עס האָט געמאַכט כאָסע סאַנטשעס; אָבער ווען ס'איז איר פֿאַרגעלייענט געוואָרן איר דערקלערונג פֿאַרן הויפּט מעדיצין־ראַט, האָט זי זיך געזען געצוווּנגען דאָס צו באַשטעטיקן און עניוותדיק בעטן „מע זאָל זיך באַגיין מיט איר מיט רחמים, ווײַל זי האָט נישט געוווּסט וואָס זי האָט געטאָן".

אָבער, וואָס אַן אמת, האָבן מיר זיך פֿאַרנומען מיט באַלטאַסאַר דע בורגאָס, נישט צוליב פֿעסטשטעלן די עקסיסטענץ פֿון ראַסן־דיסקרימינאַציעס אויך צווישן ווײַסע אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע, נאָר ווײַל ער איז געווען פּונקט אַזאַ הייסער ייִד ווי זײַנע עלטערן און פֿעטערס און אַ דאַנק זײַן באַהערשן לאַטײַן האָט עס זיי געדינט כדי זיך שטאַרקער צו באַהעפֿטן מיט דער ייִדישער אמונה.

בהסכּם מיט דעם וואָס עס דערקלערט כאָסע סאַנטשעס, האָט באַלטאַסאַר דע בורגאָס „געזאָגט בײַ אַ געוויסער געלעגנהייט צו דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע, אַז אין דער דערוואַרטער צײַט, לויט זייער תּורה, וועט מען אַרײַנשטעלן אין אָרון־קודש אַ סאַנבעניט פֿאַר זײַן רום און טריומף וועגן". ס'האָט צוגעגעבן דער דענונ־ציאַנט, אַז דער יונגער בורגאָס „פֿלעגט ריידן וועגן די באַשטראָפֿטע דורך דער אינקוויזיציע, אַזוי אין דער שטאָט ווי אין אַנדערע ערטער, אויב ס'זײַנען געווען אָנווענזנד פֿערזאָנען אויף וועלכע מע האָט זיך נישט געקענט פֿאַרלאָזן, ווײַל מע האָט צו זיי נישט געהאַט קיין צוטרוי, ווי וועגן אײדללײַט, מאַכנדיק מיט דער האַנט אַ קרייץ אויף דער ברוסט, מיט וואָס עס פֿלעגן אים שוין פֿאַרשטיין די, וועלכע זײַ־נען געווען פֿון זײַן סעקטע, אַז ער האָט גערעדט וועגן ייִדן".

אָבער באַלטאַסאַר דע בורגאָס פֿלעגט באַגיין אַ סך גרעסערע פֿאַרברעכנס. ווי מיר ווייסן שוין, פֿלעגט ער איבערזעצן „די פֿערזן פֿון תהילים פֿון לאַטײַן אין שפּאַ־ניש, כדי עס זאָל זי לייענען און זאָגן די דערמאָנטע דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע". חוץ דעם, האָט ער צום ווינציקסטן צוויי מאָל געפֿאַסט, ווײַל סאַנטשעס „פֿלעגט ברענגען אַלעמען קאַקאַאָ און צוויי מאָל האָט דער דערמאָנטער מעדיקער באַלטאַסאַר דע בורגאָס זי נישט גענומען, נאָר פֿלעגט זי אויסגיסן אָדער געבן דעם דאָזיקן, און די טעג ווען ער פֿלעגט פֿאַסטן די תּעניתים פֿלעגן זײַן זונטיק און מיטוואָך, טועג־דיק אין די דאָזיקע טעג דאָס דערמאָנטע און נישט עסנדיק דעם גאַנצן טאָג קיין שום זאַך ביז אָוונט, און בײַ נאַכט פֿלעגט ער עסן עפּעס אַ סאַלאַט אָדער אַן אַנדער זאַך, וואָס האָט נישט געהאַט קיין פֿעטס און נישט קיין שמאַלץ; ער האָט אויך נישט געוואָלט עסן אין משך פֿון גאַנצן יאָר נישט קיין בלוט פֿון בעלי־חי, נישט קיין פֿלייש פֿון חיות וואָס זיי האָבן גערופֿן אומריינע, ווי למשל, זשאַבעס, קראַליקעס, און חזיר האָט ער געגעסן נאָר ווייניקע מאָל, ווײַל ער האָט געזאָגט אַז דאָס האָט אים געשאַדט, און אַזוי אַרום האָט ער זיך אויסגעדרייט פֿון עסן".

**אָבער וועלכע קאַפּיטלעך אָדער קאַפּיטל תהילים פּלעגט איבערזעצן באַלטאַסאַר דע בורגאָס פון לאַטײַן אויף שפּאַניש, אַז עס זאָל זיי זאָגן, אָדער עס זאָגן, זײַן מומע? — דעם פאַרהייליקטן דורך די מאַראַנען קאַפּיטל, וואָס זײַן מאָדערנע ווער־סיפיקאַציע איז די פאָלגנדיקע:**

לײַטזעליק מיך, גאָט, לויט דײַן חסד,
לויט דײַן גרויס דערבאַרעמונג מעק־אָפּ מײַנע פאַרברעכנס,
וואַש מיך אָפּ אין גאַנצן פון מײַן זינד
און פון מײַן חטא טו מיך רייניקן.
וואָרעם איך ווייס מײַנע פאַרברעכנס
און מײַן חטא איז מיר תמיד אַנטקעגן.
צו דיר אַליין האָב איך געזינדיקט,
און וואָס ס'איז שלעכט אין דײַנע אויגן האָב איך געטאָן;
דעריבער ביסטו רעכטפאַרטיק אין דײַן ריידן,
ביסט גערעכט אין דײַן משפטן.
זע, אין זינד בין איך געבוירן געוואָרן,
און אין חטא האָט מיך מײַן מוטער אַנטפאַנגען.
אמת באַגערסטו דאָך אין די נירן,
טאָ לערן מיך חכמה ווו עס איז פאַרהוילן.

**אָבער באַלטאַסאַר דע בורגאָס האָט נישט נאָר — ווי מיר האָבן שוין דאָס אָנ־געמערקט — איבערגעזעצט דאָס ציטירטע קאַפּיטל פון די שירי תחנונים, נאָר ער האָט אויך געהאָט — ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן — דאָס באַרימטע ווערק פון מתתיהו בן יוסף (יאָסעפוס פלאַוויוס) די** ייִדישע מלחמות. **פון דעם דערמאָנטן ווערק, טאָקע, האָט סאַנטשעס קענען געלערנט, ווען ער פלעגט נאָכפאָלגן מיט איפער די מצוות פון דער ייִדישער רעליגיע, אַז מ'האָט נאָר געדאַרפט אָפּהיטן „דעם פּסח פונעם שעפּעלע, וואָס איז אויסגעפאַלן דעם ערשטן טאָג פון אַפּריל און די שבתים".**

**מיר ווייסן זייער גוט, אַז טראָץ די באַגאַנגענע ייִדישקייט־חטאים, איז סאַנ־טשעס נישט באַשטראָפט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע. און באַלטאַסאַר דע בור־גאָס? נאָך דעם דורכגעפאַלענעם פרווו צו באַקומען די דערלויבעניש פון הויפּט מעדיצין־אַמט אויסצואיבן זײַן פּראָפעסיע איז דער שטאָט מעקסיקע, האָט ער זיך אַריבערגעצויגן קיין טאָלוקאַ, ווו ער איז געשטאָרבן סוף יאָר 1642. אַזוי אַרום האָט ער אויסגעמיטן דעם טרויעריקן גורל פון זײַנע פּעטערס, פראַנציסקאָ באָטע־ליאָ און מאַריאַ דע סאַראַטע.**

## 10. פאַרטיידיקונג, טאָרטור און אורטייל

מיר שטרײַכן אונטער ווידער אַ מאָל: אַ דאַנק דער אָנוועזנהייט פונעם וויזיטאַ־טאָר פונעם העכסטן ראַט פון „הייליקן דינסט", האָט דאָניאַ מאַריאַ דע סאַראַטע

געקענט רעכענען אויף אַ פֿאַרטיידיקער בײַ איר פּראָצעס, און די פֿאָרגעלייגטע דורך איר עדות זײַנען אויסגעהערט געוואָרן. אָבער אַפֿילו זיי האָבן באַשטעטיקט, אַז זי האָט טיף געליבט איר מאַן פֿראַנציסקאָ באַטעליאָ.

אין איר דערקלערונג, דעם 4טן אַפּריל 1659, האָט טעאָדאָראַ וואַלדיוויעסאָ, צום בײַשפּיל, פֿאַרזיכערט, אַז דאָניאַ מאַריִאַ האָט אָפּגעוואָרפֿן איר עצה, אַז זי זאָל נישט לעבן צוזאַמען מיט באַטעליאָן, ווען ער וועט אַרויס פֿון תּפֿיסה, זאָגנדיק, „אַז זי האָט אים אַזוי שטאַרק געליבט, אַז ווען אַפֿילו מע זאָל אים פֿאַרוואַנדלען אין אַש, וואָלט זי געלעבט צוזאַמען מיט דעם אַש“.

אָבער דאָס וואָס די אינקוויזיטאָרן האָבן צום האַרבסטן באַשטראָפֿט, איז געווען דער אָפּזאָג עניוותדיק מודה צו זײַן די פֿאַרברעכנס, אָדער ווי זיי פּלעגן זאָגן, „אַנטלאַסטן דאָס געוויסן“. אַזוי ווי מאַריִאַ דע סאַראַטע איז נישט אײַנגעגאַנגען דאָס צו טאָן, איז זי, לויט זייער טעאָריע, אַרונטערגעפֿאַלן דעם פּרווו פֿון טאָרטור. דעם באַשלוס אַזוי צו האַנדלען האָבן זיי אָנגענומען דעם 4טן סעפּטעמבער 1659. און הגם איר לײַב איז אומברחמנותדיק צעוווּנדיקט געוואָרן, האָט זי, אויסער גע־שרייען פֿון ווייטיק און ביטעס פֿון רחמים, גאָר נישט געזאָגט. טאַקע די דאָזיקע גײַסטיקע גבֿורה האָט זי אָפּגעראַטעוועט פֿון אַ שווערער שטראָף: דעם 27סטן אָק־טאָבער 1659 איז זי פֿאַרמשפּט געוואָרן „זי זאָל דערשײַנען אויף אַן עפֿנטלעכן אויטאָ־דע־פֿע, וווּ מ'וועט איר פֿאָרלייענען דעם אורטייל און זײַן באַגרינדונג, און זי זאָל זאָגן ווידוי ווי אַ לײַכט־באַשולדיקטע. דערנאָך, אַ צווייטן טאָג, זאָל זי אַרי־בערגעפֿירט ווערן אין אַ שפּיטאָל, וואָס וועט דורך אונדז אָנגעצייכנט ווערן, וווּ זי זאָל אָפּגעשלאָסן ווערן אין משך פֿון פֿיר יאָר און זאָל באַדינען די קראַנקע אין אים; און נאָכן דערפֿילן די צײַט, רעזערווירן מיר זיך וואָס צו טאָן מיט דער דאָ־זיקער פֿרוי, לויט ס'וועט בעסער פּאַסן“.

מיר דאַרפֿן איצט ספּעציעל דאָ באַטאָנען נאָך אַ מערקווערדיקייט פֿון דעם פּראָצעס, אויך ווי אַ רעזולטאַט פֿון דער אָנוועזנהייט אין מעקסיקע פֿון דעם ווי־זיטאַטאָר פֿון העכסטן ראָט: ס'איז נישט בלויז צושטאַנד געקומען די פֿאַרטיידיקונג פֿון דער באַשולדיקטער, נאָר אויך די אַפּעלאַציע פֿונעם פּראָקוראָר. ער האָט זי פּרעזענטירט דעם 29סטן אָקטאָבער 1659, פֿאָדערנדיק טויטשטראָף פֿאַר מאַריִאַ דע סאַראַטע, אָדער ווי ער האָט געזאָגט, „איבערדרײַסן איר בונד מיט דער קירך“. צום גליק האָט די אַפּעלאַציע נישט מצליח געווען, אַזוי אַז דעם 27סטן נאָוועמבער 1659 האָט דאָניאַ מאַריִאַ אָנגעהויבן אָפּקומען איר שטראָף אינעם שפּיטאָל וועל־כער האָט געטראָגן דעם נאָמען „סאַן כואַן דע דיאָס“. דעם 27סטן נאָוועמבער 1663, ווען ס'איז אויסגעגאַנגען דער טערמין פֿון איר שטראָף, האָט זיך דאָניאַ מאַריִאַ סאַראַטע געווענדט צו אירע גרויזאַמע ריכטערס מיט דער ביטע צו באַשטי־מען איר באַפֿרײַונג. צו דעם האָט זיך קעגנגעשטעלט דער אינקוויזיציע־פֿונקציאָ־נאַר, וועלכער „האָט אויסגעפֿירט די פֿונקציע ווי דער פּראָקוראָר און וואָס איז גע־ווען דער זעלביקער, וואָס האָט פֿריִער געהאַט דעם אַמט פֿון אַדוואָקאַט, דאָס מיינט — דער דאָקטער ראָדריגאָ רויִס דע סעפּעדאַ מאַרטינעס. הגם די אינקוויזי־טאָרן האָבן זיך באַראָטן וועגן דעם פֿאַל, האָבן זיי אָבער נישט אָנגענומען קיין שום

באַשלוס. אַזוי אַרום אַז דעם 12טן נאָוועמבער 1664, האָט זייער קרבן ווידער אַ מאָל געבעטן אַז „אויס ליבע צו גאָט, זאָל אײַער הויכקייט טאָן די געפעליקייט און מיר שענקען אַ נדבה, כדי צו קענען אַרויסגיין, ווײַל כ׳בין אַזוי באַקעט, אַז כ׳קאָן זיך נישט באַווײַזן פאַר מענטשן". ווען ס׳איז פאַריבער מער ווי אָנדערטהאַלבן יאָר זינט דער באַשטימטער דאַטע פאַר איר באַפרײַונג, דעם 14טן יולי 1665, האָט מאַריִאַ דע סאַראַטע געביטן די טאַקטיק און געבעטן אַז „אויס ליבע צו גאָט, האָט רחמנות אויף מיר, און גיט מיר די דערלויבעניש צו פאַרבלײַבן אין דעם דאָזיקן שפּיטאָל"... וואָס זי האָט דערוואַרט „פון דער גרויסמוטיקייט" פון די אינקוויזיטאָרן.

דאָ פאַרענדיקט זיך דער דאָקומענט, וואָס האָט אונדז דערמעגלעכט איבערצוגעבן ידיעות וועגן דאָניאַ מאַריִאַ דע סאַראַטע.

# דאָס שטורמישע לעבן פון דיעגאָ לאָפּעז דע לעאָן

(1644 — (?) 1570)

אין דער אַמעריקאַנער און אַרגענטינער געשיכטע זײַנען פאַראַן אַ סך זײַטן, וואָס זײַנען געווידמעט דער פיגור פון דיעגאָ לאָפּעז דע לעאָן, אָדער דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ. אָבער דאָס איז נישט קיין רעזולטאַט פון זײַנע אייגענע פאַרדינסטן, נאָר פון די אויפטוען פון זײַנע זין: אַנטאָניאָ, דער ערשטער אַמעריקאַנער ביבליאָגראַף און קאָמפּילאַטאָר פון די אינדישע — ד״ה אַמעריקער־געזעצן; און דיעגאָ, רעקטאָר פון לימער אוניווערזיטעט, באַרימטער יוריסקאָנסולט און שרײַבער.

דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ איז געווען אַ זון פון דיעגאָ לאָפּעז דע לעאָן און קלאַראַ לאָוואָ (אָדער סאָנאָ) — אײַנוווינער פון דער שטאָט ליזאַבאָן, וועלכע האָבן דאָרט אויסגעהויכט זייערע נשמות אויף אַן אינקוויזיטאָרישן מזבח. דיעגאָ לאָפּעז האָט אין יאָר 1587 חתונה געהאַט מיט קאַטאַלינאַ עספּעראַנסאַ, אַ טאָכטער פון בלאַנקאַ דיאַז באָטעליאָ און כואַן לאָפּעז מאָרעיראַ — פּאָרטוגעזער, אין וועמענס משפּחה ס׳האָבן זיך געפונען פאַרמשפּטע דורכן „הייליקן טריבונאַל״. מיר ברענגען דאָ די דאָזיקע גענעאַלאָגישע איינצלהייטן, וועלכע שטאַמען פון פאַרשיידענע דאָקו־מענטן, ווײַל אַן אַרגענטינער היסטאָריקער האָט זיך פאַרגלוסט — אָן אַ פאַר וואָס — צו מאַכן פאַר איטאַליעניש די לאָפּעז פאַמיליע, וועלכע איז באַטראַכט גע־וואָרן דורך דער אינקוויזיציע אַלס אַזעלכע, וואָס קומט אַרויס פון אַ „פאַרפּעסטעטן שטאַם״ און דורכן גלח אַנטאָניאָ לאַרוי אַלס „די איינציקע, וואָס האָט אין 17טן יאָרהונדערט פאַרשאַפט רום די דאָזיקע לענדער [אַרגענטינע] אין די אַנדערע שפּאַנישע קאָלאָניעס אַפילו אין אייראָפּע״.

נישט אַלע פּרטים וועגן שטורמישן לעבן פון פּאָרטוגעזישן מאַראַן דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ זײַנען שוין דעפיניטיוו פעסטגעשטעלט געוואָרן. אָבער ס׳איז כמעט זיכער, אַז אין יאָר 1594 האָט זיך לאָפּעז איבערגעטראָגן פון בראַזיל קיין בוענאָס־אײַרעס, מחמת אין דעם יאָר פיגורירט ער אין די פּאָרט־ביכער ווי אַן אימפּאָרטער, צוזאַמען מיטן פּאָרטוגעזער סימאָן ראָדריגעז.

עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס לאָפּעז דע ליזבאָאַ איז אַרײַנגעקומען קיין בוענאָס־אײַרעס דורך בראַזיל. דאָס איז געווען דער אויסגע־טראָטענער וועג, מיט וועלכן ס׳האָבן זיך באַנוצט די מאַראַנען ווען זיי זײַנען

אַנטלאָפֿן פֿון די פּעריאָדישע אינקוויזיציע־פֿאַרפֿאָלגונגען אין דער פּאָרטוגעזישער קאָלאָניע, כדי צו זוכן אַ מקום מקלט אין די שפּאַנישע פּאָסעסיעס. אויך אין פּאָרטוגאַל פֿלעגן די אנוסים, ווען זיי זײַנען געווען אויסגעשטעלט אויף אַ סכנה, אַנטלויפֿן קיין שפּאַניע... און די שפּאַנישע קיין פּאָרטוגאַל. טאַקע נאָכן פֿאַרלאָזן פּאָרטוגאַל האָט זיך לאָפּעז דע ליזבאָאַ, פֿון אָנפֿאַנג, באַזעצט אין דער שפּאַנישער שטאָט וואַליאַדאָליד. אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך דאָרטן נישט געפֿילט זיכער, האָט ער געזוכט אַ מעגלעכקייט זיך צו באַזעצן אין די „אינדיעס". היות אָבער דאָס איז אים געווען שווער צו דערגרייכן צוליב דעם וואָס דאָס שפּאַנישע קאָלאָניאַל־מיניסטעריום, די Casa de Contratación האָט געפֿאָדערט פֿון די מיגראַנטן אַ באַווײַז פֿון זייער ראַסן־ריינקייט, איז ער קודם כל אָפּגעפֿאָרן קיין בראַזיל. אין דער דאָזיקער פּאָרטוגעזישער קאָלאָניע זײַנען, אין סוף פֿון 16טן יאָרהונדערט, געווען פֿיל מאַראַנען, וועלכע האָבן געפֿירט מסחרים מיט אַרגענטינע, ווו די „פּאָרטוגעזער" זײַנען אויך געווען שטאַרק פֿאַרטראָטן און האָבן אָנגעפֿירט מיטן קאָנטראַבאַנד — דעם איינציק מעגלעכן האַנדל צוליבן שפּאַנישן מאָנאָפּאָל.

ווי עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן, געפֿינט זיך לאָפּעז דע ליזבאָאַ אין בוענאָס־איירעס אין יאָר 1594, ווו ער באַשעפֿטיקט זיך מיט מסחר. זײַנע געשעפֿטן גייען אויף אַזוי פֿיל גוט, אַז ער באַזיצט אַן אייגענע שיף „סאַן בעניטאָ", מיט וועלכער ער שטעלט צו סחורות. אין יאָר 1600 פֿירט לאָפּעז דע ליזבאָאַ אַרויס קיין בראַזיל און ברענגט פֿון דאָרטן צוריק „אייל, איילבירטן, צוקער, ווײַן, פּאַפּיר און פֿאַרשיידענע אַנדערע סחורות". דער האַנדל מיט פֿרעמדע איז טאַקע געווען פֿאַרווערט, אָבער אין יענער צײַט — ווי מיר האָבן שוין געזאָגט — איז ער דאָך געפֿירט געוואָרן, ווײַל אָן אים איז געווען אוממעגלעך אויסצוקומען.

ווען לאָפּעז דע ליזבאָאַ האָט זיך שוין געהאַט גוט אײַנגעאָרדנט עקאָנאָמיש, האָט ער אָנגעהויבן די באַמיִונגען אַראָפּצוברענגען זײַן משפּחה קיין בוענאָס־איירעס. ער נוצט דערפֿאַר אויס דעם אײַנפֿלוס, וואָס עס האָט אויפֿן שפּאַנישן הויף דער נזיר בערנאַרדאָ סאַנטשעז, וועלכע באַקומט אַרויס פֿאַר דער משפּחה ראַסנריינקייט־דאָקומענטן און ברענגט זי קיין אַרגענטינע. אָבער די משפּחה פֿון לאָפּעז דע ליזבאָאַ בלײַבט נישט לאַנג אין בוענאָס־איירעס. אַ יאָר נאָך איר אָנקומען טראָגט זי זיך איבער אין דער שטאָט קאָרדאָבאַ, וואָס ליגט אויף אַ מהלך פֿון הונדערטער קילאָמעטער פֿון אַפֿילו אין יענע צײַטן שטורמישן פּאָרט. אין קאָרדאָבאַ באַקומט לאָפּעז דע ליזבאָאַ גרויס אָנזען. ער ווערט דאָ באַטראַכט ווי אַן איידלמאַן און פֿאַרנעמט אָפֿיציעלע אַמטן אין דער מוניציפּאַלער פֿאַרוואַלטונג. דעם 1טן יאַנואַר ווערט ער באַשטימט ווי איינער פֿון די שטאָט־עלטסטע, און ער באַקומט דעם ספּעציעלן אויפֿטראָג „צו שרײַבן די בריוו, וועלכע מע וועט האָבן צו שרײַבן, לויטן באַפֿעל פֿון דער דאָזיקער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג". דאָס איז געווען אַ זייער צוגעפּאַסטע פֿונקציע פֿאַר לאָפּעז דע ליזבאָאַ, מחמת ער איז געווען אַן אמתער קאַליגראַף, אין אַ צײַט ווען די שרײַב־קונסט איז נאָך געווען קנאַפּ אַנטוויקלט.

מיט דער גאַנצער ענערגיע נעמט זיך לאָפּעז דע ליזבאָאַ צו די שטאָטישע ענינים. קודם כל וואַכט ער, אַז עס זאָל פאַרריכט ווערן די בריק איבערן הויפּט־קאַנאַל, וואָס קרייצט־דורך די שטאָט; דערנאָך צייכנט ער אָן די גאַסן און נעמט זיך בויען די בנינים פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. „אויף אַזאַ אופן — זאָגט אַ ייִדנפרעסערישער היסטאָריקער — איז אונטער דער אָנפירונג און קאָנטראָל פון באַרימטן משומד פאַרזיכערט געוואָרן, אַז קאָרדאָבאַ זאָל אין דער צוקונפט האָבן גלייכע גאַסן".

אָבער אַן אומרו, וואָס איז לייכט צו פאַרשטיין צוליב זיין ייִדישן אָפּשטאַם, האָט אים געהייסן אָפּזאָגן זיך פון זיין באַקוועמער פּאָזיציע אין קאָרדאָבאַ און ווידער זיך באַזעצן אין בועגאָס־איירעס. לאָפּעז און זיין פאַמיליע זיינען דאָ אָנגעקומען אין יאָר 1610, „האָבן דאָ זיכער געוווינט ביז 1615, מעגלעך אַפילו ביז 1618, אַלנפאַלס אין קאָרדבאַ זיינען זיי געווען צוריק פאַר דעם יאָר 1622". דעם 31סטן אויגוסט פון דעם יאָר איז געשטאָרבן אין קאָרדאָבאַ די פרוי פון לאָפּעז דע ליזבאָאַ, דאָניאַ קאַטאַלינאַ עספּעראַנסאַ. באַלד נאָך דעם האָט לאָפּעז ווידער געענדערט זיין וווינאָרט. מיט זיינע צוויי ייִנגערע קינדער, דיעגאָ און קאַטאַלינאַ מאַרקעסאַ, האָט ער זיך באַזעצט אין אַלטאָ פּערו, היינט באָליוויע. אַ צייט האָט ער געוווינט אין פּאָטאָסי, דעם אומגעהייער רייכן אין יענער עפּאָכע מינען־צענטער, ווו הונדערטער טויזנטער אינדיאַנישע שקלאַפן האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות ביים אַרויסרייסן די איידעלע מעטאַלן פונעם אינגעווייד פון דער ערד. שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין טשוקיסאַקאַ (לאַ פּלאַטאַ, טשאַרקאַס, סוקרע), ווו עס איז געווען דער באַרימטער אוניווערסיטעט. טאַקע אין דער „שטאָט פון די פיר נעמען" האָט דער באַיאָרטער אַלמן און סוחר שטודירט טעאָלאָגיע און באַקומען זיין ליצענציאַטור.

שוין אין יאָר 1628 איז לאָפּעז דע ליזבאָאַ דער ווידוי־אָפּנעמער, דער פאַר־טרויונג־מענטש און הויפּט־פאַרוואַלטער ביים בישאָף פערנאַנדאָ אַריאַס דע אוגאַרטע. ער פאַרוואַלטעט אַזוי אַרום מיטן בישאָפס געוויסן, מיט זיין חסד און פאַרמעגן. ער טוט דאָס אַזוי גוט און געשיקט, אַז ווען דער בישאָף ווערט, צום סוף פון 1629, אַריבערגעטראָגן קיין לימאַ, נעמט ער מיט מיט זיך זיין קאַפּעלאַן, פון וועמען — חוץ אַלעם — די אינקוויזיציע לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג. אַזוי לאַנג ווי דער בישאָף האָט געלעבט, איז לאָפּעז דע ליזבאָאַ געווען באַשיצט קעגן אַן אומגעריכטן אָנגריף פון דער אינקוויזיציע, אָבער ווען ער איז, איז 1638, געשטאָרבן, איז זיין לאַגע געוואָרן געפערלעך. ער האָט טאַקע שטאַרק באַדויערט דעם פאַרלוסט פון זיין פריינד און באַשיצער און אַפילו אָנגעשריבן אַ ביאָגראַפיע פון בישאָף, וועלכע ער פאַרענדיקט מיטן ווייטיקדיקן פערז:

אויב איך, אַזוי לאַנג גאָט וועט מיר נאָר לעבן שענקען,
זאָל וועגן דיר, מיין האַר, נישט טראַכטן און נישט דענקען,
אויב איך וועל נישט דערמאָנען דיך אין מיינע לעבנס־יאָרן,
פאַרליר, אָ גרויסער האַר, אויך מיך פון דיין זכרון.

הגם לאָפּעז דעם לעאָן האָט געטאָן אַלץ, וואָס אַ מענטש אין זײַנע אומשטאַנדן האָט נאָר געקענט, כּדי נישט אַרויסצורופן קיין חשדים בײַ דער אינקוויזיציע, האָט ער דעם ציל נישט דערגרייכט. שוין אין יאָר 1603, ווען ער האָט נאָך גע־ווױנט אין בוענאָס־אײַרעס, איז ער דענונצירט געוואָרן פאַרן לאָקאַלן פאַרטרע־טער פון דער אינקוויזיציע אַלס „יודאַיזירנדיקער ייִד". דערנאָך האָבן זיך די דענונציעס געמערט, און עס איז פאַר זיי נישט געווען קיין אָפּהאַלט דער פאַקט, וואָס לאָפּעז האָט פאַרנומען וויכטיקע ציווילע און קירכלעכע אַמטן.

בהסכּם מיט די אינקוויזיציע־דאָקומענטן, וועלכע אַנטהאַלטן קאָנקרעטע באַשולדיקונגען, איז דיעגאָ לאָפּעז דע לעאָן דעם 28סטן דעצעמבער 1605 פאַר־מסרט געוואָרן פאַרן אינקוויזיציע־קאָמיסאַר פון דער שטאָט סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ, אַז ער האָט געשפּילט אין קאָרטן דעם הייליקן דאָנערשטיק בײַ נאַכט, ווען עס איז פאָרגעקומען די פּראָצעסיעס פון די תּשובה־טוערס. אַן עדות אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מסירה „דאָניאַ אינעס וואַסקאָנסעלאָס, די פרוי פון קאַ־פּיטאַן רוי דע גאַמעז, וואָס האָט אַ שם אַז זי איז אַ [בלוט] ריינע און אַ נאָבעלע", האָט געזאָגט, אַז זי „האָט געזען ווי דער הייליקער דינסט האָט אין דער שטאָט ליזאַבאָן אַרויסגעפירט צו פאַרברענען דעם פאָטער פון דערמאָנטן לאָפּעז דע ליזבאָאַ, זײַנס אַ פעטער און אַ מומע און זײַן שוואָר, דעם פאָטער פון דער פרוי, מיט וועלכער ער איז איצט פאַרהייראַט. און צוליב דער סיבה און געשעעניש האָבן זיך די דערמאָנטע דיעגאָ לאָפּעז און זײַן פרוי באַזעצט אין וואַליאַדאָליד, פון וואַנען זיי זײַנען געקומען אין דער דערמאָנטער שטאָט קאָרדאָבאַ, דורכן פּאָרט בוענאָס־אײַרעס".

דעם 2טן אָקטאָבער 1607 האָט באַלטאַסאַר דע לאָס רעיעס דערקלערט פאַרן קאָמיסאַר פון דער אינקוויזיציע אין סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ, אַז ער „האָט גע־הערט ווי דער פּאָרטוגעזער כוּאַן דע אַקוניאַ דע נאַראַניאַ, וואָס וווינט אין דער דערמאָנטער שטאָט, האָט געזאָגט, אַז דער דערמאָנטער דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ איז אַ זון פון אַ ייִדישן מעדיקער און פון אַ מעדיקער אַ מולאַט"...

דעם 6טן אָקטאָבער 1614 האָט כוּאַן דע אַווילאַ סאַלאַזאַר, „כּדי צו אַנטלאָסטן זײַן געוויסן", געמאָלדן דעם אינקוויזיציע־קאָמיסאַר פון סאַנטאַ פע, אַז „ער האָט געהערט זאָגן, אַז עס איז אַן עפנטלעכע און באַוווסטע זאַך, אַז דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ, אַ פּאָרטוגעזער לויט זײַן נאַציע און אײַנוווינער פון פּאָרט בוענאָס־אײַ־רעס, איז פון דער ייִדישער נאַציע. און אויף אַ שמחה פון איינעם פון זײַנע זין איז ער געפאָרן קיין לימאַ מיט אַ פאַלשער [ראַסן] אינפאָרמאַציע; און דאָרטן האָט ער זי זיך געמאַכט ווי אַן אַלטקריסט".

דעם 15טן אַפּריל 1614 האָבן פאַרן אינקוויזיציע־קאָמיסאַר אין פּאָטאָסי — דער גרעסטער מינען־צענטער אין באָליוויע — זיך פּרעזענטירט קאַרלאָס קאָרסאָ לעקאַ און ניקאָלאַס אָקאַמפּאָ סאַאַוועדראַ און האָבן דערקלערט, אַז ביידע „זײַנען זיי געפאָרן אין פּאָרט בוענאָס־אײַרעס און פון דאָרט האָבן זיי צוזאַמען געריזט קיין בראַזיל. פון בראַזיל האָבן זיי זיך פאַרשיפט קיין ליזאַבאָן און זײַנען אין ים

פאַרכאַפּט געוואָרן דורכן האָלענדישן שונא, וועלכער האָט זיי פאַרשלעפּט קיין אַמסטערדאַם. און נאָכן צוריקקומען פון די דערמאָנטע אין פּערנאַמבוקאָ, איז פאַר דעם אינקוויזיציע־קאָמיסאַר, אַז „אין דער דערמאָנטער שטאָט אַמסטערדאַם האָבן אַ סך פּאָרטוגעזישע ייִדן זיך נאָכגעפרעגט אויף דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ און אַנדערן פּאָרטוגעזער פון דעם קיניגרייך".

לויִס דע נאַוואַרעטע, ווידער, האָט דעם 22סטן אויגוסט 1618 געמאָלדן דעם אינקוויזיציע־קאָמיסאַר פון בוענאָס־איירעס, אַז עס איז אומעטום באַוווּסט, אַז דער פּאָרטוגעזער דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ „איז אַ צוגעלאָזטער תשובה צו טאָן [אין דער אינקוויזיציע] און אַן אָפּשטאַמיקער פון ייִדן; און אַז זײַן מוטער און באָבע זײַנען אין ליזאַבאָן, אָדער ערגעץ אַנדערשוווּ, פאַרברענט געוואָרן אַלס יודאַיִזירנדיקע".

אין דער שטאָט לאַ פּלאַטאַ (טשאַרקאַס, טשוקיסאַקאַ, סוקרע) איז דעם 17טן מאַרץ 1615, דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ פאַרמסרט געוואָרן דורכן נעגערישן שקלאַף פון רעיענט אַלאָנסאָ נאַוואַראָ, אַז „ווען דער עדות [ד"ה דער שקלאַף פּעדראָ אַנטאָניאָ] איז געווען אין בראַזיל און אין דינסט פון פּעדראָ דע אַקוניאָ דע אַנד־ראַדאַ, איז ער מיט זײַן האַר געפאָרן קיין ליזאַבאָן און אין אַנדערע ערטער פון פּאָרטוגאַל; און זײַענדיק אין ליזאַבאָן איז דאָרטן פאָרגעקומען אַן אויטאָ [דע פע], און צווישן די וועלכע זײַנען אויף אים פאַרמשפּט געוואָרן, איז אויך געווען אַן אַלטער מאַן מיטן נאָמען כואַן לאָפּעז. און דער דאָזיקער עדות האָט געזען, אַז מע האָט אים פאַרברענט פאַרן זײַן אַ ייִד, אויף דעם פּלאַץ פאַרן קיניגלעכן [ד"ה עפנטלעכן] שפּיטאָל, און דער דאָזיקער פּלאַץ הייסט „על ראָסיִאָ". און דער דאָזיקער מענטש כואַן לאָפּעז איז געווען דער פאָטער פון דיעגאָ לאָפּעז דע ליז־באָאַ, אַ פּאָרטוגעזער, וועלכער האָט געוווינט אין דעם קיניגרייך און איז זייער גוט באַקאַנט אין פּאָטאָסי, טוקומאַן און בוענאָס־איירעס. און דער דאָזיקער עדות ווייס, אַז ער איז געווען זײַן פאָטער, ווײַל אין אַ פריִערדיקער נסיעה וואָס ער האָט געמאַכט מיט דעם דערמאָנטן האַר זײַנעם אויפן אינדזל מאַדעיראַ, זײַנען זײַן האַר פּעדראָ דע אַקוניאַ דע אַנדראַדאַ און דער דערמאָנטער דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ געווען חברים. און דער עדות האָט געזען, אַז דער דערמאָנטער כואַן לאָפּעז האָט אויפגענומען אין זײַן הויז און געהאַלטן דאָרטן ווי אַ זון דעם דער־מאָנטן דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ, און דער דערמאָנטער דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ האָט אים אויך געהאַלטן און גערופן פאָטער. און שפּעטער, אין זײַן צווייטער רײַזע, ווען דער דאָזיקער עדות איז צוריקגעקומען קיין בראַזיל, האָט ער געהערט, אַז דער דערמאָנטער דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ איז אַנטלאָפן פאַר דער אינקווי־זיציע. און ווען ער איז געקומען קיין בוענאָס־איירעס האָט ער דאָרט געטראָפן דעם דערמאָנטן דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ שוין ווי אַ שכן,[1] מיט אַן אײַנגעאָרדנט הויז. און דאָס זאָגט ער עדות כדי צו באַפרײַען זײַן געוויסן, און נישט אויס שנאה אָדער פאַראַכטונג".

[1] ד"ה ווי אַ צוגעהעריקן צו דער אייבערשטער שיכט פון דער באַפעלקערונג.

דעם 19טן אויגוסט 1622 האָט זיך צום אינקוויזיציע־קאָמיסאַר פון פּאַטאָסי געמאָלדן פראַנציסקאָ גאָנזאַלעז פּאַטשעקאָ און אים איבערגעגעבן, אַז ווען ער האָט מיט זײַן דינער, אַ מולאַט, דורכגעמאַכט דעם וועג קיין בוענאָס־אײַרעס, האָט ער באַמערקט, אַז בײַם בראָטן אַ פוס פון אַ קאַלב האָט ער פון אים אַרויס־גענומען [אויסגעטרייבערט?] די דריזן (landrecilla). און ווען ער האָט אויס־געזידלט דעם מולאַט און אים אָנגערופן ייִד, האָט אים דער מולאַט געענטפערט: „איך בין נישט קיין ייִד, כאָטש כ׳האָב געדינט בײַם פּאָרטוגעזער לאָפּעז דע ליזבאָאַ, ווען ער האָט דורכגעמאַכט דעם זעלביקן וועג, און ער האָט דאָס מיר שטענדיק געהייסן אויסשנײַדן די דריזן בעתן בראָטן אַ פוס פון אַ קאַלב אָדער פון אַ שעפּס, ווייל — ווי ער האָט געזאָגט — ס׳פלייש בראָט זיך דעמאָלט בעסער״.

מיט אַריבער 10 יאָר שפּעטער, ווען לאָפּעז דע ליזבאָאַ אָדער דע לעאָן איז שוין געווען אַן אָנגעזעענער גײַסטלעכער פון דער קאַטוילישער קירך, זײַנען נישט בלויז געהיימע באַשולדיקונגען געמאַכט געוואָרן קעגן אים, נאָר ס׳איז אויך געקומען צו עפנטלעכע אַרויסטריטן קעגן „ייִד״, ווען ס׳האָט שטאַרק פּראָטעזשירט דער לימער בישאָף פערנאַנדאָ אַריאַס דע אוגאַרטע. אין דער הויפּטשטאָט פון פּערוואַנער וויצע־קעניגטום זײַנען דעמאָלט, אין יאָר 1635, אַנט־דעקט געוואָרן אַזוי פיל געהיימע ייִדן, אַז זייער פּראָצעס האָט די אינקוויזיציע אָנגערופן די גרויסע פאַרשווערונג. טאַקע ווען די אַרעסטן זײַנען נאָך אָנגעגאַנ־גען און די מערסטע פּאָרטוגעזישע סוחרים האָבן זיך שוין געהאַט געפונען אין תפיסה, האָט זיך אַ פאַנאַטישער המון פאַרזאַמלט פאַרן בישאָפס פּאַלאַץ — ווו לאָפּעז דע לעאָן, אַלס דער גיטער־פאַרוואַלטער, האָט געווינט — און געשריען „זאָל אײַער הויכקייט אַרויסטרײַבן דעם דאָזיקן ייִד פון זײַן הויז!״. אין דער זעלבער עפּאָכע האָט דער לץ בורגיליאָס, ווען ער האָט דערזען דעם מאַראַן אַרײַנגיין אין קירך, אונטערהאַלטנדיק דעם אַציבישאָפס בגד, אים געזאָגט „ווי שטאַרק דו זאָלסט זיך נישט אײַנקלאַמערן אין בישאָפס עק, וועט דיך די אינקווי־זיציע סײַ־ווי אָפּרײַסן״.

ס׳איז נישט שווער צו גלייבן — דער שכל־הישר שטעלט זיך אויך נישט קעגן דעם — אַז אין די באַשולדיקונגען קעגן לאָפּעז דע לעאָן איז פאַראַן אַ גרע־סערער אָדער קלענערער טייל אמת. שווערער איז דער ענין מיט דער מסירה וועגן שמײַסן אַ קרוציפיקס און שעלטן און אויסלאַכן יעזוסן. די דאָזיקע מסירה איז געמאַכט געוואָרן קעגן דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ אין יאַנואַר 1637 דורך אַ פאַרשוין מיטן נאָמען כעראָנימאָ דע אַגרעדאַ, וועלכער האָט אויך געווינט אין בישאָפס פּאַלאַץ, הגם ער איז נישט געווען קיין גלח. דער ענין איז אַ קאָמפּלי־צירטער, ווײַל אין אַ סך אינקוויזיציע־פּראָצעסן טרעפט מען די זעלבע באַשול־דיקונג, כאָטש זי איז זעלטן באַוויזן געוואָרן. פּסיכאָלאָגיש איז לײַכט אָנצונעמען, אַז אַ פאַרפאָלגטער מענטש זאָל אין אַ מאָמענט פון פאַרצווייפלונג נקמה נעמען אינעם סימבאָל פון דעם, וואָס ער באַטראַכט ווי די סיבה פון זײַן טראַגישער לאַגע. אָבער אַפילו פון ריין פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט איז, אין פאַל פון דיעגאָ

לאָפּעז דע ליזבאָאַ — אַ מאַראַן, וועלכער האָט געוואָלט פֿאַרווישן אַלע זײַנע ייִדישע שפּורן — שווער אָנצונעמען, אַז ער זאָל זיך האָבן געוואַגט אויף אַזאַ האַנדלונג אין פּאַלאַץ פֿון אַרציבישאָף און וויסנדיק, אַז יעדער שריט זײַנער ווערט קאָנטראָלירט. די שוועריקייט ווערט נאָך גרעסער, ווען מע נעמט אין באַטראַכט דעם אינהאַלט פֿון דער גאַנצער מסירה, וואָס זאָגט אָט אָ דאָס:

ער האָט געהערט דעם אָפּקלאַנג פֿון שמיץ אין דער וווינונג פֿון דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ, וואָס געפֿינט זיך בשכנות פֿון הויפּטזאַל פֿונעם דערמאָנטן האַר אַרציבישאָף, און ער איז זייער שטיל צוגעגאַנגען צו דער טיר פֿון צימער פֿון דערמאָנטן דיעגאָ לאָפּעז. ער האָט אַרײַנגעקוקט דורכן שליסללאָך פֿון דער דערמאָנטער טיר, וואָס איז געווען פֿאַרשלאָסן, און ווען ער האָט אַרויסגענומען דעם שליסל האָט ער דערזען ליכט. און דורך דעם דערמאָנטן שליסללאָך און פֿון אינעווייניק האָט ער געהערט און באַמערקט, אַז עס ווערן פֿאָרגעזעצט די שמיץ. און ווען ער האָט זיך צוגעהערט צו אַ פּאָר ווערטער, וואָס זײַנען געזאָגט געוואָרן, האָט ער דערקענט, אַז דער וואָס האָט זיי געזאָגט איז געווען דער דערמאָנטער דיעגאָ לאָפּעז, [וועלכער איז געשטאַנען] לעבן דער טיר, אויף דער לינקער זײַט פֿון אַרײַנגאַנג צו זײַן שלאָפֿצימער. און די ווערטער, וואָס זײַנען געזאָגט געוואָרן זײַנען געווען די: „אַז ער איז אַן אָפּנאַרער און אַ ליגנער און דערפֿאַר האָט מען אים געקרייציקט צווישן צוויי גנבים". און ווידער האָבן זיך דערהערט די שמיץ און ער האָט ווײַטער געזאָגט: „אויב ער איז אַ יושרדיקער, אַ הייליקער, אַ גוטער און גאָטס אַ זון — ווי ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט — פֿאַר וואָס האָט ער נישט אויסגעמיטן יענע [דערנידערנדיקע] שטראָף, אויף וועלכער מע האָט אים פֿאַרמשפּט". און ער האָט אויך געזאָגט אַנדערע באַליידיקנדיקע ווערטער אויף קריסטוסן אונדזער האַר, וואָס דער עדות דערמאָנט זיך שוין נישט. [ער דערמאָנט זיך אָבער יאָ], אַז זיי זײַנען געווען באַגלייט מיט שמיץ.

חוץ אַלע מסירות קעגן דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ איז זיכער, אַז ער האָט געדינט טרײַ דער קאַטוילישער קירך און אָפּגעהיט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט אירע געזעצן. דער בעסטער באַווײַז דערפֿאַר איז דאָס וואָס די אינקוויזיציע האָט אים דאָך נישט אַרעסטירט; ווען ער וואָלט נישט געווען אַזוי שטאַרק אָפּגעהיט, איז קיין צווייפֿל נישט, אַז ער וואָלט פֿאַרפֿוילט געוואָרן אין די אינקוויזיציע־קעלערן.

דיעגאָ לאָפּעז דע לעאָן איז געשטאָרבן אין לימאַ אין יאָר 1644, אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעשריבן זײַן טעסטאַמענט. פּונקט אַזוי ווי אין פֿאַרלויף פֿון זײַן גאַנץ לעבן, האָט ער אויך אין די שעהן פֿון גסיסה געפֿילט אויף זיך דאָס וואַכזאַמע און דראָענדיקע אויג פֿון דער אינקוויזיציע. דעריבער האָט ער נישט — ווען זײַנע ציטערדיקע הענט האָבן געשריבן די פּונקטן פֿון טעסטאַמענט — אַרײַנגעשטעלט אין איר קיין פּאַסנדיקע ברכה פֿאַר זײַנע עלטערן, ווײַל זיי זײַנען געווען פֿאַרברענט דורך דער אינקוויזיציע און דורך אַזאַ אַפּיקורסות האָט ער געקענט שטעלן אין סכנה זײַן משפּחה, צוליב וועלכער ער האָט זיך אַזוי מקריב געווען. און וווּנדערלעכער ייִדישער אויסדויער: ער האָט זײַן ציל דערגרייכט.

זײַנע זין זײַנען געוואָרן באַרימטקייטן און ס׳האָט מיט זיי געקלונגען די גאַנצע שפּאַנישע אימפּעריע. איינער איז געווען, ווי געזאָגט, דער ערשטער אַמעריקאַנער ביבליאָגראַף און וויכטיקסטער קאָנסטיטוציאָנאַליסט; דער צווייטער — רעקטאָר פון לימער אוניווערסיטעט, אַ באַרימטער יוריסקאָנסולט און שרײַבער. מיר וועלן זיי ביידן ווידמען ספּעציעלע אָפּהאַנדלונגען.

# די ברידער דיעגאָ און אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ

(1671 — 1608)

## 1. דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ דער בעל־יועץ פון וויצע־קעניגן און אַמעריקאַנער פּאַטריאָט

אין דער שטאָט קאָרדאָבאַ, אין דער הײַנטיקער אַרגענטינע, אין אַ הויז בשכנות פון דער דאָמיניקאַנער קירך, איז געבוירן געוואָרן דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ (1608—1671), דער זון פון באַרימטן מאַראַן דיעגאָ לאָפּעז דע לעאָן. דאָס קינד פון מאַראַן, נאָך וועמען ס'האָט „געלעכצט" די אינקוויזיציע, איז לויט זײַן ערשטן ביאָגראַף, דער גלח אַנטאָניאָ לאַרוי, געווען „די ערשטע ליטעראַרישע באַרימטקייט פון זײַן פאָטערלאַנד".

אין קאָרדאָבאַ, זײַן היימשטאָט, דעמאָלט אַ דאָרף פון אַ פּאָר הונדערט הײַזער פון ניט־געברענטע ציגל, האָט דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ זיך אויסגעלערנט די ערשטע אותיות פון אַלף־בית. זײַן מיטלבילדונג — אויב מע קען די זאַך אַזוי אָנרופן — האָט ער, פּונקט ווי זײַנע עלטערע ברידער אַנטאָניאָ און כואַן, באַקומען אין די לימער אַנשטאַלטן. אויך אין לימאַ, די הויפּטשטאָט פון פּערואַנער וויצע־קעניגרײַך, פון וועלכן אַרגענטינע איז געווען אַ פּראָווינץ, האָט ער אָנגעהויבן זײַנע העכערע שטודיעס, וואָס ער האָט פאַרענדיקט אין שפּאַניע.

אין דער מעטראָפּאָליע איז דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ געפאָרן אין 1627, אין דער באַגלייטונג פון זײַן ברודער, דעם גלח און שרײַבער כואַן ראָדריגאָ דע לעאָן. דאָ איז ער באַלד אַרײַנגעטראָטן אין דעם „קעניגלעכן און פּויפּסלעכן" אוניווערסיטעט פון סאַלאַמאַנקאַ. דער דאָזיקער באַרימטער אוניווערסיטעט האָט אים אין יאָר 1632 אַרויסגעגעבן דעם באַקעלאַר־טיטל פון קאַנאָנישע (קירכלעכע) און ציווילע רעכט. ער איז געווען דער ערשטער אַמעריקאַנער סטודענט, וואָס האָט באַקומען אַזאַ טיטל פון דעם שטרענג־קאַטוילישן אינסטיטוט. ווײַטער האָט ער אָבער ניט שטודירט, ווײַל עס האָבן אים געפעלט מיטלען דערצו, און נאָך פינף יאָר אָפּזײַן אין שפּאַניע האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין לימאַ, ווו זײַן פאָטער איז געווען דער קאַפּעלאַן און מאַיאָרדאָם פון בישאָף פערנאַנדאָ אַריאַס דע אוגאַרטע. אין לימאַ האָט ער פאַרגעזעצט זײַן בילדונג מיט פּונקט אַזאַ פלײַס און

דערפֿאָלג ווי אין שפּאַניע. טאַקע דאָ באַקומט ער דעם 19טן יולי 1636 זײַן ליצענץ־טיטל און דעם 28סטן פֿון זעלבן חודש — דעם דאָקטער־טיטל. אַזוי אַרום שטייט פֿאַר אים אָפֿן דער וועג פֿאַר אַן אַקאַדעמישער קאַריערע און אויך די מעגלעכקייט אויסצוצייכענען זיך אין דער ציווילער פֿאַרוואַלטונג, אויב די אינקוויזיציע, וואָס האָט פּונקט דעמאָלט אַנטוויקלט איר שטאַרקסטע טעטיקייט, וועט נישט איבעררײַסן זײַנע חלומות. און וווּנדער איבער וווּנדער — דער „הייליקער טריבונאַל" באַווײַזט דאָס נישט.

די גענויע דאַטע, ווען דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ איז באַשטימט געוואָרן אַלס פּראָפֿעסאָר פֿון לימער אוניווערסיטעט, איז נישט באַוווּסט, הגם עס איז יאָ באַקאַנט, אַז שוין אין 1636 האָט ער אָנגעהויבן זײַן אַקאַדעמישע טעטיקייט. עס איז אויך באַקאַנט, אַז אין יאָר 1647, זײַענדיק פּראָפֿעסאָר פֿון דאָגמאַטישער טעאָלאָגיע, האָט ער, לויט אַ קאָנקורס, באַקומען די שטעלע פֿון פּראָפֿעסאָר פֿון סכאָלאַסטישער טעאָלאָגיע, און דאָס האָט אַרויסגערופֿן דעם גרימצאָרן פֿון „הייליקן טריבונאַל" אין לימאַ, וועלכער האָט אים פֿאַרמסרט פֿאַרן העכסטן אינקוויזיציע־ראַט פֿון שפּאַניע. אין דאָקומענט וועגן דעם זאָגט זיך אַזוי:

זייער מעכטיקער האַר: — מיט אַ צוויי חדשים צוריק האָט דער אוניווערסיטעט פֿון דער דאָזיקער שטאָט — בהסכם מיט אַ קאָנקורס אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט אַנדערע געלערנטע מענער — באַשטימט פֿאַר פּראָפֿעסאָר פֿון סכאָלאַסטישער טעאָלאָגיע דעם דאָקטער דאָן דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ, וואָס האָט געלייענט דאָגמאַטישע טעאָלאָגיע. ער איז אַ זון פֿון דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ, אַ פּאָרטוגעזער, פֿריִער אַ חתונה געהאַטער און אַ סוחר אין דער פּראָווינץ טוקומאַן פֿון דאָזיקן קיניגרײַך און דערנאָך אַ גלח — איצט שוין טויט — (ער איז בעת זײַן לעבן געווען שטאַרק פֿאַרדעכטיקט אין אָפּהיטן יידישע דינים, ווי ס'איז צו זען פֿון די גבית־עדות, וואָס מיר שיקן אויך איבער אײַער הויכקייט). איינער פֿון די עדות באַציט זיך אויף דאָן דיעגאָ [דע לעאָן פּינעלאָ] און ער זאָגט וועגן אים, אַז בעת דער מעסע, ווען מע הייבט אָן די הייליקע האָסטיע, דרייט ער אַוועק דעם קאָפּ. עס איז זייער געפֿערלעך אָנצוטרויען די פֿאַרטײַטשונג פֿון די הייליקע געזעצן, פֿון די קירכלעכע פּרינציפּן און פֿון דער העכסטער קדושה אַ מענטש פֿון אַזאַ פֿאַרפּעסטעטן און פֿאַרדעכטיקן שטאַם, וועלכער איז ביכולת צו געבן צו טרינקען סם דער שטודירנדיקער יוגנט אָנשטאָט גוטע לערע. מיר האַלטן פֿאַר אונדזער חוב צו וויסן צו טאָן וועגן דעם אײַער הויכקייט, אויפֿן פֿאַל אויב עס וועט זיך לוינען צו אינפֿאָרמירן דעם אינדישן ראַט וועגן דעם ענין, כדי ס'זאָלן באַצײַטנס אָנגענומען ווערן מיטלען מיט וועלכע מע קען לײַכט פֿאַרמײַדן דאָס בייז, וואָס נאָך דעם ווי עס וועט שוין ווערן אָפּגעטאָן, וועט עס זײַן שווער צו פֿאַרהיטן.

זאָל גאָט אונדזער האַר אַזוי באַשיצן אײַער הויכקייט, ווי דאָס קריסטנטום נייטיקט זיך אין איר. לימאַ, דעם 19טן יולי פֿון יאָר 1647. — דער ליצענציאַט אַנדרעס כואַן גאַיטאַן. — דער ליצענציאַט דע קאַסטראָ אי דעל קאַסטיליאָ. — דאָקטער דאָן לויס דע בענטאַקורט אי פֿיגעראָאַ.

דעקרעט: געזען, און מע זאָל שרײַבן צום [אינקוויזיציע] טריבונאַל [פֿון לימאַ], אַז ער זאָל וואַכן איבער דעם אופֿן פֿון האַנדלען און איבער די מיינונגען פֿון דאָקטער לעאָן.

איין יאָר נאָך דער דאָזיקער מסירה און אַ פּאָר יאָר נאָך די גרויסע אַרעסטן פון די לימער יודאַיזירערס, בעת וועלכע זײַן אייגענער פֿאָטער איז שיִער נישט פֿאַרברענט געוואָרן און ער האָט שיִער נישט מיטגעשלעפּט מיט זיך אין תהום אַרײַן זײַן גאַנצע משפּחה, האָט דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ אָנגעהויבן זײַן ווערק, אין וועלכן ער שטעלט זיך די אויפגאַבע צו דערהייבן אַמעריקע און אירע ווערטן לגבי אירע פֿאַרלוימדערס. פֿאַרשיידענע מאָטיוון ווערן אָנגעגעבן פֿאַר זײַן האַנדלונג. איך האַלט, אַז זיי זײַנען אַ סך פּשוטער ווי מע מיינט דאָס. האָט דאָך ער און זײַן משפּחה — טראָץ דעם גאַנצן האַס פון דער אינקוויזיציע און אירע משרתים — געפונען אַ מקום מקלט אין פּערו און באַוויזן צו פֿאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס. איז ער דאָך אַליין געווען אַן אַמעריקאַנער און דערצו אַ מאַראַן, וועלכער האָט נישט געקענט פילן אַזאַ צוגעבונדנקייט ווי אַנדערע צום לאַנד, וואָס האָט דעראָבערט די „אינדיעס"; האָט דאָך יענץ לאַנד קיין מאָל נישט געוואָלט אָנערקענען זײַנע פֿאַרדינסטן, און אירע אַ גרויזאַמע אינסטיטוציע — די אינקוויזיציע — האָט געזוכט אים אומצוברענגען. דאָס אַלץ האָט געמוזט בײַ אים שאַפֿן אַן אויטענטיש און ספּאָנטאַן געפיל פון אַמעריקאַנישן „פּאַטריאָטיזם" אין אַ צײַט, ווען בײַ אַנדערע איז ער נאָך געווען זייער זעלטן, — אַ זאַך וואָס שליסט נאַטירלעך נישט אויס אַ באַוווסטזיניקע אויסרעכענונג פון געווינען די סימפּאַטיע בײַ געוויסע קרײַזן, אַ דאַנק דער פֿאַרטיידיקונג פון אַמעריקאַנישע ווערטן. אָבער אויפן ערשטן אָנבליק איז דאָס נישט קלאָר, מחמת דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ האָט דווקא זיך באַמיט צו באַקומען די פּרײַנדשאַפֿט פון אַלע מעכטיקע, — אײַנשליסלעך אינקוויזיטאָרן — וואָס האָבן דאָך נישט געהאַט קיין אינטערעס אין אַ ספּעציעלן אַמעריקאַנער „פּאַטריאָטיזם". אָבער מענטשלעכע דרכים קענען נישט געניט פֿאַרשטאַנען ווערן, ווען מע באַטראַכט זיי בלויז פון אַ ראַציאָנעלן שטאַנדפּונקט, אָדער בלויז פון אַן איראַציאָנעלן קוקווינקל. טאַקע דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָס אויפפירונג באַווײַזט, אַזביידע עלעמענטן האָבן געווירקט אויף זײַן האַנדלונג, און נאָך דעם ווי ער האָט זיך פֿאַרזיכערט די פּרײַנדשאַפֿט פון די אינקוויזיציע־באַאַמטע, וואָס זײַנען געווען ממונה איבער דער פֿאַרעפֿנטלעכונג פון ביכער, האָט ער אונטערגעטראָגן זײַן לויב פֿאַר אַמעריקע. די קאָנקרעטע געלעגנהייט דאָס צו טאָן גיט אים דאָס בוך פון באַרימטן בעלגישן הומאַניסט יוסטוס ליפּסיוס (לויט דער שפּאַנישער טראַנסקריפּציע: כוסטאָ ליפּסיאָ) אונטערן טיטל לאָוואַניום, וואָס איז דערשינען אין אַנטווערפּן אין יאָר 1605. דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ דערציילט ווי אַזוי ער איז צוגעטראָטן צו זײַן אַרבעט אין אַ היפּש מעלאָדראַמאַטישער פֿאָרעם. ער באַשרײַבט, ווי נאָך אַן אָנגעשטרענגטן טאָג אַרבעט אין אוניווערסיטעט און אין זײַן אַדוואָקאַטן־קאַנצעלאַריע, קומט ער אַהיים און באַגערט וואָס פֿלינקער זיך צו קענען אָפּרוען. אָבער כאָטש די אויגן קלעפּן זיך אים פון שלאָף, קען ער נישט בײַקומען דעם נסיון פון כאַפּן אַ קוק אין אַ בוך, וואָס ער האָט דעם טאָג געהאַט אײַנגעהאַנדלט. און אָט וואָס עס האָט פּאַסירט:

מאָמענטאַל טוט זיך דער שלאָף פון מיר אָפּ. כ׳קוויק זיך מיט דער דערציילונג, כ׳ווער מיטגעריסן דורך דער עלאָקווענץ ווי דורך אַ סירענע און כ׳ווער פֿאַרשנוכט

דורכן קוואַל פון ווערטער. כ׳דערגיי ביזן זעקסטן קאַפּיטל, וואָס האָט דעם נאָמען: אַן איבערבליק איבער די אַקאַדעמיעס אין אָריענט, אין עטיאָפּיע, אין אַפריקע און אַמעריקע. כ׳שטויס מיך אָן, אַז [דער שם פון] אונדזער לימער אַקאַדעמיע האָט שוין דעמאָלט באַדאַרפט האָבן אַריבערגעשפּרייזט די ימען. דעריבער, באַגערנדיק מאָר איר לויב, זוך איך פלינק וואָס עס זאָגט ליפּסיוס, מחמת דער לויב — ווי עס זאָגט פּליניוס — איז אָנגענעם אַפילו ווען ער קומט פון קליינע, שוין אָפּגערעדט פון גרויסע. כ׳לויף פלינק איבער די אותיות מיט די אויגן, ווי אַ פייל אין אַ גאָרטן. עס ווערן נאָך אויסגערעכנט אַטען און ראָדאָס, דער אַלעקסאַנדריינישער מוזיי, די בראַהאַמאַנישע שולן, די ציגנאָזאָפּישע [דירענעזשע?] און די באָנזן פון יאַפּאַן. די אַביסיניער פון אַפריקע מאַכט ער פאַר געלערנטע. ער באַוואונדערט די בנינים, די אומגעהייערע צאָל פון די אַמאָליקע סכאָלאַסטיקערס, אָבער כ׳באַמערק, אַז ער דערמאָנט נישט די זייער גערוימע זאָלן פון קאַרטאַגאַ. שרייבט [דאָך] אויגוסטין אין דעם 8טן קאַפּיטל פון 5טן בוך פון זיינע ווידויים: „אין קאַרטאַגאַ דערגייט ביז גראָבקייט די פרייַהייט, וואָס עס נעמען זיך די סטודענטן. זיי גייען אַריין מיט אַ טראַסק און אומפאַרשעמט אין די קלאַסן און כמעט מיט גוואַלד און חוצפּה שטערן זיי די אָרדענונג, וואָס יעדער לערער שטעלט איין פאַרן נוצן פון זיינע שילערס. מיט אַן אומגלייבלעכער חוצפּה באַליידיקן זיי און באַזידלען. און דערפאַר וואָלטן זיי באַדאַרפט באַשטראָפט ווערן דורך די געזעצן. אָבער עס שיצט זיי דער מנהג, וועלכער באַווייזט, אַז זיי זיינען שוין דערגאַנגען צו אַזאַ נידעריקן גראַד, אַז זיי באַטראַכטן פאַר דערלאָזלעך דאָס, וואָס וועט קיין מאָל נישט אָנערקענט ווערן דורך די אייביקע געזעצן. זיי האַלטן, אַז עס פאַרבלייבן אָן אַ שטראָף די קריוודעס, וואָס זיי באַגייען. זייער בלינדקייט דערפירט אָבער צו דעם, אַז זיי זאָלן ליידן גרעסערע עוולות ווי די וואָס זיי באַגייען. אָ, וואָס פאַר אַ ווייטיק. די דאָזיקע צעלאָזנקייט איז פאַרויסגעזען דורך אַ לאַנגער פאַרשריפט. ער [ליפּסיוס] דערנענטערט זיך שוין צו דער לעצטער שורה פון די באַשריבענע אַקאַדעמיעס און ער ווידמעט נישט קיין וואָרט דער נייער וועלט. ווען כ׳האָב אַ פאַרמאַטערטער פון לאַנגווייל באַשלאָסן צו פאַרמאַכן דאָס בוך, האָב איך מיט אַ מאָל דערזען ווערטער, וועלכע מאַכן פון ליפּסיוסן נישט בלויז אַ באַשולדיקטן אין איבערהיפּערן זאַכן, נאָר אויך אין אַזאַ באַשולדיקטן וואָס באַליידיקט טיף. ער זאָגט: „וואָס אַזוינס? אפשר זאָל איך פאַרן קיין אַמעריקע? אין דער אמתן איז דאָך דאָרטן בלויז באַרבאַריע“. זיינען דאָס דען נישט יענע ווערטער, וועלכע טערענסיא האָט געזאָגט אין עונוך [! ?].

אַזוי שטאַרק עקלדיק איז אונדזער נייע וועלט? ווי נאָר כ׳האָב אַרויסגעזאָגט די ווערטער, האָב איך אָנגעגורט די לענדן צו פירן מלחמה, צו זיין גרייט אויף סכנות, גלייבנדיק אין דער גערעכטיקייט, זייענדיק פאַרפליכטעט דורך ווייטיק, באַווירקט דורך ליבע, און האָבנדיק דעם אמת פאַר אַ וועגווייזער און דעם פּלייטיסט, וואָס גייט פאָרויס אונדזער אַקאַדעמיע, פאַר רום. קיינער געניסט נישט פון אַזוי פיל צוטרוי, סיי אין מלחמה־צייט סיי אין שלום־צייט, ווי דער וואָס ליבט שטאַרק, [ווי דער] פאַר וועמען דער טויט איז זיס און נאָבל. פון דאַנען האָט טאַקע האָראַץ אַרויסגעפירט זיין סענטענץ, אַז „זיס און נאָבל איז דער טויט פאַרן פאָטערלאַנד“. און האָמער האָט געזאָגט: „דאָס גרעסטע גליק איז צו קעמפן פאַרן פאָטערלאַנד, וועמענס ליבע עס איז זיס און פיין“.

דיעגאָ דע לעאָן פינעלאָ האָט, אַלזאָ, אָנגעגורט די לענדן, כדי אַרויסצוטרעטן אין קאַמף פאַרן גוטן שם פון לימער אוניווערסיטעט. פאַר יעדן פאַל האָט ער זיך — ניט קוקנדיק אויף זיין קאַמפּסלוסט — פאַרזיכערט מיט דער גוטוויליקייט פון דער אינקוויזיציע. אָבער דאָס איז נאָר געווען אַ רעזולטאַט פון זיין לאַגע, פון זיין

יידישער אָפּשטאַמונג, וואָס האָט אים געצוווּנגען אָנצונעמען די גרעסטע פּאַרזיכט־מיטלען, כדי אויסצומײַדן דעם אינקוויזיטאָרישן מזבח. ווען אָבער ער האָט זיך געפילט אויסער סכנה און ער האָט ספּאָנטאַן אויסגעדריקט זײַנע געדאַנקען, דעמאָלט האָבן זיך פון זײַן פּעדער אַרויסבאַקומען ווערטער, וועלכע זײַנען נישט בלויז סימפּאַטאַמאַטיש ווען מען גייט צו זיי צו פון שטאַנדפּונקט פון אַמעריקאַנער „פּאַטריאָטיזם“, נאָר אויך פון יידישן שטאַנדפּונקט. אָט וואָס פאַר אַ מאָטאָ ער שטעלט אויף זײַן בוך: אַפּאָלאָגעטישע פאַרטיידיקונג, וואָס איז דער ענטפער ליפּסיוסן:

אײנציק, אַ זון אַזוי ווי דו, דערשײַן איך פאַר יעדן אײנעם.
וואָס מער עס וואַקסט די נײַע וועלט, אַלץ מער וואַקס איך מיט.
אַלצאײנס פאַר אַלע שטערבלעכע
איז די נײַע וועלט.

אַן צווייפל, דער פאַרלעצטער פּערז דריקט אויס דעם טיפסטן באַגער פון אַ געפּלאָגטן מענטש. און אַזאַ אײנער איז געוויס געווען דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ, כאָטש ער האָט דערגרייכט הויכע פּאָזיציעס אין אַקאַדעמישן לעבן פון פּערו־אַנער וויצעקעניגרײַך און ער איז געוואָרן דער בעל־יועץ פון אַלע הערשערס פון דעם דאָזיקן וויצעקעניגרײַך. די לעצטע האָבן אַפילו אָנערקענט זײַנע פאַר־דינסטן און האָבן אים געוואָלט פאַרגיטיקן. אָבער די שפּאַנישע מאַכט האָט זיך קיין מאָל נישט צוגעהערט צו זייערע לויברייד וועגן אים. אָט וואָס עס זאָגט וועגן דיעגאָ דע לעאָנען, אין יאָר 1648, דער וויצעקעניג מאַנסעראַ:

בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן האָב איך פאַרגעבראַכט פאַר אײַער מאַיעסטעט די אייגנשאַפטן און די פעיִקייטן פון ד״ר דאָן דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ, אַן אַדוואָקאַט פון דער דאָזיקער קעניגלעכער אוידיענץ[1] פון לימאַ. און האָב אויך אינפאָרמירט וועגן די פּראָפעסאָר־שטעלעס, וואָס ער האָט געהוּנען אין אוניווערסיטעט בעת אַ קאָנקורס און וועגן דעם, אַז ער האָט בשעת אַן אַנדערן קאָנקורס מיט אַ גרויסער מערהייט שטימען און מיט פיל אָנערקענונג באַקומען דעם פּאָסטן פון פּראָפעסאָר פון סכאָ־לאַסטישער טעאָלאָגיע. און איך האָב זיך פאַרשטענדיקט מיט דעם דאָזיקן מאַן וועגן זייער וויכטיקע ענינים און ער האָט אין אַלץ אַרויסגעוויזן זײַן גרויס בקיאות און אײפער אין דינסט פון אײַער מאַיעסטעט. איך האַלט דעריבער פאַר מײַן חוב פאַר־צוברענגען פון ס׳נײַ, אַז ער איז איינער פון די גרעסטע יוריסקאָנסולטן פון די מקומות און אַזאַ אײנער, וואָס איז פון די פּאַסיקסטע צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין די אוידיענצן פון פּערו. און איך וואָלט נישט דערפילט מײַן פליכט, ווען, בײַם פאַר־ענדיקן מײַן דינסטצײַט, זאָל איך דאָס נישט באַשטעטיקן פאַר אײַער מאַיעסטעט, ווײַל די אינטערעסן פון אײַער מאַיעסטעט וואָלטן אַ סך געווונען פון דעם, ווען אַזאַ גרויסער מאַן טרעט אַרײַן אין אײַער דינסט. און ווען ער זאָל באַשטימט ווערן ווי אַ פּראָקוראָר אין דער [אוידיענץ] פון לימאַ אָדער טשאַרקאַס, וואָלט דאָס געווען פון גרויס נוצן, ווײַל כ׳קען דאָ נישט קיין מער צוגעפּאַסטע פּערזאָן ווי ער.

[1] העכסטער טריבונאַל פון פּערואַנער וויצע־קעניגרײַך.

# SCRVTINIVM SCRIPTVRARVM.

Per Reuerendissimum D. D. Paulum de Sancta Maria, quondam Episcopum Burgensem, atque Regni Archicancellarium.

*Recognitum ac restitutum per Magistrum F. Christophorum Sanctotisium, Augustinianum Burgensem.*

Cui addita est ipsius D. D. Pauli vita præclara, hactenus typis non data.

*Insuper præludium operis, seu opusculum, de vera hæreticorum origine agnoscenda: omnia de eodem Magistro F. Christophoro Sanctotisio lucubrata.*

Ad D. D. Christophorum Vella & Acuña, Archiepiscopum Burgensem, terdignissimum.



*CVM PRIVILEGIO.*

BVRGIS.

Apud Philippum Iuntam.

1591.

*SCRUTINIUM SCRIPTURARUM*

דאָס אַנטיסעמיטישע ווערק פון בישאָף פּאַבלאָ דע סאַנטאַ מאַריאַ (שלמה הלוי),
וואָס האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אויפן ד״ר מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ

גאָט זאָל אַזוי באַשיצן די קאַטוילישע פערזאָן פון אייער מאַיעסטעט ווי דאָס קריסטנטום נייטיקט זיך אין איר. לימאַ, דעם 15טן יולי 1648 — דער מאַרקיז פון מאַנסעראַ.

ניט קוקנדיק אויף דעם דאָזיקן לויב פון וויצעקעניג — וועלכער איז ניט געווען דער ערשטער — איז דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ ניט באַשטימט געוואָרן אויף קיין שום אָפּיציעלן פּאָסטן, וועלכער האָט באַדאַרפט די הסכמה פון שפּאַנישן הויף. ער איז אָבער ווייטער פאַרבליבן דער שטילער און קלוגער פאַרטרויונגסמאַן פון די וויצעקעניגן און די לעצטע האָבן אים איבערגעגעבן די וויכטיקסטע מיסיעס. וועגן איינער אַזאַ מיסיע און וועגן די סיבות וואָס האָבן אים באַוויגן איבערצוגעבן זי דעם ד״ר דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ, מעלדעט, אין יאָר 1656, דער פּערואַנער וויצעקעניג גראַף פון אַלבאַ דעם מאָנאַרך אין די ווייטערדיקע ווערטער:

נעמענדיק אין אַכט ווי שטאַרק נייטיק עס איז געווען נישט בלויז צו געפינען אַן ערשטקלאַסיק פּעזיקע פערזאָן, נאָר אויך אַזעלכע, וואָס זאָל זיך אויסצייכענען מיט איר גוטער אויפפירונג, קאָרעקטקייט און יושר, ווייל ס'האַנדלט זיך אין פאַרטיידיקן, באַשיצן און אויפהאַלטן די איינגעבוירענע, און אַז זיי זאָלן באַהאַנדלט ווערן ווי אייער מאַיעסטעט האָט דאָס באַפוילן אין אַזוי פיל געזעצן, האָב איך געווענדט מיין בליק צום ד״ר דאָן דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ, פּראָפעסאָר פון סכאָלאַסטישער טעאָלאָגיע און איצט רעקטאָר פון אוניווערסיטעט, ווייל ער ווערט געהאַלטן פאַר דעם פּעזיקסטן יוריסקאָנסולט פון דער דאָזיקער אודיענץ און ווייל ער באַזיצט אויך די אַלע מעלות וואָס כ'האָב פריער אויסגערעכנט. ער האָט אָבער אַזוי פיל אַרבעט אַלס אַדוואָקאַט אַז כ'האָב אויף אים נישט געקענט אַרויפלייגן אויך די פון באַשיצער [פון אינדיאַנער]. די זעלביקע מעלות [וואָס דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ] האָט דער ד״ר דאָן אַלוואַראָ דע איבאַראַ, האָב איך דעריבער אים אויסגעוויילט פאַר דעם אַמט. אָבער אַזוי ווי ער איז געווען אָפּוועזנדיק פון דאַנען, צוליב דער וויכטיקער מיסיע, וואָס ער האָט געהאַט דורכצופירן אין טשילע און וועגן וועלכער איך האָב געמאָלדן אייער מאַיעסטעט, און אַזוי ווי דאָן דיעגאָ דע לעאָן האָט זיך געגעבן חשבון וועגן דער זאָרג וואָס עס פאַרשאַפט מיר די נויטווענדיקייט צו געפינען אַ פּאַסיקע פערזאָן פאַר דעם אַמט [פון באַשיצער] און ער האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז — לויט מיין מיינונג — וואָלט ער ביי קיין שום אַנדער געלעגנהייט נישט געקענט לייסטן אַזאַ דינסט אייער מאַיעסטעט און פאַרשאַפן מיר אַזוי פיל פאַרגעניגן [ווי אין דעם פאַל] האָט ער באַשלאָסן איבערצונעמען דעם אַמט, כאָטש צוליב דעם האָט ער זיך געמוזט אָפּזאָגן פון אַ סך אַרבעטן, וואָס ער האָט געהאַט, ווייל אויף אַן אַנדער אופן וואָלט אים געווען אוממעגלעך צו פאַרטיידיקן די אינדיאַנער, מחמת דאָס איז אַזאַ קאָמפּליצירטער און שווערער ענין, אַז אַפילו דער פּעזיקסטער און פלינקסטער באַאַמטער מוז זיך אים אין גאַנצן ווידמענען, ווי דאָס טוט דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ, וועלכער פאַרנעמט זיך נישט מיט קיין שום אַנדער זאַך.

אין דעם זעלבן דאָקומענט רעכנט ווייטער אויס דער פּערואַנער וויצעקעניג די מעלות פון זיין מאַראַנישן בעל־יועץ און אינפאָרמירט די שפּאַנישע רעגירונג וועגן זיינע וויכטיקע לייסטונגען לטובת דעם לאַנד, אָבער ער האָט אין דעם אַזוי ווייניק דערפאָלג ווי זיינע פאָרגייער; דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ ווערט דורך דער שפּאַנישער רעגירונג נישט באַשטימט אויף קיין שום אַמט. אין דער זעלבער צייט געשעעט אין אַמעריקע אַ זאַך, וואָס איז אַ גרויסע סאַטיספאַקציע פאַר דיעגאָ

דע לעאָן פּינעלאָ און וואָס פאַרשטאַרקט זײַן צוגעבונדנקייט צו דער נײַער וועלט: דער לימער אוניווערסיטעט דערוויַילט אים — דעם מאַראַן, וועלכער האָט לויט די דעמאָלטיקע ראַסן־געזעצן אַפילו קיין סטודענט נישט געטאָרט זײַן — אַלס רעקטאָר. עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ, וואָס פון זײַן טעטיקייט אַלס רעקטאָר פון לימער אוניווערסיטעט שטרײַכן די כראָניקער צום מייַנסטן אונטער די גרויסע פּראַכט־פײַערונג וואָס ער האָט אָרגאַניזירט לכבוד דער „הייליקער בתולה“. זי איז באַשטאַנען, צווישן אַנדערע, אין אַ טעאַטראַלן פּאַראַד פון קעניגן, העלדן און באַרימטקייטן פון אַלע צײַטן, אימפּעריעס און נאַציעס. די אַלע פאַרשוינען זענען געווען אַנגעטאָן אין לוקסוס־קאָסטיומען, זײַנען געריטן אויף די פײַנסטע פערד און זײַנען געווען באַגלייט דורך סוויטעס, וועלכע האָבן אונטערגעשטראָכן זייער ווּיכטיקייט. עס האָט געעפנט דעם פּאַראַד אַ גרופּע פון 12 יורי־דאָקטוירים, אויך אויף פערד און רײַך געקליידט. די דאָזיקע פאַרבנ־רײַכע דעפּיליאַדע איז געווען אָפּגעשלאָסן — אַזוי האָט אויסגעדריקט זײַן דאַנק־באַרקייט דיעגאָ דע לעאָן — דורך אַ ביוסט פון וויצעקעניג, באַגלייט דורך זײַן לײַב־גוואַרדיע און דורך די אַדל־לײַט פון דער שטאָט לימאַ. די פּראַכט־דעפּי־ליאַדע האָט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן רושם, אַז 76 יאָר נאָך איר רעאַליזירונג, אין יאָר 1732, האָט דער באַרימטער לימער דיכטער, פּעדראָ פּעראַלטאַ באַרנועוואָ, געשריבן, אַז זי איז „געווען איינע פון די גרעסטע, וואָס עס האָט ווען עס איז געזען די וועלט“.

בעתן פאַרנעמען זײַן רעקטאָר־פּאָסטן, ווי אויך נאָך דעם, איז דאָן דיעגאָ ווײַטער געווען דער בעל־יועץ פון די וויצעקעניגן. ווי אַזעלכער איז אים אויסגע־קומען צו באַטייליקן זיך אין דער לייזונג פון דעם וויכטיקסטן סאָציאַלן פּראָבלעם פון פּערו אין יענער עפּאָכע און אויך אין דער הײַנטיקער: דעם אינדיאַנער פּראָב־לעם. דאָס דאָזיקע אײַטערדיקע פּראָבלעם איז אַרויסגערוקט געוואָרן דורך אַן אידעאַליסטישן באַאַמטן אין יאָר 1655, אין אַ באַריכט צום שפּאַנישן מאָנאַרך, וואָס האָט אַנטהאַלטן 150 פּרטימדיקע אַרטיקלען. זײַן מחבר, דאָן כואַן דע פּאַדי־ליאַ האָט מוטיק און אָן פליטערלעך געשילדערט די שוידערלעכע לאַגע פון דער אײַנגעבוירענער באַפעלקערונג, געפאָדערט פאַר איר גערעכטיקייט און אָנגעוויזן מיט וועלכע מיטלען דאָס צו דערגרייכן. אין יאָר 1660 האָט פיליפּ דער IV באַפוילן דעם וויצעקעניג גראַף פון אַלבאַ, אַז ער זאָל זיך באַמיִען אָפּצושאַפן די מיסברויכן, וואָס זײַנען דענונצירט געוואָרן דורך כואַן דע פּאַדיליאַ. צו דעם צוועק האָט דער וויצעקעניג באַשטימט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט די העכסטע קירכלעכע און ציווילע דיגנאַטאַרן פון פּערואַנער וויצעקעניגרײַך. די דאָזיקע קאָמיסיע האָט קודם־כל אויסגעהערט דעם דיקטאַמען וועגן מעמאָריאַל פון דאָן כואַן דע פּאַדיליאַ, וואָס עס האָט צוגעשטעלט דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ, ווי דער צײַטווײַליקער באַשיצער פון די אינדיאַנער. ווי בײַ אַנדערע געלעגנ־הייטן, האָט אויך דאָס מאָל לעאָן פּינעלאָ אַרויסגעוויזן זײַן מעסיקן צוגאַנג צו אַלע פּראָבלעמען. ער האָט אָנגעוויזן, אַז די אינדיאַנער־פּראַגע באַשטייט נישט

אין רעדאַגירן פֿײַנע און נײַע געזעצן, נאָר אין געפֿינען פּאַסיקע מענטשן, וועלכע זאָלן ווי געהעריק אָנווענדן די אַלטע געזעצן.

די דיסקוסיע וועגן דער אינדיאַנער־פֿראַגע צווישן כואַן דע פּאַדיליאַ און דיעגאָ דע לעאָן איז נאָכגעפֿאָלגט געוואָרן מיט גרויס אינטערעס, אָבער צו קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן האָט זי נישט דערפֿירט. און נאָך ביז הײַנט איז דער אויטענטישסטער אַמעריקאַנער אַ שקלאַף פֿון די אָפּשטאַמיקע פֿון די שפּאַנישע דעראָבערער. כאַראַקטעריסטיש: דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ, וועלכער האָט אין זײַן אַפּאָלאָגעטישע פּאַרטײדיקונג אַרויסגעוויזן אַזוי פֿיל ענטוזיאַזם פֿאַרן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, האָט געהאַט גאָר אַ קנאַפּע סימפּאַטיע פֿאַר די אינדיאַנער, זײַנע אור־אײַנוווינער, כאָטש אויך ער טרעט שאַרף אַרויס קעגן די ברוטאַלע מיסברויכן און באַרבאַרישע טאַטן פֿון די פֿעאָדאַל־הערן. אָבער ס'איז קיין צווייפֿל נישט, אַז ער איז געווען ווײַט פֿון ברויזנדיקן אידעאַליזם פֿון זײַן קעגנער און פֿון די אינדיאַנער־פּאַרטײדיקער בכלל. די לעצטע, ווי אומאָנגענעם דאָס זאָל נישט קלינ־גען, פֿלעגן נישט זעלטן זײַן פֿון די אײפֿערדיקסטע אינקוויזיציע־פּאַרטײדיקערס.

דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ איז חוץ זײַן אָפֿיציעלער טעטיקייט ווײַטער פֿאַר־בליבן אָן אַן אָפֿיציעלן אַמט. און כאָטש די וויצעקעניגן זײַנען געווען זײַנע פֿרײַנד און פּראָטעקטאָרן און האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייטן אים צו פֿאַוואָריזירן, האָבן זיי אים דאָך נישט געקענט איבערגעבן קיין פּאַסיקן פּאָסטן, ווײַל די שפּאַני־שע רעגירונג האָט אויף דעם נישט געוואָלט אײַנגיין. דאָן דיעגאָ האָט בלויז פֿאַר־האַלטן דעם אַמט פֿון באַשיצער פֿון אינדיאַנער, וואָס האָט געפֿאָדערט — ווי עס זאָגט זיך אין דאָקומענט, וועלכער איז שוין ציטירט געוואָרן — זייער פֿיל אַרבעט און האָט געגעבן קנאַפּע פֿאַרדינסטן. די אַרבעט איז געווען אַזוי אָנגעשטרענגט, אַז ער האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פֿון זײַנע פּראָפֿעסאָר־שטעלעס און אויך אָפּשטעלן זײַן טעטיקייט אַלס אַדוואָקאַט. דאָס האָט אים דערפֿירט צו אַ שווערער עקאָנאָ־מישער לאַגע, הגם מען קען צווייפֿלען צי זי איז געווען אַזוי שווער ווי ער שילדערט זי אין זײַן ווענדונג צום מאָנאַרך, וואָס הייבט זיך אָן אַזוי:

האַר: — כ'בין אויף דעם פּאָסטן פֿון פּראָקוראָר, הויפּט־באַשיצער פֿון די אינדיאַנער אין דער דאָזיקער קיניגלעכער אוידיענץ, וואָס אײַער מאַיעסטעט האָט מיר גנעדיק איבערגעגעבן, אָן אַ גענוגנדיקן לוין זיך מפרנס צו זײַן, ווײַל אַזוי ווי די קרימינעלע פּראָקוראַטור, וועלכע איך האָב צײַטווײַליק פֿאַרנומען, האָט שוין איצט איר באַאַמטן, איז מײַן לוין נישט מער ווי 1.800 פּעזעס פֿון 8 ראַיאַלן, וועלכע מע דאַרף אײַנמאָנען פֿון דעם וואָס עס פֿאַרמאָגן די אינדיאַנער. און פֿון די [אינדיאַנער], וועלכע וווינען אויסער דער שטאָט מוז דאָס אײַנמאָנען דורכגעפֿירט ווערן דורך פֿאַרשיידענע פֿרעמדע פּערזאָנען און אויף אַ מהלך פֿון 300 לעגוועס. דעריבער קומט אָן שווער די גאַנצע זאַך.

שוין 10 יאָר ווי כ'פֿאַרנעם דעם באַשיצער־אַמט און כ'פֿאַרדין דעם זעלבן לוין פֿון 1.800 פּעזעס. אָבער אַזוי לאַנג ווי כ'האָב מיך אָפּגעגעבן מיט אַדוואָקאַטור און כ'בין געווען פּראָפֿעסאָר פֿון סכאָלאַסטישער טעאָלאָגיע, איז נישט געווען קיין מאָ־טיוו צו לייגן אַכט אויף דעם קליינעם לוין פֿון באַשיצער. הײַנט, ווען כ'פֿאַרנעם מיך נישט מער מיט די צווי זאַכן, זע איך מיך געצוווּנגען פֿאָרצוברענגען פֿאַר אײַער מאַיעסטעט די אומבאַדײַטנדיקייט און אומבאַקוועמלעכקייט פֿון פּאָסטן, וואָס כ'האָב

אָנגענומען מיט אונטערטעניקער געהאָרכזאַמקייט, כאָטש ער איז דער קלענסטער און דער וואָס פאַרשאַפט צום מיינסטן אַרבעט. כ'האָב דאָס געטאָן כדי ער זאָל מיר דערמעגלעכן צו שטײַגן. אויב אָבער דאָס זאָל נישט געשען, און כ'זאָל אויך מיך נישט קענען אומקערן צו דער אַדוואָקאַטור און אין אוניווערסיטעט אַרײַן, דעמאָלט וועל איך, מײַן פרוי און מײַנע טעכטער נישט האָבן מיט וואָס זיך צו דערנערן...

אויך די זוענדונג פון דאָן דיעגאָ דע לעאָן האָט נישט געהאַט קיין ווירקונג און ער איז ווײַטער פאַרבליבן אויף זײַן קנאַפּ־לוינבאַרן פּאָסטן. פון דעם איז צו זען, אַז דער מאַראַנישער בעל־יועץ פון די פּערואַנער וויצעקעניגן איז בײַם סוף פון זײַן לעבן און ווען ער איז געווען צום מיינסטן אָנערקענט, געווען אַזוי ווייניק צום האַרצן דער צענטראַלער מאַכט ווי בײַם אָנפאַנג. דאָס זעלבע האָט אויך פּאַסירט מיט זײַן ברודער אַנטאָניאָ, דער ערשטער אַמעריקאַנער ביבליאָגראַף און קאָמפּילאַטאָר פון די אינדישע (ד"ה אַמעריקאַנער) געזעצן.

אין דער זעלבער צײַט ווען דאָן דיעגאָ האָט זיך געווענדט צום שפּאַנישן מאָנאַרך מיט דער ביטע וועגן פאַרבעסערן זײַן לאַגע, אויף וועלכער ער האָט זיך — ווי מיר האָבן געזען — שטאַרק באַקלאָגט, איז ער באַאויפטראָגט געוואָרן צו לייזן אַ שווערן קאָנפליקט, וואָס איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1665 אין דער שטאָט פונאָ. דער דאָזיקער בלוטיקער קאָנפליקט צווישן שפּאַניער פון פאַרשיידענע פּראָווינצן, ספּעציעל צווישן אַנדאַלוזיער און באַסקן, איז געווען איינער פון די קאָמפּליצירסטע און באַדויערלעכע ענינים. און באמת, ס'האָט זיך נישט געקענט געפינען קיין בעסערער און פאַרשטענדיקער פאַרמיטלער אין אים ווי דער מאַראַן דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ, וועלכער האָט צוליב זײַן אָפּשטאַם טיף באַנומען ווי אומגערעכט עס איז צו באַהאַנדלען מענטשן נישט ווערליק זייערע פאַרדינסטן נאָר לויט זייער בלוט־צוגעהעריקייט, דערצו נאָך זיך מאָרדן קעגנזײַטיק צוליבן אָפּשטאַם פון פאַרשיידענע פּראָווינצן פון דעם זעלבן לאַנד. זײַן פאַרדינסט אין לייזן דעם קאָמפּליצירטן ענין איז ווי געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן דורכן פּערואַנער וויצעקעניג גראַף דע לעמאָס, וועלכער האָט דעם 23סטן מאַרץ 1668, אין אַ בריוו צום מאָנאַרך, זיך אויסגעדריקט מיט די ווײַטערע לויבווערטער וועגן ד"ר דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ:

דאָס וואָס האָט מיר פאַרשאַפט די גרעסטע זאָרג בעת מײַן רעגירונגס־פּעריאָד, איז געווען דער אויסוואַל פון אַ בעל־יועץ, ווײַל דורך זײַן האַנט גייען דורך די וויכטיקסטע און צוטרויפולסטע דאָקומענטן פון וויצעקעניג. איך בין בײַגעקומען די שוועריקייטן אַ דאַנק דעם, וואָס כ'האָב איבערגעגעבן די פונקציע דעם ד"ר דאָן דיעגאָ לעאָן פּינעלאָ, פּראָקוראָר־באַשיצער פון די אײַנגעבוירענע פון דאָזיקן קעניגרײַך, וועמענס בילדונג, טרײַקייט צו דער קריסטלעכער אמונה, פאַרשטאַנד און געצוימטקייט איך באַשרײַב נישט דאָ, ווײַל דער קעניגלעכער ראַט ווייסט גוט, אַז די אַלע מעלות באַזיצט דאָן דיעגאָ. איך וועל בלויז אָנווײַזן, אַז אין עלטער פון 60 יאָר פאַרנעמט ער דעם נידעריקסטן אַמט אין דער אודיענץ, כאָטש ער פאַרדינט צו פאַרנעמען אַן ערשט אָרט צווישן די אַלע, וואָס זײַנען איצט מיטגלידער פון העכסטן טריבונאַל. צוליב זײַן פּאָסטן אַלס פּראָקוראָר־באַשיצער [פון אינדיאַנער] פאַרלירט דאָן דיעגאָ 60.000 פּעזעס אַ יאָר, וואָס עס פלעגן אים אַרײַנברענגען זײַן אַדוואָקאַטן־קאַנצעלאַריע און זײַן שטעלע אין אוניווערסיטעט און ער מוז זיך באַנוגענען מיט די 1.800

פּעזעס געהאַלט. און כּדי אײַער מאַיעסטעט זאָל זיך אָפּגעבן אַ חשבון װער עס איז דאָן דיעגאָ, איז גענוג צו זאָגן, אַז ער איז דער װאָס האַלט איצט אין לייזן דעם שװערסטן ענין, װאָס איז װען עס איז געװען אין דעם לאַנד: כּ׳מיין די אומרועןן אין פּונאָ. ער איז באַשטימט געװאָרן אַלס שופט צוזאַמען מיט פּעדראָ דעל װאַליע, אַ קרימינאַל־ריכטער, אָבער דער לעצטער איז געװען אָפּװעזנד פֿון לימאַ, װען די אומרוען זײַנען געװען צום שטאַרקסטן און דאָן דיעגאָ האָט זיך געמוזט אײנער אַליין מיט אַלעם פֿאַרנעמען. װען די מיטגלידער פֿון דער אודיענץ, װעלכע האָבן רעגירט [מיטן פֿערואַנער װיצע־קעניגרײַך] צוליבן טויט פֿון װיצעקעניג װאָלטן אויסגעהערט זײַנע עצות און געגומען אין אַכט זײַנע װאָרענונגען, װאָלט אפשר נישט דערגאַנגען צום פֿולשטענדיקן חורבן פֿון יענע פּראָװינצן [אַרום פּונאָ] און װי אַ פּועל־יוצא דערפֿון פֿון גאַנצן קעניגרײַך. שוין פֿון פֿאַרטאָבעלאָ האָב איך געשריבן דעם גראַף פֿון פּעניאַראַנדאַ, בעטנדיק אים נײַע מיטגלידער פֿאַר דער דאַזיקער אוי־דיענץ. איך האָב דעמאָלט אַזוי געהאַנדלט בלויז אויפֿן סמך פֿון די אינפֿאָרמאַציעס װאָס איך האָב געהאַט װעגן דעם װי זיי זיי האָבן זיך אויפֿגעפֿירט. אָבער איצט, װען כ׳זע אַלץ צו מיט מײַנע אייגענע אויגן, פֿיל איך מיך געצװוּנגען דאָס צו בעטן אונ־טערטעניק פֿון אײַער מאַיעסטעט. און כאָטש כ׳װעל מיר קיין מאָל גאָר נישט דער־לויבן עפּעס צו בעטן אײַער מאַיעסטעט אַלס גראַף פֿון לעמאָס, מאַך איך אַן אויס־נאַם אין פֿאַל פֿון דאָן דיעגאָ און שטעלנדיק זיך מיט דער גאַנצער אונטערטעניקייט פֿאַרן פֿוסבענקל פֿון אײַער מאַיעסטעט, בעט איך, אַז דאָן דיעגאָ זאָל באַערט װערן מיטן פּאָסטן פֿון בײַזיצער אין דער דאָזיקער אודיענץ, מחמת קיינער װעט אין די אינדיעס נישט פֿאַרנעמען ערנהאַפֿטער דעם פּאָסטן װי ער — און אין דער אמתן אויך װייניק אין שפּאַניע, װײַל דאָן דיעגאָ איז געבילדעט, פֿול מיט גוטע מידות, אַרבעט־זאַם, ריין און באַזיצט אַלע טוגנדן, װעלכע דאַרפֿן אויסצייכענען אַ גוטן בײַזיצער. זאָל אײַער מאַיעסטעט, אין שײַכות מיט דעם, באַשטימען, װאָס ער װעט האַלטן פֿאַר פּאַסיק.

גאָט זאָל אַזוי באַשיצן די קאַטוילישע פּערזאָן פֿון אײַער מאַיעסטעט װי דאָס קריסטנטום נייטיקט זיך אין איר. לימאַ, דעם 23סטן מאַרץ 1668 — דער גראַף פֿון לעמאָס.

**דער דאָזיקער אומגעװײנלעכער לויב־בריװ צום שפּאַנישן קעניג האָט אויך נישט געבראַכט די געװוּנטשענע רעזולטאַטן. האָבן זיך דעריבער אײַנגעשטעלט פֿאַר דיעגאָ דע לעאָן פּינעלאָ — מסתמא האָט דאָ געװירקט דעם װיצעקעניגס אײַנפֿלוס — די מיטגלידער פֿון דער קעניגלעכער אודיענץ אין לימאַ. אין זייער בריװ צום מאָנאַרך פֿון 25סטן יאַנואַר 1669 זאָגן זיי אַזוי װעגן דעם קאַרדאָבער מאַראַן:**

די פֿאַרדינסטן פֿון ד״ר דאָן דיעגאָ לעאָן פּינעלאָ, פּראָקוראָר־באַשיצער [פֿון די אײַנגעבוירענע] אין דער דאָזיקער קעניגלעכער אודיענץ, זײַן טוגנד, זײַן גרויסע בילדונג און די דערפֿאַרונג, װאָס דאָס קרימינאַל־געריכט האָט פֿון זײַנע האַנדלונגען בשעת ער האָט אויסגעאיבט די פֿונקציע פֿון פּראָקוראָר, װי אויך זײַן ערלעכקייט, ריינקייט און גרויסער טאַלאַנט לייגן אַרויף אויף די מיטגלידער פֿון דער קעניגלע־כער אודיענץ דעם חוב צו װענדן זיך צו אײַער מאַיעסטעט, אַז ער זאָל באַװיליקן אים צו באַשטימען אויף אַ העכערן אַמט אין דער דאָזיקער אודיענץ, װײַל פֿון דעם פּאָסטן, װאָס ער פֿאַרנעמט איצט, האָט ער נישט קיין לוין װאָס זאָל זײַן בהסכם מיט זײַנע פֿליכטן און װאָס זאָל אים דערמעגלעכן מפֿרנס זײַן זײַן פֿרוי און טעכ־טער. חוץ דעם, איז זײַן לוין פֿאַרבונדן מיט אַזעלכע אומזיכערע אײַנגאַמעס, אַז אין

פאַרלויף פון יאָרן באַקומט ער אויך אַזאַ סומע וואָס וואָלט אַפילו נישט גענוג געווען אויסצוהאַלטן אַ פערזאָן מיט אַ קליין פאַרמעגן. דאָס איז ספּעציעל צו באַדויערן אין פאַל פון דיעגאָ דע לעאָן פינעלאָ, וועלכער האָט געלאַזט אין אַ זײַט די באַדײַטנדיקע פאַרדינסטן, וואָס עס האָבן אים געגעבן די אַדוואָקאַטור און דער פּראָפעסאָר־פּאָסטן, כדי זיך נישט אָפּצוזאָגן פון דער ערע, וואָס אײַער מאַיעסטעט האָט אים צוגעטיילט. ער איז אויך אַ מאַן וואָס צייכנט זיך אויס מיט יושר און חסד און ער פאַרדינט זיכער אַ גרעסערע באַלוינונג. גאָט זאָל אַזוי באַשיצן די קאַטוילישע פּערזאָן פון אײַער מאַיעסטעט ווי דאָס קריסטנטום און די מאָנאַרכיע נייטיקט זיך אין איר, לימאַ, דעם 25סטן יאַנואַר 1669.

וואָס פאַר אַ רעזולטאַט עס האָט געגעבן די ווענדונג איז אונדז נישט באַקאַנט. גאַנץ מעגלעך, אַז זי האָט געהאַט אַזאַ קנאַפּע ווירקונג ווי די פריִערדיקע. דאָס האָט שוין וועגן זיך נישט דערוווּסט דער אַלטער בעל־יועץ פון די וויצעקעניגן, ווײַל דער טויט האָט אים אויסגעלייזט פון אַלע זאָרגן און פאַרביטערונגען דעם 17טן מאַרץ 1671.

אין תוך איז זיך גאָר נישטאָ וואָס צו וווּנדערן אויפן גורל פון דיעגאָ דע לעאָן פינעלאָ. האָט ער דאָך געהערט צום „פאַרפעסטעטן שטאַם", וועלכער איז בכלל געווען אויסגעשלאָסן פון די עפנטלעכע פונקציעס — אויב מען האָט נאָר וועגן אים געוווּסט. און דעם שטאַם פון דיעגאָ דע לעאָן האָבן אַלע גוט געקענט. פון דעסט וועגן האָט ער דאָך באַוויזן צו באַקומען דעם פולסטן צוטרוי פון די מושלים און אַפילו דורכפירן זייער וויכטיקע — אויב נישט די וויכטיקסטע — פונקציעס אין דעם רעגירונגס־פּעריאָד פון אַ רייע וויצעקעניגן און אייניקע פון זיי, שטרענג־קאַטוילישע און אינקוויזיציע־טרײַע פּעאָדאַל־הערן, האָבן זיך פאַר אים שטאַרק אײַנגעשטעלט. דאָס באַווײַזט, אַז דיעגאָ דע לעאָן פינעלאָ האָט מיט זײַן אויפפירונג און טרײַקייט געוווּסט צו געווינען זייער צוטרוי, פּונקט ווי ער האָט באַוויזן צו דערווערבן זיך פרײַנדשאַפט פון אייניקע אינקוויזיציע־באַאַמטע. בײַם פאָלק, בײַם דורכשניטלעכן לימער אײַנוווינער, איז ער אָבער ווײַט נישט געווען באַליבט אָדער פּאָפּולער. אַ ביסל האָט דאָס געהאַט צו טאָן מיט זײַן פונקציע, וואָס איז טיילווײַז געווען אַ געהיימע, אָבער אַ סך מער איז דאָס געווען אַן אויסדרוק פון דער אַנטי־פּאַטיע צום „נײַ־קריסט", דעם אָפּשטאַמיקן פון ייִדן. ווי ווײַט אומפּאָפּולער ס'איז געווען דיעגאָ דע לעאָן, באַווײַזט דער פאַקט, אַז דער כראָניקער מוגאַבורו, וועלכער האָט פאַרצייכנט אין זײַן טאָגבוך די קלענסטע פּאַסירונג, האָט אַפילו מיט איין וואָרט נישט דערמאָנט דעם טויט פון געוועזענעם רעקטאָר פון לימער אוניווער־סיטעט, באַרימטער יוריסקאָנסולט און וויכטיקער בעל־יועץ פון די וויצעקעניגן פון 17טן יאָרהונדערט. דעריבער איז אָבער גרויס זײַן פּאָפּולאַריטעט הײַנט. עס ווערן וועגן אים געשריבן ביכער דורך קאַטוילישע מחברים און... די ייִדישע שול אין דער הויפּטשטאָט פון אַמאָליקן פּערואַנער וויצעקעניגרײַך טראָגט זײַן נאָמען. ווען ער וואָלט זיך וועגן דעם דערוווּסט אין זײַן קבר, וואָלט ער זיכער נאָך אַ מאָל געשטאָרבן פון פחד און וווּנדער. אָבער דאָס וואָלט אונדז נישט אַזוי שטאַרק געאַרט. שרעקלעך וואָלט אָבער געווען ווען ס'וואָלט זיך וועגן דעם דערוווּסט

דאָס צעשאָטענע אַש פון די פאַרברענטע אנוסים אויפן לימער אינקוויזיציע־מזבח, דעמאָלט וואָלטן מיר געמוזט שטאַרק בעטן מחילה פאַר אונדזער גראָבקייט און איגנאָראַנץ.

## 2. אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ און דער גן־עדן אין אַמעריקע

אויב איבערגעגעבנקייט צו דער אייגענער משפחה איז אַ ייִדישע מידה, האָט זיך מיט דער דאָזיקער מידה זיכער אויסגעצייכנט די מאַראַנען־משפחה לעאָן פּינעלאָ, וועלכע איז אויך געווען אינטים פאַרבונדן צווישן זיך צוליב איר ספּעציפישער לאַגע פון אַ פאַרדעכטיקטער דורך דער אינקוויזיציע און צוליב דער סכנה וואָס אַזאַ פאַרדאַכט האָט באַדײַט. אָבער, ווי ער זאָל נישט זײַן זײַנען נישט בלויז פאָרמעל פאַרבונדן די דרײַ ביאָגראַפיעס פון די לעאָן פּינעלאָס (אַרײַנגערעכנט אויך דעם פאָטער דיעגאָ לאָפּעז דע לעאָן), נאָר זיי זײַנען אויך פאַראייניקט דורך דער טיפער און קעגנזײַטיקער ליבע, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט די דאָזיקע באַרימטע אנוסים־משפחה.

דאָס געבוירן־אָרט פון באַרימטן ביבליאָגראַף און גרויסן געזעץ־קענער אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ ([?] 1595—1660) איז נאָך ביז הײַנט נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן דעפיניטיוו, כאָטש ס'איז זיכער, אַז זײַן וויגעלע איז נישט געשטאַנען אין די „אינדיעס". עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז אייניקע אַמעריקאַנער שטעט — זייער צאָל דערגרייכט אָבער נישט צו זיבן, ווי דאָס איז דער פאַל ביי האָמערן — ווילן באַווײַזן, אַז אין זיי איז געבוירן געוואָרן דער זון פון מאַראַן דיעגאָ לאָפּעז דע ליזבאָאַ. דער באַרימטער פאָרשער כאָסע טאָריביאָ מעדינאַ זאָגט, אַז אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ איז געבוירן געוואָרן אין ליזאַבאָן, אָבער ער האָט דאָס פאַרבאַהאַלטן, ווײַל די פּאָרטוגעזער, וועלכע האָבן געלעבט אין אויסלאַנד זײַנען געווען באַטראַכט ווי ייִדן. דער נײַסטער ביאָגראַף פון אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ, ד"ר פאָראַס באַרענעטשעאַ, נעמט נישט אָן די מיינונג און ער באַווײַזט, אַז דער קאָמפּילאַטאָר פון די אינדישע (ד"ה שפּאַניש־אַמעריקאַנער געזעצן) איז געבוירן געוואָרן אין וואַליאַדאָליד, שפּאַניע, אין יאָר 1595.

זייער יונג, ווען ער איז קוים אַלט געווען 9 יאָר, האָט אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ — אַ דאַנק אַ פאַלשן באַווײַז פון „בלוט־ריינקייט" — באַוויזן אָנצוקומען אין אַמעריקע און זיך פאַראייניקן מיט זײַן פאָטער, וועלכער האָט דעמאָלט געוווינט אין אַרגענטינע. ווען זײַן מוטער איז געשטאָרבן און דעם פאָטערס אומרו אָדער וואַנדער־לוסט האָט אים דערפירט קיין טשוקיסאַקאַ (הײַנט סוקרע, אין באָליוויע), איז אַנטאָניאָ נישט געווען מיט אים צוזאַמען. ער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין לימאַ, וווּ ער האָט שטודירט אויפן אוניווערסיטעט. שוין אין יאָר 1617 איז אַנטאָניאָ דע לעאָן פּראָפעסאָר פון ציווילן און קירכלעכן רעכט אויפן לימער אוניווערסיטעט און ער באַקומט מיט 2 יאָר שפּעטער דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן פון הויפּט־אַלקאַלדע (פּרעפעקט) פון דער מינען־שטאָט אָרוראָ, און

אַסעסאָר פון גובערנאַטאָר פון דעם גרעסטן מינען־צענטער, פּאָטאָסי. ער בלייבט אויף דעם פּאָסטן, וועלכער האָט אים געגעבן די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט דער וווּנדערלעך־גרויזאַמער פּאַנאָראַמע פון די אַנדן און מיט די שווידערלעכע ליידן פון דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג. צוויי יאָר — ווען ער פאָרט אָפּ קיין שפּאַניע און עס הייבט זיך אָן זיין אמתע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט.

מיר ווייסן שוין פון די פריִערדיקע ביאָגראַפיעס, אַז די לעאָן דע פּינעלאָ־פאַמיליע — נישט קוקנדיק אויף אירע באַדייטיקע דערפאָלגן — האָט שטענדיק געליטן צרות צוליבן ייִדישן אָפּשטאַם, וועגן וועלכן מע האָט איר נישט געלאָזט פאַרגעסן און זי האָט אויך נישט פאַרגעסן, הגם זי האָט דאָס שטאַרק באַגערט. אויך אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ, דער שפּעטערדיקער מאַריאָלאָג, ד״ה טעאָלאָג, וועלכער האָט מיט ספּעציעלער פּאַכליבע און ענטוזיאַזם זיך אָפּגעגעבן מיט חקירות וועגן דער הייליקער בתולה מאַריאַ — האָט דאָס גוט געוווּסט. און ווען ער האָט באַדאַרפט פאָרן קיין שפּאַניע, האָט ער נישט אויסגעקליבן דעם נאָרמאַלן און לעגאַלן וועג, נאָר ער האָט דורכגעמאַכט זיין רייזע דורך בוענאָס־איירעס, דעמאָלט אַ פאַרשלאָסענער פּאָרט דורך וועלכן מע האָט נישט געטאָרט אונטערנעמען קיין שום נסיעות. דער גובערנאַטאָר פון בוענאָס־איירעס האָט טאַקע, פאַר עובר זיין אויף דעם געזעץ, באַצאָלט אַ שטראָף. אָבער אַנטאָניאָ איז בשלום אָנגעקומען קיין שפּאַניע און האָט נאָך באַרעכטיקט זיין רייזע דורך דעם פאַרבאָטענעם וועג מיט אַ ספּעציעלער מיסיע, וואָס די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט אים איבערגעגעבן. די מיסיע איז באַשטאַנען אין פועלן ביים שפּאַנישן הויף, אַז דער פּאָרט בוענאָס־איירעס זאָל געעפנט ווערן פאַרן פאַרקער מיט אַנדערע קאָלאָניעס און מיט דער מעטראָפּאָליע.

ווי עס איז באַוווּסט, איז דער דאָזיקער פּאָרט געווען, בעסער געזאָגט: האָט געדאַרפט זיין, אַ הערמעטיש פאַרשלאָסענער. אַזוי האָט דאָס געפאָדערט דער גרונט־פּרינציפּ פון שפּאַנישן קאָלאָניאַלן מאָנאָפּאָל, וועלכער איז באַשטאַנען אין דעם, אַז איין מאָל אין יאָר פלעגט מען פון קאַדיז שיקן שיפן צום אַטלאַנטישן פּאָרט פון פּאַנאַמאַ. דאָ פלעגט מען די סחורות איבערפירן אויף מויל־אייזלען — ווייל קיין קאַנאַל איז נאָך דעמאָלט נישט געווען — אין פּאַציפישן פּאָרט פון דעם שמאָלן ערד־פּאַס, ווו לעסעפּס האָט אויסגעבויט דעם באַרימטן קאַנאַל. פון דאַנען זיינען ערשט די סחורות איבערגעפירט געוואָרן קיין לימאַ, די הויפּטשטאָט פון פּערואַנער וויצעקעניגרייך, ווו עס זיינען געזעסן די פאַרטרעטער פון די שפּאַנישע מאָנאָפּאָליסטן, וועלכע האָבן געהאַט די אויסשליסלעכע רעכט צו האַנדלען מיט אַלע טיילן פון דערמאָנטן וויצעקעניגטום — איינשליסלעך בוענאָס־איירעס. אויך דער עקספּאָרט האָט געדאַרפט גיין דורך דעם זעלבן וועג און דורך דער פאַרמיטלונג פון די לימער מאָנאָפּאָליסטן. דאָס האָט, פאַרשטענדלעך, באַדייט אַן אומגעהייערע לאַסט. די אויפגאַבע אויפצוקלערן די שעדלעכקייט פון דאָזיקן סיסטעם האָט באַקומען אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ. און ער האָט זיין שליחות דורכגעפירט מיטן גרעסטן אייפער. וועגן דעם מעמאָריאַל, וואָס ער האָט צוגעשטעלט וועגן דעם ענין, זאָגט דער גלח לאַרוי, אַז ער קען נישט קיין וויכטיקערן דאָקומענט

וועגן דער פֿריִער געשיכטע פֿון ריאָ דע לאַ פּלאַטער האַנדל און וועגן דעם אַנטי־עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט פֿון דער שפּאַנישער רעגירונג, ווי דער דערמאָנטער מעמאָריאַל פֿון אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ.

די פֿאַרטיידיקונג פֿון די אינטערעסן פֿון בוענאָס־אײַרעס איז נאָר געווען אַן עפּיזאָד, כאָטש זייער אַ כאַראַקטעריסטישער, אין דער אינטענסיווער וויסנשאַפֿטלעכער און ליטעראַרישער טעטיקייט פֿון אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ, אין וועלכער עס טיילט זיך אויס — פּונקט ווי בײַ זײַן ברודער — די טיפֿע ליבע פֿון אַמעריקאַנער קאָנטינענט. דער קענטעניש פֿון דאָזיקן קאָנטינענט ווידמעט ער אין יאָר 1629 אַ זייער וויכטיק ווערק: די ערשטע ביבליאָגראַפֿיע זײַנע. דעריבער ווערט טאַקע אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ אָנגערופֿן: דער פֿאָטער פֿון דער אַמעריקאַנער ביבליאָגראַפֿיע.

ביבליאָגראַפֿיעס ווערן, וואָס אַן אמת, ווינציק אָפּגעשאַצט אַפֿילו דורך אינטעליגענטע לייענערס, ווײַל וואָס פֿאַר אַ באַטײַט קען דאָס האָבן אַ קאַטאַלאָג פֿון טיטלען פֿון ביכער מיט קורצע אָנמערקונגען וועגן דער דאַטע פֿון זייער דערשײַנען, זייער פֿאָרמאַט און די צאָל זײַטן?... און דאָך איז זייער באַדײַטונג גאָר אַ גרויסע, ווײַל זיי אָריענטירן, אינפֿאָרמירן און פֿאַרלײַכטערן די פֿאָרשונג. ס׳פֿאָדערן זיך זייער גרויסע קענטענישן און אַ סך, אַ סך געדולד, אויף צונויפֿצושטעלן נוצלעכע ביבליאָגראַפֿיעס. אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ האָט דאָס באַוויזן. זײַן ביבליאָגראַפֿיע קען, אַפֿילו לויט אונדזערע הײַנטיקע באַגריפֿן, באַטראַכט ווערן ווי זייער אַ געלונגענע. און דאָס נישט בלויז צוליבן אופֿן ווי ער טיילט־אײַן דעם מאַטעריאַל, נאָר אויך צוליב זײַן דירעקטער און טיפֿער קענטעניש פֿון אָביעקט, מיט וועלכן עס באַשעפֿטיקט זיך זײַן ווערק און צוליב זײַן דורכדרינגלעכן בליק פֿון אַ היסטאָריקער, וואָס ווייס פּערפֿעקט פֿאַר וועלכן צוועק עס וועט נוצן.

אָבער ווי זײַן וויכטיקסטע אינטעלעקטועלע אַרבעט, ווי זײַן לעבנסווערק, האָט אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ באַטראַכט די קאָדיפֿיקאַציע פֿון די אינדישע, ד״ה אַמעריקאַנער געזעצן. די נויטיקייט פֿון אַזאַ אָפֿיציעלער קאָדיפֿיקאַציע, פֿון אַזאַ קאָנסטיטוציע, אָדער קאָדעקס, האָט ער נאָך געזען קלאָר בעת ער איז געווען אין די „אינדיעס“. און אַלס זייער אַן איבערגעגעבענער פּאַטריאָט האָט ער זיך טאַקע שוין דאָרט באַשעפֿטיקט מיט דעם ענין. ער האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז עס עקסיסטירן הונדערטער געזעצן, דעקרעטן, פֿאַראָרדענונגען און באַפֿעלן, וואָס נישט בלויז זיי חזרן זיך איבער, נאָר זיי זײַנען זיך אָפֿט מאָל סותר איינע די אַנדערע און מאַכן כמעט אוממעגלעך דאָס אַרויסטראָגן אַ געהעריקן פּסק סײַ אין געריכטלעכע, סײַ אין אַדמיניסטראַטיווע ענינים. „דעריבער האָט ער זיך — ווי ער זאָגט — פֿאַרנומען מיט צונויפֿזאַמלען אַלע קעניגלעכע באַפֿעלן, וואָס ער האָט נאָר באַוויזן צו באַקומען, פֿון זיי צוזאַמענגעשטעלט אַ קאָדיפֿיקאַציע און נאָכגעטראַכט וועגן פֿאָרן אין דער רעזידענץ־שטאָט און זיי באַווײַזן פֿאַרן אינדישן ראַט“. און אָט איז ער געווען אין שפּאַניע און האָט אין יאָר 1635 „צוגעשטעלט די קאָדיפֿיקאַציע אַ פֿולשטענדיק פֿאַרענדיקטע און פּערפֿעקטע. זי איז באַשטאַנען פֿון נײַן ביכער, וואָס האָבן אַנטהאַלטן 10.000 געזעצן, וועלכע האָבן געשטאַמט פֿון 30.000

קעניגלעכע באַפעלן און דעקרעטן, וועלכע ער האָט אַרויסגענומען פון 200.000״.
אָבער עס איז נישט אַנגעקומען ליַיכט צו באַקומען די קעניגלעכע הסכמה אויף דער קאָדיפיקאַציע. אין דער אמתן האָט ער זי קיין מאָל נישט באַקומען, כאָטש מע האָט נישט געלייקנט און מע לייקנט היַינט אויך נישט זיַינע פאַרדינסטן אויף דעם געביט. ער האָט אַפילו נישט דערלעבט, אַז די קאָדיפיקאַציע זאָל דערזען די ליכטיקע שיַין בעת זיַין לעבן. אָבער וואָס ער האָט יאָ דערלעבט, איז דאָס, אַז די אינקוויזיציע זאָל אים באַשולדיקן אין האָבן זי באַעוולהט בעתן צונויפנעמען די געזעצן וועגן איר. און דאָס, פונקט ווי דער באַקאַנטער אומחן פון די לעאָן פינעלאָס אין די אָפיציעלע קריַיזן, קלערט שוין גענוג אויף פאַר וואָס אַזאַ וויכטי־קער יורידישער אויפטו. וואָס ווערט פאַרגליכן צום יוסטיניאַנוס־קאָדעקס, האָט נישט באַקומען די געהעריקע אָנערקענונג און באַלוינונג.

דאָס וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן געהערט צום נאָרמאַלן דרך פון אַ מענטש פון שניט פון אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ. אָבער, וואָס האָט אים גע־צווונגען, וועלכער טיַיוול האָט דאָס אים דערפירט צו דעם, אַז ער, דער מאַראַן, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען אונטער אַ פאַרדאַכט, זאָל אָנשריַיבן צווישן די יאָרן 1645—1650 אַ ווערק אונטערן נאָמען דעה גן־עדן אין דער נייַער וועלט? מע דאַרף נישט מיינען — ס׳איז דאָס גאָרנישט צו דערוואַרטן פון אַ לעאָן דע פינעלאָ — אַז דאָס בוך אַנטהאַלט אַפּיקורסישע געדאַנקען. אָבער שוין דער טיטל אַליין האָט דאָך אַרויסגערופן חשד, דערצו נאָך, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ פערזאָן פון אַזאַ „פאַרדעכטיק״ בלוט. חוץ דעם האָט ער געמוזט אָנקומען צו אַ ליטעראַטור, וואָס — כאָטש זי איז אויך בײַ קריסטן פאַרהיילִיקט — איז זי דאָך אין מויל פון אַ מאַראַן געווען געפערלעך און די אינקוויזיציע האָט אויף דעם שטאַרק אַכטונג געגעבן.

געוויסע היסטאָריקער, דערונטער אויך דער אַרויסגעבער פון גן־עדן אין דער נייַער וועלט, פּאָראַס באַרענעטשעאַ, האַלטן אַז בײַ אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ האָט זיך אָפּגערופן זײַן ייִדיש בלוט און זײַן ביבלישער אַטאַוויזם. איך קען נישט מסכים זײַן מיט דער מיינונג, צווישן אַנדערע טעמים אויך דערפאַר, ווײַל דאָס איז אַן אויפקלערונג וואָס פאָדערט אַליין אַ גענויע באַלויכטונג, וועלכע קען נישט געגעבן ווערן. מיר דוכט זיך, אַז דער אַמעריקאַנער פּאַטריאָטיזם פון די לעאָן פּינעלאָס קלערט אַ סך מער אויף די זאַך ווי די „בלוט״־אַרגומענטן. איז דאָך דאָס ווערק אַליין, אין דעם טייל ווו עס רעדט זיך וועגן דער אַמעריקאַנער נאַטור, אַ פּרעכטיקע שילדערונג, איינע פון די גאָר געציילטע אין יענע צײַטן, ווען מע האָט געהאַלטן קנאַפּ פון דער נאַטור פון דער נײַער וועלט. האָט דאָך אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ במעט זײַן גאַנצע וויסנשאַפטלעכע אָנשטרענגונג געווידמעט דער נײַער וועלט, דער וועלט אין וועלכער ער וויל דערווײַזן, אַז אַפילו דער גן־עדן געפינט זיך דאָרט. און אין דעם איז ער אייניק מיט זײַן הייס־געליבטן ברודער דיעגאָ.

דער גן־עדן אין דער נײַער וועלט, פונקט ווי אַ סך אַנדערע ווערק פון מחבר, איז נישט דערשינען בײַ זײַן לעבן. דעם גן־עדן האָט מען ערשט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1943, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פײַערונג פון אַ היסטאָרישן יובילעי און

ווײַל זײַן מחבר איז אַנטאָניאָ דע לעאָן פּינעלאָ, דער יוסטיניאַנוס פֿון שפּאַניש־אַמעריקע אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע, אַ יוסטיניאַנוס, וואָס איז פֿאַר זײַן גרויסן אויפֿטו נישט באַלוינט געוואָרן ווי געהעריק, און וועלכער האָט בײַ זײַן לעבן נישט געזען פֿאַרעפֿנטלעכט זײַן קאָדעקס. אָבער הײַנט ווערט זײַן נאָמען שטאַרק געערט אין שפּאַניש־אַמעריקע און זײַן קאָדיפֿיקאַציע איז אַן אָביעקט סײַ פֿון וויסנשאַפֿטלעכן שטודיום, סײַ פֿון לערע אין די העכערע בילדונגס־אַנשטאַלטן.

# דאָניאַ מאַריאַ דע קאַסטראָ

## דער לעצטער בלוט־קרבן פון דער פּערואַנער אינקוויזיציע

(1736—1689)

אין טאָלעדאָ, דער ייִדישסטער שטאָט פון שפּאַניע; די שטאָט וועמענס פּרויען האָבן אַזוי באַאײַנדרוקט דעם געניאַלן מאָלער גרעקאָ מיט זייער ביבלישער שיינקייט; די שטאָט פון די באַרימטע שולן פון דאָן שמואל הלוי אַבולעפיה, וועלכע זײַנען הײַנט קירכן און דענקמעלער פון דער שפּאַנישער קונסט פון 15טן און 16טן יאָרהונדערט; די הויפּטשטאָט פון קאַסטיליע, וואָס האָט זיך אַ סך נענטער ווי אַנדערע שפּאַנישע צענטערס צוגעקוקט צום פּראַכט און אונטערגאַנג פונעם ספרדישן ייִדנטום; אין דער שטאָט טאָלעדאָ איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פון דער „שיינער שפּאַניערין” אָדער פון דער „מאַדאַם קאַסטראָ”, וועמענס רייצנדיקער קערפּער איז געווען דער לעצטער פאַרצוקט צו ווערן אין די פלאַמען פון לימער שײַטערהויפן.

דאָניאַ מאַריאַ אַנאַ פראַנציסקאַ דע קאַסטראָ, איז געווען באַרימט אין דער הויפּטשטאָט פון פּערואַנער וויצע־קעניגרײַך נישט בלויז מיט איר שיינקייט, נאָר אויך מיט אירע אינטימע באַציִונגען מיט איינעם פון די לימער וויצע־קעניגן. זי איז געווען רײַך, שיין און געהאַט הויכע פּראָטעקציע. האָבן זי אייניקע באַוווּנדערט און אַנדערע געהאַסט. עס ווערט וועגן איר דערציילט, אַז די זונטיקן פלעגט זי פון איר קאַרעטע אויס זיך צוהערן צו דער תפילה אין קלויסטער; זי פלעגט קיין מאָל נישט אַרײַנגיין אינעווייניק.

דאָניאַ מאַריאַ דע קאַסטראָ איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע אין יאָר 1730, ווען זי איז אַלט געווען 40 יאָר און איר רייפע שיינקייט האָט נאָך שטאַרק און אַגרעסיוו געוועקט די תאווה פון העכסטן לימער אַדל. אין די פּילצאָליקע אויספאָרשונגען אין דער אינקוויזיציע, האָט די פרוי קאַסטראָ געהאַלטן אין איין טענהן, אַז זי איז אומשולדיק און ווייסט נישט פאַר וואָס מע האָט אַזוי אַכזריותדיק געהאַנדלט קעגן איר. אויף די גאָר צודרינגלעכע „בקשות”, אַז זי זאָל זאָגן דעם אמת, האָט זי נאָר געהאַט איין ענטפער: זי איז אַ טרײַע דינערין פון דער רוימיש־אַפּאָסטאָלישער קאַטוילישער קירך. ווי מיר האָבן שוין פריִער

געזאָגט, האָבן די אינקוויזיטאָרן אַזאַ אײַנגעשפּאַרטקייט פון אַן אַרעסטאַנט גע־האַלטן פאַר דעם גרעסטן פאַרברעכן, און זיי פלעגן אין אַזאַ פאַל אַריבערגיין פון „הומאַניטאַריזם" צו עקסטרעמער שטרענגקייט. אַזוי האָבן זיי אויך געהאַנדלט מיט דאָניאַ מאַריִאַ דע קאַסטראָ. זיי האָבן, אין יאָר 1731, פאַרמשפּט די „שיינע שפּאַניערין" איבערגעענטפערט צו ווערן צו דער ציווילער מאַכט, ד"ה, זיי האָבן זי פאַראורטיילט צו אַ שווידערלעכן טויט. אָבער אַזוי ווי אין 18טן י"ה האָט מען שוין נישט לײַכט געקאָנט האַנדלען קעגן אַ פרוי אַזוי ברוטאַל, און אַזוי ווי די גרויזאַמקייט פון די אַמעריקאַנער אינקוויזיציעס איז אַפילו קריטיקירט געוואָרן דורכן העכסטן אינקוויזיציע־ראַט אין מאַדריד, האָבן די לימער פּאַטערלעך אָנגע־פרעגט וועגן דעם פאַל מאַריִאַ דע קאַסטראָ זייערע עלטסטע אין דער שפּאַנישער הויפּטשטאָט. אָבער דערווײַל, און ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס די אינקוויזיטאָרן האָבן די אומגליקלעכע פרוי פאַרמשפּט צום טויט, האָבן זיי באַשלאָסן זי אונטערצו־וואַרפן אַן עינויים־פּרווו.

ווען דער העכסטער אינקוויזיציע־ראַט האָט זיך דערוווּסט, דעם 4טן פעברואַר 1732, וועגן באַשלוס פון זײַנע לימער פּאַרטרעטערס, האָט ער זיי געמאָלדן, אַז „אויב פון דער טאָרטור און פון דער סעסיע מיט די קוואַליפיציִרערס, וואָס וועט אָפּ־געהאַלטן ווערן פאַר דעם, וועט דער רעזולטאַט נישט זײַן, אַז די באַשולדיקטע זאָל חרטה האָבן און אָנערקענען איר פאַרברעכן, נאָר זי וועט ווײַטער לייקענען און גאָר נישט אויסזאָגן, דעמאָלט זאָל איבער איר אויסגעפירט ווערן דער פּסק איבערגעענטפערט צו ווערן דער ציווילער מאַכט; אויב אָבער זי וועט זיך בײַטן, זי וועט מודה זײַן איר שולד און איר וועט האַלטן, אַז זי האָט באמת חרטה, דע־מאָלט זאָלט איר זי איבערבעטן פאַרמעל [מיט דער קירך]".

בהסכם מיט דער דעציזיע פון דעם לימער אינקוויזיציע־טריבונאַל, איז מאַ־ריִאַ דע קאַסטראָ אונטערגעוואָרפן געוואָרן די מאוימדיקע „צושרויפן" אין דער פּײַניקונג־קאַמער. דרײַ מאָל איז איר קערפּער, וואָס האָט ביז דעמאָלט בלויז גע־וווּסט פון ליידנשאַפטלעכע צערטלונגען, אַכזריותדיק געמאַטערט געוואָרן אויפן באַפעל פון די גלחים, וועלכע האָבן געציטערט אין אָנבליק פון איר רייצנדיקער נאַקעטקייט. אָבער זי האָט, פּונקט ווי פריִער, קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז זי ווייס נישט פאַר וואָס מע האָט זי אַרעסטירט און מע פּײַניקט זי. און כאָטש די אינקוויזיטאָרן האָבן איר אָנגעדײַט, אַז זי ווערט באַשולדיקט אין אַן אמונה־פאַר־ברעכן, האָט זי גאָר נישט אויסגעזאָגט. אַזוי אַרום איז דער פּסק קעגן איר, ווי אַן „אײַנגעעקשנטער בעל־עבירה", אָנגעהאַלטן געוואָרן. אָבער די אויספירונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אויף לאַנגע יאָרן, צוליב דעם ווײַל ס'זײַנען נישט געווען קיין גענוג קרבנות, וואָס זאָלן באַרעכטיקן די גרויסע הוצאות אויף אויסצובויען דעם „טעאַטער" פונעם אויטאָ־דע־פע.

די שיינע פרוי אין די לימער אינקוויזיציע־קעלערן האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון וועגן גורל וואָס דערוואַרט איר. הגם ביז צוויי טעג פאַר איר טראַגישן טויט האָבן די אינקוויזיטאָרן איר נישט פאַרגעלייענט דעם אורטייל. דער פּסק־דין איז איר־

אַפיציעל איבערגעגעבן געוואָרן דעם 21סטן דעצעמבער 1736, איינס אַ זייגער נאָך מיטאָג. עס האָט זיך אין אים געזאָגט דאָס ווײַטערדיקע:

אין קריסטוסעס נאָמען.

מיר משפּטן נעמענדיק אין אַכט די אַקטן און באַווײַזן פון פּראָצעס, און דאָס וואָס דער פּראָקוראָר האָט גוט און גענוי באַרעכטיקט די באַשולדיקונג, כפי ער האָט דאָס געדאַרפט טאָן. מיר האַלטן און דערקלערן, אַז זײַן באַשולדיקונג איז גוט באַוויזן, דעריבער דאַרפן מיר דערקלערן און מיר דערקלערן, אַז מאַריִאַ פראַנציסקאַ אַנאַ דע קאַסטראָ איז געווען אַן אַפּיקורוסטע, אַ יודאַיזירנדיקע ייִדישקע, אַ פרוי מיט שלעכטע נייגונגען און אַן אײַנגעשפּאַרטע בעל־עבירה: דעריבער פאַלט זי אַרונטער אונטער דער שטראָף פון חרם־גדול און פון קאָנפיסקירונג פון איר פאַרמעגן, וועלכן מיר באַשטימען פאַר דער קיניגלעכער שאַצקאַמער און [גיבן עס איבער] דעם רעצעפּטאָר אין איר פאַרטרעטונג, פון דעם טאָג אָן ווען זי האָט אָנגעהויבן באַגיין די דערמאָנטע פאַרברעכנס, וועלכן מיר וועלן גענוי באַשטימען. און מיר דאַרפן איבערענטפערן דער ציווילער יוסטיץ און מאַכט און מיר ענטפערן איבער די פּערזאָן פון דער דערמאָנטער מאַריִאַ פראַנציסקאַ אַנאַ דע קאַסטראָ. און מיר באַאויפטראָגן און בעטן זייער גנעדיק [די ציווילע יוסטיץ און מאַכט], בהסכם מיטן געזעץ, אַז זי זאָל זי באַהאַנדלען מיט חסד און גאָטפאָרכטיקייט. און מיר דערקלערן אירע זין, טעכטער, און אייניקלעך פון מענלעכן געשלעכט — אויב זי האָט זיי — ווי אַזעלכע וואָס זײַנען אומווערדיק און אומפּאַסיק. מיר דערקלערן זיי פאַר אומווערדיק צו קענען האָבן און צו האָבן ציווילע אָדער קירכלעכע פאָסטנס און אַנדערע עפנטלעכע אָדער בכבודיקע אַמטן. און זיי זאָלן נישט טאָרן טראָגן אויף זיך און נישט אויף זייערע קערפּערס גאָלד, זילבער, פּערל, איידלשטיינער, האַלדזבענדער, זייד, איידעלע געוואַנטן און לוקסוס־קליידער. זיי זאָלן אויך נישט טאָרן רײַטן אויף פערד און טראָגן געווער און באַנוצן די אַלע אַנדערע זאַכן, וועלכע זײַנען פאַר אַזעלכע פון די דאָזיקע פאַרבאָטן בהסכם מיטן ציווילן געזעץ פון די דאָזיקע קיניגרײַכן און מיט די אינסטרוקציעס און רעגולאַמינען פון הייליקן דינסט. און דורך דעם דאָזיקן דעפיניטיוון פּסק־דין אונדזערן משפּטנדיק, דערקלערן מיר דאָס און מיר באַפעלן עס.

ווען די אינקוויזיטאָרן האָבן פאַרענדיקט דאָס לייענען דעם אורטייל, האָט דאָניאַ מאַריִאַ דע קאַסטראָ — אויף זייער פראַגע — דערקלערט, אַז זי האָט אים „אויסגעהערט און פאַרשטאַנען” און זי נעמט אויף באַהבה די שטראָפן, וואָס זײַנען אויף איר אַרויפגעלייגט געוואָרן. זי האָט אָבער באַלד אין יענעם מאָמענט נישט געבעטן בײַ די אינקוויזיטאָרן קיין רחמים, ווי זיי האָבן דאָס דערוואַרט. זי האָט זיך ערשט דעצידירט צו ראַטעווען איר לעבן פאַרן פרײַז פון דער שרעקלעכער דערנידערונג, וואָס האָט באַדײַט פאַר איר דאָס מודה זײַן זיך אין ייִדישקייט ערב דער אויספירונג פון אינקוויזיטאָרישן פּסק־דין. זי האָט דעמאָלט געמאָלדן דעם לימער אינקוויזיציע־טריבונאַל, אַז זי איז גרייט

מודה צו זײַן אירע חטאים און צו שילדערן ווי אַזוי זי האָט געלעבט אין אַ באַוווסטזיניקן טעות, גלייבנדיק אין דעם געזעץ פון משה און אין דעם, אַז עס איז נאָר דאָ איין־ און־איינציקער גאָט. און אַז דער אָנגעזאָגטער משיח איז נאָך נישט געקומען, און יעזוס קריסטוס איז בלויז אַ נביא געשיקט דורך גאָט. און די הייליקסטע יונגפרוי איז נישט קיין געטלעכע מוטער נאָר אַ מוטער פון אַ פּשוטן

> בשר־ודם, דעריבער האָט זי איר נישט אָפּגעגעבן קיין כבוד. און אַלס פּועל־יוצא פון דער אמונה, האָט זי אָפּגעהיט יידישע ריטואַלן און צערעמאָניעס דורך דעם וואָס זי האָט געפאַסט. דאָס האָט איר אויסגעלערנט מיט 30 יאָר צוריק מאַריאַנאַ דיאַז, די פרוי פון דיעגאָ דע קאַסטראָ, איר ברודער וועלכער וווינט אין דער רעזידענץ [מאַדריד] אויף דער גאַס טאָלעדאָ. און די דערמאָנטע תעניתים און צערעמאָניעס האָט זי געפּראַוועט צוזאַמען מיט דיעגאָ דיאַז, דעם פאָטער פון דער דערמאָנטער מאַריאַ און אַ שכן פון קוענקאַ, און פון מאַנועל דע לאַ פּעניאַ, אַ שכן פון דער שטאָט מאַדריד — איר פלימעניק און ערשטער מאַן. אַלע פיר האָבן צווישן זיך זיך אויסגעגעבן ווי גלייביקע אין דעם דערמאָנטן געזעץ פון משה, און זיי האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט און באַשלאָסן צו בלײַבן אים טרײַ. און ווי אַ באַשטעטיקונג דערפון האָבן זיי דורכגעפירט דרײַ תעניתים און זיי האָבן נישט טועם געווען ביז בײַ נאַכט. ערשט דעמאָלט האָבן זיי געגעסן וועטשערע, וואָס איז באַשטאַנען פון פיש מיט גרינס. און דערנאָך האָבן זיי געזאָגט תהילים. די מענער האָבן זיך פאַרדעקט די קעפּ מיט זייערע אייבערמאַנטלען און די פרויען האָבן זיי באַגלייט. זי דערמאָנט זיך אָבער נישט די קאַפּיטלעך תהילים, וואָס זיי האָבן געזאָגט.

נאָך דעם האָט מאַריאַ דע קאַסטראָ אויסגעזאָגט, אַז זי האָט אין מאַדריד צוויי מאָל געפאַסט יידישע תעניתים „צוזאַמען מיט דאָניאַ איזאַבעל דע ליאַנאָס, די פרוי פון דיעגאָ דע טאָלעדאָ, וועלכער האָט דעמאָלט געוווינט נאָענט פון די הײַזער פון דוכוס פון אַלבאַ, און איינעם פון די תעניתים האָט מען גערופן „פון די ציגעלעך". זי האָט געהערט, אַז אַזוי האָט אים אָנגערופן די דערמאָנטע מאַריאַנאַ דיאַז. חוץ די דערמאָנטע תעניתים האָט זי נישט געפּראַוועט קיין שום צערעמאָניעס פון דערמאָנטן געזעץ פון משה. און זי האָט פאַרענדיקט זאָגנדיק, אַז פראַנציסקאַ קאַסטיליאָ, אַן אומפאַרהייראַטע טאָכטער פון לעאָנאָר דיאַז, אַ שכנטע פון מאַדריד און אַ שוועסטער פון דיעגאָ דיאַז, האָט אויך אָפּגעהיט דאָס דערמאָנטע געזעץ פון משהן און זי איז בײַגעווען בײַ די דערמאָנטע תעניתים און צערעמאָניעס".

די דאָזיקע צוריקגעהאַלטענע ווידוי, ערב דעם אויטאָ־דע־פע, האָט נישט באַפרידיקט די גרויזאַמע ריכטערס, וועלכע האָבן מיט פינף יאָר פריִער פאַרמשפט צום טויט די אומגליקלעכע פרוי, דעריבער

> איז זי געפרעגט געוואָרן, וואָס פאַר אַ סיבה האָט זי באַוויגן צו מאַכן די איצטיקע ווידוי — אַ זאַך וועלכע זי האָט נישט געטאָן די אַלע יאָרן וואָס זי איז אַרעסטירט? אויף דעם האָט זי געענטפערט, אַז ביז איצט איז זי נישט סטימולירט געוואָרן צו פאַרדאַמען משהס געזעץ אין וועלכן זי האָט געגלייבט, אַז עס איז זיכער און אמת און די מענטשן קענען דערלייזן אין אים [זייערע נשמות]. מע האָט איר געפרעגט פאַר וואָס פריִער, בעת געבילדעטע מענער, פול מיט גוטע מידות, האָבן איר איבערגעגעבן, געלערנט און געדרשנט פאַר איר דאָס געזעץ פון יעזוס קריסטוס און האָבן איר אויפגעקלערט, אַז דאָס געזעץ פון משהן איז טויט און אָפּגעשאַפט, האָט זי זיך אין דעם נישט איבערגעצײַגט און איצט נעמט זי עס פּלוצעם אָן? האָט זי געענטפערט, אַז זי האָט דאָס שוין געוואָלט טאָן ווען די פאָטערס־קוואַליפיצירער האָבן איר געעפנט די אויגן מיט זייער אויפקלערונג פונעם הייליקן געזעץ פון יעזוס קריסטוס. אָבער זי האָט זיך נישט געקענט דעצידירן צו בעטן רחמים, אויס

חרפה, וואָס זי האָט געהאַט מודה צו זײַן זיך, אַז זי האָט אָפּגעהיט דאָס דערמאָנטע געזעץ פון משה.

עס איז איר געזאָגט געוואָרן, אַז כדי זי זאָל באַטראַכט ווערן ווי אַן אמתע בעל־תשובה איז נייטיק, אַז זי זאָל אויסזאָגן אַלץ, וואָס האָט אַ שײַכות צו דעם פּראָצעס און זי זאָל אויסרעכענען אַלע תעניתים און ייִדישע צערעמאָניעס, וואָס זי האָט געפּראַוועט אין פאַרלויף פון איר לעבן. און אויך די ערטער און די נעמען פון די מענטשן, צוזאַמען מיט וועלכע זי האָט זיי געפּראַוועט. זי זאָל אויך אויס־זאָגן דאָס וואָס זי ווייס וועגן אַנדערע, וועלכע האָבן געטאָן ענלעכע זאַכן, הגם זי האָט אין זיי זיך נישט באַטייליקט, סײַ אַזעלכע וואָס האָבן אַ שײַכות צו ייִדישקייט, סײַ אַזעלכע, וואָס זײַנען בלויז קעגן אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה און עוואַנגעלישן געזעץ.

אויף דער פראַגע האָט זי געענטפערט, אַז עס טוט איר וויי דער קאָפּ און זי קען ווײַטער נישט פאַרזעצן. אָבער זי דערמאָנט זיך, אַז מיט אַ צוועלף יאָר צוריק, ווען זי האָט שוין געוווינט אין דער שטאָט [לימאַ] איז אין איר שטוב אַרײַן דער פּראַנצויז סימאָן שאַרט און ער האָט געזאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין גיהנום, ווײַל אַזוי ווי גאָט איז פול מיט יושר קען ער קיינעם דאָרט נישט פאַרשיקן, מחמת ס'איז נישט רעכט, אַז פאַר אייניקע זאָל זײַן אַ גיהנום און פאַר אַנדערע אַ גן־עדן.

און נאָך דעם ווי זי איז געוואָרנט געוואָרן און ס'איז באַפוילן געוואָרן זי אָפּצופירן אין איר קאַמער, האָט מען איר ווידער אַ מאָל געזאָגט, אַז זי האָט נאָך צײַט אויסצופּועלן רחמים, וואָס דער דאָזיקער הייליקער דינסט איז געוווינט צו־צוטיילן אמתע און אויפריכטיקע בעלי־תשובה.

נאָך אַ פּאָר שעה פון אַנגסטלעכן איבעררײַס, איז מאַריאַ דע קאַסטראָ ווידער אַרויסגערופן געוואָרן צום אינקוויזיטאָרישן בית־דין, וועלכער האָט געוואָלט באַ־קומען אומצווייפלהאַפטיקע באַווײַזן פון איר „אמתער חרטה". אָבער דאָס האָט נאָר דעמאָלט געקאָנט געשען, ווען פרוי קאַסטראָ זאָל זיך דעצידירן צו זאָגן אַלע אירע אייגענע „חטאים" און אויסרעכענען מיט דער גרעסטער גענויטקייט די חטאים פון אַלע אירע באַקאַנטע און קרובים. אָבער אַזוי צו האַנדלען איז זי, אַפילו פאַרן פּרײַז פון איר אייגן לעבן, נישט געווען גרייט. האָט זי דעריבער גע־זאָגט די אינקוויזיטאָרן:

אַז ווען זי האָט זיך באַזעצט אין דער שטאָט [לימאַ] האָט זי ווײַטער גע־גלייבט אין דעם געזעץ פון משה, ווײַל זי האָט אים געהאַלטן פאַר אַן אמתן. זי האָט דעריבער געפאַסט אַלע שבתים פון דער וואָך און געגעבן אייניקע נדבות.

און ווען מע האָט איר געפרעגט, צי צוזאַמען מיט אַנדערע פערזאָנען האָט זי געפאַסט אין דער שטאָט אָדער אויסער איר און צי זי האָט זיך עמעצן אויסגעגעבן אַלס ייִדישקע? האָט זי געענטפערט אַז זי געדענקט בלויז, אַז זי האָט געפאַסט פיר אָדער זעקס מאָל אין סעווילִיע און אין מאַדריד צוזאַמען מיט איר ברודער סימאָן דע קאַסטראָ. און זי דערמאָנט זיך נישט, אַז זיי זאָלן האָבן צוזאַמען גע־פּראַוועט אַנדערע ייִדישע צערעמאָניעס. זי האָט באַשטעטיקט אויך, אַז מאַריאַנאַ דיאַז, די פרוי פון איר ברודער דיעגאָ דע קאַסטראָ היט־אָפּ ייִדישע דינים, אָבער פון אַנדערע פערזאָנען ווייס זי נישט. און ווען מע האָט איר געפרעגט צי זי האָט נאָך עפּעס וואָס צו זאָגן אויף צו באַפרײַען איר געוויסן, האָט זי פאַרענדיקט אַז ניין. און בהסכם מיט דעם, וואָס זי האָט אויסגעזאָגט, האָט זי געבעטן רחמים. ווען מע האָט איר געפרעגט וויפל צײַט איז פאַרלאָפן זינט דעם ווי זי האָט פאַר־דאַמט דאָס געזעץ פון משה און וואָס פאַר אַ סיבות האָבן איר באַוויגן דערצו,

האָט זי געענטפערט, אַז מיט זיבן טעג צוריק האָט זי באַקומען אַ שטאַרקן אימפּולס אָפּצוּוואַרפן און צו פאַרדאַמען דאָס געזעץ פון משה, מחמת זי האָט זיך איבערגעצייגט, אַז עס איז פאַלש און שלעכט, און דעריבער האָט זי געוואָלט איבערגיין צום קריסטנטום, ווייל זי האָט עס באַטראַכט פאַר אמת.

מע האָט איר געפרעגט, צי אויף צו באַקומען דעם שטראַל, וואָס זי מיינט אַז גאָט האָט איר מיט אים באַלויכטן כדי זי זאָל פאַרדאַמען דאָס געזעץ פון משה, האָט זי צו אים תפילה געטאָן, אַז ער זאָל איר געבן כוח צו דערקענען די אמתע אמונה, אין וועלכער זי זאָל זיך אָנשליסן און זיך דערלייזן [און מע האָט פון איר געפאָדערט] אַז זי זאָל זאָגן און אויפקלערן מיט וועלכע תפילות זי האָט זיך באַנוצט? האָט זי געענטפערט, אַז באַגערנדיק די אמתע [אמונה] האָט זי געבעטן דעם אַלמעכטיקן גאָט, אַז עס זאָל איר געבן ליכט בהסכם מיט דעם וואָס זי איז אויסגעפרעגט געוואָרן, און אויף דעם האָט זי זיך באַנוצט מיטן פאַטערנאָסטער און קרעדאָ און דערנאָך ווען זי האָט געפילט אין זיך דעם אימפּולס האָט זי תפילה געטאָן צו דער הייליקער בתולה.

און ווען מע האָט איר פאַרגעוואָרפן, אַז עס איז נישט צו גלייבן [אַז דאָס זאָל האָבן געשען] צוליב די דערמאָנטע תפילות פאַטערנאָסטער און קרעדאָ, ווייל זיי געהערן — ווי זי וואָלט דאָס באַדאַרפט וויסן — צום געזעץ פון פאַרגיבונג, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן דורך אונדזער האַר יעזוס קריסטוס, וועמען זי האָט נישט אָנערקענט ווי אַ גאָט און אַן אמתן מענטשן און דעריבער, אַזוי ווי זי האָט נישט געגלייבט אין דער אמתדיקייט פון דעם דערמאָנטן געזעץ קען מען אויך נישט גלייבן אין דעם דערפאָלג פון די דערמאָנטע תפילות, אויף צו דערגרייכן דעם חסד וואָס זי האָט באַגערט פון גאָט, האָט זי געענטפערט פאַרשיידן און אומזיכער און נישט צופרידנגעשטעלט. איין מאָל האָט זי דערקלערט, אַז איר חרטה איז אַ ספּעציעלער גנאָד פון גאָט; אַן אַנדערש מאָל, אַז אַזוי איז געשען צוליב די לערעס וואָס זי האָט באַקומען פון די גייסטלעכע, וועלכע האָבן איר געזוכט אויפצוקלערן. און זי האָט פאַרענדיקט, אַז זי האָט מער נישט וואָס צו זאָגן.

די דאָזיקע ווידוי, וואָס דאָניאַ מאַריאַ דע קאַסטראָ האָט געמאַכט, כדי צו דערגרייכן דעם אינקוויזיטאָרישן חסד און ראַטעווען דאָס לעבן, האָט איר נישט געבראַכט די ישועה וואָס זי האָט אַזוי שטאַרק באַגערט. טראָץ דעם, איז זי די נאַכט פון דעם אויטאָ־דע־פע געווען אַזוי „געטרייסט און פריילעך", ווי ס'וואָלט זי דערוואַרט עפּעס אַ יום־טוב און נישט אַ שוידערלעכער טויט אין די פלאַמען. די שליחים וואָס די אינקוויזיציע האָט פאַר איר באַשטימט, כדי זיי זאָלן זי „טרייסטן" און איבערצייגן אין דעם אמת פון דער קאַטוילישער אמונה, האָט זי אַפילו נישט אויסגעהערט. זי האָט גאָר אויסגענוצט זייער בייַזיין אין דער טויטנקאַמער, כדי די צייַט זאָל איר לייַכטער אַריבער. און ווען זי איז שוין געווען אין „טעאַטער", ד"ה, אין דער ספּעציעלער געבייַ פונעם אויטאָ־דע־פע, און כאָטש זי האָט געטראָגן דעם דערנידעריקנדיקן לבוש פון די אינקוויזיציע־קרבנות, האָט זי „אַזוי עקשנותדיק איגנאָרירט די ווענדונגען [פון די גלחים], און דאָס איז געווען טרויעריק און סקאַנדאַליעז פאַרן פאָלק, וואָס האָט געהערט און געלאַכט. אויף דער בינע שוין, האָט זי זיך אויפגעפירט דרייַסט און קאָקעטיש, און פּלוצעם האָט זי הויך און ענערגיש אָנגעהויבן פאָדערן, אַז מע זאָל איר איבערלייענען דעם פּסק־דין. נאָך דעם ווי ער איז איר איבערגעלייענט געוואָרן, האָט זי געמאַכט

אַ שטאַרקן רוף צום וויצעקעניג און צו דער אוידיענץ, אַז זיי זאָלן פועלן מע זאָל איר פאַרגעבן. זי האָט אויך עפנטלעך זיך מודה געווען אין די זינד, אין וועלכע זי איז באַשולדיקט געוואָרן. אָבער אַזוי ווי מיר האָבן געהאַלטן, אַז אונדזער יוריס־דיקציע האָט זיך פאַרענדיקט נאָך דעם ווי מיר האָבן אַרויסגעגעבן אונדזער פּסק־דין — בהסכם דערמיט וואָס אײַער האַרשאַפט האָט דערקלערט אין דערמאָנטן בריוו פון 24סטן מײַ 1699 — האָבן מיר באַפוילן זי איבערצוגעבן דער ציווילער יוסטיץ"...

נישט דער וויצעקעניג און נישט די אוידיענץ — די העכסטע רעפּרעזענ־טאַנץ פון דער ציווילער מאַכט — האָבן געהאַט דאָס רעכט צו אינטערווענירן לטובת דעם אומגליקלעכן קרבן פון דער אינקוויזיטאָרישער גרויזאַמקייט. די אינקוויזיציע אַליין, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן דעם אורטייל וואָס די ציווילע מאַכט האָט געמוזט אויספירן, האָט אָנגעווענדט דעם היפּאָקריטישן אַרגומענט, אַז „איר יוריסדיקציע האָט זיך פאַרענדיקט". און די יוריסדיקציע צו וועלכער דאָ־ביאַ מאַריִאַ דע קאַסטראָ איז כלומרשט איבערגעענטפערט געוואָרן, האָט זי מיט קראַפט אָפּגעשיקט צום שײַטערהויפן, כאָטש זי האָט אין דעם מאָמענט אָפּגע־לייקנט איר פריִערדיקע דערקלערונג און געזאָגט, אַז זי איז אַ טרײַע דינערין פון דער קירך...

אָבער אין 4טן יאָרצענדליק פון 18טן י"ה איז שוין אַזאַ פּאַסירונג געווען שווער צו פאַרטראָגן פאַר דער עפנטלעכער מיינונג, און ס'האָט זיך אויף ס'נײַ פאַראינטערעסירט מיטן פּראָצעס פון דאָניאַ מאַריִאַ דע קאַסטראָ דער העכסטער אינקוויזיציע־ראַט, וועלכער האָט אַראָפּגעשיקט קיין לימאַ אַ ספּעציעלן אינס־פּעקטאָר מיטן נאָמען מאַטעאָ דע אַמוסקיבאַר. אַמוסקיבאַר האָט שאַרף פאַראור־טיילט די האַנדלונג פון די לימער אינקוויזיטאָרן, אָבער זיי האָט דאָס זייער וויי־ניק געאַרט. דאָך, ווען צווישן פאָלק האָט מען אָנגעהויבן מורמלען, אַז מאַריִאַ דע קאַסטראָ איז געפאַלן אַ קרבן פון אַ בלוטיקער נקמה, האָבן זיי פלינק זיך גענומען צו דער אַרבעט. קודם־כל האָבן זיי פאַרעפנטלעכט אַ מודעה וועגן די האַרבע שטראָפן פאַר די וואָס פאַרשפּרייטן אַזעלכע קלאַנגען, און באַלד האָבן זיי אַרעס־טירט אַ מאַן, וועלכער האָט געהאַט די דרײַסטקייט צו זאָגן: „די מכשפות גייען אַרום פרײַ און מאַריִאַ דע קאַסטראָ איז געוואָרן פאַרברענט. אָ, וואָס פאַר אַ לאַנד דאָס איז! וואָס קריסטוס, ווען קריסטוס; קריסטוס איז דען נישט געווען קיין ייִדי?".

דער נאָמען פון דעם געוואַגטן מאַן איז געווען כואַן אַנטאָניאָ פּערעיראַ. בעת דער אויספאָרשונג אין דער אינקוויזיציע, האָט פּערעיראַ מיט באַוווּנדערונג, וואָס די מורא האָט געצוימט, דערקלערט, אַז „ווען מע האָט לעבן שײַטערהויפן דער־שטיקט די קאַסטראָ, האָט זי אַרויסגעוויזן אַ סך מוט און אויסדויער. זי האָט זיך אַליין ארומגענומען מיט דעם שטריק און פאַרריכט די האָר פאַרן שטאַרבן".

אַזוי מוטיק האָט געקעמפט פאַר איר לעבן און אַזוי העלדיש איז געגאַנגען צום טויט דער לעצטער בלוט־קרבן פון דער לימער אינקוויזיציע, די פרוי מאַ־ריִאַ דע קאַסטראָ.

# דער ייִד (אָ׳זשודעו) אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילװאַ, באַרימטער קאָמעדיאָגראַף פון 18טן יאָרהונדערט

(1739 — 1705)

## 1. טריישאַפט פון זיין משפחה צו יידישקייט

אויב די אַנדערע ביאָגראַפיעס וואָס מיר האָבן דאָ אָנגעצייכנט זײַנען כמעט אָדער אין גאַנצן נישט באַקאַנט, ווערט אָבער די איצטיקע ציטירט מיט אַ גע־וויסער אָפטקייט אין די ליטעראַטור־געשיכטעס, באַזונדערס אין די וואָס באַציִען זיך צו טעאַטער. מיר האָבן זי אַרײַנגענומען אין דעם דאָזיקן ציקל כדי זי צו באַ־לײַכטן פון אַ נײַעם קוקווינקל און פאָרצוברענגען ברייטערע אייַנצלהייטן וועגן אירע ייִדישע אַנטעצעדענטן.

פון דעם וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן די „פּאָרטוגעזער" אין די פריִערדיקע כאַראַקטעריזאַציעס באַקומט זיך, לויט אונדז, אַז זייער צוגעבונדנקייט צו דער ייִדישער רעליגיע איז געווען שטאַרקער ווי די פון די שפּאַניער. און דאָך דער־וועקט באַוווּנדערונג דער פאַקט, וואָס נישט געקוקט אויף די אינקוויזיטאָרישע גרויזאַמקייטן אין משך פון צוויי יאָרהונדערטערס (16טער און 17טער), האָבן אין 18טן י״ה עקסיסטירט פאַרשפּרייטע צענטערס פון באַהאַלטענער ייִדישקייט, סײַ אין פּאָרטוגאַל, סײַ אין בראַזיל, און אפשר מער דאָ ווי דאָרטן.

אַנטאָניאָ כאָסע דאַ סילוואַ איז געבוירן געוואָרן אין ריאָ דע זשאַנייראָ דעם 8טן מײַ 1705. ער איז געווען אַ זון פון אַדוואָקאַט זשואַן מענדעס דאַ סילוואַ און לאָורענסאַ קאָוטיניאָ, אָנגעהעריקע צו משפּחות וואָס האָבן זיך טרײַ געקלאַמערט אין ייִדישקייט נאָך זייער אַרויפגעצוווּנגענעם שמד. סײַ זשואַן מענדעס, סײַ זײַן ווײַב זײַנען באַשטראָפט געוואָרן דורכן פּאָרטוגעזישן הייליקן טריבונאַל, וואָס איז געווען טעטיק אין בראַזיל דורך דער פאַרמיטלונג פון קאָמיסאַרן. טאַקע אין 1711, ווען זײַנע עלטערן זײַנען געפירט געוואָרן קיין ליזאַבאָן געשטעלט צו ווערן פאַר אַן אינקוויזיציע־פּראָצעס, איז מיט זיי מיטגעפאָרן דאָס קינד אַנטאָניאָ זשאָזע, דע־

מאַלט זעקס יאָר אַלט. פּאַקטיש האָט ער זיי נישט באַגלייט, ווײַל זיי זײַנען געווען אַרעסטירט און מע האָט זיי געפּירט אין באַזונדערע שיפֿן. אים האָבן באַגלייט אין דער רײַזע זײַנע צוויי עלטערע ברידער: אַנדרעס — צען יאָר אַלט, און באַלטאַסאַר — צוועלף יאָר אַלט.

עס איז נייטיק שוין איצט צו באַמערקן די שוועריקייט פֿון צונויפֿפֿירן די פּרטימדיקע באַשרײַבונג פֿון ייִדישן ריטואַל, וואָס זשואַן מענדעס האָט געמאַכט פֿאַר די אינקוויזיטאָרן, מיט זײַן ליטעראַרישער שאַפֿונג — ער איז געווען אַ טאַ־לאַנטירטער שרײַבער — אַ שאַפֿונג פֿון אַפּאָלאָגעטיש־קריסטלעכן אינהאַלט. אַוודאי איז מעגלעך צו פֿאָרמולירן פֿאַרשיידענע היפּאָטעזעס אין שײַכות מיט די ריזיקע געפֿאַרן פֿונעם לעבן פֿון געהיימער ייִדישקייט און די נויטווענדיקייט עס צו פֿאַרשטעלן. אָבער קיין שום היפּאָטעזע וועט אונדז נישט געבן קיין גלויבלעכע דערקלערונג פֿאַר דער קריסטלעכער פּראָפּאַגאַנדע וואָס עס האָט דורכגעפֿירט אַ באַהאַלטענער ייִד. און דאָך איז דאָס אַ פֿאַקט, אַ יחיד במינו, לויט דעם וואָס מיר ווייסן, אין דער געשיכטע פֿון מאַראַנעטום.

אויב מע זאָל גלייבן מענדעסעס דערקלערונגען פֿאַר די אינקוויזיטאָרן, האָט אים זײַנער אַ קוזין אַרײַנגעפֿירט אין דער ייִדישער רעליגיע אין 1683, ווען ער האָט געלערנט יורי.

געווען איז ער, זשואַן מענדעס, אַן אַדוואָקאַט מיט רײַכע קונדן און מיט אַ באַקוועמער עקאָנאָמישער פּאָזיציע. ס'איז גענוג צו דערמאָנען אַז אין זײַן שטוב האָט ער געהאַט צוועלף שקלאַפֿן און נאָך אַכט האָבן געאַרבעט אין זײַן צוקער־פּלאַנטאַציע. מע ווייס אַז זײַן ביבליאָטעק — אַ גאַנץ באַדײַטנדיקע פֿאַר דער קאָ־לאָניאַלער תקופֿה — איז באַשטאַנען פֿון 250 בענד: אַ 150 פֿון רעכט־וויסנשאַפֿט און די רעשט — ביכער וועגן געשיכטע און וועגן טשיקאַווע טעמעס, ווי ער אַליין האָט זיי באַצייכנט.

די טראַגעדיע פֿון אַנטאָניאָ זשאָזעס פֿאַמיליע האָט זיך אָנגעהויבן — אַזוי ווי אין די מערהייט אַזעלכע פֿאַלן — מיט אַן אויבנאויפֿיק אומוויכטיקן עפּיזאָד. אין 1698 האָט מען געפֿײַערט די חתונה פֿון קאַטאַרינאַ מאַרקעס, די טאָכטער פֿון דעם קאָנטראַקטיסט פֿון טאַבאַק־שטײַער, מיט מאַנועל דע פּאַרעדעס, אַן אייגנטימער פֿון אַ צוקער־פּלאַנטאַציע. סײַ דער שווער, סײַ דער אידעם האָבן זיך גערעכנט, לויט זש. לוסיאָ ד'אַסעוועדאָ, צווישן די רײַכסטע מענטשן פֿון בראַזיל. דער צונויפֿגעקומע־נער עולם איז דעריבער געווען אַ גרויסער, און דער כּבֿוד — אַן עשירותדיקער.

ווי דער מנהג איז געווען אין יענער צײַט, זײַנען די פֿאַרבעטענע אויפֿן רײַכן באַנקעט געזעסן אָפּגעשיידטע לויטן געשלעכט, אין באַזונדערע זאַלן. צווישן די פֿרויען איז געזעסן קאַטאַרינאַ סאַאַרעס בראַנדאָן, וואָס הגם זי האָט געוווּסט וועגן איר ייִדישן אָפּשטאַם, איז זי נאָך נישט געווען אַרײַנגעפֿירט אין דער פּראַקטיק פֿון דעם ייִדישן דת. בײַם סוף פֿון דעם מאָלצײַט, ווען די געמיטער זײַנען שוין געווען אויפֿגערייצט פֿון דער שמחה און פֿון אַלקאָהאָל, האָט אַ ווײַבערישע שטים אויס־גערופֿן: „מיר אַלע געהערן דאָ צו דער נאַציע, נאָר אָט יענע יאַגדצויג — זי נישט". אַן איבערגעראַשטע פֿון דער באַליידיקונג, האָט דאָס מיידל געפֿרעגט די סיבה דער־

פֿון. דער ענטפֿער איז געווען, אַז מע מוז זײַן „אין גאַנצן אַ נײַ־קריסטין אָדער אין גאַנצן אַן אַלט־קריסטין, אָבער זײַענדיק אַ ייִדישע לויט דער נאַציע, איז נישט מעגלעך אויסגעלייזט צו ווערן אין קריסטוסעס געבאָט". און אַזוי ווי די פֿרײַלין האָט געמאַכט דעם אָנשטעל אַז זי ווייס נישט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, און זי האָט געבעטן מע זאָל איר בעסער אויפֿקלערן דעם ענין, האָבן די אָנוועזנדיקע פּרויען זיך באַמיט איר צו געבן צו פֿאַרשטיין. זיי האָבן איר געזאָגט אַז זי דאַרף „פֿאָלגן דאָס געבאָט וואָס גאָט האָט געגעבן משהן און אָפּהיטן די פֿאָלגנדיקע מצוות: נישט עסן די פֿאַרבאָטענע מאכלים, ד"ה חזיר־פֿלייש, חזיר־שמאַלץ, האָזן־פֿלייש און פֿיש אָן שופּן; אָנטאָן נײַע קליידער פֿרײַטיק פֿאַר נאַכט, נישט טאָן קיין אַרבעט אום שבת, אויסקערן די שטוב פֿון דרויסן אויף אַרײַן און נישט פֿון אינע־ווייניק אויף אַרויס [?], פֿאַסטן געוויסע טעג און אָננעמען די מנהגים דורך וועלכע די מיטגלידער פֿון דער סעקטע דערקענען זיך צווישן זיך".

ס'איז זייער סימפּטאָמאַטיש דאָס, וואָס נישט געקוקט אויף אַלע באַליידיקונ־גען, איז קאַטאַרינאַ בראַנדאָן נישט נאָר אַריבער גלײַך צו ייִדישקייט, נאָר אויך — לויט איר ווידוי פֿאַר די אינקוויזיטאָרן — זיך געהאַלטן בײַם גלויבן פֿיל יאָרן, מן הסתם ביז 1706, ווען די אומשטאַנדן האָבן זי געשטויסן צו נעמען עדות זאָגן קעגן די אָנוועזנדיקע אויף דער דערמאָנטער התונה. נישט זי איז אָבער געווען די וואָס האָט אַרויסגערופֿן די כוואַליע רדיפֿות אין ליזאַבאָן און דאָס געיעג אויף יודאַיזירנדיקע אין בראַזיל. דאָס האָט זיך גענומען פֿון פּראָצעס פֿון גאַבריאַל לאָ־פּעס פּיניערע און זשואַן פּערעיראַ, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין 1703 און אויף וועלכן עס איז אויך פֿאַרמשפּט געוואָרן פֿראַנציסקאָ גאָמעס דאַ סילוואַ, אַ ברודער פֿון דער כּלה, אויף וועמענס חתונה ס'איז פֿאָרגעקומען דער עפּיזאָד וואָס מיר האָבן אויבן דערציילט. אויף צו דערגרייכן די אינקוויזיטאָרישע „באַרעמהאַרציקייט" האָט גאָמעס דאַ סילוואַ אָנגעגעבן די נעמען פֿון אייניקע פֿון די אָנוועזנדיקע אויף זײַן שוועסטערס חתונה, און אין 1704 זײַנען עטלעכע פֿון זיי פֿאַרמשפּט געוואָרן. אָבער דאָס אמתע אומגליק האָט אויף זיי אַרויפֿגעבראַכט קאַטאַרינאַ בראַנדאָן. זי האָט זיך געהאַט באַזעצט אין ליזאַבאָן, און ווען זי האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם אַרעסט פֿון די באַהאַלטענע ייִדן וואָס האָבן געהאַט געוווינט אין בראַזיל, האָט זי זיך „פֿרײַ־וויליק" צוגעשטעלט צום „הייליקן טריבונאַל". פּונקט ווי גאָמעס דאַ סילוואַ, האָט זי געוואָלט געווינען די אינקוויזיטאָרישע „באַרעמהאַרציקייט", און זי האָט פֿאַר־פּלאָנטערט מיט איר עדות־זאָגן נישט ווייניקער ווי זעקס און זיבעציק יודאַיזירנ־דיקע. דערבײַ זײַנען אויך אַרײַנגעפֿאַלן אין דער נעץ די עלטערן פֿון אַנטאָניאָ זשאָ־זע. זײַענדיק באַקאַנט מיט די פּראָצעדורן פֿון דער אינקוויזיציע, האָט דער אַד־וואָקאַט זשואַן מענדעס זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ גוטן בעל־ווידוי, גלײַך ווי זײַן ווײַב, לאָורענסאַ קאַוטיניאָ. אַזוי אַרום איז זייער ענין — אין איינקלאַנג מיט די אינקוויזיציע־פּראָצעדורן — שנעל דערליידיקט געוואָרן, ווי אויך די פּראָצעסן פֿון כּמעט אַלע זייערע קרובים פֿון זעלבן שטאַם און צוגעקומענע, צווישן זיי אייניקע סוחרים און פּראָפֿעסיאָנאַלן. דער אויטאָ־דע־פֿע אויף וועלכן מע האָט זיי באַקאַנט געמאַכט דעם פּסק־דין, איז פֿאָרגעקומען דעם 9טן יולי 1713. זיי זײַנען פֿאַראור־

טיילט געוואָרן צו די געוויינטלעכע שטראָפן פון: אָפּשווערן פונעם פריִערדיקן גלויבן, גיטער־קאָנפיסקאַציע און תפיסה. ווי אַ לוין פאַר דעם דאָזיקן „מכפר זיין" האָט מען זיי „איבערגעבעטן" מיט דער קאַטוילישער קירך, אָבער מע האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט די דערנידערנדיקע פליכט נאָך אַ מאָל צו לערנען די קריסט־לעכע דאָקטרין, און מע האָט זיי ערנסט געוואָרנט, אַז אויב זיי וועלן זיך אויף ס'נײַ פאַרשולדיקן, וועלן זיי פאַראורטיילט ווערן צום שײַטערהויפן אָן שום אײַנזעעניש.

## 2. די קוזינע בריטעס עוזשעניאַ און איר נידערטרעכטיקער באַשערטער

לאָורענסאָ קאָוטיניאָ האָט געהאַט אַ שוועסטער, מאַריִאַ, וועלכע האָט געהאַט אַ טאָכטער מיטן נאָמען בריטעס עוזשעניאַ. אין דער לעצטער האָט זיך פאַרליבט אַ „ריינבלוטיקער" סטודענט פון קאָיִמבראַ מיטן נאָמען לויִס טערראַ סאָאַרעס דע באַרבודאַ. צווישן די פאַרליבטע איז אַלץ אָנגעגאַנגען ווי אויף רעלסן און מ'האָט שוין געהאַט באַשלאָסן חתונה צו האָבן, אָבער דאָניאַ מאַריִאַ האָט זיך געקווענקלט און האָט געזאָגט, אַז איר טאָכטער האָט בדעה אַרײַנצוטרעטן אין אַ מאָנאַסטיר... דאָס רעטעניש פון איר מאָדנער אויפפירונג האָט זיך אין גיכן באַשיידט: בריטעס עוזשעניאַ האָט געגעבן צו פאַרשטיין איר חתן, אַז אויף צו קענען מיט איר הייראַטן וואָלט ער באַדאַרפט אָננעמען דעם יִדישן גלויבן. נישט לאַנג געטראַכט, האָט דער חתן געענטפערט, פעלשנדיק דעם אמת, אַז ער איז אַ נײַ־קריסט. אָבער בריטעס עוזשעניאַ האָט אים געענטפערט: „דאָס איז נישט גענוג. דו לעבסט נאָך בלינד. אויב דו ווילסט אויפגעקלערט ווערן, אַזוי ווי איך, דאַרפסטו פאָלגן משהס געבאָט". פון דעמאָלט אָן האָט די יונגע פרוי זיך אָפּגעגעבן מיט איבערצײַגן איר חתן. זי האָט אים געזאָגט, אַז זי אַליין האָט געלעבט אין דער קריסטלעכער בלינדקייט, אָבער אירער אַ קוזין, אַ גײַסטלעכער, האָט זי באַקערט צום יִדישן גלויבן. זי האָט אים אויך אויסגעזאָגט, אַז אין ליזאַבאָן זײַנען פאַראַן פיל באַהאַלטענע יִדן, און זי האָט לײַכטזיניק דערמאָנט די נעמען פון אייניקע פון זיי. זי האָט אויך אָנגעוויזן און זיך אָפּגעשטעלט אויף די סתירות צווישן דעם אַלטן און נײַעם טעסטאַמענט. כלומרשט צי ווירקלעך — דער מאַן האָט זיך געלאָזט איבעררײדן. דאַן האָט אים דער כלהס מוטער געגעבן איר הסכמה און עס איז באַשטימט געוואָרן אַ דאַטע פאַר דער חתונה. דעריבער האָט ער פאַרקניפּט אַ פרײַנדשאַפטלעכע באַציִונג מיט זײַן צו־קונפטיקן שוואָגער, זשואָן טאָמאַס דע קאַסטראָ, און מיט דעם לעצטנס קוזין, זשואָן אַנטאָניאָ דאַ סילוואַ. אַלע דרײַ האָבן זיך קעגנזײַטיק פאַרטרויט, אַז זיי האַלטן זיך טרײַ דער יִדישער רעליגיע.

אָבער לויִס טערראַ האָט אָנגעהויבן האָבן סיכסוכים מיט זײַן כלה, סײַ ווײַל זי האָט געפאָדערט ער זאָל שטרענג אָפּהיטן די פאַרשריפטן פון יִדישן דת, סײַ איבער צופעליקע סיבות. בריטעס עוזשעניאַ האָט באַמערקט אין וואָס פאַר אַן אויפ־

גערעגטן צושטאַנד איר חתן געפּינט זיך און זי האָט געוואָגט אויסצורײדן, אַז ווען ער האָט חרטה, איז נאָך צײַט אָפּצורופֿן די חתונה. דערויף האָט ער געענטפֿערט אַז ער לאָזט דעם באַשלוס וועגן דעם בײַ איר אין די הענט, פֿאַרזיכערנדיק גלײַכצײַטיק אַז ער רעכנט נישט קײנעם קײן בײז צו טאָן, ד״ה, ער רעכנט נישט זײ צו מסרן פֿאַר דער אינקוויזיציע. די אַנטוישטע כּלה האָט אים אָפּגעענטפֿערט, אַז ווען ער וואָלט געטאָן שלעכטס אירע קרובים, וואָלט ער אַלײן אויך דערפֿון געליטן, מיט דעם האָט זי אים געגעבן אָן אָנצוהערעניש אויפֿן פּאַקט, אַז פֿאַר נישט האָבן אַרויסגעגעבן תּיכּף זײַנע יודאַיזירנדיקע באַקאַנטע און פֿאַר האָבן אַלײן אויסגעפֿירט געוויסע ייִדישע מנהגים, וואָלט אויך אים געקומען אַ שטראָף מצד דער אינקוויזיציע; הגם, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַ פֿיל מילדערע ווי די וואָס זײ וואָלטן באַדאַרפֿט אויסשטײן. נישט געקוקט אויף דעם אַלעם און אויף דער געפֿאַר וואָס דאָס האָט געמײנט, האָבן בײדע יוגנטלעכע ווײַטער אָנגעהאַלטן זײער פֿאַרבינדונג.

דעם געדאַנק וואָס ער האָט געהאַט בײַ זיך אויסגעוואַרעמט, האָט לויִס טערראַ אויסגעפֿירט דעם 22סטן מאַרץ 1726, געציילטע וואָכן פֿאַר דער באַשטימטער חתונה־דאַטע. זײַן האַנדלונג איז געווען אַזוי נבֿזהדיק, אַז בעת ער האָט געוואַרט די אינקוויזיציע זאָל פֿאַרהאַלטן זײַן כּלה און אירע קרובים, האָט ער צוגעשיקט בריטעס עוזשעניאַן דאָס חופּה־קלייד און אַנדערע חופּה־געשאַנקען. אָבער, אויפֿן אָרט פֿון אַ חתונה־פֿײַערונג, איז פֿאָרגעקומען די טראַגעדיע פֿון אַרעסט. דאָס איז געשען דעם 22סטן מײַ 1726, פֿיר טעג פֿאַר דער דאַטע ווען עס האָט געזאָלט זײַן די חתונה. בריטעס עוזשעניאַ איז דאָס געווען די וואָס האָט — אויך כּדי צו דערגרייכן די אינקוויזיטאָרישע „באַרעמהאַרציקייט“ — געמאַסרט אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ. היות דאָס איז געווען די ערשטע באַשולדיקונג קעגן אים, האָבן די אינקוויזיטאָרן געוואַרט אויף נײַע אָנקלאַגעס אים צו פֿאַרהאַלטן. זײ האָבן אים אַרײַנגעוואָרפֿן אין זײערע קאַזעמאַטן דעם 8טן אויגוסט 1726.

## 3. זײַן ערשטער פּראָצעס

דעם זעלביקן טאָג פֿון זײַן אַרעסט איז דער אײן־און־צוואַנציק יאָריקער יורי־סטודענט פֿון קאָימבראַ־אוניווערסיטעט, אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ, אויסגעפֿרעגט געוואָרן דורך די אינקוויזיטאָרן. וועלנדיק אַרויסווײַזן הכנעה און גרייטקייט „אויסצולאָדן זײַן געוויסן“, האָט ער דערקלערט אַז אין 1721 האָט זײַן מומע, עספּעראַנסאַ דע מאָנטאַרראָיאָ, אים איבערגערעדט אַז כּדי צו „דערלייזן זיך“ מוז ער פֿאָלגן משהס געבאָט און היטן דעם תּענית פֿון „גרויסן טאָג“, נישט עסנדיק און נישט טרינקענדיק קיין שום זאַך, פֿון דער נאַכט פֿון דעם דאָזיקן טאָג ביז צו דער צווייטער נאַכט. זײַן מומע האָט אים אויך געזאָגט, ער זאָל אָפּהיטן די שבתים און נישט אַרבעטן אין זײ, ווײַל דאָס זײַנען הייליקע טעג. דאָס איז געווען גענוג — יעדן פֿאַלס, אַזוי האָט ער דערקלערט די אינקוויזיטאָרן, — אַז אַנטאָניאָ זשאָזע זאָל זיך לאָזן איבערצײַגן און זיך באַקערן צום ייִדישן גלויבן, „מיט דער האָפֿענונג דורך

דעם אויסגעלייזט צו ווערן". ער האָט צוגעגעבן, אַז זינט דעמאָלט האָט ער אָפּגע־היט עטלעכע פון זייערע מנהגים און געפאַסט אין דעם "גרויסן טאָג", אָבער די שבתים האָט ער בלויז אינערלעך אָפּגעהיט, ווײַל ווי אַ סטודענט האָט ער נישט געקענט אויפהערן שטודירן אום שבת. בײַ די "טעותים" האָט ער זיך געהאַלטן — אַזוי האָט ער געוואָלט איבערצײַגן זײַנע אומברחמנותדיקע ריכטערס — ביז יוני, ד"ה, אַ מאָנאַט פאַרן אַרעסטירט ווערן. דעמאָלט האָט ער געהערט ווי אַ פּריידיקער פון סאַנטאַ דאָמינגאָ פּריידיקט וועגן אונדזער האַרנטע, און, אַ באַלויכטענער פון הייליקן גײַסט און געטריבן פון געוויסנביסן, האָט ער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס געבאָט [משהס] און צוריק אָננעמען דאָס געזעץ פון קריסטוס, אונדזער האַר".

נאָכן דערציילן די דאָזיקע אומגעוויינטלעכע געשעעניש, וואָס האָט געמאַכט אַ קנאַפּן רושם אויפן געמיט פון די אינקוויזיטאָרן, שוין צוגעוווינטע צו אַזעלכע ניסים, האָט אַנטאָניאָ זשאָזע זיך גענומען עדות זאָגן קעגן אַנדערע יודאַיִזירנדיקע, און דאָס־אָ, האָט יאָ אויסגענומען; אָבער בלויז טיילווײַז, ווײַל ער האָט קוים אָנ־געגעבן אייניקע נעמען וואָס זיי האָבן שוין פון פריִער געוווּסט. אַזוי אַז זיי האָבן אים געוואָרנט, אַז אויף אויסצופּועלן זייער "באַרעמהאַרציקייט" דאַרף ער "אין גאַנצן אויסלאָדן זײַן געוויסן". און אַז זײַנע נײַע דערקלערונגען זײַנען אויך נישט געווען קיין צופרידנשטעלנדיקע, איז ער דעם 16טן אויגוסט גענומען געוואָרן אויף אַ שטרענגן פאַרהער.

אַז מע האָט אים געפרעגט: אין וואָס פאַר אַ גאָט האָט ער געגלייבט במשך די פינף יאָר אין וועלכע ער האָט — לויט ער האָט מודה געווען — זיך געהאַלטן בײַ זײַנע "טעותים", וועלכע תפילות האָט ער געדאַוונט און צו וועמען האָט ער מתפּלל געווען? האָט ער געענטפערט, אַז אין דער דערמאָנטער צײַט האָט ער גע־גלייבט אין איין אייניציקן אַלמעכטיקן גאָט, צו וועמען ער האָט זיך געווענדט מיטן געבעט "פאָטער נאָסטער", נישט דערמאָנענדיק דעם נאָמען יעזוס בײַם סוף.

אַז מע האָט אים געפרעגט: צי האָט ער אין יענער צײַט געגלייבט אין דער מיסטעריע פון דער הייליקער דרײַאייניקייט און אין קריסטוסן אונדזער האַר, און צי האָט ער אים געהאַלטן פאַרן אמתן גאָט און פאַרן משיח וואָס די תורה זאָגט־צו, אָדער האָט ער נאָך געוואַרט אויף זײַן קומען, אַזוי ווי די ייִדן וואַרטן אויף אים? האָט ער געזאָגט, אַז אין דער דערמאָנטער צײַט האָט ער נישט געגלייבט אין דער מיסטעריע פון דער הייליקער דרײַאייניקייט און אויך נישט אין קריסטוסן אונ־דזער האַר, ווײַל ער האָט אים נישט געהאַלטן פאַר דעם אמתדיקן גאָט און פאַרן צוגעזאָגטן משיח, אָבער וועגן דעם משיח ווייס ער גאָר נישט.

אַז מע האָט אים געפרעגט: אויב ער פלעגט אין יענער צײַט באַזוכן קירכן און אויב ער פלעגט אין זיי הערן מעסעס און דרשות, זיך מתוודה זײַן, זיך באַ־טייליקן אין הייליקן סאַקראַמענט און טאָן אַלע אַנדערע זאַכן וואָס עס טוט אַ קריסט, און מיט וואָס פאַר אַ כוונה האָט ער דאָס געטאָן? האָט ער געזאָגט, אַז ער פלעגט דעמאָלט טאָן דאָס אַלץ כדי יוצא צו זײַן פאַר דער וועלט.

אַז מע האָט אים געפרעגט: צי האָט ער אין יענער צײַט געהאַלטן זײַנע טעותים פאַר זינד און וועגן זיי דערציילט בײַם מתוודה זײַן זיך? האָט ער געזאָגט,

אַז ער האָט אין דער דערמאָנטער צײַט נישט געהאַלטן זײַנע טעותים פֿאַר קיין זינד און האָט דעריבער זיך נישט מתוודה געווען אין זיי.

אַז מע האָט אים געפרעגט: צי האָט דער אויסגעפרעגטער געוווסט אין יענער צײַט, אַז די אמונה אין משהס תורה און דאָס דורכפירן אירע מנהגים און צערע־מאָניעס זײַנען אין קעגנזאַץ מיט דעם וואָס עס האַלט, גלייבט און לערנט די הייליקע מוטער — די רוימישע קירך, און קעגן דער אַנגענומענער פירונג פון די טרײַע קריסטן? האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט אין דער דערמאָנטער צײַט גאַנץ גוט געוווסט אַז די צוויי אמונות זײַנען אַנדערש און קעגנזעצלעך.

אַז מע האָט אים, ענדלעך, געפרעגט: אין וועלכן גאָט גלייבט ער איצט און דורך וועלכן געבאָט האָפט ער אויסגעלייזט צו ווערן? האָט ער געזאָגט, אַז איצט גלייבט ער אין דעם איינציקן און דרײַיִקן גאָט און אין אונדזער האַר קריסטוסעס געבאָט, און האָפט צו ראַטעווען זײַן נשמה.

אָבער די אינקוויזיטאָרן האָבן זיך נישט באַנוגנט, נישט מיט זײַנע גיכע ענט־פערס, נישט מיט זײַן אַרויסשטעלן זיך ווי אַ גלייביקער קריסט. זיי האָבן פון אים געפאָדערט מער באַשולדיקונגען קעגן יודאַיִזירנדיקע. זעענדיק אַז ער ווײַזט נישט אַרויס קיין גרייטקייט דערצו, האָבן זיי אים געוואָרנט, אַז עס וואָלט בעסער געווען פאַר אים און מע וואָלט זיך אויף אים גיכער מרחם געווען, ווען ער זאָל זיך מודה זײַן אין זײַן חטא איידער דער באַשולדיקונג־אַקט ווערט אַרײַנגעטראָגן. זיי האָבן אויך, נישט געקוקט אויף זײַן עקשנות, „אים רחמימדיק אויסגעמוסרט, אין נאָמען פון קריסטוס אונדזער האַר, ער זאָל עפענען די אויגן פון דער נשמה און, פאַר־געסנדיק יעדע באַציִונג צו מענטשן וואָס זאָל אים קענען אָפּהאַלטן, זאָל ער מודה זײַן דעם גאַנצן אמת פון זײַן שולד, אויסגעבנדיק אַלע מענטשן וועגן וועלכע ער וויס אַז זיי האָבן זיך אָפּגעקערט פון דער אמונה״.

נעמענדיק אין באַטראַכט אַנטאָניאָ זשאָזעס דערקלערונג, אַז ער האָט מער נישט קיין זינד מודה צו זײַן, זײַנען זיי דערווײַל מער נישט צוגעשטאַנען. דאָך, האָט ער נאָך נישט געהאַט „אין גאַנצן אויסגעלאָדן זײַן געוויסן״, ווײַל שפּעטער האָט ער נאָך צוגעגעבן אַנדערע נעמען פון יודאַיִזירנדיקע מיט וועלכע ער האָט געהאַט באַציִונגען. אָבער אויך דאָס האָט נישט צופרידנגעשטעלט די אינקוויזיטאָרן, בײַ וועמען עס האָבן זיך געפונען געוויסע פּרטים אויף וועלכע דער באַשולדיקטער האָט זיך נישט געריכט. דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן אַרויסצורײַסן בײַ אים דורך פּײַניקונגען די סודות וואָס ער האָט באַהאַלטן. אַנטאָניאָ זשאָזע איז געשטעלט גע־וואָרן פאַר דעם דאָזיקן שרעקלעכן נסיון דעם 23סטן סעפּטעמבער 1726. זײַן גוף איז צוגעבונדן געוואָרן צום „לייטער״ אין אַכט פאַרשיידענע ערטער און ער איז געפּײַניקט געוואָרן פופצן מינוט. הגם ער האָט אַ סך געשריִען — פאַרצייכנט דער געהעריקער פּראָטאָקאָל — האָט ער בלויז גערופן צו גאָט, אָבער נישט צו קיין באַשטימטן גאָט אָדער הייליקן. ס'ווערט אויך אָנגעגעבן, אַז ער איז נישט געווען ביכולת אונטערצושרײַבן דעם פּראָטאָקאָל. דאָס באַווײַזט אַז פון דער קורצער דויער פון דער מאַטערניש האָט דער באַשולדיקטער קיין טובה נישט געהאַט: די האַרב־קייט האָט באַלאַנסירט די קורצקייט.

די זעלביקע אינקוויזיטאָרן וואָס האָבן פאַראורטיילט די גרויזאַמע פּייניקונג, ווײַל זיי האָבן געהאַלטן אַז זײַן ווידוי איז נאָר אַ טיילווײַזער, האָבן אָבער אין זייער פּסק־דין אויסגעדריקט עפּעס אַנדערש:

נעמענדיק אין אַכט אַז דער באַשולדיקטער האָט זיך מודה געווען אין זײַנע זינד און ער האָט גענוג אויסגעזאָגט וועגן זיך אַליין און וועגן זײַנע קרובים און אַנדערע מענטשן, און מיט דעם באַפרידיקט די עיקרדיקע אינפאָרמאַציע פון דער יוסטיץ, און זיך צופרידנשטעלנדיק מודה געווען אין זײַנע חטאים און יידישקייט פאַר וועלכע ער איז אַרעסטירט און באַשולדיקט געוואָרן, זאָל ער אויפגענומען ווערן אין דער איינהײַטלעכער געמיינשאַפט פון דער הייליקער קירך און זאָל ער זיך צושטעלן צום עפנטלעכן אויטאָ־דע־פע לויטן אָנגענומענעם שטייגער, מיט אייביקער תפיסה און שאַנד־בגד, און אויף דער צערעמאָניע זאָל ער אויסהערן זײַן פּסק־דין, אָפּשווערן זײַנע חטאים און אַז ער האָט פאַרדינט אַרײַנגעלייגט צו ווערן אין גרויסן חרם, פון וועלכן ער וועט באַפרײַט ווערן בהסכם מיט די קירכלעכע דינים, און מע זאָל קאָנפיסקירן זײַן גאַנץ פאַרמעגן פאַרן קעניגלעכן שאַצקאַמער, און אַנדערע שטראָפן וואָס דאָס געזעץ זעט־פאָרויס, און ער זאָל מקיים זײַן גײַסטיקע מחילות און געווינטלעכע אינסטרוקציע, און אַז מע דאַרף אים באַטראַכטן פאַר אַ כופר, לויט זײַן אייגענעם ווידוי, זינט דעם חודש אויגוסט 1721...

דעם 13טן אָקטאָבער 1726 איז פאָרגעקומען דער פייערלעכער אמונה־אַקט, אויף וועלכן אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ האָט, מיט די הענט אויף די הייליקע עוואַנגעליעס און פון זײַן „אייגענעם ווילן״, דערקלערט:

איך פאַרדאַם און וואַרף־אָפּ יעדן מין כפירה וואָס זאָל זײַן אָדער אויפשטיין קעגן אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה און אַפּאָסטאָלישער רעזידענץ אין רוים, און באַזונדערס די אין וועלכע איך בין אַרײַנגעפאַלן און וואָס זײַנען מיר איצט, אין מײַן פּסק־דין, פאָרגעלייענט געוואָרן, און איך נעם זיי אָן ווי זיי וואָלטן דאָ איבערגעזאָגט און דעקלאַרירט געוואָרן. און איך שווער צו האַלטן און היטן שטענדיק דעם הייליקן קאַטוילישן גלויבן וואָס עס לערנט די הייליקע מוטער — די רוימישע קירך; און אַז איך וועל שטענדיק זײַן זייער געהאָרכזאַם אונדזער זייער הייליקן פאָטער, דעם פּויפּס בענעדיקטוס דעם 13טן, אונדזער האַר, בישאָף, דער פאָרשטייער פון גאָטס קירך, און זײַנע נאָכפאָלגערס; און איך אָנערקען אַז די אַלע וואָס קומען קעגן אָט־דער הייליקער קאַטוילישער אמונה זײַנען ווערט פאַראורטיילט צו ווערן; און איך שווער קיין מאָל מיך נישט צו אייניקן מיט זיי און זיי פאַרפאָלגן און אויפדעקן דאָס וואָס איך ווייס וועגן זייער כפירה פאַר די אינקוויזיטאָרן און אָנפירערס פון דער הייליקער מוטער קירך; און איך שווער און זאָג־צו מקיים צו זײַן, אויף וויפל דאָס איז פון מיר אָפּהענגיק, די מחילות וואָס מע האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט; און ווען כ׳זאָל אויף ס׳נײַ אַרײַנפאַלן אין די זעלביקע טעותים אָדער אין וועלכן נישט איז אַנדערן מין כפירה, איז מײַן ווילן אַז מע זאָל מיך האַלטן פאַר אַ רעצידיוויסט און מע זאָל מיך באַשטראָפן לויטן געזעץ, און ווען עס זאָל זיך אַ מאָל אַרויסווײַזן דאָס פאַרקערטע פון דעם וואָס איך האָב דאָ מודה געווען פאַר אײַער גנאָד מיט מײַן שבועה, וויל איך די דאָזיקע פאַר־

געבונג זאָל מיר נישט גילטן און מע זאָל מיך אונטערוואַרפֿן צו דער שטרענגקייט און אויסבעסערונג פֿון די הייליקע קאַנאָנס.

ס׳איז איבעריק צו באַטאָנען, אַז דער דאָזיקער עפּנטלעכער און פֿײַערלעכער צוזאָג איז נישט געווען סתּם קיין פּאָרעם־ענין. פּונקט ווי די אינקוויזיטאָרן פֿלעגן אַרויסגעבן זייערע אורטיילן אין נאָמען פֿון דער גאָטהייט, האָבן די פֿאַרמשפּטע זיי אויך געמוזט אָננעמען ווי אַזעלכע. נישט נאָר זײַנען נישט וויכטיק געווען זייערע אינטימע געפֿילן, נאָר פֿאַרקערט, מיט אַזעלכע געפֿילן וואָלטן זיי פֿאַרדינט די גרעסטע שטראָף. דאָס האָט זייער גוט געוווּסט אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ, און דערפֿאַר האָט ער אַזוי פּאַטעטיש צוגעזאָגט און אויך געבעטן — מיט זײַן אייגענעם גוטן ווילן, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך — דאָס זאָל פֿאַרשריבן ווערן אין די פּראָטאָקאָלן. ער האָט צוריק געאָטעמט די פֿרײַע לופֿט דעם 23סטן אָקטאָבער 1726.

בקיצור, דער ערשטער פּראָצעס פֿון אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ, אַן איבערדערציילטער אין קורצן, דערווײַזט, אַז נישט געקוקט אויף דער פֿאַרלאָפֿענער צײַט זינט דעם געצוווּנגענעם שמד בײַם סוף פֿון 15טן י״ה, זײַנען זײַנע קרובים און ער אַליין נאָך אַלץ געווען צוגעבונדן צו דער ייִדישער טראַדיציע. ער דערווײַזט אויך, אַז ער איז נישט געווען דער איינציקער ליטעראַריש־באַרופֿענער אין דער פֿאַמיליע. און הגם זײַן פֿאָטערס שטעלונג בנוגע ייִדישקייט קומט אויס אַ ביסל מאָדנע, לאָזט זײַן אייגענע שטעלונג נישט קיין אָרט פֿאַר קיין צווייפֿל. זײַן צווייטער פּראָצעס וועט דאָס באַשטעטיקן.

## 4. אַנטאָניאָ זשאָזעס ווייב

אויב מע נעמט אין אַכט דאָס אָפּשטויסן דעם „נײַעם קריסט“ מצד דעם „אַלטן“, איז נישט קיין וווּנדער וואָס אַנטאָניאָ כאָסע האָט חתונה געהאַט מיט אַ מענטשן פֿון זײַן אָפּשטאַם. אָבער אין אָנבליק פֿון די וואָרענונגען וואָס די אינקוויזיטאָרן האָבן אים געמאַכט, מוז רופֿן די אויפֿמערקזאַמקייט זײַן חתונה האָבן מיט לעאָנאָר מאַריִאַ דע קאַרוואַלהאָ, אַ באַשטראָפֿטע דורך דער אינקוויזיציע פֿון וואַליאַדאָליד, וואָס איר מוטער איז דאָרט אומגעקומען אין די פֿלאַמען און אירע דרײַ ברידער זײַנען באַשטראָפֿט געוואָרן דורך די ליזאַבאָנער אינקוויזיטאָרן.

מאַריִאַ קאַרוואַלהאָ איז געבוירן געוואָרן אין 1709 אין קאָווילהאַ, „אַ באַרימט לאַנד פֿון ייִדן“, לויט ד׳אַסעוועדאָ. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ אין 1735; אָבער זי האָט בלויז געלעבט צוזאַמען מיט אים אַרום פֿינף יאָר, ווײַל איר מאַן האָט אויסגעהויכט זײַן לעצטן אָטעם אויפֿן אויטאָ־דע־פֿע פֿון 1739, אויף וועלכן אויך זי, איר שוויגער און איר שוואָגער זײַנען פֿאַרמשפּט געוואָרן.

## 5. דער קאָמעדיאָגראַף

נישט געקוקט אויף די מאָדערנע און אַלטע טעאָריעס וועגן די טרײַב־כּוחות פון דער ליטעראַרישער אָדער וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט, האָבן מיר ביז הײַנט נישט קיין צופרידנשטעלנדיקע דערקלערונג וועגן דעם. מיר קענען בעסער ווי אַמאָל די אויסערלעכע סיבות, אָבער מיר האָבן זיך קוים דערנענטערט צו די אינ־טימע. אַזוי אַרום אַז מיר וועלן נישט נעמען בלאָנדזשען אין טעאָריזאַציעס אַרום די אורזאַכן וואָס האָבן געטריבן דאַ סילוואַן זיך אָפּצוגעבן מיט שאַפֿן פאַרן טעאַ־טער. דאָס איז דעמאָלט נישט געווען קיין אָנגעזעענע באַשעפטיקונג און זי איז געטאָן געוואָרן נאָר צוליבן באַרוף.

זשואַן לוסיאָ ד'אַסעוועדאָ, דער מחבר פון דער אויספירלעכער ביאָגראַפיע פון אַנטאָניאָ זשואַן דאַ סילוואַ, דערקלערט גאָר נישט מיט זײַן באַמערקונג אַז ער האָט געוווינט נאָענט צו די פלעצער ווו מע פלעגט פאַרשטעלן קאָמעדיעס. אפשר קאָן דער פאַקט, אַז אויך זײַן פאָטער איז געווען אַ שרײַבער, בײַטראָגן עפּעס אַ באַלײַכטונג; אָבער דער פאָטער איז געווען אַ שרײַבער וואָס האָט געזוכט דעם געזעלשאַפטלעכן פּרעסטיזש, און אין דעם איז דער זון גאָר נישט ענלעך צו אים.

ס'איז נישט קיין ספק אַז ער האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרפאַסן טעאַטער־פּיעסעס אין 1737, ווען ס'איז צום ערשטן מאָל געשפּילט געוואָרן זײַן דאָן קיכאָט, נאָר אַ סך פריִער, מעגלעך אַז זינט ער האָט דורכגעלעבט די גרויזאַמע דערפאַרונג פון דער אינקוויזיציע.

מע האָט געזאָגט, אַז ער איז באַרימט געווען אין זײַן צײַט ווי אַ טעאַטער־שרײַבער. דער אמת איז, אַז דאָס איז געשען נאָך זײַן טויט, און גיכער איבער די טראַגישע אומשטאַנדן פון זײַן לעבן ווי צוליב זײַן אויסערגעוויינטלעכן טאַלאַנט. — אָבער ער איז בלי ספק געווען אַ זייער געשאַצטער קאָמעדיאָגראַף. אַ סימן — פון 1733 ביז 1738, בעת ס'האָט זיך געגרייט זײַן צווייטער פּראָצעס און אַפילו נאָך דעם אויסגאַנג פון פּראָצעס, האָבן זײַנע טראַגישע „אָפּעראַס" — מע האָט זיי אַזוי גערופן צוליב די מוזיקאַלישע נומערן — פאַרנומען די ליזאַבאָנער בינעס. בײַ דאַ סילוואַס לעבן, אָבער אָן זײַן נאָמען, זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן: לאַבירינטאָ דע קרעטאַ (ליזאַבאָן, 1736) און וואַריעדאַדעס דע פּראָטעו (ליזאַבאָן, 1737). אין 1744, ד"ה, פינף יאָר נאָך זײַן טויט, זײַנען זײַנע שאַפונגען אַרויס־געגעבן געוואָרן אין ליזאַבאָן אין צוויי בענד. הגם דער נאָמען פון מחבר איז דאָרט נישט אָנגעגעבן געוואָרן, איז געווען רעלאַטיוו לײַכט אים אַרויסצופאַר־שטיין פון אַן אַקראָסטיק. נאָך דעם האָבן די ווערק פון דעם ייִדן (זשודעו), ווי מע האָט אים גענומען רופן, געהאַט פיל אויפלאַגעס אין זייער אָריגינעלער שפּראַך, אין ליזאַבאָן און ריִאָ דע זשאַנעיראָ, און אייניקע זײַנען איבערגעזעצט געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן.

ד'אַסעוועדאָ שטעלט פעסט אַז ס'האָט נישט קיין זין צו זוכן אין די פּיעסן פון דעם ייִדן אָנצוהערענישן אויף זײַנע טרויעריקע איבערלעבונגען אין דער

אינקוויזיציע. אָבער זײַנע אַרגומענטן ציִען נישט איבער; חוץ דעם זײַנען זיי אויך סתירותדיק און ער אָנערקענט נישט קיין שום זאַך וואָס זאָל קענען זײַן אַפּילו גאָר לײַכט גינסטיק צו דער „סעקטע". אָבער אויב ס'איז אמת אַז די מאַראַנען האָבן — ווי ער אָנערקענט דאָס — זיך געהאַלטן טרײַ דער יידישער אמונה, נישט געקוקט אויף דער סכנה וואָס האָט אויף זיי געלויערט, טאָ פאַר וואָס איז נישט מעגלעך אַז אַנטאָניאָ זשאָזע זאָל זיך האָבן באַצויגן אומגינסטיק צו דער אינקוויזיציע, אַפילו ווען ער האָט זיך מיט דעם געשטעלט אין סכנה? בכל אופן, האָט ער דאָס געטאָן אויף אַ פאַרזיכטיקן און אַבסטראַקטן שטייגער, וואָס איז געווען אַן אַ שיעור ווינציקער געפערלעך ווי זײַן געהיימע יידישקייט, וואָס האָט אים גע־פירט צום טויט.

ס'איז איבעריק אונטערצושטרײַכן אַז זײַן אייגענע דערפאַרונג און די דערפאַרונג פון זײַן מוטער און ברידער אינעם עינויים־קאַמער האָט געמוזט לאָזן אַן אייביקן שפּור אין דער פילבאַרער זעל פון דעם שרײַבער. די פאָלגנדיקע שורות באַשטעטיקן עס טאַקע, הגם זיי זײַנען אָנגעשריבן מיט דער גרעסטער פאַרזיכטיקייט:

טיראַניש מזל, שטרענגער שטערן,
וואָס האָט בײַז אויסגעווירקט, מיט מאַטן ליכט,
אַזאַ שטרענגע שטראָף קעגן אַן אומשולדיקן!
וואָס פאַר אַ פאַרברעך בין איך באַגאַנגען, איך זאָל מוזן פילן
די וואָג פון דער דאָזיקער מאַטערנדיקער קייט,
און די שרעק פון דער פּײַנפולער געפענקעניש,
וואָס אין איר טרויעריק־מרה שחורהדיקער געבײַדע
הויזן צעטומלונג און פּחד?
נאָר אויב, אומברחמנותדיקער שטערן,
אויב שולד מיינט פרײַ פון שולד זײַן, דאַן בין איך שולדיק!
אָבער, אויב מײַן שולד איז קיין שולד ניט,
טאָ נאָך וואָס האָסטו בײַ מיר רויבעריש צוגענומען
דעם גלויבן, דאָס ווײַב, די פרײַהייט?

— — — — — — — — — — — — — —

אָ, וואָס פאַר אַ ווילדן פּײַן
איך פיל אין מײַן ברוסט!
מײַן ווײַב פאַראַכט מיך,
דאָס לאַנד פאַראַכט מיך,
אַפילו דער הימל האָט, ווײַזט אויס,
נישט קיין רחמנות
אויף אַן אָרעמען לײַדנדן.
דאַך, אָ, געטער, זײַט איר גערעכט
ווען איר קומט, הערשערישע,

דעם דאָזיקן אומשולדיקן
הײַנט באַשטראָפן!
— — — — —

דער טויט איז שטענדיק אַ מאַטערניש;
אויב ער איז קורץ, איז ער מילדער.
נאָן ס׳זײַנען נישט פאַראַן קיין ערגערע לײַדן
ווי די פון אומקומען לאַנגזאַם אויפן פײַער.
ס׳איז אַט־דער ווילדער אופן
דער טויט דער גרויזאַמסטער,
שפּעט געניסט מען פון זײַן סוף

ווײַל ער איז לאַנג, איז ער האַרבער;
ווײַל ער ציט זיך, איז ער פּײַנלעכער.

ווי געזאָגט, האָבן די דאָזיקע שורות, צווישן דער צאַלרײַכער און אָפּט סדרלאָזער טעאַטער־פּראָדוקציע פון אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ, נישט גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון די אינקוויזיטאָרן. אויב אויך די פון עולם — דאָס ווייסן מיר נישט, ווײַל ס׳זײַנען נישט געווען קיין מיטלען ווי דער עולם זאָל זיך אויסדריקן. בכל אופן זײַנען זיי נישט געמסרט געוואָרן פאַר דער אינקוויזיציע. אָבער ווען די דאָזיקע אינסטיטוציע איז בטל געוואָרן, איז דער טראַגישער גורל פון דעם קאָמעדיאָגראַף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טעמע פון עסייען און ראָמאַנען פון פּאָרטוגעזישע און בראַזיליאַנישע שרײַבערס.

## 6. דער צווייטער פּראָצעס פון אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ

אַז די אינקוויזיציע באַוואַכט אים, אַז די ליזאַבאָנער קנאים לאָזן פון אים קיין אויג נישט אַראָפּ — דאָס האָט אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ גוט געוווסט. און ער האָט זיך פאַר זיי געהיט. נאָר איין זאַך האָט ער באַמערקט אפשר צו שפּעט, הגם נישט אַזוי שפּעט ווי אויף איבערצוגעבן וועגן דעם אין דער אינקוויזיציע, אַז דער שונא האָט געוווינט אין זײַן אייגן הויז. דאָס איז געווען אַ שקלאַפֿין פון דער משפּחה, מיטן נאָמען לעאָנאָר גאָמעס. דעם 5טן אָקטאָבער 1737 האָט די שקלאַפֿין אינפאָרמירט דער אינקוויזיציע, אַז מיט אַכט טעג פריִער „האָט די דערמאָנטע פרוי, לאָורענסאַ קאָוטיניאַ, און איר שוועסטער איזאַבעל קאַרדאָסאַ, זיך געוואַשן דעם דערמאָנטן דאָנערשטיק אין דער פרי; און אַזוי האָבן געטאָן איר זון, אַנטאָניאָ זשאָזע, און זײַן ווײַב, לעאָנאָר מאַריאַ, פרײַטיק פאַרן עסן. די דעקלאַראַנטין האָט שוין געהאַט אויסגערייניקט אייניקע צימערן דאָנערשטיק, און פרײַטיק אין דער פרי האָט זי געוואַשן און געררייניקט דאָס צימער ווו עס שלאָפן דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ זשאָזע און זײַן ווײַב לעאָנאָר מאַריאַ, ריין מאַכנדיק אויך די הענט און אויסרייניקנדיק אַלץ זייער גוט, ווײַל אַזוי האָט איר געהאַט געהייסן די דערמאָנטע

פרוי, נישט בלויז צו דער דאָזיקער געלעגנהייט, נאָר יעדעס מאָל ווען זיי האָבן דורכגעפירט אַזעלכע צערעמאָניעס, און די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַריאַ האָט פאַרבעט דאָס בעט אײנע אַליין, נישט רופנדיק זי צו הילף, און אויסגעלייגט דאָס ריינע בעטגעוואַנט מיט דער גרעסטער ציכטיקייט, און נאָך דעם, ווען די זון איז שוין אונטערגעגאַנגען, נאָענט צו די אָווע מאַריאַס, האָט זי גענומען וויינען, זאָגנדיק אַז עס טוט איר ווי דאָס לײַב און אַז זי איז קראַנק, און די דאָזיקע דעקלאַראַנטין האָט זיך אָפגעגעבן חשבון אַז אַלץ איז אין איר אַן אָנשטעל און שווינדל, ווײַל פלוצעם האָט זי גענומען זאָגן אַז זי פילט זיך שלעכט; און די דאָזיקע דעקלאַראַנטין קען נישט זאָגן אויב די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַריאַ האָט געגעסן אָוונטברויט דעם דערמאָנטן פרײַטיק, ווײַל דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ זשאָזע, איר מאַן, האָט זי נישט אַרײַנגעלאָזט אין דערמאָנטן צימער נאָך דעם ווי די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַריאַ האָט זיך אַוועקגעלייגט; אָבער דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ זשאָזע האָט געגעבן דער דאָזיקער דעקלאַראַנטין אַ טעלער סאַלאַט מיט אייער, וואָס זי ווייס נישט און קען נישט זאָגן צי ער האָט פון דעם געגעסן אָדער נישט, אָבער דאָס וואָס זי ווייס איז אַז אויף צו מאָרגנס, שבת, זײַנען אַלע פיר געגאַנגען אָנגעטאָן געוואַשענע העמדער, און די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַריאַ און איר מאַן — בײַדע, און זיי האָבן דעם גאַנצן טאָג נישט געגעסן, נישט געטרונקען; און די דערמאָנטע לעאָנאָר מאַריאַ האָט געזאָגט דער דעקלאַראַנטין אַז גאָט אַנטוישט קיין מאָל נישט, אַז זיי האָבן שוין וואָס צו עסן אין אָוונט, ווײַל איר שוועסטער, פאַסקאָאַ דאָס רעיעס, האָט איר געהאַט צוגעשיקט געפרעגלטע פיש און אַ קאַלאַבאַש, און די געפרעגלטע פיש, וואָס זײַנען געווען lenguados האָט די דעקלאַראַנטין געזען ווי די באַלעבאַטים האָבן זיי באַהאַלטן אין אַ שאַפע, אָבער זיי האָבן גאָרנישט דערמאָנט וועגן עסן, און זי האָט פאַר זיך נישט געמאַכט מער ווי אַ פליטש bacalao און אַ ביסל רײַז וואָס דער דערמאָנטער אַנטאָניאָ זשאָזע האָט בײַ איר געבעטן פאַר זײַן מוטער; [אָבער] אַלץ איז געווען אָנשטעל, ווײַל קיין איינער פון זיי האָט נישט געגעסן, כאָטש זיי האָבן איר געזאָגט אַז זי האָט קיין מאָל נישט צוגעגרייט אַזוי געשמאַק רײַז ווי דאָס מאָל, און ס'איז גאָר נישט מעגלעך געווען זיי זאָלן דאָס האָבן אויפגעגעסן אין דער צײַט, ווײַניקער ווי אַן אויגנבליק, ווען זיי האָבן אויפגעגעבן אַ ביסל רײַז אויף אַ טעלער און האָבן דאָס צוריקגעבראַכט, און דאַן האָבן זיי עס שטאַרק אויסגעלויבט".

זי האָט אויך געזאָגט אַז אָפט מאָל „זײַנען זיי נישט געגאַנגען צו דער מעסע, די דערמאָנטע פרוי, איר שוועסטער, זון און שנור; אַז בדרך כלל זײַנען זיי געווען געזונט אַלע טעג פון דער וואָך, אָבער אַז ס'איז אָנגעקומען שבת, האָבן זיי געמאַכט דעם אָנשטעל אַז זיי זײַנען קראַנק, אויף נישט צו אַרבעטן און נישט גיין צו דער מעסע זונטיק, און בלויז ווען די אינקוויזיציע האָט פאַרהאַלטן עטלעכע מענטשן האָבן זיי געפילט פרומקייט זי צו גיין הערן. און אין דער הייליקער וואָך זײַנען זיי נישט געקומען אין קירך אַרײַן אַפילו נישט צום הייליקן מיטוואָך, נישט דעם הייליקן פרײַטיק, נישט שבת. איבער אַלע דערציילטע פאַקטן גלייבט זי אַז אַלע דערמאָנטע פערזאָנען פון דער שטוב, מיטן אויסנאָם פון באַלטאַסאַר ראָדרי־

געז און זײַן פרוי אַנטאָניאַ טעאַדאָראַ, וואָס לעבן קאַטויליש, — זײַנען אַלע אַנ־דערע כופרים, אָפּגעקערטע פון דער אמונה און נישט פאַרבעסערטע, ווײַל פאַרן אַרעסטירט ווערן און נאָך דעם ווי זיי זײַנען אַרויס [פון תפיסה] האָבן זיי שטענ־דיק געלעבט אויפן זעלבן אופן".

עס בלײַבט נאָר צוצוגעבן אַז די דינסט האָט, ווי געוויינטלעך, געשוואָרן אַז נישט מחמת האַס מסרט זי אירע באַלעבאַטים, נאָר כדי „אויסצואַלדן איר געוויסן".

אַוודאי האָט זי געזאָגט ליגן, אָבער נישט דערפאַר שטעלן מיר זיך אָפּ אויף דעם דאָזיקן מאָמענט, נאָר ווײַל ס'איז פאַראַן אַ פּרט וואָס ווערט אין ערגעץ נישט דערמאָנט: די מוסרטע אַליין איז פאַרשפאַרט געוואָרן, איבער איר זײַן אַ שקלאַפין. לויט די פּעאַדאַלע געזעצן — און די אינקוויזיציע איז אייגנטלעך געווען אַ פעאַדאַלע אינסטיטוציע — האָט די שקלאַפין וואָס האָט באַשולדיקט איר באַ־לעבאָס ביי אַ קרימינעלן פּראָצעס געמוזט אויסגעפרווווט ווערן דורך פּײַניקונגען. אָבער ווײַל לעאָנאָר גאָמעס איז געווען אין די הויכע מאָנאַטן פון איר שוואַנגער־שאַפט, איז זי דורך אַן אַקט פון אינקוויזיטאָרישער „גנאָד" בלויז פאַרשפאַרט גע־וואָרן אין זייערע תפיסות. דאָרטן האָט זי געבוירן אַ טעכטערל וועמענס קומען אויף דער וועלט איז געווען די סיבה פון אַנטאָניאַ זשאָזע דאַ סילוואַס גרויזאַמען טויט.

כאָטש ד'אַסעוועדאָ ציטירט אַנדערע מסירות קעגן אַנטאָניאַ זשאָזע, באַקומט זיך פון די פּראָטאָקאָלן פון פּראָצעס אַז דעם מינדלעכן באַפעל אים צו פאַרהאַלטן האָט אַרויסגעגעבן, דעם 5טן אָקטאָבער 1737, דער הויפּט־אינקוויזיטאָר אַליין, ווײַל עס זײַנען נישט געווען די צוויי נייטיקע עדות אים צו אַרעסטירן. טאַקע דערפאַר איז מען אָנגעקומען צו אַ מיטל וואָס ווערט נישט פאָרויסגעזען אין די קאָנסטיטוציעס פון „הייליקן טריבונאַל". די אַנדערע עדותשאַפטן קעגן אַנטאָניאַ זשאָזע האָבן שפּעטער גענומען שטראָמען צום טיש פון נקמה־דאָרשטיקן געריכט.

## 7 די תעניתים אין תפיסה

די ערשטע מסירות זײַנען געקומען פון זײַנע תפיסה־וועכטערס. דעם 8טן אַפּריל 1738 האָט פערנאַנדאָ קאַרדאָסאָ, פּאַרוואַלטער פון די געהיימע תפיסות, איבערגעגעבן די אינקוויזיטאָרן אַז „צוליב די אויפגאַבעס פון זײַן אַמט און לויט דעם באַפעל פון דעם טריבונאַל האָט ער באַפוילן די שומרים צו באַוואַכן דעם אַרעסטאַנט אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ", און די ערשטע אינפאָרמאַציע איז געווען אַז ער פאַסט „יידישלעך". די אינקוויזיטאָרן האָבן פאַרצייכנט אָט־די דערקלערונג אין זייערע פּראָטאָקאָלן און געהייסן דעם פּאַרוואַלטער ער זאָל „באַוואַכן דעם אַרעסטאַנט לויטן סדר און נוסח פון דער הייליקער אינקוויזיציע", ד"ה, מיט איין באַגלייטער אָדער מער, אויף צו באַשטעטיקן דאָס דערקלערטע.

דעם 12טן אַפּריל האָט אַ „פאַמיליאַר" פון דער אינקוויזיציע, ד"ה, אַ דינער און גלײַכצײַטיק אַ מיטגליד פון דער אינקוויזיציע, מאַקסימיליאַנאַ גאָמעס סילוואַ,

צו וויסן געגעבן זײַנע האַרן אַז דעם 10טן ד״ח, האַלב זעקס אין דער פרי, האָט ער, צוזאַמען מיט זיין באַגלייטער אין דער נאָכשפּיר־אַרבעט, אַנטאָניאָ ראָדריגעס ענריקעס, גענומען קוקן דורכן „יודאָש" פון אַנטאָניאָ זשאָזעס צעל. ביידע האָבן געזען ווי יענער איז אויפגעשטאַנען פון בעט, זיך נישט איבערגעצלמט און נישט געבעטן גאָט, נאָר גענומען דעם פרישטיק וואָס מען האָט אים געהאַט אַרײַנגעטראָגן און אַרויסגעגאָסן אין דער „אומריינער כלי". נאָך דעם איז ער אַרומגעגאַנגען מיט די הענט אין זײַן רעקל און האָט באַוועגט מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט געדאַוונט. האַלב עלף, ווען מען האָט אים נאָך אַ מאָל אויפגעגעבן עסן, האָט ער עס ווידער אַרײַנגעוואָרפן אין דער דערמאָנטער „כלי". גאָמעס דע סילוואַ האָט אין יענעם טאָג מער נישט געזען, ווײַל עס האָט אים פאַרטראָטן אַ צווייטע וואַך.

אַז די אינקוויזיטאָרן האָבן אים געפרעגט אויב ער האָט, אין דעם צײַט־אָפּשניט וואָס ער האָט נאָכגעקוקט דעם פאַרשפּאַרטן, אים געזען טאָן עפּעס אַ טאַט פון אַ קאַטאָליק?, האָט ער געענטפערט אַז דורך דער גאַנצער צײַט וואָס ער האָט אים באַוואַכט „האָט ער אים נישט געזען טאָן קיין שום טאַט פון אַ קאַטאָליק, און ער וואָלט דאָס נישט געקענט האָבן געטאָן אַז דער עדות זאָל דאָס נישט באַמערקן, ווײַל ער האָט כסדר געקוקט דורכן פענצטערל".

אַז מע האָט אים געפרעגט: וואָס פאַר אַ מיינונג האָט ער וועגן דעם אַרעסטאַנט וואָס וואַרפט־אַרײַן זײַן עסן אין דער דערמאָנטער „כלי"?, האָט ער געענטפערט:

אַז לויט דער דערפאַרונג וואָס ער האָט פון אַזעלכע תעניתים, פאַרשטייט ער אַז דער דערמאָנטער געפאַנגענער האָט אין יענעם טאָג געפאַסט לויטן ייִדישן דין און דערפאַר האָט ער נישט געגעסן דאָס עסן וואָס מע האָט אים אַרײַנגעגעבן, נישט עפּעס אַנדערש, און נישט געטרונקען.

דעם זעלביקן טאָג ווי דער פריִערדיקער „עדות" איז פאַרהערט געוואָרן אַנטאָניאָ גאָמעס עסטעוועס, פון דער צווייטער טורמע. ער האָט געזאָגט, אַז אויפן באַפעל פון פאַרוואַלטער, האָט ער, צוזאַמען מיט אַנטאָניאָ באַפּטיסטאַן, באַוואַכט אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַן דעם 10טן אַפּריל, און ער האָט פעסטגעשטעלט אַז דער געפאַנגענער האָט נישט געגעסן. זײַנע מיטאַרבעטערס אַנטאָניאָ ראָדריגעס ענריקעס און אַנטאָניאָ באַפּטיסטאַ האָבן באַשטעטיקט די באַשולדיקונג.

צוויי טעג נאָך דער ערשטער מסירה האָבן די פּלײַסיקע שמשים פון דער אינקוויזיציע איבערגעגעבן וועגן אַ נײַעם תענית פון אַנטאָניאָ זשאָזע. זעלבסט־פאַרשטענדלעך, האָבן די אינקוויזיטאָרן אויך דאָס מאָל אויסגעפרעגט די „עדות" אין איינקלאַנג, בלי ספק, מיט זייערע „קאָנסטיטוציעס". דער ערשטער אויסצופירן די צוגעטיילטע ראָלע איז געווען דער פאַמיליאַר פעדראָ דאַ סילוואַ דע אַנדראַדע. ער האָט דערקלערט אַז אין דעם דערמאָנטן טאָג, האַלב זעקס אַ זייגער אין דער פרי, איז אַנטאָניאָ זשאָזע אויפגעשטאַנען פון בעט, „ער האָט אַרומגעשפּאַצירט איבער דעם צימער עטלעכע מאָל, אָבער ער האָט נישט געטראָגן די פּאַטשערקעס און נישט נאָכגעקוקט דעם געבעט־זמן אין דעם בויגן וואָס איז געלעגן

אויף אַ קויש. אַזוי האָט ער געטאָן ביז מיטיקצײַט. דאַן זײַנען געקומען די וועכ־טערס און אים געבראַכט אַ פּאַרציע פלייש, וואָס ער האָט אַרײַנגעלייגט אין אַ שיסל, און ווען ער איז צוריק אַרײַן [אין זײַן צעל], האָט ער אַרײַנגעגאָסן די יויך אין דער „אומריינער כלי" און די שיסל מיט פלייש האָט ער אַוועקגעשטעלט אויף אַ פּאַליצע צופוסנס פון בעט, דערנאָך האָט ער זיך געוואַשן די הענט און זיך אַוועקגעלייגט".

נאָכן ענטפערן אַפירמאַטיוו אויף אַלע פראַגעס פון די אינקוויזיטאָרן, אַזוי ווי די אַנדערע „עדות", האָט ער, אויך ווי זיי, געזאָגט אַז ער איז איבערגעצײַגט אַז דער באַשולדיקטער האָט יענעם טאָג „געפאַסט ווי אַ ייד". זײַנען עדות־זאָגן איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דאָמינגאָ קאַרוואַלהאַ, וואָס האָט אויסגעפירט די באַפעלן פון דער אינקוויזיציע נאָך מיטאָג. ער האָט געזאָגט אַז, באַוואַכנדיק אים דורכן „יודאַש", האָט ער אים געזען ליגן אין בעט ביז נאָך דרײַ אַ זייגער, ווען ער איז אויפגעשטאַנען און איז זיך דורכגעגאַנגען איבערן צימער, ביז 4. דעמאָלט האָט ער אָנגעשעפּט וואַסער אין צווי קרוגן און זיי אַוועקגעשטעלט לעבן דעם קויש, גענומען די שיסל און אַרײַנגעוואָרפן דאָס פלייש וואָס אין איר אין דער „אומריי־נער כלי". דערנאָך האָט ער אַ טייל פון דעם וואַסער אַרײַנגעגאָסן אין דער שיסל און מיטן איבערגעבליבענעם זיך געוואַשן די הענט, פאַרזעצנדיק זײַן שפּאַציר איבערן צימער. נאָך דעם האָט ער אַ קוק געטאָן אויף דעם געבעט־לוח וואָס אויפן קויש און זיך אַרײַנגעלייגט אין בעט ביז זעקס, ווען ער איז אויפגעשטאַנען און האָט ווײַטער אַרומגעשפּאַצירט, האַלטנדיק כסדר די הענט אין די אַרבל פון זײַן רעקל.

אַוודאי האָבן די אינקוויזיטאָרן אויך אים געפרעגט: וואָס פאַר אַן אײַנדרוק האָט ער פון דעם פאַרשפּאַרטנס פירונג? און אויך ער האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געענטפערט אַז, לויט זײַן מיינונג, האָט ער געפאַסט אויפן ייִדישן שטייגער.

די דאָזיקע אָנקלאַגע איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך מאַטהעוס דאָס סאַנטאָס און אַנטאָניאָ עסטעוועס ריבעירא, ביידע נידעריקע באַאַמטע פון דער אינקוויזי־ציע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט נאָכקוקן דעם אַרעסטאַנט.

דעם 18טן אַפּריל איז צום דריטן מאָל אינפאָרמירט געוואָרן אַז אַנטאָניאָ זשאָזע פראַוועט תעניתים אין תפיסה. אַנטאָניאָ גאָמעס עסטעוועס האָט צו וויסן געגעבן די אינקוויזיטאָרן אַז דעם 15טן פון דעם זעלביקן חודש, פינף אַ זייגער אין דער פרי, איז דער אַרעסטאַנט אויפגעשטאַנען פון זײַן בעט, האָט זיך אָנגעטאָן, געוואַשן די הענט און אַ ווײַלע געשטאַנען אויף די קני אין אַ ווינקל פון דער צעל. נאָך דעם, „האַלב אַכט אַ זייגער אין דער פרי", האָט דער דערמאָנטער אַרעסטאַנט געעפנט דעם קויש און אַרײַנגעוואָרפן אַ שיסל מיט עסנוואַרג אין דער „אומריינער כלי" און האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט; אַ ביסל שפּעטער איז ער אויפגע־שטאַנען און זיך עטלעכע מאָל דורכגעשפּאַצירט. ענדלעך האָט ער גענומען אַ שיסל און אין איר אַרײַנגעלייגט צוויי אייער וואָס ער האָט האָט געהאַט גענומען פון צווישן אַנדערע אייער וואָס ער האָט געהאַט און אויך מאַראַנצן, און ווען דער וועכטער אַנטאָניאָ פראַנציסקאָ ראָדריגעס האָט אים געבראַכט צו עסן, האָט דער

געפאַנגענער צוגענומען דאָס עסן און געגעבן דעם וועכטער די צוויי אייער וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער שיסל, און באַלד איז ער געגאַנגען אויסגיסן די יויך פון זײַן פּאָרציע אין דער „אומריינער כלי", אָוועקגעשטעלט אויף דער פּאָליצע די שיסל מיטן פלייש, געוואַשן די הענט און זיך געלייגט אויפן בעט".

נאָך די געווײנטלעכע פּראַגעס, האָט אויך דער „עדות", פּונקט אַזוי ווי די פריערדיקע, אויסגעדריקט זײַן איבערצייגונג אַז אין דעם דערמאָנטן טאָג האָט דער אַרעסטאַנט „געפאַסט ווי אַ ייִד". זײַנע ווערטער זײַנען באַשטעטיקט געוואָרן דורך פראַנציסקאָ דאָס רעיס קאַמפּאָס, וועלכער האָט צוויי מאָל געזען דעם באַשולדיקטן קניִען אין אַ ווינקל צימער, ווי ער וואָלט געבעטן גאָט. אָבער ווען מע האָט אים געפרעגט צי אין דער צײַט ווען ער האָט אים באַוואַכט האָט ער אים געזען טאָן אַ טאַט פון אַ קאַטאָליק און צי ער האָט געדאַוונט די „אַווע מאַריִאַס", האָט ער געענטפערט אַז ער האָט אים געזען קניִען און זיך איבערצלמען ווען מע האָט אויסגעשפּילט די „אַווע מאַריאַס", אָבער ער ווייס נישט צי האָט ער באמת געבעטן גאָט אָדער דאָס איז געווען בלויז אָנשטעל.

אַז מע האָט אים נאָך דעם געפרעגט, אַזוי ווי די אַנדערע „עדות", אויף זײַן מיינונג וועגן דעם אַרעסטירטן, האָט ער געענטפערט, אַז לויט זײַן דערפאַרונג אין אַזעלכע פאַלן, איז זײַן מיינונג אַז דער באַשולדיקטער „האָט געפאַסט ווי אַ ייִד, ווײַל אויף דער נאַכט האָט ער נישט געגעסן קיין פליישיקע זאַכן".

מאַקסימיליאַנאָ גאָמעס דאָ סילוואַ, וואָס האָט זײַן גבֿיית־עדות געשטיצט, ווי געווינטלעך, אויף דער באַוואַכונג דורכן „יודאַש", האָט צו דער אינפאָרמאַציע פון זײַנע קאָלעגן צוגעגעבן אַז ווען דער באַשולדיקטער האָט געהערט דעם רוף צו „אַווע מאַריאַ" האָט ער זיך דערנענטערט צו דער טיר און — לויט זײַן פאַרשטאַנד — געזוכט צו געפינען דעם שטערן, אָבער, נישט דערזעענדיק אים, האָט ער גע־וואַרט עס זאָל ווערן נאַכט און דאַן האָט ער געגעסן וועטשערע.

אויף דער פראַגע פון די אינקוויזיטאָרן אין שייכות מיט זײַן מיינונג וועגן דעם געפאַנגענעם, האָט ער געזאָגט אַז הגם ער האָט געקניט און זיך געצלמט ווען מען האָט גערופן צו „אַווע מאַריאַ", איז אַ צווייפל אויב ער האָט דאָס געטאָן אויפ־ריכטיק. חוץ דעם איז ער געווען זיכער אַז ער האָט יענעם טאָג „געפאַסט ווי אַ ייִד".

דעם 19טן אַפּריל איז אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ צום פערטן מאָל געמסרט געוואָרן. דער פאַמיליאַר אַנטאָניאָ דע מאַטאָס דאָס סאַנטאָס, וואָס האָט געדינט אין דער ערשטער וואַך, האָט איבערגעגעבן די אינקוויזיטאָרן אַז — לויט זײַן מיינונג — האָט דער באַשולדיקטער „געפאַסט ווי אַ ייִד" דעם 16טן אַפּריל. זײַן עדות זאָג איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן פאַמיליאַר לויִס זשואַן דע אַברעאָ, פון דער צווייטער וואַך. דער לעצטער האָט באַטאָנט אַז נאָך זיבן אַ זייגער פאַר נאַכט, נאָכן קלינגען צו די אַווע מאַריאַס, איז דער באַשולדיקטער צוגעגאַנגען צו דער טיר און זיך אָפּגעשטעלט דאָרט אַ ווײַלע. פאַר וואָס? דאָס האָט ער נישט געזאָגט, אָבער ער האָט געטענהט אַז יענער האָט „געפאַסט ווי אַ ייִד".

דעם זעלביקן טאָג האָבן די אינקוויזיטאָרן אויף פאַרצייכנט דאָס עדות זאָגן פון די פאַמיליאַרן זשאָזע קאָעלאָ מוניס און פראַנציסקאָ אַנטונעס דאַנטאַס.

דעם 21סטן אַפּריל האָט דער פאַמיליאַר פעליפּע ראַדריגעס, זיך האַלטנדיק שטענדיק אויף דער וואַך, אַזוי ווי זײַנע קאָלעגן, דענונצירט אַנטאָניאָ זשאָזעס פּינפּטן תענית, וואָס ער האָט געהאַלטן דעם 17טן אַפּריל. זײַן אָנקלאַגע איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן פאַמיליאַר אַנטאָניאָ גאָמעס פּרעגאָ פון דער צווייטער טורנע, וועלכער האָט פאַרזיכערט אַז דער געפאַנגענער טוט נישט קיין שום טאַט פון אַ קאַטאָליק, אויסער קניִען בײַ דער טיר פון זײַן קאַמער. ער האָט אויך געזאָגט אַז ער האָט אַרײַנגעוואָרפן זײַן טעגלעכע פאַרציע פלייש אין דער „אומריינער כלי" און אַז ער האָט דאָס געטאָן ווײַל ער האָט „געפאַסט ווי אַ ייִד". דעם זעלביקן טאָג האָט דער פאַמיליאַר זשואַן גאָמעס דע קאָסטאַ עדות געזאָגט מיט די אייגענע ווערטער.

דעם 8טן מײַ 1738 האָבן די אינקוויזיטאָרן גערופן צו זיך אַנטאָניאָ זשאָזען, ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַ געוויינטלעכן ביוראָקראַטישן ענין, און האָבן אים געשטעלט אַ פּאָר אומשולדיקע פראַגעס, גענוג ווי צו דערמעגלעכן אַז זייערע „עדות" זאָלן זען דעם געפאַנגענעם און באַשטעטיקן אַז דאָס האָבן זיי געמיינט אים.

אַזוי איז אויסגעפירט געוואָרן אַ טייל פון דער אינקוויזיציע־פּראָצעדור אין דעם פּראָצעס קעגן זשאָזע אַנטאָניאָ דאַ סילוואַ.

## 8. די אָנקלאַגעס פון זשאָזע לויס דע אַסעוועדאָ און פון בעניטאָ פערעיראַ

אויף אַרויסצוקריגן נאָך באַווײַזן קעגן דעם באַשולדיקטן, האָבן די אינקוויזיטאָרן אַרײַנגעזעצט אין זײַן צעל, דעם 20סטן אָדער 21סטן יוני, איינעם אַן אַרעסטאַנט מיטן נאָמען זשאָזע לויס דע אַסעוועדאָ, אַ נײַ־קריסט פון אוויס, בײַשאָפּטום פון עוואָראַ, פון פאַך אַ שמיד. דעם 10טן יולי האָט דע אַסעוועדאָ זיי איבערגעגעבן אַז ווען ער האָט זיך באַפרײַנדעט מיט זײַן שכן און האָט אים געזאָגט אַז ער געפינט זיך אין תפיסה איבער „עבירות פון ייִדישקייט וואָס ער איז נישט באַגאַנגען", האָט ער אים געענטפערט אַז אויך ער זיצט איבער דעם זעלבן פאַרברעכן, ווי אַ רעצידיוויסט, הגם אויך אָן אַ גרונט. דער „עדות" האָט צוגעגעבן אַז מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט ער פאַרטרויט זײַן באַגלייטער אַז „ער האָט געהאַט געלעבט אין משהס געבאָט ווײַל ער האָט פאַרשטאַנען אַז עס איז גוט און ריכטיק פאַר דער רעטונג פון די נשמות, אָבער אַז ער האַלט בײַם אויפגעבן דאָס און נישט גלייבן מער אין דעם אויף ווײַטער". אויף דעם האָט געענטפערט דאַ סילוואַ ער זאָל נישט מודה זײַן אַזאַ מין פאַרברעך, און נישט בעטן אָפּט קיין אוידיענצן ווײַל, ווען מע זאָל וועלן עפּעס וויסן וואָלט מען אים גערופן.

ווײַטער האָט געזאָגט דער מסור, אַז ער האָט געהאַלטן 6 אָדער 7 „ייִדישע תעניתים אין תפיסה צוזאַמען מיט אַנטאָניאָ זשאָזען, נישט עסנדיק און נישט טרינק־

קענדיק ביז נאַכט", ווײַל דאַ סילוואַ האָט אים געהאַט געזאָגט, אַז דאָס איז דער ייִדישער שטייגער פון פאַסטן. ווען עס האָט זיך דערנענטערט די חגא פון הייליקן גײַסט האָט ער געזאָגט צו זײַן באַגלייטער אַז ער באַשליסט „נישט צו פאַסטן מער קיין ייִדישע תעניתים, אויפגעבן די אמונה אין משהס תורה און פאָלגן קריסטוס אונדזער האַרס געזעץ און נאָר דורך דעם האָפן אויף זײַן רעטונג; און אַז מיט דעם ציל איז ער גרייט זיך מודה צו זײַן אין זײַנע זינד".

אַנטאָניאָ זשאָזע האָט גאָר נישט געענטפערט אויף דעם וואָס מע האָט אים פאַרטרויט, קענענדיק גוט די שווערע פאָלגן וואָס דאָס האָט געקענט האָבן פאַר אים. ווי מיר ווייסן שוין, האָט אים דע אַסעוועדאָ טאַקע אויסגעגעבן. חוץ דעם, האָט ער געבעטן אויף צו ווײַזן אַז ער איז באמת אַ בעל־תשובה, אַז מע זאָל אים למען־השם אָפּזונדערן פון אַזאַ מיזן באַגלייטער, „ווײַל ס'איז אים ליבער צו זײַן אַליין אין אַ תפיסה ווי צו האָבן אַ געלעגנהייט געשטרויכלט צו ווערן מיט די זעלבע זינד אין וועלכע ער האָט זיך מודה געווען".

זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָבן די אינקוויזיטאָרן נאָכגעגעבן דער ביטע פון דעם „עדות", וועלכער האָט שוין געהאַט אויסגעפירט זײַן מיסיע און אויף זײַן אָרט האָבן זיי אַרײַנגעזעצט אין אַנטאָניאָ זשאָזעס קאַמער בעניטאָ פערעיראַן, אַ האַלבער נײַער קריסט, אַ זעלנער פון דער קאַוואַלעריע. דעם 30סטן דעצעמבער 1738 האָט דער לעצטער פאַרמולירט אַן אָנקלאָג אַז דעם 11טן פון זעלביקן מאָנאַט האָט זײַן באַגלייטער געפאַסט, נישט געגעסן און נישט געטרונקען ביז 7 פאַר נאַכט און אַרײַנגעוואָרפן אין דער „אומרייניער כלי" די פּאָרציע וואָס ער האָט באַקומען. פערעיראַ האָט צוגעגעבן, אַז אַנטאָניאָ זשאָזע פאַסט אָפט אין פאַרשיידענע טעג, אָבער ער טוט דאָס רעגלמעסיק יעדן זונטיק, מאָנטיק און פרײַטיק. ווײַטער האָט דער דעקלאַראַנט געזאָגט אַז זײַן שותף צום צימער „בעט קיין מאָל נישט גאָט, און ווען דער עדות טוט תפילה אָדער דערמאָנט, טייל מאָל, דעם הייליקן נאָמען פון יעזוס, באַמערקט ער אַז דער דערמאָנטער באַגלייטער לאַכט".

נאָך האָט געזאָגט פערעיראַ, אַז הגם אַנטאָניאָ זשאָזע „קניט ווען מע רופט צו די אַווע־מאַריאַס, איז ער נישט מתפלל, ווײַל דער עדות האָט אים קיין מאָל נישט געזען טאָן תפילה און אים נישט געהערט בעטן, און ער צלמט זיך נישט בעת די אַווע מאַריאַס און אויך נישט בײַ קיין שום אַנדערער געלעגנהייט אין משך פון גאַנצן טאָג, און אַז ער קניט, הייבט ער נישט די הענט".

דעם 19טן יאַנואַר 1739 האָט דער „עדות" פערעיראַ אויסגעבעסערט זײַן מסירה בנוגע דעם תענית פון 11טן דעצעמבער, ווײַל ער האָט זיך דערמאָנט — אַ באַווײַז אַז די אינקוויזיציע איז געווען העכסט ערנסט — אַז ער האָט אַ טעות געהאַט אין דער דאַטע; דערפאַר אָבער האָט ער באַשטעטיקט די דאַטעס פון די אַנדערע תעניתים. ער האָט צוגעגעבן אַז אַנטאָניאָ זשאָזע האָט נאָך אַ מאָל געפאַסט דעם ערשטן טאָג פון 1739 און אויך דעם 8טן יאַנואַר פון זעלביקן יאָר.

פערעיראַ האָט צוגלײַך איבערגעגעבן די אינקוויזיטאָרן אַז אַנטאָניאָ זשאָזע האָט אים געפרעגט אויב ער איז אַ נײַער קריסט און אויב „ער האָט געהאַט גע־לעבט אין משהס געבאָט", און ווען ער האָט געענטפערט אַז יאָ, האָט ער אים

צוריקגעענטפערט אַז אויך ער פאָלגט דאָס געזעץ, „אַפּעלירנדיק צו אים ער זאָל זיך האַלטן בײַ זײַן אמונה“ און נישט תּפילה טאָן לויט די ציילקרעלן, נאָר בלויז מיטן „פּאַטער נאָסטער“ אָן יעזוס בײַם סוף און ער זאָל רופן צו גאָט פון ישׂראל און צום גאָט פון אַברהם.

אַוודאי האָט דער מסור, אַן אויפגעבראַכטער, צוריקגעוואָרפן די עצה און ווי אַ גוטער „בעל ווידוי וואָס וויל אין גאַנצן אויסלאָדן זײַן געוויסן“, האָט ער וועגן דעם דערציילט די אינקוויזיטאָרן.

## 9. די פאַרטיידיקונג פון אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן זײַן פאַרהער, האָט אַנטאָניאָ זשאָזע זיך אָפּגעגעבן רעכענונג — אַזוי באַקומט זיך פון די פּראָטאָקאָלן פון זײַן פּראָצעס — אַז עס איז געווען איין איינציקע באַשולדיקונג; אָבער ער האָט נישט געוווּסט וועגן די באַווײַזן וואָס די אינקוויזיטאָרן האָבן אָנגעזאַמלט און ער האָט זיך אָפּגעגעבן וועגן די אַנדערע מוסרים. אָבער, אַפילו ווען ער וואָלט געקאָנט אַלע באַשולדיקונגען, איז דער איינציקער אופן צו ראַטעווען זײַן לעבן — נישט געווען בשום אופן קיין אַנדער וועג — באַשטאַנען אין לייקענען אַלץ און ברענגען באַווײַזן אַז ער פירט טרײַ אויס די קאַטוילישע פאָרשריפטן. אַזוי האָט טאַקע געטאָן אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ. דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם אַדוואָקאַט וואָס די אינקוויזיציע האָט אים צוגעטיילט, האָט ער פאַרלאַנגט מע זאָל רופן פאַר עדות פון דער פאַרטיידיקונג, די גלחים אַנטאָניאָ קאָוטיניאָ, לויס דע ס. וויסענטע פערער, זשאָזע דע לאַ קאַמאַראַ און דיעגאָ פּאַנטאָכאַ, דעם גײַסטלעכן ברונאָ דע אַלמעידאַ און דעם ריכטער ד״ר כעראָנימאָ דאַ סילוואַ דע אַראַוכאָ. טרייע אָפּהיטערס פון די יורידישע רעקווייזיטן, האָבן די אינקוויזיטאָרן בלויז אָנערקענט די עדותשאַפט פון די גײַסטלעכע. האָבן מיר, בכן, נאָך אַ באַווײַז פון זייער באַרימטער אָביעקטיווקייט...

דעם 15טן אָקטאָבער 1738 איז געהערט געוואָרן די דערקלערונג פון פּראַי זשאָזע דע לאַ קאַמאַראַ, וואָס הגם „ער האָט פיל מאָל געשמועסט מיטן באַשולדיקטן, האָט ער קיין מאָל נישט באַמערקט בײַ אים קיין פירונג אָדער געהערט קיין וואָרט לויט וועלכן ער זאָל לעבן אָפּגעזונדערט פון דער אמונה; פאַרקערט, זײַנע אויסערלעכע פירונגען זײַנען געווען פון אַ גוטן קאַטאָליק. דער עדות האָט אים געזען מתודה זײַן און בײַזײַן די מעסע; ער האָט אויך באַמערקט אַז ער פלעגט זיך צוהערן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו די דרשות וואָס מע האָט געפּריידיקט אין זײַן קירך“.

ער האָט צוגעגעבן — ענטפערנדיק אויף די פראַגעס — „אַז ער קען נישט משפטן די אינערלעכקייט פון דעם באַשולדיקטן אָדער וויסן זײַן געמיט, סײַדן דורך די ווערטער און טאַטן וואָס ער האָט פון אים געזען און לויט זיי, האָט ער אים געהאַלטן פאַר אַ טרײַען קאַטאָליק“.

פראַי לויס ס. וויסענטע פערער, וואָס האָט עדות געזאָגט אין דעם זעלביקן טאָג האָט דערקלערט, אַז „ער האָט קיין מאָל נישט געהערט פון דעם באַשולדיקטן קיין וואָרט און אים נישט געזען טאָן קיין זאַך וואָס זאָל אים ברענגען צו צווייפלען וועגן זײַן קריסטלעכקייט, ווײַל אין זײַן קירך פלעגט ער הערן די מעסע און זיך אָפּט מתוודה זײַן מיט קריסטלעכער הכנעה; און אויך אַלע זײַנע אויסערלעכע טאַטן דערווײַזן אַז ער האָט קאַטויליש געלעבט".

אין דעם זעלביקן טאָג האָט פראַי אַנטאָניאָ קאָוטיניאָ געזאָגט אַז „דורך דער גאַנצער צײַט וואָס ער איז געווען באַקאַנט מיט דעם באַשולדיקטן האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ מענטש וואָס לעבט פרום און האָט גוטע זיטן, ווײַל ער פלעגט רעדן וועגן אַלץ מיט צוזאַמענהאַנג און מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, באַזונדערס ווען דאָס האָט געהאַט צו טאָן מיט אמונה זאַכן, אַזוי אַרום, אַז דער עדות האָט וועגן אים געהאַט אַ הויכע מיינונג; און ווען איינער אַ גײַסטלעכער האָט אים געזאָגט, אַז אַנטאָניאָ זשאָזע איז געהאַט באַשטראָפט געוואָרן דורך דעם הייליקן טריבונאַל, האָט ער געטראַכט אַז ער האָט נאָך דעם אויפריכטיק תשובה געטאָן, ווײַל ער האָט אין אים נישט געזען קיין שום טאַט וואָס זאָל נישט פּאַסן אַן אמתן קאַטאָליק".

וואָס שײַך דער אויפריכטיקייט פון אַנטאָניאָ זשאָזע בײַם אַרויסשטעלן זיך פאַר אַ טרײַען קאַטאָליק, האָט דער פּאָטער אַנטאָניאָ קאָוטיניאָ דערקלערט, אַז דאָס שטייט אויסער זײַנע קענטענישן און אַז בלויז גאָט קען דאָס וויסן.

חוץ באַשטעטיקן דאָס געזאָגטע דורך די פריִערדיקע עדות, האָט פראַי דיעגאָ פּאַנטאַכאָ צוגעגעבן אַן אינטערעסאַנטן פּרט: אַז אין זײַן ברודערס שטוב איז ער פיל מאָל געקומען אין קאָנטאַקט מיט זשאָזע אַנטאָניאָ דאַ סילוואַ, „צוליב די חיבורים וואָס ער פלעגט אויפפירן אין באַרריאָ אַלטאָ".

דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס מע דערמאָנט די קאָמעדיאָגראַפישע אַרבעטן פון דעם באַשולדיקטן. נישט דער קטיגור, נישט די אַנדערע עדות דערמאָנען דאָס. דאַרף מען פון דעם דרינגען אַז די פריִער ציטירטע שורות באַציִען זיך נישט צו דער אינקוויזיציע? בשום אופן נישט. זייער אינהאַלט דערווײַזט דאָס מיט דער גאַנצער קלאָרקייט און דער הייליקער טריבונאַל איז דאָך נישט געווען אַלץ־וויסנדיק.

נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון די עדות וואָס איז, — ווי מיר וויסן שוין, באַשטאַנען אין איבערגעבן סינטעטיש די באַשולדיקונגען נישט אויסזאָגנדיק די מוסרים, האָט מען אָנגעוויזן דעם באַשולדיקטן אַז ער מעג באַשטימען אייניקע עדות פאַר דער ענדגילטיקער פאַרטיידיקונג, אָבער אַז „עס לוינט זיך אַז די דאָזיקע עדות זאָלן זײַן אַלט־קריסטן, געזעצלעכע און פאַרטרוילעכע, בעסער מענער ווי ווײַבער, נישט קיין קרובים און נישט קיין שטובדינער זײַנע און וואָס זאָלן נישט וווינען אַזוי ווײַט אַז מע זאָל זיי נישט קענען בודק זײַן".

נישט געקוקט אויף דער וואָרענונג, האָט ער אויפן ערשטן פּלאַץ באַשטימט אַנטאָניאָ קאָסטאַ סואַרעס און זײַן ווײַב, נײַ־קריסטן. די באַשטימונג איז אָפּגע־

וואָרפן געוואָרן דורך די אינקוויזיטאָרן, וועלכע האָבן דערפאַר אָנגענומען די עדותשאַפט פון די אַלטע־קריסטינס עלענאַ קאַסטאַנאַ, מאַריאַ מעססיאַ און אַנטאָניאַ מאַריאַ, די לעצטע — די פרוי פון פאַרמשפּטנס ברודער, באַלטאַסאַר ראָדריגעס. דעם 19טן פעברואַר 1739 האָבן די דריי דערקלערט אַז די שקלאַפין לעאָנאַר און די זויג־אַם מאַריאַ האָסן דעם באַשולדיקטן, ווייל ער האָט זיי באַשטראָפט פאַר „זייער אויסגעלאַסנקייט". זיי האָבן אויך געזאָגט אַז זיי האָבן אים אויסגעגעבן דעם הייליקן טריבונאַל כדי זיך נוקם צו זיין.

נאָכן דורכמאַכן די פאָרמעלע פּראָצעדורן — לויטן פאַרשריפט פון זייערע „קאָנסטיטוציעס", האָבן די אינקוויזיטאָרן דעם 11טן מאַרץ אַרויסגעגעבן דעם פּסק־דין, זאָגנדיק אַז אַנטאָניאַ זשאָזעס איבערחזרונג איז שוין גענוג דערוויזן. די באַזונדערע גרויזאַמקייט פון דעם דאָזיקן באַשלוס באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט זיך נישט געשטיצט אויפן אָנקלאַג פון דער שקלאַפין לעאָנאַר, איבער וועלכן דער קאָמעדיאָגראַף איז אַרעסטירט געוואָרן, נאָר אויף די מסירות פון זיינע וועכטערס און צעל־שותפים. דער פּסק פון די ליזאַבאָנער אינקוויזיטאָרן איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן איבער־ראָט פון פּאָרטוגעזישן הייליקן טריבונאַל דעם 16טן אָקטאָבער 1739. געשטויסענע פון דעם באַגער אַז דער פאַראורטיילטער „זאָל זיך אַנטוישן אין דעם עולם־הזהדיקן לעבן און זאָל זיך קענען זאָרגן פאַר דער רעטונג פון זיין זעל און פאַר דער אויסלאָזונג פון זיין געוויסן", האָבן זיי באַשטימט די דאַטע פון דעם אויטאָ־דע־פע אויפן 18טן פון דעם זעלביקן חודש. איבער די אייגענע סיבות האָבן זיי מן הסתם געהייסן מע זאָל אים שמידן די הענט אין קייטן און אים צוגעטיילט דעם פאַטער פראַנסיסקאָ לאָפּעס פאַר זיין גייסטיקן טרייסטער. דער פּסק־דין לייענט זיך אַזוי:

אין קריסטוסעס נאָמען, דערקלערן מיר דעם געמשפּטן אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ פאַר אַ שולדיקן, נעגירער, איינגעשפּאַרטן און רעצידיוויסט אין דעם פאַרברעכן פון כפירה און אָפּטריניקייט; און אַז ער איז געווען אַ כופר און אַן אָפּטריניקער פון אונדזער הייליקן קאַטוילישן גלויבן, און ער האָט פאַרדינט פאַראורטיילט צו ווערן צו חרם גדול און קאָנפיסקאַציע פון אַלע זיינע גיטער פאַר דעם קעניגלעכן שאַצקאַמער, און צו אַנדערע שטראָפן וואָס דאָס געזעץ זעט פאַר אין ענלעכע פאַלן; און ווי אַ כופר און אָפּטריניקער פון אונדזער הייליקן קאַטוילישן גלויבן, אַ שולדיקער, אַ נעגירער, אַ פאַרעקשנטער און אַ רעצידיוויסט, פאַראורטיילן מיר אים און ענטפערן אים איבער אין די הענט פון דער וועלטלעכער יוסטיץ, ביי וועלכער מיר בעטן און שטייען צו אַז זי זאָל זיך צו אים באַגיין מיט חסד און רחמים און נישט אָנקומען צו טויט־אורטייל און צו בלוט־פאַרגיסונג.

אין שייכות מיט דעם דאָזיקן פאַר דער אינקוויזיציע טיפּישן קרימינעלן פּסק־דין, זאָגט נישט קיין אַנדערער ווי דער זייער קאַטוילישער מענענדעס אי פּעלאַיאָ דאָס ווייטערדיקע: „אַז ער איז געווען אַ יודאַיזירנדיקער און אַ רעצידיוויסט — דאָס איז קיין ספק נישט; אַז דאָס זאָל האָבן דערוויזן געוואָרן אין יורידישע טערמינען, — אויף דעם איז נישטאָ קיין באַווייז. דערפאַר זאָג איך נאָך אַ מאָל אַז דער

